# פֿונ'ם יאַריד

לעבענסבאשרייבונגען

ערשטעס בוך

געשריבען אין די יאהרען 1913—1916.

# אינהאלט

# מײַנע קינדער —

אַ מתּנה.

טײַערע ליבע קינדער מײַנע —

איך װידמע אײַך דאָס װערק פֿון מײַנע װערק, דאָס בוך פֿון מײַנע ביכער, דעם שיר־השירים פֿון מײַן נשמה. איך װײס, אַז מײַן בוך איז, װי יעדעס מענטשנס װערק, ניט רײן פֿון חסרונות. נאָר װער נאָך װײס אַזױ װי איר װאָס עס קאָסט מיך? איך האָב אַװעקגעגעבן און אַרײַנגעלײגט אין דעם בוך דאָס בעסטע װאָס איך פֿאַרמאָג — מײַן האַרץ. לײַענט דאָס פֿון צײַט צו צײַט. אפֿשר װעט איר, טײַערע קינדער, דערפֿון עפּעס לערנען — װי אַזױ ליב צו האָבן אונדזער פֿאָלק און צו שאַצן אַלע גײַסטיקע אוצרות װאָס ליגן צעװאָרפֿן אין אַלע פֿינסטערע װינקעלעך פֿון אונדזער גרױסן גלות איבער דער גרױסער װעלט. דאָס װעט זײַן דער בעסטער לױן פֿאַר מײַנע העכער דרײַסיק יאָר געטרײַע אַרבעט אױפֿן פֿעלד פֿון אונדזער מאַמע־לשון און ליטעראַטור —

אײַער פֿאָטער — דער פֿערפֿאַסער

שלום עליכם

[illegible] 1916 נױ־יאָרק

## די געשיכטע פונ'ם בוך „פונ'ם יאַריד" אין קורצען.

---

דער מזל פון אַ בוך איז ווי דאָס גליק פון אַ מענטשען. עס באַדאַרף פריהער פאַרשוואַרצט ווערען, דורכגעהן אַלע שבעה מדורי גיהנום, ביז עס דערזעהט די ליכטיגע וועלט.

דאָס בוך „פונ'ם יאַריד" איז נאָך נישט אַלט קיין טאָג. עס איז ערשט היינט אַרוים פון דרוק — און האָט שוין הינטער זיך אַ גאַנצע היסטאָריע. ערלויבט מיר זי אייך דערצעהלען אין קורצע ווערטער.

דער ערשטער, וואָס האָט מיר אויפגעגעבען די אידעע ברייט און אַלזייטיג צו באַשרייבען די פאַרגאַנגענע פופציג־יאָהריגע עפּאָכע פון אונזער אידישען לעבען אין גלות, איז דוקא אַ איד פון אַ גאַנץ יאָהר, אַ איד, וועלכען דער פאַר־שטאָרבענער משורר י. ל. גאָרדאָן האָט געקרוינט מיט'ן נאָמען „קורא נכבד". איהם קען די גאַנצע וועלט. ער איז אונזערער איין אַדעסער משכיל, היינט אין אַמעריקע, אַ ליעבהאָבער פון דער אידישער ליטעראַטור, און זיין אמת'ער נאָמען איז אַ ב ר ה ם א ל י ה ו ל ו ב אַ ר ס ק י. ווי אַיין עכטער חסיד און אַיין אמת'ער גוטער פריינט, איז ער פאַר עטליכע יאָהרען געקומען צו מיר ספּעציעל אין דער שווייץ און אויפגעגעבען מיר אַ פּלאַן: היות אַזוי ווי איך האָב דורכגעמאַכט אַ גאַנצע עפּאָכע און בין אויסגעוואַכסען, קאָן מען זאָגען, אינאיינעם מיט דער אידישער פאָלקס-ליטעראַטור, — טאָמער וואָלט איך

גענומען אויף זיך די טרחה צו פאַרקערפערען די אויבענ־דערמאַנטע עפּאָכע אין דער פאָרם פון אַ גרויסען ראָמאַן?

די אידעע איז מיר אַריין אין קאָפּ. און איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבייט, נאָר אין אַיין אַנדער פאָרם. אין דער פאָרם פון אַיין אויטאָביאָגראַפיע, אָדער ראָמאַן־ביאָגראַפיע.

עס איז אַוועק עטליכע יאָהר אַרבייט. דאָס בוך האָט גענומען וואַכסען אַ קאַפּיטעל נאָך אַ קאַפּיטעל. נאָר וואָס קומט אַרויס? אַ בוך האָט פיינט ליגען. אַ בוך האָט ליעב, אַז מע דרוקט עס און מע לייענט עס. ס'איז געקומען צום דרוקען — איז ניטאָ וואו. דרוקען אויף אייגענע אַחריות — פעהלט אַ אידישען מחבר פאָדעם. דרוקען אין אַ זשורנאַל — איז די אידישע ליטעראַטור נאָך ניט אויסגעוואַכסען, זי זאָל האָבען אַ מאָנאַטשריפט, ווי ביי לייטען*. עטליכע מאָל האָב איך די אַרבייט מיט אַ ביטער האַרץ געמוזט אַוועקלעגען. אַזוי האָט זיך עס געצויגען, ביז איך בין מגולגל געוואָרען מיט'ן צווייטען גלות אין אַמעריקע. און אָט איז ערשט אַוועק איין יאָהר, האָב איך שוין „אַריבערגעמופט" מיט'ן „יאַריד" אין אַ צווייטע וואוינונג. און ערשט אָט דאָ האָט די „וואַרהייט" געפונען פאַר ראַציאָנאַל די ערשטע צוויי טייל „פונ'ם יאַריד" אַרויסגעבען אין אַ באַזונדער בוך־פאָרם אין צוויי בענדער.

זעהען די געדאַנקען געדרוקטערהייט אין בוך־פאָרם, באַקומט דער פאַרפאַסער מעהר מוטה אויף צו געהן ווייטער זיין וועג, וועלכען ער האָט אויסדערוועהלט. און דער וועג

---

* אין אָריגינאַל קומען דאָ עטליכע איבערגעשטראָכענע שורות, וועלכע לייענען זיך דייטליך אַזוי: „בלייבט איבער ווידער אַ מאָל אַ גאַזעט און אָבער אַ מאָל אַ צייטונג. זאָגען די וואַרשעווער צייטונגען, אַז זיי האָבען קיין פּלאַץ ניט פאַר גרויסע ווערק. פעליעטאָנען גיט זיי, סקיצען, נאָוועלען".

אָנמערקונג פון י. ד. בערקאָוויטש.

איז נאָך גענוג גרויס. די עפּאָכע הויבט ערשט אָן צו צע־וואַכסען זיך, די בילדער הויבען ערשט אָן צו וועבען זיך, די געשעהענישען הויבען ערשט אָן צו אַנטוויקלען זיך, און געשטאַלטען פון מענטשען לאַנג־פאַרשוואונדענע, און טיפען פון פאַרשווינען נאָך לעבעדיגע און גאַנץ בכבוד׳ע בעטען זיך אויף פּאַפּיער...

לאָמיר האָפען, אז מיר וועלען דערפיהרען אונזער אַרבייט ביז צו אַ מעגליכען סוף.

ש ל ו ם - ע ל י כ ם.

פעברואר 1916. ניו־יאָרק.

צו וואָס ראָמאַנען,
ווען דאָס לעבען איז אַ ראָמאַן?

1

# פאַר וואָס עפּיס „פונ׳ם יאַריד״?

אַ מין הקדמה. — פאַר וואָס דער מחבר האָט זיך גענומען שרייבען זיין אויטאָביאָגראַפיע. — שלום־עליכם דער שרייבער דער־צעהלט די געשיכטע פון שלום־עליכם דעם מענטשען.

„פונ׳ם יאריד״ קאָן הייסען פונ׳ם לעבען, וואָס איז געגליכען צו אַ יאריד. יעדער איז אַ בעלן דעם מענטשענ׳ס לעבען צו פאַר־גלייכען, נאָך זיין השגה נאָך, צו עפּיס אַ זאַך. למשל, איינער אַ סטאָליר האָט אַמאָל געזאָגט: „דער מענטש איז געגליכען צו אַ סטאָליר; אַ סטאָליר לעבט און לעבט, דערנאָך שטאַרבט ער — אַזוי איז אַ מענטש אויך״... פון אַ שוסטער האָב איך אַליין גע־הערט אַ מיינונג, אַז דעם מענטשענ׳ס לעבען איז געגליכען צו אַ פּאָר שטיוועל: כּל זמן די פּאָדעשוועס טראָגען זיך, זענען די שטיוועל — שטיוועל, און אַז די פּאָדעשוועס טראָגען זיך אָפּ, איז — מיט׳ן קאָפּ אין דער ערד. ס׳איז גאַנץ נאַטירליך, אַז אַ בעל־עגלה זאָל פאַרגלייכען דעם מענטשען צו, להבדיל, אַ פערד. דעריבער וואָלט גאָר קיין חידוש ניט געווען, ווען אַזאַ מענטש, ווי איך, וואָס האָט אָפּגעטאָרעראַמט אַ האַלבע מאה יאָהרען און געהט באַשרייבען

די געשיכטעס פון זיין לעבען, — זאָל איהם איינפאַלען צו פאַר־גלייכען זיין פאַרגאַנגענהייט צו אַ יאַריד.

דער אמת אָבער איז ניט אַזוי. פון'ם יאַריד — מיינט מען דאָס דעם צוריקוועגס, אָדער דעם סך־הכּל, דעם רעזולטאַט פון'ם גרויסען יאַריד. אַ מענטש, אַז ער פאָהרט אויפ'ן יאַריד, איז ער פול מיט האָפענונגען, ווייסט נאָך אַליין ניט, וואָס פאַר אַ מציאות ער וועט דאָרט איינהאַנדלען און וואָס ער וועט דאָרט מתקן זיין... פליהט ער דעריבער פייל אויס'ן בויגען, הענדום־פּענדום — טשעפּעט איהם ניט, ער האָט קיין צייט ניט! פאָהרט ער אָבער צוריק, פון'ם יאַריד, ווייסט ער שוין וואָס ער האָט דאָרטען געהאַנדעלט און וואָס ער האָט דאָרט מתקן געווען, און פליהט שוין ניט אַזוי געשמיידיג. „ער האָט צייט". ער קאָן זיך שוין אָפּגעבען דין־וחשבון און האָט שוין ביד צו וויסען דעם רעזולטאַט פון'ם יאַריד, און ער האָט שוין די מעגליכקייט אויך די וועלט באַקאַנט צו מאַכען מיט די דאָזיגע רעזולטאַטען, דערצעהלען פּאַוואָלינקע, נישט געהאַפּט, אַלסדינג, מיט וועמען ער האָט זיך געטראָפען אויפ'ן יאַריד און וואָס ער האָט געזעהען און וואָס ער האָט געהערט.

אַ סך מאָל האָבען מיך מיינע גוטע פריינט אויפגעפאָדערט, פאַר וואָס זאָל איך מיר ניט נעמען די מיה צו באַקענען דעם עולם מיט דער געשיכטע פון מיין לעבען? ס'איז שוין צייט, זאָגען זיי, און עס וואָלט אפשר געווען אינטערעסאַנט אויך. האָב איך געפאָלגט מיינע גוטע פריינט און האָב מיך עטליכע מאָל גענומען צו דער אַרבייט, און אַלע מאָל אַוועקגעלעגט די פען, ביז... ביז ס'איז גע־קומען די צייט, איך האָב זוכה געווען נאָך פאַר פופציג יאָהר צו באַגעגענען זיך פּנים אל פּנים מיט זיין מאַיעסטעט, מיט'ן מלאך־המות, גאָרנישט אויף קאַטאָוועס — איך האָב מיך שיער־שיער ניט איבערגעפּעקעלט אַהין, פון וואַנען מע קאָן קיין בריוועל ניט שרייבען, קיין זאַך ניט אַריבערשיקען און אפילו קיין גרוס ניט איבערגעבען.

קורץ, איך האב געהאלטען ביי אפזאגען די עטליכע גילדען, — האב איך צו מיר אזוי געזאגט: „אצינד איז די רעכטע צייט. חאפ אריין און שרייב, ווארום קיינער ווייסט ניט, ווען׳ס מארגען עס איז. דו ווערסט מאכען א שטארב, וועלען קומען מענטשען, וואס מיינען, אז זיי קענען דיך און ווייסען דיך, און וועלען אויסטראכטען זאכען, וואס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען. צו וואס טויג עס דיר? אמעהר נעם שוין בעסער אליין, *דו קענסט זיך בעסער פון אלעמען*, און דערצעהל, ווער דו ביזט, שרייב דיין אויטאביאגראפיע!...

עס איז אבער גרינג אויסצורעדען — „שרייבען איין אויטא־ביאגראפיע“, איין אמת׳ע לעבענסגעשיכטע, נישט קיין אויסגע־טראכטע! דאס הייסט אזוי גוט, ווי אפגעבען דין־וחשבון פון מיין גאנצען לעבען פאר מיין לעזער, זאגען וידוי פאר דער גאנצער וועלט. איהר ווייסט? שרייבען איין אויטאביאגראפיע און מאכען א צוואה איז כמעט אלץ איינס... איז איין מאל אוועק. און נאך א זאך: עס איז שווערליך פאר א מענטשען, וואס רעדט פון זיך אליין, ער זאל זיך קאנען אויפהויבען צו אזא מדרגה, אז ער זאלביישטעהן קעגען דעם נסיון, ניט וועלען אויספיינען זיך פאר׳ן פובליקום, באווייזען זיך פאר א וואוילען בחור, וואס סע קומט איהם א קניפ אין בעקעל. איך האב צוליעב דעם אויסגעקליבען א באזונדערע פארם אויטאביאגראפיע: די פארם פון א ראמאן, פון א ביאגראפישען ראמאן. עס וועט אויסקומען, אז איך וועל רעדען פון זיך זעלבסט, ווי פון א דריטער פערזאן. דאס הייסט: איך, *שלום־עליכם דער שרייבער*, וועל אייך דערצעהלען די ריכטיגע ביאגראפיע פון *שלום־עליכם דעם מענ־טשען*, אהן צערעמאניעס, אהן באפוצעכצען און צאצקערייען, ווי עס וואלט אייך דערצעהלט, למשל, א זייטיגער פארשוין, א ווילד־פרעמדער, נאר אזעלכער, וואס איז געווען מיט איהם אומעטום, אזעלכער, וואס איז דורכגעגאנגען מיט איהם אלע שבעה מדורי גיהנום. און דערצעהלען וועל איך עס אייך ביסלעכווייז, שטיקלעכ־

ווייז, איינגעטיילט אין באזונדערע מעשיות, אדער עפיזאדען, איין עפיזאד נאך דעם אנדערען. און דער וואס גיט כח דעם מענטשען, ער זאל געדענקען אלסדינג, וואס מיט איהם האט פאסירט אין זיין לעבען, זאל מיר ביישטעהן, אז איך זאל נישט דורכלאזען חלילה קיין זאך, וואס מיר האט געטראפען און וואס קאן האבען א אינטערעס, און קיין פארשוין, וואס איך האב ווען באגעגענט אויף דעם גרויסען יאריד, וואס איך האב דורכגעמאכט אין די פופציג יאהר פון מיין לעבען.

## 2

# די שטאָדט

דאָס קליינע שטעדטעלע וואראָנקאָ — אַ מין כתרילעווקע. — אַ לעגענדע פון מאַזעפּע'ס צייטען. — איין אַלטע קלויז, איין אַלטער בית־עולם, צוויי יאַרידים.

אויפגעצויגען געוואָרען און געוואַקסען איז דער העלד פון דעם דאָזיגען ביאָגראַפישען ראָמאַן אין סאַמע כתרילעווקע, וואָס איז שוין אַ ביסעל באַקאַנט אויף דער וועלט. געפינען געפינט זיך עס, אויב איהר זייט נייגיעריג צו וויסען, אין מאַלאָראָסיע, אין פּאָלטאַווער גובערניע, ניט ווייט פון דער אַלטער היסטאָרישער שטאָדט פּערעיאַסלאַוו, און הייסען הייסט עס ניט כתרילעווקע, נאָר וואָראָנקאָ. פאַרשרייבט דאָס אייך.

אייגענטליך, וואָלט איך באַדאַרפט אָנרופען דעם נאָמען פון דער שטאָדט, וואו ער איז געבוירען, און דעם דאַטום, ווי עס פיהרען זיך אַלע ביאָגראַפישע שרייבער. בין איך מיך אָבער מודה, אַז דאָס אינטערעסירט מיך ניט. מיך אינטערעסירט דוקא אָט דאָס קליינע כתרילעווקע, אָדער וואָראָנקאָ, ווייל קיין אַנדער שטאָדט אויף דער וועלט האָט זיך איהם אַזוי ניט איינגעגעסען אין זכרון, ווי אָט דאָס געבענטשטע כתרילעווקע־וואָראָנקאָ, און קיין אַנדער שטאָדט אויף דער וועלט האָט נישט געהאַט אַזוי פיעל חן אין זיינע אויגען, אַזוי אַז ער קאָן עס ניט פאַרגעסען און וועט עס ניט פאַר־געסען אייביג און אייביג.

און באמת גערעדט, וועלכע שטאָדט אויף דער גרויסער וועלט, עס מעג זיין אָדעס, אָדער פּאַריז, אָדער לאָנדאָן, אָדער אפילו ניו־יאָרק, קאָן זיך באַריהמען מיט אַזאַ גרויסען ברייטען מאַרק און מיט אַזוי פיעל אידישע קלייטען און קלייטלעך, טישען, טישלעך און שטעלעכלעך, מיט גאַנצע בערג פרישע שמעקענדיגע עפּעלעך און באַרלעך, דינים און קאַוועגעס, וואָס ציעגען און חזירים האָבען חשק צו געניסען פון זיי צו יעדער צייט, און די מאַרקווייבער פיהרען מיט זיי שטענדיגע מלחמות, און מיר, חדר־יונגלעך, האָבען אַודאי און אַודאי חשק צו געניסען פון די אַלע גוטע זאַכען און קאָנען צו זיי ניט גרייכען?...

וועלכע שטאָדט פאַרמאָגט אַזאַ אַלטען איינגעהויקערטען בית־מדרש מיט אַזאַ שענעם געשניצטען אָרון־קודש מיט צוויי לייבען, וואָס זעהען־אויס ווי פויגלען, ווען ניט די לאַנגע צינגער און די שופרות, וואָס זיי האַלטען אין מויל און בלאָזען? אינ׳ם דאָזיגען אַלטען בית־מדרש, דערצעהלען אַלטע אידען, האָבען זיך אונזערע זיידעס אַמאָל פאַרשלאָסען פאַר מאַזעפּען, ימח שמו, געזעסען דריי טאָג מיט דריי נעכט אָנגעטהאָן אין טלית ותפלין און געזאָגט תהלים — און דורך דעם ניצול געוואָרען פונ׳ם טוידט. די זעלבע אַלטע אידען דערצעהלען, אַז דער אַלטער רב נאָך האָט דאָס בית־מדרש געבענטשט, סע זאָל קיינמאָל ניט ברענען — ברענט דאָס ניט, עס מעג זיין וואָס פאַר אַ שרפה עס וויל זיך!

וועלכע שטאָדט פאַרמאָגט אַזאַ באָד, וואָס שטעהט באַרג־אַראָפּ, סאַמע ביי׳ם ברעג טייך, און פאַרמאָגט אַזאַ ברונען, וואָס זיינע וואַסערען נעמען זיך קיינמאָל ניט אויס? און דער טייך אַליין — וואו האָט איהר נאָך אַזאַ טייך אויף דער וועלט, וואו דורות און דורות חדר־יונגלעך, שקצים, באָדען זיך און פּאָליאָסקען זיך, לערנען זיך שווימען, חאַפּען פישלעך און מאַכען קונצען, וואָס איז כדאי צו זעהען? וועגען דער דאָזיגער אַלטער באָד, וואָס שטעהט אויף חידושים, האָבען אויך אַלטע אידען צו דערצעהלען און דערצעהלען.

מע האָט דאָרט געפונען אַמאָל אַ געהאַנגענעם גוי, וואָס האָט זיך אַנגע׳שכור׳ט און אַליין זיך אויפגעהאַנגען, איז דערפון אַרויס אַ בלבול, אַז דאָס האָבען איהם אידען אויפגעהאַנגען, האָט די שטאָדט געהאַט אויף זיך נאָכדעם אַ פּעקעל, מע האָט געוואָלט שמייסען די שענסטע בעלי־בתים, אָדער מע האָט זיי טאַקי געשמיסען — איך וויל ניט אַזוי ווייט גריבלען זיך, ווייל איך האָב פיינט טרויעריגע מעשיות, זיי מעגען זיין אפילו פון פאַרצייטען...

וועלכע שטאָדט פאַרמאָגט אַזאַ הויכען באַרג אויף יענער זייט בית־מדרש, וואָס זיין שפּיץ דערגרייכט כמעט ביז דער חמאַרע, און וואָס אויף יענער זייט — אַלע ווייסען עס — ליגט באַהאַלטען איין אוצר נאָך פון חמעלניצקי׳ס צייטען? דעם אוצר האָט מען — אַזוי דערצעהלען אַלטע אידען — וויפיעל מאָל גענומען זיך גראָבען, און מע האָט אַלע מאָל געמוזט אָוועקלעגען די אַרבייט, וואָרום גראָבענדיג האָט מען געפונען ביינער, הענט און פיס און קעפּ פון מענטשען אין תכריכים — משמעות, אַז דאָס זענען געווען אידען, און אפשר נאָך קדושים... ווער ווייסט?

וועלכע שטאָדט פאַרמאָגט אַזעלכע פיינע בעלי־בתים, וואָס זענען, דאַכט זיך, אַלע מעהר ניט ווי קליינע קרעמערלעך און שיינקאַרעס, וואָס לעבען, דאַכט זיך, נאָר פונ׳ם גוי און איינס פון דאָס אַנדערע, און פון דעסטוועגען פיהרען זיי זיך אַלע בעל־הבתיש, יעדער האָט זיך זיין היים, זיין משפּחה און זיין אָרט אין בית־מדרש — אין מזרח־וואַנט אָדער אין שפּיעגעלבאַנק, וואָס מאַכט עס אויס? — און טאָמער איז ער אַליין ניט אַזאַ גרויסער יחסן און אַ גביר, האָט ער אַ קרוב אַ מיוחס אָדער אַ נגיד, וואָס ער לאָזט איהם פון מויל ניט אַרויס און דערצעהלט פון איהם אַזעלכע גוזמות, אַז דער קאָפּ דרעהט זיך אַזש?...

און אַזאַ אַלטען בית־עולם, אַזאַ גרויסען און אַזאַ רייכען און אַזאַ אַלטען בית־עולם, וואו דער גרעסטער טייל קברים איז שוין פאַרוואַכסען געוואָרען מיט גראָז, אַזוי, אַז מע ווייסט שוין גאָר־

ניט, צי דאָרטען זענען דאַ ביינער פון מענטשען, אָדער ניין? פון דעם דאָזיגען בית־עולם איז שוין דוקא יאָ פאַרהאַן וואָס צו דער־צעהלען, און דוקא נישט אַזעלכע פרייליכע מעשיות, און טאַקי גאָר שרעקליכע זאַכען, — פאַרשטעהט זיך, פון אַמאָל, פון פאַרצייטען. נאָר אַקעגען נאַכט איז ניט כדאי צו רעדען פון בית־עולמס...

אַ קליין שטעדטעלע אָט דאָס וואָראָנקאָ, נאָר אַ שענס, מלא חן. איהר קאָנט דורכשפּאַציערען דאָס גאַנצע שטעדטעל, אין דער לענג און אין דער ברייט, אין איין האַלבע שעה, אויב איהר זענט בכח און האָט פיס. אָהן אַ באַהן, אָהן אַ ים, אָהן אַ רעש, מיט צוויי יאַרידים סך־הכל דורכ'ן יאָהר, „קראַסנע טאָרגעס" און „פּאָ־קראָווע", — פון אידענ'ס וועגען געמאַכט געוואָרען, אידען זאָלען לייזען געלט און האָבען פרנסה. אַ קליין, קליין שטעדטעלע, דער־פאַר איז דאָס אָבער פול מיט אַזעלכע שענע מעשיות און לעגענדעס, וואָס מע וואָלט פון זיי אַליין געקאָנט אָנשרייבען אַ גאַנצען בוך. איך ווייס, אַז מעשיות און לעגענדעס האָט איהר ליעב. דאָס איז ביי אייך, אייגענטליך, דער גאַנצער עיקר... קאָנען מיר אָבער ניט: מיר דאַרפען זיך האַלטען שטרענג אין די ראַהמען פון אַ ביאָגראַף און מיר מוזען אייך פריהער באַקאַנט מאַכען, ווי דער שטייגער איז, מיט די עלטערען פונ'ם העלד, מיט זיינע טאַטע־מאַמע. זייט צופריעדען, וואָס איך הויב־אָן גלייך פון זיינע טאַטע־מאַמע, און ניט פון זיין זיידען און עלטער־עלטער־זיידען, ווי אַנדערע ביאָגראַפען טהוען.

## 3

# טאַטע־מאַמע

א וואַראַנקאַווער נגיד מיט א סך פּרנסות. — א חאַליאַסטרע קינדער. — פרומע די דיענסטמויד געוועלטיגט איבער זיי. — דער העלד איז א נאַכמאַכער, א קונדס.

אַ הויכער, מיט אַ שטענדיג פאַרזאָרגט פּנים, מיט אַ ברייטע, ווייסע, געקנייטשטע שטערן, מיט אַ שיטער שמייכלענדיג בערדעל, אַ בעל־הבית אַ איד און אַ בעל־תפלה, אַ למדן און אַ בעל־תנ"ך, אַ פרומער און אַ בעל־לשון־קודש, אַ חסיד פון טאַלנער רבי'ן און אַ ליעבהאָבער פון מאַפּו, סלאָנימסקי און צעדערבוים, אַ חקרן, אַ בורר און אַ בעל־עצה און אַ שפּיעלער אין שאָך און אַ מבין אויף פּערל און בריליאַנטען — אָט דאָס וועט זיין די ריכטיגע פיזיאָנאָמיע פון דעם העלד'ס פאָטער, רב נחום וועוויק'ס, וואָס האָט גערעכענט זיך אין שטאָדט פאַר'ן גרעסטען נגיד.

וויפיעל אַזאַ נגיד פון וואָראָנקאָ האָט געקאָנט פאַרמאָגען — איז שווער צו זאָגען; נאָר געשעפטען האָט ער געהאַט אַ גוזמא: ער איז געוועזן אַ פּאָסעסאָר, צוגעשטעלט בוראַקעס אין „זאַוואָד", געהאַלטען די זעמסקע פּאָטשט, געהאַנדעלט מיט תבואה, געגרוזעט בערלינעס אויפ'ן דניעפּר, געהאַקט וואַלד און געשטעלט אָכסען אויף דער בראַהע, נאָר פּרנסה האָט מען געצויגען פון דער „שניט־קראָם". עס רעדט זיך נאָר אַזוי אַ „שניט־קראָם". דאָרט האָט

זיך געפונען אויך צעלניק, און באַקאַליי, און היי און האָבער, און היימישע רפואות פאַר גויים און גויעס, און אײַזענוואַרג אויך. אין „שניט־קראָם" האָט זיך דער טאַטע נישט אַרײַנגעמישט. דאָס האָט געפיהרט אינגאַנצען די מאַמע, אַ אידינע אַיין אשת־חיל, אַ גיכע טהוערין און מיט סכּנות אַ שטרענגע צו איהרע קינדער. און קינדער זענען געווען היבשליך, אַריבער אַ טוץ, און פון אַלערליי וואוכּס און פון אַלערליי פאַרב: קינדער מיט שוואַרצע הערלעך, מיט בלאָנדע און מיט געלע.

קיין גרויסען צימעס האָט מען מיט דעם קליינוואַרג, געוויינט־ליך, נישט געמאַכט. דאָס הייסט, שטאַרק בענקען האָט מען נאָך זיי ניט געבענקט, און אַז זיי זאָלען, חס־ושלום, נישט געווען קומען אויף דער וועלט, וואָלט אויך געווען אָהן אַיין אומגליק; נאָר אַז זיי זענען שוין דאָ, איז — „מהכּתיתי, וועמען מאַכען זיי קאַלי? זאָלען זיי זיין מיט יאָהרען"... ווער ס'האָט זיך געקאָנט אויס־דרעהען פון פּאָקען און פון מאָזלען און פון אַלע איבעריגע קינדערשע שלעק־פּורעניות'ען, דער איז אויסגעוואַכּסען און אַוועק אין חדר אַריין, פריהער צו נטע־ליב דרדקי, דערנאָך צו רב זרח'על דעם גמרא־מלמד. און ווער עס האָט ניט געקאָנט ביישטעהן דעם בעל־דבר מיט די טויזענט אויגען, וואָס לאָקערט אויף קליינע עופה'לעך, דער האָט זיך באַצייטענס אָפּגעטראָגען אַהין, פון וואַנען ער איז געקומען. האָט מען פאַרהאַנגען די שפּיעגלען, און טאַטע־מאַמע האָבען זיך אַוועקגעזעצט שבעה, אַראָפּגעוואָרפען די שיך פון די פיס און שטאַרק־שטאַרק געוויינט. אַזוי לאַנג געוויינט, ביז מע האָט אויפגעהערט. געזאָגט דעם פסוק: „ה' נתן ה' לקח", אויס־געווישט די אויגען, אויפגעשטאַנען פון דער ערד און פאַרגעסען... אַנדערש איז עס אוממעגליך געווען אין דעם גרויסען טאַרעראַם מיט'ן יאַריד פון אַריבער אַ טוץ קינדער, צווישען זיי איינער אַ בעל־הבית'על שוין, וואָס סע שיט זיך איהם אַ בערדעל, און איינס אַ זויגעדיגס, נאָך ביי דער ברוסט.

א גרויס בריה'שאפט איז עס געווען פון דער מאמע אויסצו־האָדעווען אזא האַליאַסטרע און אויסצושטעהן אַלעמענ'ס קראַנק־הייטען. וואָרום אַזוי פלעגט א קינד קריגען פעטש מיט קלעפּ מיט בּוכענצים, וויפיעל ס'איז אין דעם אריין. נאָר טאָמער חלילה איז עמיצער קראַנק געוואָרען, אזוי איז שוין די מאמע ניט אָפּגע־טראָטען פון בעטעל: „א מכּה דער מאמע!" איז דאָס אָבער געזונט געוואָרען און געשטעלט זיך אויף די פיסלעך — „אין חדר אריין, דו שייגעץ איינער, אין חדר אריין!"...

אין חדר האָבּען געלערענט אַלע פון פיער יאָהר ביז... כּמעט ביז דער חתונה. און פון דער גאַנצער האַליאַסטרע קינדער האָט זיך אויסגעצייכענט אַלס גרויסער שקאָץ דער מיטעלסטער, דער העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראַפיע, מיט'ן נאָמען שלום, אָדער שלום נחום וועוויק'ס.

מע באַדאַרף זאָגען דעם אמת, אז גאָר קיין שלעכט יונגעל איז דאָס ניט געווען, אָט דער שלום נחום וועוויק'ס, און לערנען האָט ער זיך געלערענט בעסער פון אַלע קינדער, נאָר פעטש, קולעקעס, מיט קלעפּ, מיט שמיץ, ניט פאַר אייך גערעכט, האָט ער אויך געקראָגען מעהר פון אַלע. מסתּמא איז ער ווערטה געווען.

— אָט וועט איהר זעהען, אידען, אז פון דעם קינד וועט קיין גוטס ניט אַרויס! דאָס וואַקסט עפּיס אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, דער שווארציאָהר וייסט וואָס, אַ שטויבער, אַ סאַמאָוואָליץ, אַ זולל־וסובא'ניק, אַ איוואַן פּאָפּעריליע, איין אויסווירפלינג, אַ משומד און אַ כּל־בּו'ניק, און וואָס אין דער קאָרט!...

אזוי האָט איהם אַטעסטירט פרומע די דיענסטמויד, אַ בּלינדע אויף איין אויג און אַ געשטופּעלטע, נאָר זעהר אַ קאַרגע און אַ געטרייע דיענסט. אַ געטרייע און איין איבּערגעגעבּענע און איין עהרליכע דיענסט. זי האָט גע'הרג'עט־געשלאָגען די קינדער, זיי געזשאַלעוועט עסען, אַבּטונג גענעבּען, זיי זאָלען זיין גוט און פרום און עהרליך און כּשר צו גאָט און צו לייט. און מחמת די מאמע

איז געווען איין אשת־חיל, שטענדיג אין קראַם, האָט פרומע די מויד געפיהרט די שטוב ביד רמה און „דערצויגען" די קינדער, ווי אַ מאמע. זי האָט זיי געוועקט, געוואשען, געצוואָגען, געזאָגט מיט זיי ברכה, געפּאטשט, געגעבען אָנבייסען, אָפּגעפיהרט אין חדר, געבראַכט פון חדר, געפּאטשט, געגעבען עסען, געלייענט מיט זיי קריאת־שמע, ווידער געפּאטשט און באַלעגט שלאָפען, אַלע אינאיינעם, ס'זאָל אייך צו קיין חרפּה ניט זיין, טאַקי מיט איהר אין איין בעט. די קינדער אין בעט — און זי ביי זיי צופוסענס.

אַ שטיק גלות איז געווען פאַר די קינדער אָט די פרומע די מויד, און אַ יום־טוב איז געווען פאַר זיי פרומע'ס חתונה — לאַנג לעבען זאָל אידעלע־גנב מיט דער היטשקע געגרייזעלטע האָר, אָנגעשמירט מיט גענזענשמאַלץ, און מיט דער צונויפגעוואַכסענער נאָז, וואָס מע קאָן זי קיינמאָל ניט אויסשנייצען, מע זאָל זיין, דאַכט זיך, מיט אַכצעהן קעפּ. לאַנג לעבען זאָל ער, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען (אָט אַ משוגע'נער!) חתונה האָבען פאַר דער בלינדער פרומען. און חתונה האָט ער פאַר איהר געהאַט ניט גלאַט אַזוי, נאָר מחמת „ליעבע": ער האָט זיך אין איהר פאַרליעבט, הייסט עס, מיט סכנת־נפשות. ניט צוליעב דעם, וואָס זי האָט נאָר איין אויג און איז געשטופּעלט — חס וחלילה! נאָר צוליעב דעם, וואָס ער טהוט אַ שידוך מיט רב נחום וועוויק'ס. אַ קלייניגקייט — אַזאַ שידוך! חיה־אסתר אַליין (די מאַמע) האָט געפּראַוועט די חתונה, געווען די גאַנצע מחותנת'טע, געבאַקען לעקאַך, אָראָפּגעבראַכט כּלי־זמר פון בערעזאַן, געטאַנצט, געהוליעט ביז טאָג און געוואָרען הייזעריג, ווי די וואַנט.

אוי־וועה, וואָס חברה האָבען זיך דעמאָלט אָנגעלאַכט און אָנגעטאַנצט! די שמחה איז געווען ניט אַזוי צוליעב דעם, וואָס אַ פּייפער אַ גנב נעמט אַ בלינדע מויד, נאָר איבער דעם, וואָס מע ווערט פּטור פון „פרומע די מויד" אויף אייביג און אייביג! און אַגב האָט מען זיך טאַקי אָנגעלאַכט אויך אויף דעם, וואָס „דער

שייגעץ" האָט קאַפּירט דאָס גליקליכע פּאָר — דעם חתן, ווי ער פּייפּט מיט דער נאָז, און די כּלה, ווי זי קוקט אויפ׳ן חתן מיט איין אויגעל און באַלעקט זיך, ווי אַ קאַץ, אַז זי האָט אַ נאַש־געגעבען סמעטענע.

קאַפּיערען, נאָכמאַכען, איבערקרימען — דערויף איז אונזער שלום געווען איין מזיק! האָט ער דערזעהען עמיצען דאָס ערשטע מאָל, אַזוי האָט ער שוין געפונען אויף איהם עפּיס אַ חסרון, אָדער אַזוי אַ „לעכעריגס", און ער האָט זיך שוין אָנגעבלאָזען ווי אַ פּאַחיר, און ער האָט איהם שוין נאָכגעמאַכט. און חברה שקצים האָבען געלאַכט, און טאַטע־מאַמע האָבען צוגעשטעלט אַ בענקעלע פאַר׳ן רבי׳ן, אַז „דער שייגעץ מאַכט נאָך דער גאַנצער וועלט, ווי אַ מאַלפּע — מע באַדאַרף איהם אָפּגעוואוינען דערפון!"

און דער רבי האָט זיך גענומען איהם „אָפּגעוואוינען" דערפון — עס האָט אָבער ווינציג־וואָס געהאָלפען... עפּיס אַ „ניט־גוטער" האָט זיך פאַרקלויבען אין דעם קינד, אַ מין ליץ, וואָס דער גאַנצער וועלט מאַכט ער נאָך און אַלעמען קרימט ער איבער, אָבער אַלעמען, אפילו דעם רבין אַליין, ווי ער שמעקט טאַבעקע און ווי ער געהט דריבעניטשקע מיט די קליינע פיסעלעך, און די רביצין, ווי זי פּיסקעלט זיך, רויטעלט זיך און בלינצעלט מיט איין אויגעל, בשעת זי דאַרף נעמען ביי׳ם רבין אויף שבת און קאָן ניט אויסרעדען „שבת", נאָר „סאַבעס", — און פעטש זענען געפלויגען, און קלעפּ האָט מען געטיילט, און שמיץ האָט מען געצעהלט. אי שמיץ! סטייטש שמיץ!

בקיצור — ס׳איז געווען אַ לעבען.

## 4

# שמואליק דער יתום

מעשיות, פאַנטאַזיעס און חלומות. — קבלה און כשוף.

פאַראַן פּנים׳ער, וואָס זענען באַשאַפן געוואָרען פון גאָט אויף צו פאַר׳כּשופ׳ען אייך מיט׳ן ערשטען קוק. „האָב מיך ליעב!״ — אזוי שרייט צו אייך דאָס דאָזיגע פּנים׳ל, און איהר באַקומט דאָס ליעב, איהר ווייסט ניט פאַר וואָס.

אָט אַזאַ מין חנ׳עוודיג פּנים׳ל האָט געהאַט שמואליק דער יתום, א יונגעל אָהן אַ טאַטען, אָהן אַ מאַמען, וואָס אויפגעהאַלטען האָט ער זיך בּיי׳ם רב.

צו איהם איז דאָס צוגעקלעפּט געוואָרען שלום נחום וועוויק׳ס, דער העלד פון דער דאָזיגער אויטאָביאָגראַפיע, פון דער ערשטער מינוט, וואָס זיי האָבּען זיך בּאַקענט, זיך געטיילט מיט איהם מיט די אָנבּייסענס און מיט די מיטאָגס האַלבּ אויף האַלבּ און געוואָרען חבר — אָבער וואָס חבר הייסט! נפש אחת — איין לייבּ, איין נשמה! פאַר וואָס? איבּער זיינע מעשיות.

קיינער האָט נישט געהאַט אזוי פיעל מעשיות אויף צו דער־צעהלען, וויפיעל שמואליק. האָבּען מעשיות אויף צו דערצעהלען איז אָבער נאָך ניט אינגאַנצען. דאָס דערצעהלען אליין איז אויך אַ זאַך. דערצעהלען אַ מעשה דאַרף מען קאָנען. און שמואליק האָט געקאָנט דערצעהלען מעשיות אַזוי, ווי קיינער ניט!

פון וואַנען האָבען זיך צו דעם ציקאַווען בחור מיט די רויטע בעקלעך און מיט די פאַר׳חלומ׳טע אויגען גענומען אַזוי פיעל מעשיות, און אַזעלכע שענע, רייכע מעשיות, מיט אַזעלכע זעלטענע פאַנטאַסטישע בילדער? צי האָט ער זיי וואו געהערט אַמאָל דער־צעהלען? אָדער דאָס איז געווען פון זיין קאָפּ אויסגעטראַכט, לויטער פאַנטאַזיעס? עד היום קאָן איך דאָס ניט באַגרייפען. איך וויים נאָר איין זאַך: עס האָט זיך ביי איהם געגאָסען ווי פון אַ קוואַל, נאָר פון אַזאַ קוואַל, וואָס שעפּט זיך ניט אויס קיינמאָל. און געגאַנגען איז דאָס ביי איהם גלאַט, ווי אויף בוימעהל, און געצויגען האָט זיך עס ווי אַ לאַנגער זיידען־פאָדעם. און זיס איז געווען די שטים, זיס די שפּראַך, זיס ווי צוקער. און די בעקלעך רויט, און די אויגען פאַר׳חלומ׳ט און נאַסליך, ווי איבערגעצויגען מיט אַ דין רויכעל.

פאַרקלויבען זיך פרייטאָג נאָך האַלבען טאָג, אָדער שבת נאָכ׳ן עסען, אָדער יום־טוב פאַרנאַכטליך, אויפ׳ן הויכען וואָראָנקאָווער באַרג, וואָס „דער שפּיץ זיינער דערגרייכט כמעט ביז דער חמאַרע״, האָבען זיך ביידע חברים אַוועקגעלעגט מיט׳ן פּנים אַראָפּ צום גראָז, אָדער מיט׳ן פּנים אַרויף צום הימעל, און שמואליק האָט גענומען דערצעהלען אַ מעשה נאָך אַ מעשה: אַ מעשה פון אַ בן־מלך מיט אַ בת־מלכה, אַ מעשה פון אַ רב מיט אַ רביצין, אַ מעשה פון אַ פּרינץ מיט אַ פלעגהונט, אַ מעשה פון אַ פּרינצעסין אין אַ קרישטאָלענעם פּאַלאַץ, אַ מעשה פון צוועלף גזלנים אין וואַלד, אַ מעשה פון איין אָקרענט, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויפ׳ן פאַרגליווערטען ים. מעשיות פונ׳ם פּאַבסט, וואָס האָט געפיהרט ויכוחים מיט די גרעסטע רבנים, און מעשיות פון חיות, פון שדים און פון רוחות און פון בת־ליצנים, פון מכשפים, שרע־טעלעך, וואָוקעלאַקעס, פּיפּערנאָטערס, האַלב־מענטש, האַלב־חיה, און אַ מעשה מיט אַ הענגלייכטער פון פּראָג — און יעדע מעשה האָט געהאַט איהר טעם מיט איהר ריח, און אַ באַזונדער כשוף איז געווען אויסגעגאָסען אויף זיי אַלע.

דער חבר, שלום נחום וועוויק'ס, האָט געהאַלטען אָפען מויל און אויהערען, קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פונ'ם דאָזיגען ציקאַוועו בחור'על מיט די רויטע בעקלעך און מיט די פאר'חלומ'טע נאַסליבע אויגען.

— פון וואַנען ווייסט דו דאָס, אַלסדינג, שמואליק?

— נאַרעלע, דאָס איז נאָך גאָרניט. למאי איך ווייס, ווי אזוי מע צאַפּט וויין פון־דער וואַנט? און בוימעהל פון דער סטעלי?

— ווי אזוי צאַפּט מען דאָס וויין פון דער וואַנט? און בוימעהל פון דער סטעלי?

— נאַרעלע, דאָס איז נאָך אויך בלאָטע! איך ווייס אפילו, ווי אזוי מע מאַכט פון זאַמד גאָלד און פון שערבלעך דימענטען מיט בריליאַנטען.

— ווי אזוי מאַכט מען דאָס?

— ווי אזוי? דורך קבלה. דער רב איז דאָך א בעל־קבלה. ווער ווייסט עס ניט? ער שלאָפט דאָך קיינמאָל ניט.

— וואָס דען טהוט ער?

— ביינאַכט, ווען אַלע שלאָפען, איז ער אויף. זיצט ער אליין און פאַרנעמט זיך מיט קבלה.

— און דו זעהסט אַלסדינג, וואָס ער טהוט?

— ווי קאָן איך זעהען, נאַרעלע, אז איך שלאָף?

— פון וואַנען־זשע ווייסט דו, אז ער פאַרנעמט זיך מיט קבלה?

— ווער ווייסט עס נישט? דאָס ווייסט דאָך א מינדסט קינד. פרעג וועמען דו ווילסט. דאָס, וואָס דער רב קאָן, נאַרעלע, קאָן קיינער נישט. וויל ער — זענען אָפען פאַר איהם אַלע צוועלף ברונענס מיט קוועקזילבער און אַלע דרייצעהן גערטנער פון סאַמע זאַפראַן, און גאָלד מיט זילבער, מיט דימענטען, מיט בריליאַנטען — כחול הים, אזוי פיעל, אז סע גלוסט זיך אַזש ניט!...

— פאר וואס־זשע ביזט דו תּמיד הונגעריג? און פאר וואס האט ער ניט אויף שבּת?

— אזוי, ווארום ער וויל ניט. ער וויל בעסער אפּקומען אויף דער וועלט, תּשובה טהון. ער איז א בעל־תּשובה. ער זאל וועלען, וואלט ער געווען רייך, ווי קורח; טויזענט רויטשילדס וואלט ער פארשטעקט אין גארטעל. ווארום ער ווייסט, ווי אזוי מע ווערט רייך. פאר איהם איז אנטפּלעקט אלסדינג. ער ווייסט אפילו דעם ארט, וואו דער אוצר ליגט באהאלטען.

— וואו ליגט דער אוצר באהאלטען?

— חכם! פון וואנען זאל איך וויסען? ווען איך זאל וויסען, וואו דער אוצר ליגט, וואלט איך דיר שוין לאנג געזאגט. איך וואלט אין מיטען ביינאכט געקומען צו דיר און וואלט דיך אויפגעוועקט פון שלאף: „קום, שלום, צום אוצר, וועלען מיר צונויפזשעבּרעווען דאס געלד, פולע זשמענים און אנשטופּען פולע קעשענעס!”

און האט שמואליק אנגעהויבּען צו רעדען וועגען אוצר, אזוי האבּען די פאר׳חלום׳טע אויגען בּיי איהם זיך אנגעצונדען, די רויטע בּעקלעך צעפלאמט, און אליין האט ער זיך אזוי צעהיצט און צעבּרענט און צעפלאקערט, אז ער האט אויך דעם חבר זיינעם אנגעווארעמט, צעהיצט, צעבּרענט און צעפלאקערט. שמואליק האט גערעדט, און זיין חבר, שלום נחום וועוויק׳ס, האט איהם געקוקט אין מויל אריין און מיט דארשט געשלונגען יעדעס ווארט.

## 5

# אוצרות

וואס איז איין אוצר? — א לעגענדע פון חמעלניצקי'ס צייטען. — וואונדער־שטיינער.

אז ס'איז פארהאן איין אוצר דא ביי אונז אין אונזער שטעדטעל — אין דעם איז דאך קיין ספק ניט.

פון וואנען האט זיך גענומען צו אונז איין אוצר? פון חמעלניצקין. חמעלניצקי האט איהם דא באגראבען נאך פארצייטען. טויזענטער יאהרען האבען מענטשען געזאמעלט אוצרות מיט אוצרות, ביז ס'איז געקומען חמעלניצקי און האט עס באשטאט.

— ווער איז געווען חמעלניצקי?

— חמעלניצקי, ווייסט דו ניט? נארעלע, חמעלניצקי — דאס איז געווען א רשע, א המן, נאך פאר חמעלניצקי'ס צייטען... דאס ווייסט דאך א מינדסט קינד! האט אט דער חמעלניצקי, דער רשע, דער המן, אנגעראבעוועט, הייסט עס, מילי־מיליאסען גאלד ביי די אמאליגע פריצים און ביי די רייכע אידען, און האט דאס אלסדינג געבראכט צו פיהרען אהער צו אונז, קיין וואראנקא, — און דא האט ער עס איינמאל ביינאכט אויף יענער זייט בית־מדרש בארג־אראפ, אקעגען דער שיין פון דער לבנה, באהאלטען, טיעף־טיעף אין דער ערד באגראבען, און ס'איז מיט גראז באוואכסען און מיט כשוף פאר'כשופ'ט, אזוי, אז קיין בן־אדם זאל עס ניט געפינען.

— און כ׳איז פאַרפאַלען לעולם ועד, אויף אייביג און אייביג?

— ווער האָט דיר געזאָגט, אַז ס׳איז פאַרפאַלען לעולם ועד, אויף אייביג און אייביג? און צו וואָס האָט גאָט באַשאַפען די קבלה? די בעלי־קבלה, נאַרעלע, האָבען שוין דערצו איין עצה.

— דהיינו, וואָסער איין עצה?

— זיי ווייסען שוין. זיי האָבען אַ שפּרוך אַזעלכען, און אַ פּסוק פאַרהאַן אַזעלכער אין תהלים, וואָס מע דאַרף איהם זאָגען פערציג מאָל פערציג...

— וואָסער אַ פּסוק?

— ע, נאַרעלע, איך זאָל וויסען דעם פּסוק! און אפילו איך זאָל שוין וויסען, איז דאָס אויך ניט אַזוי גרינג. מע באַדאַרף פאַסטען פערציג תעניתים, אָפּזאָגען אַלע טאָג פערציג קאַפּיטלעך תהלים, און אויפ׳ן איין־און־פערציגסטען טאָג, באַלד נאָכדעם, ווי די זון האָט זיך געזעצט, באַדאַרף מען זיך אַרויס׳גנב׳ענען אַזוי קונציג, אַז קיין בן־אָדם זאָל דיך ניט באַגעגענען, — וואָרום טאָמער חלילה דערזעהט מען דיך, באַדאַרף מען אָנהויבען נאָך אַ מאָל צו פאַסטען פון אָנהויב פערציג תעניתים, — און ערשט דעמאָלט, אַז ס׳וועט דיר אָפּגילטען, קיינער וועט דיך ניט באַגעגענען, זאָלסט דו אַוועקגעהן אין אַ פינסטערער נאַכט אין אָנהויב חודש אויף יענער זייט בית־מדרש באַרג־אַראָפּ, און דאָרטען אָפּשטעהן פערציג מינוט אויף איין פוס, צעהלענדיג פערציג מאָל פערציג, און אויב ס׳וועט נאָר ניט זיין קיין טעות אינ׳ם צעהלען, וועט זיך דיר דער אוצר אַנטפּלעקען פון זיך אַליין...

און שמואליק דער יתום גיט צו פאַרשטעהן גאַנץ ערנסט זיין חבר, שלום נחום וועוויק׳ס, דעם סוד פונ׳ם אוצר מיט אַ שטיל קול, אַלע מאָל שטילער, ווי אויסגעלייענט פון אַ בוך, ניט אָפּגע־שטעלט זיך אויף אַ רגע׳לע אפילו:

— און אַנטפּלעקען וועט זיך דיר דער אוצר דורך אַ פייערעל, אַ קליין פייערעל. און אַז דאָס פייערעל וועט זיך דיר באַווייזען, באַדאַרפסט דו גלייך צוגעהן צו דעם, צום פייערעל הייסט עס,

זאָלסט גאָר קיין מורא ניט האָבן פאַר אָפּבריהען זיך, וואָרום דאָס פייערל איז מעהר ניט אויף צו באַלייכטען, ברענען ברענט עס ניט, און דו באַדאַרפסט זיך נאָר אָנבויגען און זשעברעווען מיט ביידע זשמענים (שמואליק באַווייזט מיט ביידע הענט, ווי ער זשעב־רעוועט) גאָלד און זילבער און דימענטען און בריליאַנטען, און שטיינער אַזעלכע, וואָס הייסען מיט'ן נאָמען „כדכד", און אַזעלכע, וואָס הייסען מיט'ן נאָמען „ישפה"...

— וואָס איז דען דער חילוק?

— אַי, נאַרעלע, ס'איז אַ גרויסער חילוק! „כדכד" איז אַזאַ שטיין, וואָס לייכט אין דער פינסטער, ווי אַ סטרינעווע ליכט, און „ישפה" האָט אין זיך אַ כח: עס מאַכט פון שוואַרץ ווייס, פון רויט געל, פון גרין בלוי, פון נאַס טרוקען, פון הונגעריג זאַט, פון אַלט יונג, פון טוידט לעבעדיג... מע באַדאַרף נאָר מיט איהם געבען אַ רייב אין דער רעכטער לאַץ פון דער קאַפּאָטע און אַ זאָג: „ס'זאָל מיר אַרויסגעהן און אַרויסגעהן אַ רעכטער אָנבייסען!" — געהט־אַרויס אַ זילבערנע טאַץ, און אויף דער טאַץ צוויי פּאָר געבראָטענע טייבעלעך מיט פרישינקע פלעצלעך פון געבייטעלטער מעהל, פערווי סאָרט. אָדער: „ס'זאָל מיר אַרויסגעהן און אַרויס־געהן אַ גוטער וואַרעמעס!" — באַווייזט זיך אַ גאָלדענע טאַץ מיט כל'ערליי מינים עסענוואַרג און פּאַטראַוועס, מעדני־מלך, געבראָ־טענע צונגען מיט געפילטע העלזלעך, וואָס זייער געשמאַקער ריח צעגעהט זיך אין אַלע אברים, און פרישע צוגעברענטע געפלאָכטענע קוילעטשען וואַכסען־אויס פאַר דיינע אויגען, און ווייַן לרוב פונ'ם בעסטען סאָרט, און ניסלעך, און באָקסערען, און צוקערקעס לרוב — אַזוי פיעל, אַז סע גלוסט זיך שוין אַזש ניט!

און שמואליק קערעוועט־אָפּ דעם קאָפּ אָן אַ זייט און שפּייט־אויס, און זיין חבר זעהט נאָך זיינע פאַרשמאַכטע ליפּען און נאָך זיין בלאַס פּנים מיט די פאַר'חלומט'ע אויגען, אַז ער וואָלט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון אַ שטיקעל געבראָטענע צונג, אַ געפילט העלזעל, אָדער האָטש אַ שטיקעל קוילעטש... און ער גיט זיך דאָס וואָרט,

אז מארגען, אם ירצה השם, טראגט ער איהם ארויס אין קעשענע עטליכע ניסלעך, א פאר באקסערען מיט א צוקערקעלע, וואס ער וועט ארויס׳לקח׳ענען, מחילה, ביי דער מאמע אין קלייטעל. און דערווייל בעט ער שמואליקען, ער זאל דערצעהלען נאך און נאך. און שמואליק לאזט זיך לאנג ניט בעטען. ער ווישט־אפ די ליפען און דערצעהלט נאך און נאך.

— ... און אז דו האסט זיך גוט אנגעזעטיגט מיט די אלע מיני מאכלים און פארטרונקען מיט די בעסטע וויינען, נעמסט דו און טהוסט א רייב מיט׳ן שטיינדעלע און א זאג: „ס׳זאל מיר ארויסגעהן און ארויסגעהן א ווייכער געלעגער!" — באווייזט זיך דיר א בעטעל פון עלפענביין, מיט גאלד באפוצט, מיט איין איבערבעט — ווייך ווי פוטער, און מיט זיידענע קישעלעך צוקאפענס, און מיט איין אטלעסענע קאלדרע איבערגעדעקט. ציהסט דו זיך אויס און ווערסט אנשלאפען, און עס חלום׳ען זיך דיר מלאכים מיט כרובים, מיט שרפים, מיט׳ן גן־עדן העליון, מיט׳ן גן־עדן התחתון... אדער, אז ניט, טהוסט דו א רייב מיט׳ן שטיינדעלע, הויבסט דו דיך גאר אויף אין דער הויך ביז דער חמארע, און אריבער דער חמארע, און דו פליהסט זיך, ווי איין אדלער, הויך־הויך! ווייט־ווייט!...

צי האט אט דער ארעמער יתום מיט זיינע וואונדערליכע מעשיות זיך ווען אפגערופען נאכדעם אין די שרייבעכצען פון זיין חבר שלום, בעת שלום נחום וועוויק׳ס איז געווארען א „שלום־עליכם" — דאס איז שווער צו זאגען. איין זאך איז געוויס: זיין פאנטאזיע האט ער געמאכט רייכער, זיין השגה ברייטער, און שמואליק׳ס חלומות און שמואליק׳ס טרוימען וועגען אוצרות, וואונדערשטיינער און נאך אזעלכע גוטע זאכען טראגט ער ביי זיך טיעף אין הארצען נאך עד היום. אפשר אין איין אנדער פארם, אפשר אין אנדערע געשטאלטען — נאר ער טראגט זיי, ער טראגט זיי ביז צו היינטיגען טאג.

# 6

# דער רב אין גן־עדן

די פריינטשאפט פון דוד מיט יהונתן. — דער לויתן מיט'ן שור־הבר. — ווי זעהען־אויס די צדיקים אויף יענער וועלט.

די שענע, וואונדערליכע מעשיות פון שמואליק דעם יתום האבען זיין יונגען חבר אינגאנצען פאר'כשופ'ט און געבראכט דער־צו, אז די פרינצען מיט די פרינצעסינס זענען איהם געגאנגען צו חלום, געוועקט, געשלעפט ביי די ארבעל: „שטעה־אויף, שלום, טהו דיך אן און קום מיט אונז!"... און נישט נאר אין חלום — אויך אויף דער וואהר האט ער זיך געפונען כמעט שטענדיג צווישען פרינצען און פרינצעסינס, ערגיץ אין א קרישטאלענעם פאלאץ, אדער אויפ'ן פארגליווערטען ים, אדער אויף א וויספע, וואו עס געוועלטיגען ווילדע מענטשען, אדער גאר אין גן־עדן התחתון, וואו עס געפינען זיך צוועלף ברונענס מיט קוועקזילבער און דרייצעהן גערטנער פון זאפראן, און גאלד און זילבער וואלגערט זיך, אזוי ווי מיסט; אדער ער הויבט זיך אויף, מיט'ן שטיינדעלע „ישפה", גאר אין דער הויך, אויף יענער זייט חמארעס... עס איז דער־גאנגען אזוי ווייט, אז ער האט אנגעהויבען אנרופען די אלע זאכען ביי'ם נאמען און זעהען זיך מיט זיי אויף יעדען טריט און שריט.

עטליכע צונויפגעלעגטע באלקענס אין הויף איינס אויף דאס אנדערע זענען שוין געווען גענוג פאר איהם, ער זאל זיך ארויפ־חאפען אויף זיי גאנץ הויך און זיך פארשטעלען, אז דאס איז א

„וויספע", און ער איז דער פרינץ, און די גענז מיט די קאטשקעס, וואס שפאציערען־ארום אין הויף, — דאס זענען די ווילדע מענ־טשענפרעסער, און ער איז איבער זיי דער מלך, וואס קאן זיי טרייבען וואוהין ער וויל און קאן טהון מיט זיי וואס ער וויל, ווארום זיי זענען דאך זיינע אונטערטעניגע... עס איז גענוג געווען א שטיקעל גלאז טאמער האט ער געפונען, זאל עס ווערען ביי איהם פאר־וואנדעלט אין א טייערען וואונדערשטיין, א מין „כדכד"... א שטיינדעלע, א פראסט, פון דער ערד אויפגעהויבען — קאן עס זיין אפשר דאס שטיינדעלע „ישפה" — ווער ווייסט? פוילט ער זיך ניט, נעמט און טהוט דאס א רייב, אז קיינער זעהט ניט, אין דער רעכטער לאץ און א זאג, ווי שמואליק זאגט: „ס'זאל מיר ארויסגעהן און ארויסגעהן..."

מעהר פון אלץ אבער האבען זיך איינגעווארצעלט אין איהם שמואליק'ס מעשיות וועגען „אוצרות". ער איז געווען מעהר ווי זיכער, אז ניט היינט איז מארגען, נאר איין אוצר מוז זיך איהם אנטפלעקען. דאס גאנצע געלד וועט ער, געוויינליך, אוועקגעבען דעם טאטען מיט דער מאמען. דער טאטע וועט שוין ניט דארפען זיין אזוי פארזארגט און פארטראגען אין די געשעפטען. די מאמע וועט פארשפארען פריערען גאנצע טעג אין קלייט. מיט דעם כח פונ'ם שטיין „ישפה" וועט ער זיי אויסבויען א פאלאץ פון קריש־טאל, ארומגערינגעלט מיט א גארטען פון סאמע זאפראן. און אין מיטען גארטען וועט זיך געפינען א ברונען פון קוועקזילבער. א פלענהונט וועט היטען דעם אריינגאנג, און פיפערנאטערס, שרע־טעלעך מיט ווילדע קעץ וועלען זיך דראפען אויף די בוימער. און ער, דער פרינץ אליין, וועט אויסטיילען פון זיין ברייטער האנט די ווארנקאווער ארעמעלייט נדבות, גרויסע נדבות און קליינע נדבות, איטליכען אזא נדבה, ווי ער פארדיענט.

עס איז געווען שווער זיך פארצושטעלען, אז די צוויי גע־ליעבטע חברים, שלום נחום וועוויק'ס און שמואליק דער יתום, זאלען ווען אמאל זיך דארפען צעשיידען אויף אייביג און אייביג.

ערשטענס, גלאַט למאי זאָלען זיך חברים שיידען? און אויסער־דעם, האָבען זיי זיך געשוואָרען ביידע ביי גאָט און איבערגעשלאָגען מיט אַ ציצה, אַז איינער אָהן דעם צווייטען זאָל ניט אַוועקפאָהרען קיינמאָל ניט אין ערגיץ ניט, און אַז וואָס ס'זאָל זיך מיט זיי ניט טרעפען און וואו זיי זאָלען ניט מגולגל ווערען, זאָלען זיי תמיד זיין איין נפש, איין נשמה. דאָס איז געווען אַ ליעבשאַפט, ווי צווישען דוד מיט יהונתן. געהט רעכט זיך אויף אַזאַ מעשה, אַז דער רב, וואָס איז טאַקי געווען אפילו אַ איד אַ זקן, איך האָב מורא, אויב ניט אַ בן־שבעים, וועט נעמען און וועט זיך פלוצים אין מיטען דערינען אַוועקלעגען גאָר און וועט מאַכען אַ שטאַרב, און דער יתום שמואליק וועט אַוועקפאָהרען מיט דעם רב'ס אַלמנה ערגיץ אין אַ קליין שטעדטעל, וויים איך וואוהין, ערגיץ אין חערסאָנער גובערניע, און אַז שמואליק זאָל פאַרשוואונדען ווערען, גלייך ווי ס'איז גאָר קיינמאָל קיין שמואליק אויף דער וועלט ניט געווען!

מאָהלט אייך, ניט אַזוי גיך טהוט זיך עס, ווי עס רעדט זיך. ניט אַזוי גרינג לעגט זיך אַוועק אַ רב און שטאַרבט־אַוועק. דער רב, וואָס איז געווען תמיד אַ „חלוש", אַ קראַנקער מענטש פון פאַסטען תעניתים און פון גלאַט ניט עסען, האָט זיך אויף דער עלטער אַוועקגעלעגט אין בעט, אָפּגעלעגען אַ געלעהמטער העבער אַ יאָהר, אָהן עסען, אָהן טרינקען, און נאָר געלערענט און נאָר געדאַווענט, און געראַנגעלט זיך מיט'ן מלאך־המות. שמואליק האָט דערצעהלט פאַר זיין חבר און געשוואָרען מיט כל השבועות, אַז אַלע פאַרנאַכט, בין מנחה למעריב, פליהט־אַריין דורך אַ שפּאַרינקעלע פון אַ פענסטער דער „בעל־דבר", שטעלט זיך אַוועק ביי'ם רב צוקאָפּענס און וואַרט, טאָמער וועט ער אויפהערען „זאָגען", וועט ער איהם מאַכען „חיק"... איז אָבער דער רב קליגער פון איהם: ער הערט ניט אויף צו „זאָגען" אפילו אויף אַ רגע כמימרא; אָדער ער לערענט, אָדער ער דאַווענט.

— ווי אַזוי זעהט ער אוים?

— ווער?

— דער „בעל־דבר״.
— פון וואַנען זאָל איך וויסען?
— דו זאָגסט, אַז ער קומט, האָסט דו מסתמא איהם געזעהן.
— נאַרעלע! ווער עס זעהט דעם „בעל־דבר״, דער קאָן נישט לעבען מעהר. היינט ווי אַזוי האָב איך איהם געקאָנט זעהען?
— פון וואַנען־זשע ווייסט דו, אַז ער קומט?
— ניין! וואָס דען וועט ער טהון? ער וועט וואַרטען אויף כבוד?...

און אַז דער רב איז געשטאָרבען, איז פאַר די צוויי חברים געווען אַ יום־טוב. דער רב האָט געהאַט אַזאַ שענע לויה, ווי עס קאָן זיך פאַרגינען צו האָבען נאָר אַ רב אין אַ קליין שטעדטעל. די קלייטען האָט מען געשלאָסען און די חדרים האָט מען צעלאָזט, און די גאַנצע „שטאָדט״ איז איהם נעגאַנגען באַגלייטען.

אויף צוריקוועגס זענען די פאַרליעבטע חברים, „דוד ויהונתן״, געווען די לעצטע שבלעצטע. מע האָט זיך גענומען פאַר די הענט און מע איז געגאַנגען פּאַוואָלי, בכדי מע זאָל זיך קאָנען גוט אָנרעדען. און רעדען איז געווען פון וואָס. פונ׳ם רב׳ס טוידט און פון זיין קומען אויף יענער וועלט, ווי אַזוי מע וועט איהם דאָרטען באַגעגענען ביי די טויערען פון גן־עדן, און ווי אַזוי מע וועט איהם אויפנעמען, און ווער וועלען זיין די, וואָס וועלען איהם מקבל־פנים זיין.

אַלסדינג האָט שמואליק געוואוסט, אפילו וואָס ד אָ ר ט ע ן טהוט זיך. און פון אַלסדינג האָט ער גערעדט אַזוי, גלייך ווי ער וואָלט געווען דערביי. עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז דער רב איז גאָרניט געשטאָרבען. ער האָט זיך נאָר איבערגעטראָגען אין איין אַנדער וועלט, אין אַ בעסערער וועלט, וואו מע האָט געוואַרט אויף איהם מיט׳ן לויתן און מיט׳ן שור־הבר און מיט׳ן יין־המשומר און מיט אַלע גוטע זאַכען פון גן־עדן. אָ, דאָרט וועט ער ערשט אָנהויבען צו וויסען פון אַ לעבען, אַ ניי לעבען, אַ גליקליך לעבען, אין אַ פּראַכטפולען גן־עדן, אינאיינעם מיט אַזעלכע מאַגנאַטען, ווי

אברהם, יצחק און יעקב, און יוסף הצדיק, און משה מיט אהרונ׳ען, און דוד המלך, און שלמה המלך, און אליהו הנביא, און דער רמב״ם, און דער בעל־שם־טוב, און דער ריזשינער — ווי לעבעדיגע האָט זיי שמואליק אָפּגעמאָהלט, און ווי לעבעדיגע זענען זיי געשטאַנען פאַר די אויגען, יעדער מיט זיין געשטאַלט און מיט זיין פּנים און מיט זיין אויסזעהן: אברהם אָבינו — אַ זקן מיט אַ ווייסער באָרד, יצחק — אַ לאַנגער און אַ דאַרער, יעקב אָבינו — אַ קראַנקער און אַ סוטולעוואַטער, יוסף — אַ „קראַסאַוועץ״, משה רבינו — אַ נידעריגער וואוכס, נאָר אַ ברייטער שטערן, אהרון הכהן — דוקא אַ הויכער מיט אַ לאַנגען יאַמשאָוועז שטעקען, דוד המלך — מיט אַ פיעדעל, שלמה המלך — מיט אַ גאָלדענער קרוין, אליהו הנביא — איין אָרעם אידעל, דער רמב״ם — איין אויסגעפּוצטער מיט אַ קיילעכיגער באָרד, דער בעל־שם־טוב — אַ פּראָסטער איד מיט אַ פּראָסטען שטעקען, דער ריזשינער — אַ שענער איד אין אַ זיידענער זשופּעצע...

עס האָט אזש אָנגענומען אַ חשק צו זעהען זיך מיט די דאָזיגע אלע לייט; עס האָט זיך פּשוט געגלוסט זיין מיט זיי דאָרטען אין גן־עדן, פאַרזוכען חאָטש אַ שטיקעל פונ׳ם לויתן מיט׳ן שור־הבר, חאָטש אַ טראָפּען פונ׳ם יין־המשומר. עס איז געווען באמת מקנא צו זיין דעם רב, ווי ער לעבט דאָס איצט דאָרטען אַ גוטען טאָג, גאָר פאַרגעסען, אַז מע האָט איהם נאָר־וואָס אראָפּגעלאָזט אין איין ענגען פינסטערען קבר, און אַז מע האָט איהם פאַרשאָטען מיט קלעפּיגער שווארצער ערד און צוגעקלאָפּט מיט הילצערנע לאָפּעטעס, און אַז שמואליק אליין טאַקי האָט געזאָגט נאָך איהם קדיש. וואָרום דער רב איז געשטאָרבען אָהן קינדער — ניט פאַר אייך געדאַכט, ניט פאַר קיין שום אידען געדאַכט.

7

# שמואליק ווערט פֿאַרשוואונדען

דוד מיט יהונתן צעשיידען זיך אויף אייביג. — דער סוד פונ'ם אוצר. — פֿאַרלוירען אַ חבר.

די גאַנצע וואָך, וואָס די רביצין איז געזעסען שבעה נאָכ'ן רב, האָט שמואליק דער יתום אַרומגעבלאָנקעט איינער אַליין איבער דער שטאָדט, ווי אַיין אמת'ער יתום, וואָס איז נאָך מעהר פֿאַר־יתום'ט געוואָרען. זיין גאַנצער אַרויסקוק איז געווען אויף דעם פֿאַרנאַכט, ווען מע צעלאָזט די קינדער פֿון די חדרים — דעמאָלט וועט ער זיך קאָנען זעהען מיט זיין חבר, שלום נחום וועוויק'ס, וואָס איז צו איהם נאָך מעהר צוגעבונדען געוואָרען זינט דער רב איז געשטאָרבען. עס האָט זיך געפֿיהלט אינסטינקטיוו, אַז די צוויי געליעבטע חברים, „דוד ויהונתן", באַדאַרפֿען זיך באַלד צעשיידען. ווי אַזוי דאָס וועט געשעהען — האָבען זיי נאָך אַליין ניט געוואוסט און ניט געוואָלט וויסען. זיי האָבען דעריבער אויסגענוצט יעדען פֿאַרנאַכט אויף צו פֿאַרברענגען אינאיינעם, זיין וואָס נעהענטער איינס נעבען דאָס אַנדערע.

אַ גליק, וואָס ס'איז זומער, און זומער לערענט מען נישט ביינאַכט אין חדר. קאָן מען דעריבער זיך פֿאַרקלייבען אינצווייען ביי נחום וועוויק'ס אין גאָרטען, און דאָרטען, אונטער אַ באַרענ־בוים, אָפּזיצען אַ שעה און צוויי און דריי און שמועסען; אָדער אַז ניט, קאָן מען זיך דורכגעהן פֿון דער שטאָדט אַרויס, העט־וויית

אויף יענער זייט מיהלען, אבי שקצים זאָלען נאָר ניט באַפאַלען און ניט אָנרייצען די הינט אויף די „פאַרשאָלטענע זשידיוהעס".

דאָרט, פון יענער זייט מיהלען, האָבען די צוויי חברים, שמואליק דער יתום און שלום נחום וועוויק'ס, געקאָנט זיך אָנרעדען וויפיעל זייער הארץ גלוסט. און רעדען איז געווען פון וואָס. איין זאַך האָט זיי אינטערעסירט ביידען: וואָס וועט זיין ווייטער? וואָס וועט זיין, טאָמער פאָהרט שמואליק אַוועק? וואָרום געהערט האָט שמואליק זאָגען, אז די רביצין קלויבט זיך ערגיץ ווייט, אין חערסאָנער גובערניע. זי האָט דאָרט א שוועסטער, שרייבט איהר די שוועסטער, זי זאָל קומען צו פאָהרען. איז ווי־באלד די רביצין פאָהרט — פאָהרט שמואליק אויך. וואָס וועט ער דאָ טהון איינער אליין? ער האָט דאָך אפילו ניט וואו דעם קאָפּ אָנצושפּארען!...

פאַרשטעהט זיך, אז ער פאָהרט נישט אויף לאַנג, און יעדענ־פאלס — ניט אויף שטענדיג. לאָז ער נאָר קומען אהין, אזוי זעצט ער זיך באלד לערנען „קבלה", און ווי נאָר ער דערגעהט דעם „סוד", אזוי קומט ער צו פאָהרען צוריק אהער, קיין וואָראָנקאָ, און נעמט זיך צו דער ארבייט — אויפזוכען דעם אוצר. ער וועט פאַסטען פערציג תעניתים, אָפּזאָגען אלע טאָג פערציג קאַפּיטלעך תהלים, און אויפ'ן איין־און־פערציגסטען טאָג האַפּט ער זיך ארויס בסוד, אז קיינער זאָל ניט וויסען, צעהלט־אָפּ פערציג מאָל פערציג, שטע־הענדיג אויף איין פוס פערציג מינוט אויפ'ן זייגער...

— וואו האָסט דו א זייגער?

— איצט האָב איך ניט, דעמאָלט וועל איך האָבען.

— וואו וועסט דו נעמען?

— וואו איך וועל נעמען? איך וועל גנב'ענען! וואָס האָט דאָס צו דיר?

שלום קוקט זיין חבר שמואליקען אין די אויגען אריין. ער האָט מורא, טאָמער האָט ער איהם אָנגעריהרט מיט א וואָרט, און

ער וועט חלילה ווערען ברוגז. שמואליק איז אָבער ניט אַזאַ חבר, וואָס מיט איין וואָרט זאָל מען פאַרלירען ביי איהם איינגאַנצען. און שמואליק הערט ניט אויף צו דערצעהלען מעשיות, וואָס עס וועט זיין אמאָל, אמאָל, אז ביידע חברים וועלען אויסוואַכסען און ווערען גרויסע, וואָס זיי וועלען אויפטהון אין דער דאָזיגער שטאָדט, און ווי גליקליך זיי וועלען מאַכען די וואָראָנקאָוואער אידען. און עס גיסט זיך ביי איהם, ווי ריינער בוימעהל. און עס ציהט זיך ביי איהם, ווי גוטער האָניג. און עס ווילט זיך גאָרניט אוועקגעהן אין דער וואַרעמער, זומערדיגער, פאַר׳כשופ׳טער נאַכט. נאָר מע מוז, מע מוז געהן אהיים שלאָפען — אניט, קאָן מען האַפּען אַ מיאוס׳ען פסק!... און מע געזעגענט זיך אָפּ: „ביז מאָרגען, ביז מאָרגען!”

. . . . . . . . . . . . . . . . .

עס איז אוועקגעגאַנגען אַ מאָרגען און נאָך אַ מאָרגען, און נאָך אַ מאָרגען — ניטאָ שמואליק! וואו איז ער? — ער איז אוועק־געפאָהרען. אויפגעהויבען זיך אינאיינעם מיט דעם רב׳ס אלמנה און אוועקגעפאָהרען אין חערסאָנער גובערניע. ווען? ווי אזוי? אפילו נישט געזעגענט זיך?!...

אַ פאַרלוירענער, אַ צערודערטער איז געבליבען זיין חבר שלום איינער אליין, עלענט ווי אַ שטיין. אוועקגעפאָהרען זיין בעסטער, זיין ליעבסטער און זיין טייערסטער. אוועקגעפאָהרען! פינסטער געוואָרען די גאַנצע וועלט: וואָס מיר וועלט, אז ס׳איז נישטאָ שמואליק! וויסט געוואָרען דאָס גאַנצע לעבען: וואָס מיר לעבען, אז ס׳איז נישטאָ שמואליק! און דער איבערגעבליבענער עלענטער חבר האָט דערפיהלט אַ מאָדנע ענגשאַפט אין האלז, און אין נאָז האָט איהם אָנגעהויבען צו קיצלען און אין הארצען צו שטיקען. האָט ער זיך פאַרקלויבען ווייט־ווייט אין אַ ווינקעלע און לאַנג־לאַנג געוויינט.

ווי מיינט איהר: לעבט ער נאָך ערגיץ, אָט דער ציקאַווער שמואליק מיט די פאַר'חלומ'טע אויגען און מיט זיין שען, חנ'עוודיג לשון, וואָס גיסט זיך ווי ריינער בוימעהל און ציהט זיך ווי גוטער האָניג? וואו איז ער, און וואָס איז ער, למשל, אצינד — אַ מגיד? אַ רב? אַ מלמד? אַ סוחר? אַ קרעמער? אַ מעקלער? אָדער גאָר איין אָרעמאַן, איין עני ואביון? אָדער אפשר האָט עס איהם פאַרטראָגען אינ'ם גאָלדענעם לאַנד, אין אַמעריקע, און ער „מאַכט אַ לעבען"?... אָדער אפשר ליגט ער שוין דאָרטען, וואו מיר וועלען אַלע ליגען איבער הונדערט יאָהר און די ווערעם וועלען פון אונז הנאה האָבען?...

ווער עס ווייסט עפּיס, ווער עס האָט געהערט פון איהם, — זאָל זיך אָפּרופען.

## 8

# מאיר מעדוועדעווקער

א נייער חבר, וואס קאן זינגען. — חדר־יונגלעך קונדסים מאכען טהעאטער־שפיעל. — פון א בארוויסען יונג א קונדס וואכסט־אויס א באריהמטער ארטיסט.

לאנג זארגען זיך און באקלאגען דעם פארלוירענעם שמואליקען האט זיין געטרייער חבר נישט באדארפט. גאט האט איהם ממלא געווען און גיך צוגעשיקט א נייעם חבר.

אזוי איז דאס געווען: וויבאלד דער אלטער רב איז געשטארבען, איז דאך דאס שטעדטעל געבליבען אהן א רב, על־כן האט נחום ווערוויק׳ס אוועקגעווארפען אלע געשעפטען און איז אוועקגעפאהרען אין א צווייטען שטעדטעל, קיין ראקיטנע, וואו עס האט זיך געלאזט הערען איבער דער וועלט א רב, א שם־דבר, מיט׳ן נאמען **חיים מעדוועדעווקער**. אט דעם רב האט דאס נחום ווערוויק׳ס אראפגעבראכט קיין ווארארנקא, און דאס שטעדטעל האט זיך מיט איהם משמח געווען, ווארום חוץ וואס ער איז געווען א גרויסער למדן און א ירא־שמים און א יודע־נגן, איז ער נאך געווען דערצו א גרויסער ארעמאן אויך, האט ער שוין אין איינוועגס צוגעקנעלט מיט די בעל־הבתישע קינדער (פון דער עלטערער כתה).

פון דעסטוועגען האט מען חלילה דעם מלמד רב זרח׳לען אינגאנצען נישט אפגעזאגט. ווי נעמט מען דאס און מע קוילעט־

אָפּ אַ אידען גלאַט אַזוי פון פּרנסה? איז רבּ זרח׳על פאַרבּליבּען מלמד אויף תּנ״ך און אויף שרייבּען (אידיש און רוסיש, און דייטש, און פראַנצויזיש, און לאַטיין, וועלכע נישט די קינדער, נישט דער רבּי האָבּען פאַרשטאַנען מיט וואָס מע עסט דאָס), און גמרא האָט מען געלערענט בּיי׳ם נייעם רב. און חאָטש שלום נחום וועוויק׳ס איז געווען טאַקי נאָך אַלץ אַ שייגעץ און נישט געוואָלט וואַכּסען אין דער הויך, נאָר פון דעסטוועגען האָט מען איהם אַרייגענומען אין דער גרויסער כּתּה, וואָרום אַז דער נייער רב האָט איהם פאַרהערט אַ פּרשה חומש מיט רש״י, האָט ער איהם דערלאַנגט אַ קניפּ אין בּעקעל: „אַ רעכטער שקאָץ!" — און דעם פאָטער האָט ער געגעבּען אַ זאָג, אַז ס׳איז איין עבירה פאַר גאָט איבּערלאָזען אַזאַ שקאָץ אויף טרוקענעם תּנ״ך; מע בּאַדאַרף איהם אַ נעם טהון צו דער גמרא. „נישקשה, ס׳וועט איהם גאָרניט שאָדטען".

פאַרשטעהט מען, אַז דער פאָטער איז געווען מלא גדולה, און דער „שקאָץ" אַליין איז ניט געווען אַזוי צופריעדען מיט דער גמרא, איז ער אָבּער דערפאַר געווען בּיי זיך גדול׳דיג, וואָס ער זיצט אינאיינעם מיט די גרויסע, און געבּלאָזען פון זיך, פאַרריסען די נאָז — אַ קליינינקייט!

אַראָפּגעקומען איז רבּ חיים דער רב פון ראַקיטנע ניט אַליין, נאָר מיט צוויי זיהן: איינער אַ בּעל־הבּית׳על שוין, מיט אַ קנאָפּ אין גאָרגעל, מיט׳ן נאָמען אַבּרהמ׳על, וואָס האָט געהאַט אַ קול־נגינה און געקאָנט שען דאַוונען פאַר׳ן עמוד, און דער אַנדערער, מאיר׳על, האָט נאָר געהאַט אַ שען קול אויף צו זינגען און אויך אַ קנעפּעל אין גאָרגעל, נאָר צום לערנען האָט ער געהאַט אַ שייט־האָלץ, ניט קיין קאָפּ. און ניט אַזוי נאָך אַ גראָבּער קאָפּ, ווי אַ גרויסער שייגעץ, און מיט איהם איז דאָס שלום נחום וועוויק׳ס געוואָרען אין גיכען חבר. אַ ראַקיטנער יונגעל און דעם רב׳ס אַ זוהן — מיט דער האַנט קאָן מען איהם ניט אָוועקמאַכען. דערצו האָט דער מאיר׳על געהאַט אַ מעלה: ער האָט געזונגען ליעדלעך,

און נאך וואסערע ליעדלעך! האט ער אבער צו דער מעלה געהאט א חסרון — א טבע פון איין אמת׳ען ארטיסט: ער האט פיינט געהאט זינגען גלאט אזוי אומזיסט. איהר ווילט הערען זינגען — באצאהלט, זייט מוחל! א גראשען א ליעדעל. און אז ס׳איז נישטא קיין געלט, איז איין עפעל אויך גוט. פאר נויט — א האלבער עפעל, א פאר פלאמען, א שטיקעל צוקערקע — קיין אומזיסט איז נישטא! דערפאר האט ער אבער געזונגען אזעלכע ליעדלעך, מיט אזא זיס קול און מיט אזא געפיהל, אז א כפרה, כלעבען, אלע היינטיגע סאבינאווס, קארוזאס, שאליאפינס, סיראטאס און די אלע איבעריגע מנגנים פון דער וועלט!

„געה איך ארוים אויף דער ווילנער גאס,
הער איך א קול מיט א גרוים געשריי:
אוי ־ וועה! —
מע וויינט אזוי...”

אלע יונגלעך הארכען, גאפען, געהען־אוים פון זיסקייט, און ער — גארנישט! יאסעלע סאלאוויי! היינט זיינע שטיקלעך פון דאווענען! אמאל, אז דער רבי, טאקי זיין פאטער, דער רב, רב חיים הייסט עס, האט זיך ארויסגעחאפט אויף א רגע׳לע אין דרויסען, האט זיך מאיר אוועקגעשטעלט מיט׳ן פנים צו דער וואנט, דעם טישטוך אנגעטהאן פאר א טלית, זיך גענומען ביי׳ם גארגעל מעשה חזן און ארויסגעלאזט א געשריי פון די סליחות: „אל מלך יושב” — גיך־גיך, און אויסגעלאזט אויף א קול: „ויקרא־א ב־ש־ם!” — קומט־אן דער רבי:

— וואס איז דאס? חזנ׳ישע שטיק וועסט דו פראווען? אנו, משומד, לעג דיך נאר אוועקעט אויפ׳ן בענקעלע אט אזוי...

און עס הויבט זיך אן איין עקזעקוציע.

נישט נאר אין נגינה אליין האט זיך אויסגעצייכענט מאיר׳על מעדוועדעווקער. ער האט געהאט נאך א חולאת: שפיעלען, פארשטעלען זיך, מאכען אנשטעלען: „מכירת־יוסף”, „יציאת־

מצרים״, „עשר מכּות״, „משה רבּינו מיט די לוחות״, און נאָך און נאָך אַזעלכע אָנשטעלען.

למשל, ער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ גזלן, מיט אַ גרויסען שטעקען אין האַנט און מיט דער רביצינ׳ס קאַלאָדאַטשמעסער, אַריינגעשטעקט אין דעם רבינ׳ס גאַרטעל, און דוקא באָרוויס, און מיט אונטערגעקאַטשעטע הויזען, און אויגען, רבונא דעלמא כּולא — טאַקי ווי בּיי אַ גזלן! שלום נחום וועוויק׳ס איז געווען דער איד, דער אביון. מיט אַ גראָבּען שטעקען אין האַנט, מיט אַ קישעלע פאַר אַ האָרבּ, איבּערגעקעהרט דאָס היטעל אויף דער לינקער זייט, געהט ער נעבּאַך בּעטען אַ נדבה. פאַרבּלאָנזעט אין וואַלד. דער וואַלד — דאָס זענען די יונגלעך. און שלום נחום וועוויק׳ס דער אביון געהט צווישען די בּוימער, אָנגעשפּאַרט אויף זיין גראָבּען שטעקען, זוכט אַ וועג און בּאַגעגענט זיך מיט — מאיר דעם גזלן! האַפּט־אַרויס דער גזלן דאָס מעסער פון גאַרטעל און זינגט צו איהם אַ ליעד, און דוקא אויף רוסיש, און לאָזט־אויס:

„דאַוואַי דיע־ע־ענגי,
דאַוואַי דיע־ע־נגי!״

בּעט זיך בּיי איהם נעבּאַך דער אָרעמאַן, שלום, מיט טרערען, ער זאָל זיך דערבּאַרעמען אויבּ ניט אויף איהם, איז אויף זיין ווייבּ און קינדער. זי וועט בּלייבּען אַיין אַלמנה, און די קינדער יתומים. חאַפּט איהם דער גזלן, מאיר, פאַר׳ן גאָרגעל און טהוט איהם אַ וואָרף אין דער ערד אַריין — קומט אָן דער רבּי, און עס הויבּט זיך אָן אַ חתונה:

— מילא דער (ער בּאַווייזט אויף זיין אייגענעם זוהן) איז אַ שייגעץ, אַ משומד, אַ מומר להכעיס. אָבּער דו, נחום וועוויק׳ס יונגעל, ווי קומסט דו זיך גלייכען צו איהם, צו אָט דעם משומד?

דער רבּי, רבּ חיים דער רב, איז, אַפּנים, געווען אַ שטיקעל נביא: אין אַ סך יאָהרען אַרום האָט זיין מאיר מעדוועדעווקער, וואָס איז געוואָרען נאָכדעם דער בּאַריהמטער אַרטיסט מעד־

ו ו ע ד י ע ו ו , געגומען און האָט טאַקי, ווי עס רעדט זיך, אויס־געביטען דאָס רענדעל... חאָטש דאָס מוז מען צוגעבען, אז די מצוה פון כּבוד־אָב האָט ער מקיים געווען, ווי דער בעסטער איד און אויפ׳ן שענסטען אַרט: ער האָט געקויפט פאַר זיין אַלטען, אָרעמען טאַטען איין אייגענע דירה אין ראַקיטנע, האָט איהם „אָפּגעשאָטען מיט גאָלד", געקומען צו איהם אַלע זומער צו־גאַסט, געבראַכט מתּנות פאַר דער גאַנצער משפּחה, און רב חיים דער רב, וואָס האָט נישט געוואוסט, וואָס פאַר אַ שפּיצעל זיין זוהן האָט איהם אָפּגעטהאָן, בכדי ער זאָל זיך קאָנען אָנרופען „אַרטיסט אימפּעראַטאָרסקיך טעאַטראָוו", האָט געהאַט אַ גליקליכע עלטער... נאָר מיר קעהרען זיך אום צוריק צו זיין קינדהייט, בעת מאיר׳על מעדוועדעווקער האָט גאָר ניט געוואוסט, און אפילו ניט גע׳חלומ׳ט, אז ער וועט אַמאָל הייסען מיכאַאיל יעפימאָוויטש מ ע ד ו ו ע ד י ע ו ו און וועט מרעיש עולם זיין און איבערקעהרען וועלטען.

9

# פאַרלוירען נאָך אַ חבר

**מע טרייסעלט באַרלעך און מע האַפט שמיץ. — מע לערענט זיך גנב'ענען. — תשעה־באָב ביי'ם גלח אין גאָרטען. — די עקזעקוציע.**

עס איז קיין חידוש ניט, וואָס די צוויי חברה־לייט, מאיר מעדוועדעווקער און שלום נחום וועוויק'ס, האָבען זיך צוגעבונדען איינס צום אַנדערען און געוואָרען נפש אחת. עפּיס האָט זיך געפונען אַ מחותנ'עשאַפט צווישען זייערע נשמות און אַ מין פאַר־געפיהל, אַז עפּיס וועט פון זיי אַמאָל אויסוואַכסען. און זייער פאָרגעפיהל האָט זיי ניט אינגאַנצען אָפּגענאַרט: אין אַ יאָהר צוואַנציג אַרום, אַז די צוויי האָבען זיך באַגעגענט (דאָס איז געווען אין ביעלאַצערקאָוו, קיעווער גובערניע, ווי מיר וועלען דאָס ווייטער זעהען), איז איינער געווען שוין אַ באַריהמטער אַרטיסט מעדוועדיעוו, און דער אַנדערער האָט שוין געשריבען פעליעטאָנען אינ'ם „אידישען פאָלקסבלאַט" אונטער'ן נאָמען שלום־עליכם.

נאָר מיר קעהרען זיך אום ווידער אַ מאָל צו זייער קינדהייט, ווען איינער האָט נאָך געהייסען מאיר'על מעדוועדעווקער, און דער אַנדערער — שלום נחום וועוויק'ס, און זיי האָבען נאָך שפּאַציערט איבער וואָראָנקאָווער גאַסען באָרוויס גלייך מיט אַלע בעלי־בתי'שע יונגלעך. און מע מוז זאָגען דעם ריינעם אמת, אַזביידע חברים האָבען נישט אַזוי שטאַרק חשק געהאַט צו דער תורה, וואָס דער

רב רבּ חיים מעדוועדעווקער וועט אין זיי אריינזעצען, און צו זיין יראת־שמים, וואָס ער וועט אין זיי איינפלאַנצען. זיי האָבען בעסער חשק געהאַט צו אַנדערע זאַכען. למשל, גרינע אַגרעסען רייסען פון אַ בוים, אָדער טרייסלען באַרלעך אָדער פלאָמען, עס מעג זיך זיין אפילו פון איין איינענעם גאָרטען, איז אַ סך מעהר פאַרגעניגען, ווי שמאַכטען איבער דער גמרא, אָדער דאַוונען מיט כּוונה, ווי דער רב רבּ חיים האָט געפאָדערט פון זיינע תּלמידים, אָדער זאָגען אַ קאַפּיטעל תּהלים.

— די גמרא איז ניט קיין ציעג, זי וועט ניט אַנטלויפען, דאַוונען וועט גאָט מוחל זיין, און תּהלים לאָזען זאָגען אַלטע אידען!...

אַזוי האָט איינגע׳טענה׳ט מאיר מעדוועדעווקער מיט זיין חבר שלום נחום וועוויק׳ס און האָט איהם בעסער געלעהרענט, ווי אַזוי מע קלעטערט אַרויף אין איין שמע־ישראל אויפ׳ן העכסטען בוים, אָדער ווי אַזוי מע שפּרינגט־אונטער און מע פאַרטשעפּעט אַ צווייג פון אַ קאַרשען־בוים, קריכען די קאַרשען דעמאָלט אַליין אין מויל אַריין. אי, עס ווערען נאָכדעם שוואַרץ די ליפּען, און נאָך די שפּיץ פינגער דערקענט מען, אַז מע האָט געריסען קאַרשען? וואָס קאָן דאָ זיין? „וועט מען אָפּשמייסען — אַ טייערע מעצאָציע!״...

דאָס שמייסען אין חדר איז געווען אַזאַ געוויינליכע זאַך, אַז די חדר־יונגלעך האָבען נישט געפיהלט קיין שום בזיון — פון קיין וועהטיג רעדט מען ניט! „וואָס איז דען אַזעלכס, אַז מע באַקומט פונם רבּין עטליכע לאָקשען? ביז דער חתונה וועט זיך עס פאַרהיילען״... אַ בזיון איז געווען נאָר פאַר יענעם, וואָס איז שוין געווען אַ חתן. אי דאָס, האָט ער נאָר מורא געהאַט פאַר איין זאַך: טאָמער ווערט געוואוירע די כּלה, און ניט אַזוי די כּלה, ווי דער כּלה׳ס חבר׳טאָרינס, — וועלען זיי איהר אויסוואַרפען: „דער חתן מיט׳ן געשמיסענעם דאָס״...

מאיר איז נאָך ניט געווען קיין חתן און האָט דערפֿאַר קיין מורא ניט געהאַט, האָט ער דעריבער געפֿיהרט זיין חבר שלום אויפֿ'ן „דרך־הישר", געלעהרענט איהם פּאַרקנייטשען דאָס דאַוונען, טראָגען פֿון קלייט אונטער דער מאַמע'ס נאָז באָקסערען, מיט קאָנפֿעקטען, מיט גויישע לעקאַכלעך, מיט נאָך גוטע זאַכען — דאָס הייסט ניט חלילה גע'גנב'עט, נאָר „גע'לקח'ענט", און דערפֿאַר שטראָפֿט מען ניט אויף יענער וועלט...

דאָס אַלסדינג וואָלט אפשר אָפּגעלאָפֿען גלאַט, ווען עס זאָל זיך ניט געווען טרעפֿען מיט מאיר'ען איין אומגליק: ער איז נעבאַך אַריבער איבער אַ פּלויט, אַריין צום גלח אין גאָרטען און אָנגעריסען אַ פֿולען בוזעם מיט באַרלעך. האָט דעם גלח'ס טאָכטער דערזעהען דורכ'ן פֿענסטער. איז דער גלח אַרויסגעלאָפֿען מיט אַ הונט און האָט איהם געחאַפּט. האָט איהם דער הונט צעריסען, איך בעט איבעך אייער כבוד, די הויזען, און דער גלח האָט אַראָפּ־געריסען ביי איהם דאָס היטעל און געלאָזט איהם געהן, וואו די אויגען טראָגען.

וואָלט דאָס אפשר אויך נאָך נישט געווען אַזאַ־נ־אומגליק, ווען דאָס זאָל ניט געווען זיין תשעה־באָב! סטייטש, אַלע אידען געהען־אַרום אין די זאָקען, קלאָגען און וויינען אויף חורבן בית־המקדש, און ער, רב חיים דעם רב'ס זוהנדעל, שפּאַציערט־אַרום אָהן אַ היטעל און מיט צעריסענע הויזען!

די עקזעקוציע, וואָס דער יונג איז נעבאַך אויסגעשטאַנען, לאָזט זיך ניט באַשרייבען ביי היינטיגע צייטען פֿון ריינעם פּראָגרעס. און נישט דאָס איז דער עיקר. דער עיקר איז, וואָס מע האָט שלום נחום וועוויק'ס געמוזט אָפּנעמען פֿון חדר, און קוקענדיג אויף נחום וועוויק'ס, האָבען אַנדערע טאַטעס אויך אָפּגענומען זייערע קינדער. איז נעבאַך רב חיים דער רב געבליבען אָהן אַ קנעלונג. האָט איהם דאָס רבנות מיט'ן חזנות געגעבען ווינציג פּרנסה. האָט ער זיך געמוזט אַריבערפּעקלען, מחילה, צוריק קיין ראַקיטנע. איז דאָס שטעדטעל געבליבען ווידער אָהן אַ רב.

נאָר שרעקט זיך ניט — דאָס איז געווען ניט אויף לאַנג. נחום וועוויק׳ס האָט אַראָפּגעבראַכט אַ נייעם רב, פון באַרישפּאָלי, מיט׳ן נאָמען שמואל־אלי, אַ יונגערמאַן, וואָס קאָן אויך אי גוט לערנען, אי שען זינגען, און דערצו שפּיעלט ער אין שאָך, וואָס ס׳איז גאָר אַ חריפות! איין חסרון נאָר האָט אָט דער שמואל־אלי: ער איז אַ ביסעל אַ אינטריגאַנט און אַ חנופה׳ניק און האָט ליעב רעדען מיט יונגע ווייבלעך, אַז קיינער זעהט ניט...

און אָט אַזוי איז פאַרלוירען געגאַנגען דער צווייטער חבר פון אונזער העלד.

10

# חבר „סירקאָ"

א הונט א חכם און א בעל דרך־ארץ. — צער בעלי־חיים. — א גלגול פון א מענטשן. — א געטרייער חבר.

איך מיין, אז נאָכ'ן נאָמען אליין איז ניט שווער צו שטויסען זיך, אז סירקאָ איז געווען נישט קיין מענטש, נאָר א הונט, א געוויינליכער הונט מיט א גרויער פעל, וואָס דריבער האָט ער געהייסען „סירקאָ".

איך זאָג: א הונט א געוויינליכער — איך מוז מיך אָבער באלד פארענטפערען, אז ניין, ניט קיין געוויינליכער, ווי מיר וועלען עס באלד געוואוירע ווערען. פריהער אָבער מוז מען זאָגען א פּאָר ווערטער וועגען דעם הונט'ס ביאָגראפיע — פון וואנען קומט צו א אידען א הונט? איז אזא מעשה:

אז נחום וועוויק'ס איז אראָפּגעקומען פון שטאָדט אין שטעדטעל אריין און איבערגענומען די „פּאָטשט" מיט'ן הויף, מיט'ן גאנצען אינוועטאר, האָט זיך אין הויף געפונען דער הונט סירקאָ, נאָך גאָר א יונגער, נאָר שוין א פארשטאנדיגער, איין אמת'ער „בר־דעת", אויף אזוי ווייט, אז ער האָט געקענט די נייע בעלי־בתים — איז איינס; און דאָס צווייטע: פאר א אידען האָט ער געהאט דרך־ארץ, נישט זאטשעפּעט, חלילה, ווי אנדערע הינט, וואָס האָבען א טבע — וויבאלד זיי דערזעהען פאר זיך א לאנגע קאפּאָטע, אהא, אזוי ווערען זיי מלא רציחה...

פארשטעהט זיך, אז מיט די נייע בעלי־בתים האט סירקא ניט געהאט קיין שום מגע־ומשא, אין שטוב ניט אריינגעשמעקט אפילו. מסתמא האט מען איהם לכתחילה געגעבען אנצוהערעניש מיט א שייט־האלץ איבער׳ן קאפ, אז אין א אידישער שטוב זאל א הונט ניט קריכען...

אין קיך אריין האט ער אויך ניט געהאט קיין דריסת־הרגל. „פרומע די מויד" מיט׳ן בלינדען אויגעל האט איהם „אפגעלאנ־טשעט" דערפון סך־הכל מיט איין אקרעפ זודיג וואסער, וואס זי האט איינמאל אין א ערב־שבת אויסגעגאסען אויף איהם מיט א כיון און אפגעקאכט איהם א שטיק פעל, און דוקא גאר אין גוטען מוט, און נאך געלאכט אויך.

אך, אט די פרומע! א טאטערש הארץ האט געהאט אט די מויד! ניט קיין הונט, ניט קיין קאץ האט זי נישט געקאנט פאר־טראגען. מיט טרערען אויף די אויגען האט שלום נחום וועוויק׳ס איינמאל קוים ארויסגעראטעוועט פון איהרע הענט די קאץ, וואס זי האט צוגעבונדען צום פיסעל פון טיש און מיט׳ן שטעקען פונ׳ם בעזעם אזוי אומ׳ברחמנות׳דיג געשלאגען, אז די קולות פון דעם אומגליקליכען באשעפעניש זענען געגאנגען אין הימעל אריין!

— פרומעניו, הארצעניו, ליובעניו, וואס טהוסט דו? א צער בעלי־חיים! גאט וועט שטראפען! שלאג מיך בעסער, שלאג מ י ך, אבי ניט די קאץ! — האט זיך שלום געבעטען און אונטער־געשטעלט דעם רוקען אט דער דעספאטישער מויד, וואס האט זיך אליין ארומגעקוקט, אז שוין צו אכזריות׳דיג האט זי זיך באגאנגען מיט דער קאץ, און האט זי אפגעגאסען מיט א קווארט קאלט וואסער — קוים „אטחאיוטשעט" דאס האלב־טוידטע באשעפעניש.

און דאס אלסדינג איז געווען, מיינט איהר, איבער וואס? איבער א נארישקייט: פרומען האט זיך אויסגעדאכט, אז די „נאשערין" (קיין אנדער נאמען האט זי ביי איהר ניט געהאט!) האט שוין עפים געחאפט, ווארום זי האט זי געטראפען באלעקען

זיך. „וואָס באַלעקט זיך פּלוצים, אין מיטען דערינגען, אַ קאַץ?"... אַלעמען און יעדען איינציגען האָט פרומע חושד געווען: וויבאַלד אַ קאַץ — איז זי מסתמא אַ נאַשערין, אַ הונט — אַ מזיק, אַ גוי — אַ גנב, אַ קינד — אַ חזיר... און אַזוי אַלע, די גאַנצע וועלט! נאָר מיר קעהרען זיך אום צוריק צום הונט סירקאָ.

ארויסגעטריבען געוואָרען אַזוי מיאוס סאַי פון שטוב, סאַי פון קיך, וואָלט איין אַנדער הונט אויף זיין אָרט געוויס אָפּגעטראָטען פון'ם דאָזיגען הויף: „לעבט אייך הונדערט און צוואַנציג יאָהר!" ניין, סירקאָ איז געווען ניט אַזאַ מין. ער זאָל וויסען — דער טוידט זאָל זיין, וועט ער פון הויף ניט אוועק! דאָ איז ער געבוירען געוואָרען, דאָ וועט ער פּגר'ען... ובפרט, ער האָט געהאַט גוטע מליצים פאַר זיך: די קינדער פון דעם בעל-הבית. ער האָט נושא-חן געווען אין זייערע אויגען, חאָטש פרומע האָט זיך געפלייסט איהם צו פאַר'מיאוס'ען. אַ סך, אַ סך הינט וואָלטען זיך ווינטשען האָבען אַזאַ אויסקומעניש מיט אַזעלכע קעסט, ווי סירקאָ האָט געהאַט. פון'ם שענסטען און פון'ם בעסטען האָבען איהם חברה ארויסגעטראָגען אין די קעשענעס, פאַרשטעהט זיך, בסוד-סודות, אַז קיינער זאָל ניט זעהען און אפילו ניט אָנשטויסען זיך, וואָרום ס'וואָלט געקאָנט זיין זעהר מיאוס פאַר ביידע צדדים. סירקאָ האָט שוין געוואוסט די צייט פון אָנבייסען, פון וואַרעמעס און פון וועטשערע, און האָט שוין ארויסגעקוקט מיט אַלע אויגען, ווען וועט מען איהם שוין ארויסטראָגען פון אַלע גוטע זאַכען. ער האָט שוין געוואוסט אפילו, ביי ווענען אין וואָסער אַ קעשענע אָנצושמעקען און האָט שוין אַליין געשטופּט די מאָרדע אהין — אַ הונט אַ חכם!

היינט די קונצען, וואָס חברה האָבען איהם אויסגעלעהרענט! אַנידערלעגען איהם, למשל, אויפ'ן שפּיץ נאָז איין אָפּגעלעקט ביינדעל, אָדער אַ שטיקעל ברויט, און זאָגען איהם: „ניע ראוש!" (געוויינטליך, רעדט מען מיט אַ הונט אויף גוייש) — וועט ער אייך וואַרטען מיט דרך-ארץ וויפיעל איהר ווילט, ביז ער וועט

דערהערען דאָס גוטע וואָרט: „האָם!" דערמאָלט טהוט ער אַ שפּרונג־אונטער — און פאַרטיג.

ווינטער בּיינאַכט, ווען די קינדער געהען אין חדר אַריין, האָט זיך סירקאָ נישט געקאָנט דערוואַרטען אויף זיינע חברים, און אַלע מאָל, אַרום זייגער נייען, איז ער אויסגעוואַקסען אונטער'ן פענסטער, געשאַרט מיט די לאַפּעס איבּער די געפרוירענע טאַפלים — אַ סימן, אַז ס'איז שוין צייט צו פאַרמאַכען די ספרים און געהן אַהיים עסען וועטשערע. בּיי'ם רבּין איז סירקאָ געווען, להבדיל, אַ זייגער. „נישט אַנדערש — האָט ער געזאָגט — אַז אייער הונט איז אַ גלגול!" — און געלאָזט די קינדער פריי, געמען די פאַפּיערענע, מיט שמאַלץ בּאַשמירטע לאַמטערנעס און געהן אַהיים האָפּערדיג, מיט די פריילינבע יונ'ישע ליעדער, סאָלדאַטסקי ניגונים:

ראַז, דוואַ, טרי, טשעטירע,
פאָידיעם, פאָידיעם נאַ קוואַרטירע,
אַכטער־בּאַכטער קאָלאָשקאַ,
וואָסים דיעגגי ראַבּאָשקאַ...

אָדער:

פאָרא, פאָרא!
פאָרא וויבּיראַטסאַ!
אי סאָ וסיעמי גאָספּאָדאַמי
ראַספּראָשטשאַטסאַ — פאָרא!...

סירקאָ איז געלאָפען אויף צו־פריהער און פאַר גרויס פרייד און התפּעלות געשפּרונגען און געקאַטשעט זיך אין שניי — און אַלץ צוליעב די שטיקלעך בּרויט מיט די אָפּגעלעקטע בּיינדלעך פון דער וועטשערע. אַ הונט אַ חרוץ!

וויפיעל מאָל האָט זיך געמאַכט, אַז אויפ'ן האַרצען איז וויסט, אויף דער נשמה סומנע, אין דער היים געהאַפּט אַ פּסק, אין חדר פאַרבּעסערט, — דערמאָלט פאַרקלויבּט זיך שלום נחום וועוויק'ס ווייט אין גאָרטען, אויף יענער זייט בּוימער, און סירקאָ מיט איהם.

דאָרט, הינטער'ן פּלויט, אויף אַ בערגעל מיסט, זעצט ער זיך אַוועק מיט זיין געטרייען סירקאָ, וואָס ציהט־אויס די מאָרדע, קוקט גלייך אין די אויגען אריין, ווי אַ זינדיגער מענטש. „וואָס קוקט ער? וואָס טראַכט ער בעת מעשה? פאַרשטעהט ער טאַקי יעדע זאַך, ווי אַ מענטש? האָט ער אויך אַ נשמה, ווי, להבדיל, אַ מענטש?"... און עס קומט איהם אויפ'ן זינען דעם רבּינ'ס ווערטער: „דער הונט איז אַ גלגול פון אַ מענטשען"... און ער דערמאַנט זיך, וואָס שלמה המלך זאָגט אין קהלת: ומותר האָדם מן הבהמה אָין — קיין חילוק ניט פאַרהאַן צווישען אַ מענטשען און אַ בהמה... „אויב ס'איז קיין חילוק ניט פאַרהאַן, פאַר וואָס זשע איז ער אַ הונט און איך אַ מענטש?"... — אַזוי טראַכט ער זיך און ער קוקט מיט רחמנות און, צו גלייכער צייט, מיט דרך־ארץ אויפ'ן הונט, און דער הונט — אויף איהם, ווי זיינער אַ גלייכען. אַ הונט אַ חבר! אַ טייערער, אַ געטרייער חבר — סירקאָ!...

## 11

# סירקאָ'ס טראַגעדיע

א מיאוס'ער בלבול. — דאָס אומקומעניש פון איין אומשולדיגען הונט. — הייסע טרערען.

עס וועט ניט זיין קיין גוזמא, ווען איך וועל זאָגען, אַז סירקאָ איז געווען אַ הונט אַ חכם, וואָס האָט פאַרשטאַנען, ווער עס האָט איהם מעהר ליעב פון אַלעמען, און דעריבער איז קיין חידוש ניט, וואָס מעהר ווי צו אַלע קינדער האָט זיך סירקאָ דער הונט צוגעבונדען צום פּראָפעסער פון די דאָזיגע כּתבים, געשלאָסען מיט איהם חבר'שאַפט אָהן ווערטער און ליעב געהאַט, געווען נאָך איהם טאַקע באמת די כּפּרה, און טאַקע באמת גרייט געווען זיך מפקיר זיין פאַר זיין חבר און פאַר זיין האַר. אַ שטומע צונג — נישט געווען בכּח דאָס אַרויסצובאַווייזען, איבערגעבען מיט ווערטער, האָט ער עס אַרויסבאַוויזען, ווי אַ הונט, מיט זיין שפּרינגען און מיט זיין קוויטשען און מיט זיין וואַרפען זיך פאַר איהם אין דער ערד אַריין אויף זיין הינטישען שטייגער. ס'איז געווען געווען איין וואָרט, אַז זיין חבר און זיין האַר זאָל איהם אַ זאָג טהון: „נאַ מיעסטאָ!“ — זאָל סירקאָ אַוועק, ווי אַ סטאַטיק, און ליגען, ווי אַ קעצעלע, שטיל, און נאָר מיט איין אויגעל לאָקערען, אַכטונג געבען וואָס זיין האַר טהוט.

צווישען דעם „האַר“ און זיין „קנעכט“ סירקאָ איז געווען אַ שטילע ליעבע, און דער האַר האָט בשום אופן ניט געקאָנט פאַר־

שטעלען זיך, וואָס וועט זיין, אַז סירקאָ וועט ניט זיין. וואָס הייסט, ער וועט ניט זיין? ווי איז דאָס מעגליך? סירקאָ איז דען אַ מענטש, וואָס זאָל אָוועקפאָהרען און פאַרגעסען דעם זיי־געזונט?... וויפיעל מאָל האָבען גוים געפרובט פאַרנארען סירקאָן צו זיך אין דאָרף אריין, — איז ער דען נישט געקומען צו לויפען אויף מאָרגען אַ פארסאַפּעטער מיט אַיין אַרויסגעשטעלטער צונג און געוואָרפען זיך און געקאַטשעט זיך און געשפּרונגען צו זיין האר אויף'ן האַלז און געקוויטשעט און געלעקט איהם דעם קאָלנער, און מע וואָלט געמעגט שווערען, אַז טרערען זענען איהם געשטאַנען אין די אויגען!

און דאָך... און דאָך איז געקומען דער טאָג, יענער פינסטערער וויסטער טאָג, וואָס דער גוטער געטרייער סירקאָ איז אַוועק, אַוועק אויף תמיד, אויף אייביג, און אַזוי אומגערעכט אַוועק, אַזוי מיאוס־פּאַרדראָסיג, אַזוי מורא'דיג־טראַגיש!

זומער האָט זיך געטראָפען די דאָזיגע טרויעריגע געשיכטע, אים סאַמע תמוז. דאָס איז געווען אַ זומער פון שרעקליכע היצען, אָהן אַ טראָפּען רעגען — מענטשען זענען ממש אויסגעגאַנגען פון היץ. און דאָס ווייסט איהר דאָך, אַז אין די גרויסע היצען זענען די הינט מסוכן — זיי ווערען משוגע.

איז ארויס אַ קלאַנג אין שטעדטעל, אַז אַ הונט איז משוגע געוואָרען און האָט צעביסען נאָך עטליכע הינט, מע ווייסט ניט וועלכע. איז געפאַלען אַ פּחד אויף די שטאָדט־לייט, און מע האָט זיך גענומען קודם צום פאַרזיכערונגס־מיטעל אויף צו פאַרהיטען קליינע קינדער, טאָמער איז עמיצער חלילה צעביסען געוואָרען פון אַ משוגע'נעם הונט.

דאָס דאָזיגע מיטעל איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מע האָט אַלע קינדער אָפּגעשיקט צום אַלטען טראָפים, אַ גוי אַ זנאַכאַר, וואָס האָט שאַרפע נעגעל און מיט זיינע שאַרפע נעגעל קאָן ער „אַראָפּנעמען בלויע הינטעלעך" פון אונטער דער צונג, און אַזוי

קונציג, אַז מע זאָל גאָרניט פיהלען. די אָפּעראַציע איז ניט אַזאַ מסוכּנ'ע, נאָר שטאַרק אָנגענעם איז דאָס אויך ניט, אַז אַ גוי קריכט צו אייך מיט די נעגעל אין מויל אַריין און זוכט ביי אייך „בלויע הינטעלעך" אונטער דער צונג...

דערנאָך האָט מען זיך אַ נעם געגעבען צו די הינט פון שטאָדט. מע האָט אַראָפּגעבראַכט, גאָט ווייסט פון וואַנען, צוויי קאַצאַפּעס, הינטשלעגערס, אָנגעוואָפּענט מיט גראָבע שטריק און מיט אייזערנע קרוקעס, און די קאַצאַפּעס האָבען זיך אַ נעם געגעבען צו דער אַרבייט. אין איין טאָג האָבען די דאָזיגע תּלינים אַוועקגעלעגט אַ פּאָר צעהנדליג הינט. אויפ'ן קוק האָבען זיי אייך געקאָנט אָפּ־שאַצען, וועלכער הונט ס'איז משוגע און וועלכער ניט. ווער האָט זיך געקאָנט ריכטען, אַשטייגער, אַז דער גורל וועט פאַלען אויך אויף דעם גוטען, קלוגען, סטאַטעטשנעם סירקאָ?

אַ סברה, אַז די קאַצאַפּעס האָבען באַקומען פון דער שטאָדט זייער לוין נאָכ'ן צאָהל פון די אויסגע'הרג'עטע הינט, און וויבאַלד אַזוי, איז גאַנץ מעגליך, אַז ס'זענען געווען נעבאַך אַ סך אומ־שולדיגע קרבּנות — און סירקאָ איינער פון די ערשטע.

פון דעם אומגליק זענען די קינדער געוואוירע געוואָרען שוין לאחר המעשה, קומענדיג פון חדר אהיים — און זיי האָבען אויפ־געהויבען אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין שטוב: „סטייטש, סירקאָ!... סטייטש, ווי האָט מען עס דערלאָזט אַזאַ מעשה!"...

פאַרשטעהט זיך, אַז די רעוואָלוציע האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַ קאָנטער־רעוואָלוציע: „חדר־יונגלעך זאָלען האָבען אַ השגה אין זינען האָבען הינט!"... און מע האָט זיי מכבד געווען מיט רעכטע פּעטש, און אויף צו פאַרבייסען האָט מען זיי צוגעשטעלט אַ בענ־קעלע פאַר'ן רבּין, געבעטען, ער זאָל ניט זשאַלעווען קיין שמיץ. און דער רבּי האָט צוליעב געטהאָן — ניט געזשאַלעוועט קיין שמיץ... אוי, שמיץ!...

נאָר דאָס אַלסדינג איז געווען גאָרנישט אַקעגן דעם, וואָס סירקאָ איז נעבעך אומגעקומען אומזיסט־אומנישט!

מעהר פון אַלע איז געווען דערשלאָגען סירקאָ'ס ליעבלינג — דער מחבר פון די דאָזיגע מעמוארען. דער האָט עטליכע טעג דורכאַנאַנד ניט געגעסען, עטליכע נעכט ניט געשלאָפען, געקאַטשעט זיך אויף אַלע זייטען, געזיפצט און געקרעכצט שטילערהייט, נישט געקאָנט מוחל זיין די שלעכטע בייזע מענטשען, וואָס האָבען ניט אין זיך קיין קאַפּ רחמנות, קיין צער בעלי־חיים, קיין טראָפּען יושר — און ער האָט שטאַרק־שטאַרק נאָכגעדענקט נאָך דעם, וואָס איז אַ הונט און וואָס איז אַ מענטש, להבדיל?... פאַר וואָס איז אַ הונט אַזוי געטריי צו אַ מענטשען, און פאַר וואָס איז אַ מענטש אַ תלין?... און עס קומט איהם אויפ'ן זינען סירקאָ מיט די קלוגע גוטע אויגען, און ער פאַלט־צו מיט'ן פּנים צו דער קישען און באַנעצט זי מיט ביטערע, ביטערע טרערען.

## 12

# דער יצר־טוב מיט'ן יצר־הרע

עוזר דער קארנאסער — א מסור. — א סך אפיטרופסים. — די באבע מינדי'ס שבת־אויבסט. — מוסר־זאגער און מאראל־פרעדיגער.

טאמער וואלט א יונגעל פארגעסען, אז ער האט געהאט א הונט פאר א חבר, האט מען איהם דערמאנט אויף יעדען טריט און שריט: „סירקא האט דיר געלאזט גריסען"... און ביי אזא געלעגענהייט האט מען איהם שוין דערווייל אריינגעזאגט א ביסעל מוסר — ער זאל האבען צו געדענקען אויף ווייטער. דאס מוסר־זאגען איז פאר איהם געווען א סך ערגער פון פעטש. ניט אומזיסט זאגט מען ביי אונז א שפריכווארט: „א פאטש פאר־געהט, א ווארט באשטעהט". ובפרט, אז דא איז געווען ביידע זאכען: אי פעטש, אי ווערטער. און ווערטער זענען געגאנגען פון אלע זייטען. ווער ס'האט געהאט גאט אין הארצען, דער האט געשטראפט, און דוקא מיט גוטע רעד. דאכט זיך, וואס געהער זיך אן א איד א שמש צו א נגיד'ס א יונגעל, בעת ער דאוועט? און וואס איז זיין עסק, אשטייגער, וואס א נגיד'ס א יונגעל קוקט דורכ'ן פענסטער ארויס אקוראט בעת שמונה־עשרה? און א נגיד'ס א יונגעל, מיינט איהר, קוקט אומזיסט דורכ'ן פענסטער? ס'מעג זיך טאקי זיין שמונה־עשרה, ס'איז אבער פארט העכסט־אינטערעסאנט צו זעהען א זעלטענע סצענע, וואס ס'איז כדאי אנצוקוקען און זיך א מוסר אראפנעמען, ווי אזוי א הונט יאגט

זיך נאָך אַ קאַץ. די קאַץ האָט זיך אָנגעבלאָזען און לויפט פייל אויס'ן בויגען — דער הונט נאָך איהר. די קאַץ אויפ'ן פּאַרקאַן — דער הונט נאָך איהר. די קאַץ אַראָפּ פון'ם פּאַרקאַן — דער הונט נאָך איהר. די קאַץ צום רינשטאָק — דער הונט נאָך איהר. די קאַץ דורכ'ן רינשטאָק אויפ'ן דאַך — דער הונט אַ מכּה! בלייבט ער שטעהן, דער כּלב שבכּלבים, ווי אַ נאַר, און באַלעקט זיך און טראַכט זיך, אפּנים: „וואָס האָב איך, הונט, נאָכצולויפען נאָך אַ קאַץ, וועלכע איז גאָרנישט מיין שטאַט, און וואָס האָב איך צו טהון אויפ'ן דאַך?"...

— אָט אַזוי שטעהט אַ יונגעלע שמונה-עשרה? — זאָגט מלך דער שמש און דערלאַנגט איבער'ן האַלז-און-נאַקען. — וואַרט, שייגעץ, איך וועל שוין דערצעהלען דיין טאַטען!...

אָדער, אַשטייגער, וואָס געהט עס אָן עוזר דעם קאַרנאָסען בעדער (אַמאָל איז עוזר געווען אַ שוסטער, אויף דער עלטער איז ער געוואָרען אויסגעמאַטערט און האָט זיך באַשטעלט פאַר אַ בעדער), וואָס נחום וועוויק'ס יונגלעך גליטשען זיך באַרג-אַראָפּ אויפ'ן געזעס און רייבען-אויס די הויזען? האָט דאָס עוזר דער קאַרנאָסער בעדער באַדאַרפט דערזעהען פון באָד אַרויס און האָט זיך עס אַ ביסעל צעלאָזט אויף זיין פאָנפעוואַטע כּלי:

— ממזרים! הולפייעס! אַ רוח אין אייער פאָפּער און מופער אַריין! איהר נעמט נייע הויזען און מאַכט אַ פעל, עובר אויף בּל פשחית! אָט לויף איך אַוועק צו אייך אין חפר אַריין און שפעל אייך צו אַ פענקעלע!"

פאַר די, וואָס פאַרשטעהען ניט פאָנפאַטש-לשון, מוז מען דאָס איבערזעצען: „ממזרים, הולטייעס, אַ רוח אין אייער פאָטער און מוטער אַריין! איהר נעמט נייע הויזען און מאַכט אַ תּל, עובר אויף בּל תּשחית! אָט לויף איך אַוועק צו אייך אין חדר אַריין און שטעל אייך צו אַ בענקעלע!"...

צושטעלען אַ בענקעלע — דאָס איז ניט נאָר אַ מצוה, דאָס איז אַ חוב, וואָס יעדער איד איז מחויב צו טהון, וואָרום יעדער איד האָט קינדער און קיינער קאָן נישט ערב זיין, וואָס פון זיינע קינדער קאָן אַמאָל אויסוואַכסען. באַדאַרף מען זיי גוט נאָכקוקען און העלפען חאָטש מיט'ן מויל, אויב מע קאָן נישט מיט די הענט. דעריבער האָבען די קינדער געהאַט אַ סך מדריכים און אַפּיטרופּסים און אָנגעהערט זיך אַזוי פיעל מוסר, שטראָף־רעד און מאָראַל, אַז ס'האָט שטענדיג געזשומעט אין די אויהערען: „זשו־זשו־זשו — דאָס זאָלסט דו נישט טהון!" „זשו־זשו־זשו — דאָ זאָלסט דו נישט שטעהן!" „זשו־זשו־זשו — אַהין זאָלסט דו נישט געהן!" אַלע האָבען געזשוזשוקעט: טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, דער רבּי, די דיענסטמויד, די פעטערס, די מוהמעס, די באַבע, און איבערהויפּט די באַבע מינדי, וואָס פאַרדיענט דערמאַנט צו ווערען מיט אַ פּאָר ווערטער.

די באַבע מינדי — דאָס איז געווען אַ אידינע אַ הויכע און אַ טשעפּקע, איין אָפּגעפּוצטע און אַ פרומע מיט סכנת־נפשות! איהר עובדה איז געווען — אַכטונג צו געבען אויף די קינדער און אויף זייער אידישקייט: אויסגלעטען די אייניקלעך די פּאות מיט באַשפּייטע פינגער, אָפּרייניגען און אויסגלייכען די מלבושים'־לעך, זיך צוהערען ווי זיי דאַוונען, בענטשען און לייענען קריאת־שמע פאַר'ן שלאָפען געהן. דערפאַר האָבען אַלע אייניקלעך געמוזט קומען צו איהר שבת בייטאָג זאָגען דער באַבען אַ גוט־שבת, זיך אויסזעצען, ווי די סטאַטקעס, ביי דער וואַנט און זיצען און וואַרטען, ביז זי וועט געבען „שבת־אויבסט". געגעבען האָט זי דעם „שבת־אויבסט" עפּיס ניט אַזוי ביד רחבה, נאָר דערפאַר אויף ריינע גלאַנצענדיגע שעלעכלעך: איין עפּעלע, אַ פערשקע, אַ באָקסער, אַ פייג, אָדער דריי־פיער איינגעדאַרטע ראָזינקעס, און מוסר האָט זי דערביי געזאָגט אָהן אַ שיעור! דער מוסר איז באַשטאַנען אין דעם, אַז מע באַדאַרף פאָלגען טאַטע־מאַמע און

גוטע־פרומע לייט, און אז מע באדארף זיין אידען, און אז גאָט וועט שטראָפען פאר איטליכס ברעקעלע — פאר ניט דאַווענען, פאר ניט פאָלגען, פאר ניט לערנען, פאר שטיפען, און אפילו פאר א שלעכטע מחשבה, און אפילו פאר א פלעק אויף דער קאפאָטע, — אזוי, אז ס׳איז כמעט נישט איינגעגאנגען דאָס עפּעלע, די פערשקע, דער באָקסער, די פייג, אָדער די דריי־פּיער איינגעדאַרטע ראָזינקעס.

נאָר וואָס פאר א ווערטה האָט געהאַט דער באַבע׳ס מוסר אקעגען יענעם קוואַל פון מוסר, וואָס דער רבי האָט נאָכדעם אויס־געגאָסען פאר זיינע תלמידים טאַקי דעם זעלבען שבת בייטאָג פאר מנחה דאַווענען? טייכען טרערען האָט ער ארויסגעצויגען פון אַלעמענ׳ס אויגען — אזוי שאַרף און בולט האָט ער אויסגעמאָהלט דעם יצר־טוב מיט׳ן יצר־הרע, דעם גן־עדן מיט׳ן גיהנום, מיט׳ן מלאך־הדומה, מיט׳ן ווארפען כף־הקלע פון איין עק וועלט ביז׳ן אנדערען! מילי־מיליאַסען שדים, רוחות און ניטגוטע האָט ער אויסגעשפרייט פאר די תלמידימ׳ס פּיס, געזעהען זיי ביי איטליכען אונטער די נעגעל, געווען זיכער, אז יעדער איינציגער איז א יורש־גיהנום, וואָרום טאָמער האָט זיך אפילו געפונען איינער אזעלכער, וואָס האָט ניט געזינדיגט, וואָס האָט געראווענט און געלערענט און געטהאָן אלסדינג, וואָס דער יצר־טוב הייסט צו טהון, האָט ער דאָך געפאָלגט דעם יצר־הרע און געזינדיגט **במחשבה**. און אויב ניט במחשבה, האָט ער אין שלאָף, אין חלום עפּיס מהרהר געווען וועגען א זאך, וואָס מע טאָר ניט...

הכלל, ס׳איז נישט געווען זיך אויסצובאהאַלטען פונ׳ם מזיק, פונ׳ם יצר־הרע, אין ערגיץ, סיידען לעג זיך אוועק און שטאַרב! און דאָ, אויף צו־להכעיס, ווילט זיך דוקא א לעב טהון, און דוקא א שטיף טהון, און דוקא לאַכען, און דוקא נאַשען, און דוקא אָפּ־חאַפּען דאָס דאַווענען, און דוקא טראַכטען פון דעם, וואָס מע טאָר ניט... דאָס איז שוין געווען דעם יצר־הרע׳ס ארבייט, וואָס האָט געהאַט גענוג שליחים אויף אריינצוחאַפּען דעם אומשולדיגען אין

נעץ אריין — און קוים האָט ער שוין אריינגעחאפּט, איז מען שוין במילא נאָכגעגאַנגען איהם, ווי אַ קעלבעל, און געטהאָן אַלסדינג, וואָס דער יצר־הרע האָט געהייסען טהון. און דער יצר־הרע האָט שוין אַזאַ גליק, אַז איהם פאָלגט מען אַסך מעהר, ווי דעם יצר־טוב. עס העלפט נישט קיין שום מוסר־זאָגען מיט קיין שום מאָראַל פּרעדיגען. אדרבה — וואָס מעהר דער יצר־טוב פּלייסט זיך, אַלץ שטאַרקער אַרבּייט דער יצר־הרע. איך האָב מורא ארויסצורעדען, נאָר מיר שיינט, אַז ס׳זאָל ניט זיין קיין יצר־טוב, וואָלט דער יצר־הרע נישט געהאַט וואָס צו טהון...

## 13

# גנבה, קאָרטענשפּיעל און אַנדערע עבירות

די קינדער העלפן דער מאַמע אויפ'ן יאַריד. — קאָרטען לכבוד חנוכה. — בערל דער אַלמנה'ס לעהרענט גנבה'נען. — אַ יונג אײַז אויסוואורף.

מיט נחום וועוויק'ס קינדער האָט זיך דער יצר־הרע באַגאַנגען, ווי אַ מערדער. לאַ די וואָס די קונדסים האָבען פאַרקנייטשט דאָס דאַוונען, העכער האַלב איבערגעהיפּערט און געזאָגט דער באַבען אַ גרויסען ליגען, אַז זיי האָבען אויסער'ן דאַוונען נאָך געזאָגט עטליכע קאַפּיטלעך תהלים, — האָבען זיי נאָך פּשוט אויסגעלערנט זיך גנב'ענען, נאַשען, קאָרטען־שפּיעלען און נאָך אַנדערע עבירות... פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס אַלסדינג איז געגאַנגען בהדרגה, איינס האָט מיטגעשלעפּט דאָס אַנדערע, ווי אין פּסוק שטעהט געשריבען: עבירה גוררת עבירה... און געגאַנגען איז דאָס אָט ווי אַזוי:

איך האָב אייך שוין, דאַכט זיך, געזאָגט אויבען, אַז די וואָראָנקאָווער אידען האָבען געלעבט פונ'ם גוי, און איבערהויפּט פון די גרויסע יאַרידים, וואָס האָבען געהייסען מיט'ן נאָמען „קראַסנע טאָרגעס". אויף די דאָזיגע יאַרידים האָבען אידען אַרויסגעקוקט, האָבען זיך געטומעלט, געמאַכט געשעפטען, געלייזט געלט, און גויים האָבען געטהאָן זייערס — זיי האָבען גע'גנב'עט, און איבערהויפּט די גויעס. ס'איז גאָר ניט געווען אויסצושטעהן

און אײַנצוהיטען זיך פון זײ !  אָט האָט איהר בײ אײנער אַרױס־געטרײסעלט פון אַרבעל אַ פּעטשײלע, אָדער אַ סטענגעלע, און אָט האָט שױן די אַנדערע גויע אַװעקגע'לקח'ענט אונטער דער נאָז אַ חלב'ען ליכטעל, אָדער אַ באָקסער. װאָס טהוט מען ? איז די מאַמע, חיה־אסתר נחום װעװיק'ס, געפאַלען אױף אײן עצה : אַװעקגעשטעלט איהרע יונגלעך אין קלײט, זײ זאָלען אַכטונג געבען, מע זאָל ניט גנב'ענען — און חברה האָבען איהר גוט און געטרײ אַכטונג געגעבען : אַ חוץ װאָס מע האָט אָנגעשטופּט פולע קעשענעס מיט באָקסערען, מיט טיטון, מיט ניסלעך און מיט טרוקענע פלאָמען, האָט מען זיך נאָך צוגעחאַפּט צום גרינעם קעסטעלע, װאו דער „פּדיון" איז געלעגען, און אַקוראַט בעת די מאַמע האָט זיך פאַררעדט מיט אַ קונה'טע, האָט מען אַרײנגערוקט אין קעשענע אַ פּאָר מזומנ'ע מטבעות, האַרטע זעכסערלעך, און מען איז אַװעק מיט זײ דערנאָך אין חדר און דאָרט פאַרנאַשט אױף בלינעס, קאָרזשעס, מאָהנעלעך, אַרבעסלעך און סעמעטשקעס, אָדער — גאָר פאַרשפּיעלט אין קאָרטען.

שפּיעלען אין קאָרטען איז געװען אַ מין חולאַת, אײן עפּידעמיע אין אַלע אידישע חדרים, װאָס גענומען האָט זיך עס פון חנוכּה און איז פאַרבליבען אױפ'ן גאַנצען װינטער. עס איז באַװאוסט, אַז חנוכּה איז אַ מצוה צו שפּיעלען. װער סע שפּיעלט אין דרײדעל, און װער סע שפּיעלט אין קאָרטען. אמת, מיר מײנען נישט חלילה קאָרטען ממש, אָפּגעדרוקטע קאָרטען ; מיר רעדען דאָ פון געמאַכטע, פון אידישע קאָרטען, פון „למ"ד־אַל"ף־קאָרטען". נאָר ס'איז אַלץ אײנס. דער אײגענער יצר־הרע מיט'ן אײגענעם אַזאַרט. געקומען חנוכּה, האָט דער רבי אַלײן נישט נאָר געהײסען שפּיעלען — ער האָט אױך גענומען אָנטײל אינ'ם שפּיעלען און איז, אדרבּה, פאַרקעהרט, געװען גאַנץ צופריעדען אָפּגעװינען בײ זײנע תּלמידים דאָס גאַנצע חנוכּה־געלט. און פאַר־שפּיעלען דעם רבּין דאָס חנוכּה־געלט איז געװען אַ פאַרגעניגען און אַ כּבוד און אַ פרײד. יעדענפאַלס — בעסער צו פאַרשפּיעלען

דעם רבין דאָס חנוכּה־געלט, איידער זיין פון רבין אַ געשמיסענער — דאָס וועט, דאַכט מיר, צוגעבּן יעדער פאַרשטענדיגער מענטש...

דערפאַר אָבּער, אַז ס'איז אַוועק חנוכּה, איז געווען אויס יום־טוב און אויס קאָרטען! דאָס הייסט, דער רבּי האָט אָנגעזאָגט מיט'ן האַרבּען וואָרט: הזהר והשמר — טאָמער וועט מען זיך דערוועגען עמיצער צוריהרען זיך צו אַ קאָרט, אָדער אפילו רעדען פון קאָרטען, אָדער טראַכטען וועגען קאָרטען, איז אַחת דתו להמית — איז ער אַ געשמיסענער!...

אַפּנים, אַז דער רבּי איז אַליין געווען אַמאָל אַ רעכטער קונדס און האָט ליעבּ געהאַט אַ קערטעל נישט נאָר לכּבוד חנוכּה. וואָרום אַז ניט, פון וואַנען נעמט זיך צו איהם גאָר דער דאָזיגער געדאַנק?...
ווי אַזוי די מעשה איז, נאָר זיינע תּלמידים האָבּען דעם גאַנצען ווינטער נאָך חנוכּה געשפּיעלט אין קאָרטען מיט אַ סך מעהר היץ און מיט נאָך אַ גרעסערען אַזאַרט, ווי חנוכּה. מע האָט פאַר־שפּיעלט די אָנבּייסענס מיט די מיטאָגס, מע האָט פאַרשפּיעלט וואו ווער ס'האָט געהאַט אַ מזומנ'עם גראָשען, און אַז ס'איז ניט געווען קיין געלט און שפּיעלען האָט זיך געוואָלט, האָט מען גע־זוכט כּל־ערליי וועגען אויף צו קריגען געלט. ווער עס האָט זיך דערגריבּעלט צו רבּ־מאיר־בּעל־נס־פּושקע און דורך אַ שטרויעלע מיט וואַכּס אַרויסגעקריגען פון דאָרטען איינציגווייז די פאַרוויינטע גראָשענס, וואָס די מאַמע האָט אַהין אַריינגעוואָרפען אַלע פרייטאָג פאַרנאַכט פאַר ליכט־בּענטשען. ווער עס האָט זיך איין עצה געגעבּען, דורך אַ שליחות אין מאַרק, עפּיס אַראָפּחאַפּען אַ פּאָר גראָשענס „קאָמיסיע". און ווער עס האָט זיך פּשוט דעבּיוועט צום טאַטענ'ס בּייטעלע, אָדער צו דער מאַמע'ס קעשענע, בּיי דער נאַכט, ווען אַלע שלאָפען, און אויסגעטרייסעלט פון דאָרט וויפיעל עס האָט זיך געלאָזט. און דאָס אַלסדינג איז געטהאָן געוואָרען מיט די גרעסטע פּחדים און מיט דער גרעסטער ריזיקע. און דאָס אַלסדינג איז אַוועק אויף קאָרטען־שפּיעל אין למ"דֵ־אַל"ף!

די פראַגע איז נאָר געווען: ווען און וואו? און ווי אַזוי שפּיעלט מען, אַז דער רבי זאָל ניט געוואוירע ווערען? דער־פאַר האָבען שוין געזאָרגט די חברים פון דער עלטערער כּתּה: אַזעלכע יונגלעך, ווי אלי קיילע׳ס, אַ חתן־בּחור, אַ געלער, מיט אַ זילבּערנעם זייגער, און בּערעל דער אַלמנה׳ס, גלאַט אַ בּחור מיט גראָבּע ליפּען און מיט מאָדנע געזונטע ציינער, וואָס קאָנען בּרעכען אייזען. עס האָט שוין דעמאָלט זיך געשיט איהם אַ בּערדעל — און ער אַליין איז שולדיג אין דעם: ווייל ער רויכערט ציגאַרעטען. אַזוי האָט בּערעל אַליין געזאָגט אויף זיך. „אַ סימן האָט איהר, — האָט ער גע׳טענה׳ט — אַז הויבּט איהר אָן צו רויכערען ציגאַרעטען, וועט זיך בּיי אייך אויך אָנהויבּען אויסשיטען בּערדלעך“... און ער האָט אויסגעלערענט אויף אַ טשיקאַוועסט אַ סך חברים „רויכערען ציגאַרעטען“. און ניט נאָר רויכערען האָט ער זיי אויס־געלערענט — ער האָט זיי בּאַוויזען אַ וועג, ווי אַזוי מע קריגט דעם מאַטעריאַל אויף צו רויכערען... דאָס הייסט, בּעסער גע־זאָגט — ער האָט זיי אויסגעלערענט גנבה׳נען. פאַרשטעהט זיך, אַז פאַר זיין אויסלערנען האָט בּערעל בּאַקומען בּאַצאָהלט — טאַקי מיט „טיטון“ און מיט פּאַפּיראָס־פּאַפּיער.

און בּערעל האָט זיך געהאַט זיין סיסטעם: דער, וואָס האָט איהם געפאָלגט און געבּראַכט טיטון מיט פּאַפּיראָס־פּאַפּיער — דער איז געווען אַ וואויל יונגעל, אַ חבר. און ווער ס׳האָט מורא געהאַט, אָדער נישט געקאָנט גנבה׳נען — דער האָט בּיי איהם געהייסען „אַ קוואַטש און אַ לעמעשקע“ און איז אַרויס פון חבר־שאַפט, און אַז ס׳איז איהם אָפּגעגאָלטען, האָט ער נאָך געכאַפּט געשלאָגען אויך, טאַקי פון איהם אַליין, פון בּערלען הייסט עס. פאַרקריעגען זיך אויף בּערלען אָדער בּאַקלאָגען זיך אויף איהם — איז געווען אוממעגליך, וואָרום דאָס וואָלט געהייסען אַרויסגעבּען זיך אַליין — און דערויף זענען געווען ווינציג העלדען. דעריבּער האָט מען געטהאָן אַלסדינג, וואָס בּערעל דער אַלמנה׳ס האָט גע־הייסען, און מען איז געזונקען מיט איהם וואָס ווייטער אַלץ

טיעפער און טיעפער אין אפגרונט אריין, און גאט ווייסט, וואוהין חברה וואלטען מיט איהם פארגאנגען, ווען בערעל דער אלמנה'ס זאל ניט געווען האבען זיין ווייסטען סוף פון זיך אליין אויף אזא מין אופן, וואס קיינעם וואלט דאס גאר אין קאפ ניט איינגעפאלען און וואס זיינע חברים פון חדר זענען נאך געווען אזוי יונג און אומשולדיג, אז זיי האבען נאך רעכט ניט פארשטאנען, וואס דארט האט זיך אפגעטהאן. זיי ווייסען נאר, אז ס'איז געווען א מעשה איינמאל אין א פרייטאג, האט מען געחאפט דעם בחור אויף יענער זייט באד, וואו ער האט ארויסגעקאלופעט א שטיקעל גלאז פון א טאפלי און אריינגעקוקט מיט איין אויג אינווענינג אריין צו די ווייבער, ווי זיי באדען זיך...

ווערווערע, וואס ס'האט זיך דעמאלט אפגעטהאן אין שטעדטעל! זיין מאמע, די אלמנה, האט גע'חלש'ט, און איהם האט מען אפגענומען פון חדר און ניט אריינגעלאזט אין בית־מדרש אריין, און קיין יונגעל, אבי נאר א טאטענ'ס א קינד, האט ניט געוואגט מעהר צו באגעגענען זיך מיט דעם „מומר־להכעיס”. אזוי האט מען איהם נאכדעם א נאמען געגעבען. און בכדי צו פארענטפערען, אפנים, דעם דאזיגען נאמען, האט זיך בערעל דער אלמנה'ס אין א צייט ארום, זיין מאמע די אלמנה האט שוין דעמאלט ניט געלעבט, אפגע'שמד'ט און פארפאלען געווארען.

## 14

# פייגעלע־אשמדאי

שקצים ווערען בעלי־תשובה. — א רוח, ניט קיין מיידעל. — א מכשפה וואס קיצעלט.

פון דעסטוועגען דארף מען ניט מיינען, אז דער יצר־הרע האט אינגאנצען אויסגעפיהרט און אז דער יצר־טוב איז אלע מאל געווען הינטערשטעליג. מע דארף נישט פארגעסען, אז ס'איז געווען א ראש־חודש אלול אויף דער וועלט, מיט תשובה־טעג, מיט א ראש־השנה־יום־כפור, און גלאט תפלות, תעניתים און סגופים, וואס עהרליכע אידען האבען צוגעטראכט. נישט קוקענדיג אויף די קליינע גנבה'לעך, אויף די קארטען און אויף די אנדערע יונגעלשע עבירות, קאן מען זאגען גאנץ זיכערליך, אז דער מיטעל־סטער פון די ברידער, שלום נחום וועוויק'ס, איז געווען באמת פרום, מורא געהאט פאר גאט און געגעבען זיך ניט איין מאל דאס ווארט, אז ער וועט עלטער ווערען, וועט ער זיך פארבעסערען און וועט, אם ירצה שם, זיין גוט און פרום, אזוי ווי די באבע מינדי האט געהייסען, און אזוי ווי דער רבי האט געהייסען, און אזוי ווי אלע גוטע־פרומע לייט הייסען.

אפטמאל האט זיך געטראפען, אז ער האט געוויינט ביי'ם דאוונען, זיך געשלאגען על־חטא און דערווייטערט זיך פון די עלטערע ברידער און פון אלע יענע חברים־שקצים, וואס רעדען־אן שלעכטס טהון. און איין אמת'ער בעל־תשובה'ניק איז ער

געוואָרען, אַז ס׳איז געקומען די צייט פון תשובה־טעג, פון ימים נוראים.

זיין גוט און פרום איז בכלל זעהר זיס און אָנגענעם. נאָר ווער עס האָט אַמאָל געפּרובט זיין אַ בעל־תשובה׳ניק — דער וועט מודה זיין, אַז קיין בעסערע זאַך קאָן שוין גאָר אויף דער וועלט ניט זיין. אַ בעל־תשובה איז אַ מענטש, וואָס בעט זיך איבער מיט גאָט, נעמט־איין דעם יצר־הרע און באַהעפט זיך מיט דער שכינה. באַרעכענט נאָר: וואָס קאָן זיין בעסער פון דעם, אַז מע בעט זיך איבער? און וואָס קאָן זיין זיסער פון נצחון? און וואָס קאָן זיין ליעבער פון דער שכינה? אַ בעל־תשובה פיהלט זיך גאַנץ, און שטאַרק, און ריין, און פריש, און ניי־געבוירען, און קאָן קוקען איטליכען גלייך אין די אויגען אריין. ס׳איז גוט, אויסגעצייכענט גוט צו זיין אַ בעל־תשובה!

שוין אַז דער חודש אלול איז אריינגעטראָטען און עס האָט זיך געלאָזט הערען דער ערשטער בלאָז פון׳ם שופר, האָט זיך דעם העלד פון דער דאָזיגער אויטאָביאָגראַפיע אויסגעוויזען, אַז ער זעהט ליגען דעם יצר־הרע אַ געבונדענעם, זיך וואַלגערען אויף דער ערד און זיך בעטען רחמים, מע זאָל איהם אַזוי שטאַרק ניט טרעטען מיט די פיס. און ווער שמועסט ראש־השנה! און ווער שמועסט יום־כפור! דאָס ליידען פון׳ם שווערען תענית, דאָס הונגעריג־זיין און דאָס וועלען אַ טרונק ביז צום שטאַרבען און איינהאַלטען זיך גלייך מיט אַלע גרויסע — דאָס אַלץ האָט אין זיך אַזוי פיעל זיסקייט, אַזוי פיעל רייץ און שענקייט, אַז דאָס קאָן אָפּשאַצען נאָר דער, וואָס איז אַליין אַ פרומער אָדער געווען אַמאָל פרום. וואָס פאַר אַ פאַרגעניגען קאָן זיך פאַרגלייכען מיט יענעם פאַרגעניגען, ווען מע געהט־אַרויס איין אויסגעהונגערטער און איין אויסגעמאַטערטער מוצאי יום־כפור פון בית־המדרש, איין אָפּגערייניגטער פון אַלע זינד און מיט איין אויסגעלייטערטער נשמה, מע רעכענט צו געהן אהיים גיכער אָפּפאַסטען זיך און מע פיהלט שוין דעם טעם גן־עדן פון׳ם קאָרענעם לעקאַך, איינגעטונקען אין שטאַרקען

בראַנפּען, און צום סוף — סטאָפּ! וואָס איז די מעשה? אידען האָבען זיך אַוועקגעשטעלט מחדש זיין די לבנה. „מיר זענען טאַקי, גאָטעניו, גוט הונגעריג און גוט מיעד און גוט אויסגעמוטשעט, נאָר איינס צום אַנדערען געהער זיך ניט אָן — דיין לבנה וועלען מיר דיר מחדש זיין".

אָך, ווי גוט ס'איז צו זיין אַ איד, און אַ עהרליכער איד, אַ בעל־תשובה!

איז אָבער דער יצר־הרע — ניט געדאַכט זאָל ער ווערען! מישט זיך אַריין דער שטן המקטרג און מאַכט קאַלי אינגאַנצען. דאָס מאָל האָט זיך דער שטן המקטרג באַוויזען אינ'ם געשטאַלט פון אַ דאָרפיש מיידעל מיט געגרייזעלטע האָר און מיט גרינע אויגען. פון וואַנען האָט זיך גענומען דאָס מיידעל — וועט איהר האָרכען.

אויף אַלע ימים נוראים, אַזוי איז געווען אַ מנהג פון קדמונים, האָבען זיך צונויפגעפאָהרען פון די אַרומיגע דערפער אינ'ם קליינעם שטעדטעל וואָראָנקאָ דאָרפס־אידען (ישוב'ניקעס), אָדער „יום־טוב'ניקעס", ווי זיי האָבען דאָרט געהייסען. יעדער בעל־הבית האָט זיך געהאַט זיין יום־טוב'ניק מיט זיין יום־טוב'ניטשקע. נחום וועוויק'ס יום־טוב'ניק איז געווען אַ ווייטער קרוב מיט'ן נאָמען „ליפשיץ דער הלובאָקער", אַ פרומער איד מיט אַ ברייטען שטערן, אַ שטערן פון אַ בעל־מח, חאָטש באמת איז ער געווען נישט אַזאַ גרוסער חכם. און אַ ווייב האָט ער געהאַט אויך אַ פרומע, וואָס האָט ליעב געהאַט דאַווענען און שמעקען טאַבעקע. קיין קינדער האָבען זיי נישט געהאַט, נאָר אַ דיענסטמיידעל, אַ יתומה און אַ ווייטע קרובה, און געהייסען האָט זי פייגעל. ביי די קונדסים האָט זי געהאַט איין אַנדער נאָמען — „פייגעלע־אשמדאי", דער־פאַר, וואָס דאָס איז געווען אַ ברען, אַ רוח, ניט קיין מיידעל, געהאַט אין זיך יונגעלשע גענג, ליעב געהאַט שטיפען מיט יונגלעך, אַז קיינער זאָל ניט זעהען, דערצעהלען זיי מעשיות און זינגען ליעדלעך, צום מיינסטען — גוישע.

איינמאָל — ס'איז געווען חול־המועד סוכּות, אַ וואַרעמע, אַ ליכטיגע נאַכט — האָט זי זיך צוגע'גנבה'ט צום געלעגער, וואו די יונגלעך זענען געשלאָפן (צוליעב די יום־טוב'ניקעס די קרובים האָט מען די קינדער אויסגעלעגט שלאָפן אין הויף, אויף דער ערד), און האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ האַלב־נאַקעטע, גענומען זיך צע־פלעכטען די האָר און בעת מעשה דערצעהלען מאָדנע מעשיות. דאָס זענען ניט געווען די מעשיות, וואָס שלומ'ס חבר, שמואליק דעם רב'ס, פלעגט דערצעהלען. דאָס זענען געווען מעשיות פון שדים, רוחות און לצים, וואָס טהוען־אָפּ שפּיצלעך אַלערליי: קעהרען־איבער די מלבושים אויף דער לינקער זייט, שטעלען־איבער דאָס מעבעל, בלעטערען־איבער די ספרים, ברעכען דאָס געפעס, שלעפּען־אַרויס די טעפּלעך פונ'ם אויווען, און נאָך אַזעלכע מעשים אשר לא יעשו. און פון מכשפים האָט זי גענומען דערצעהלען, פון מכשפים און מכשפות, ווי אַזוי אַ מכשפה, אַז זי וויל נאָר, קאָן זי פאַרמוטשען הונדערט מענטשען נאָר מיט איהר קיצלען אַליין...

— קיצלען? וואָס הייסט דאָס: מיט איהר קיצלען?

— קיצלען ווייסט איהר ניט וואָס הייסט? אָט וועל איך אייך ווייזען, ווי אַזוי אַ מכשפה קיצעלט.

און פייגעלע־אַשמדאי האָט זיך אַ לאָז געגעבען מיט די צע־פאַטעלטע האָר, באַווייזען, ווי אַזוי אַ מכשפה קיצעלט. פריהער האָבען די יונגלעך געלאַכט; דערנאָך האָבען זיי גענומען זיך אָפּ־שלאָגען פון איהר, זיך בּאָרען. חברה האָבען זיך רעכט איינגע־פלאָנטעט איהר אין די צעפּאַטעלטע האָר, איהר איינגעטיילט קלעפּ מיט קולעקעס, מיט בוכענצים, ווי גאָט האָט געבאָטען. פייגעלע האָט זיך כּלומרשט באַשיצט, נאָר ס'איז געווען צו זעהען, אַז די קלעפּ זענען איהר איינגענעמען... זי האָט צוגענומען די קלעפּ און געוואָלט נאָך... דאָס פּנים האָט איהר געפלאַמט. די אויגען (העל־גרינע אויגען, ווי ביי אַ קאַץ) האָבען געגלאַנצט. אַקעגען דער שיין פון דער לבנה האָט זי אויסגעזעהען, ווי איין אמת'ע מכשפה! נאָר ערגער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס די

דאָזיגע מכשפה האָט זיי ניט נאָר בייגעקומען אַלעמען, נאָר זי האָט זיי יעדען איינציגווייז אַרומגענומען, צוגעקוועטשט צום הארצען און געקושט, געקושט גלייך אין די ליפּען אַריין!...

אַ גליק, וואָס דאָס איז געווען פאַר הושענא־רבה, איידער דאָס קוויטעל איז נאָך אָפּגע׳חתמ׳עט, און מע קאָן נאָך אויסבעטען בײ׳ם רבונו־של־עולם, ער זאָל דאָס דאָזיגע נישטווילענדיגע קושען זיך מיט אַ נקבה נישט פאַררעכענען פאַר אַ צו גרויסע עבירה, וואָרום גאָט איז איין עדות, אַז דאָס איז געווען ניט במזיד, נאָר בשוגג...

פון וואַנען האָט זיך גענומען אָט די פייגעלע־אַשמדאַי? וואָס פאַר אַ באַשעפעניש איז דאָס געווען: אַ רוח? אַ שד? אַ גלגול? אָדער דער שטן המקטרג האָט זיך פאַרשטעלט אינ׳ם געשטאַלט פון אַ נקבה, בכדי צו ברענגען אומשולדיגע קינדער צו אַזאַ עבירה — זיך קושען קעגען זייער אייגענעם רצון מיט אַ מיידעל?...

## 15

# דער לץ

א „דאמאוויק", וואס טהוט־אפּ מעשים. — געחאפּט דעם לץ. — מע מאכט חתונה איין אויסגעלאזענע מויד און זי ווערט א אשה צנועה.

ווער פייגעלע־אשמדאי איז געווען — האָט זיך גיך ארויס־באוויזען, און אויף אזא וואונדערליכען אופן, אז ס'איז כדאי צו דערצעהלען.

דעם זעלבען ווינטער — ארום חנוכּה איז דאָס געווען — קומט צו פאָהרען אָט דער ליפשיץ פון הלובאָקע מיט א נייעס, אז ביי איהם אין שטוב האָט זיך פארנאדעט א לץ, א „דאָמאָוויק", וואָס מאכט איהם אומגליקליך!... תחילת האָט דער „לץ" — אזוי דערצעהלט ליפשיץ — געמאכט פון זיי נאָר חוזק: אלע נאכט האָט ער איבערגעבלעטערט די גמרות, צעריסען די סידורים מיט די חומשים, איבערגעקעהרט די טעלער אין שאפע, צעבראָכען די טעפּ, ארייגעוואָרפען אין פאָמעניצע דאָס תּפלין־זעקעל, דעם גע־מאָהלטען מזרח, און משה מאָנטעפיאָרען אויסגעדרעהט מיט'ן פּנים צו דער וואנט — און מע זאָל דאָס הערען, איהר זאָלט זאָגען, אפילו א שאָרך פון עמיצען! שפּעטער האָט דער לץ אָנגעהויבען אויס־לעדיגען און איבערקעהערען זיי אלע קעשענעס, ארויס'גנבה'נען דאָס קליינגעלט פון טישקעסטעל, צוגענומען און פארטאכטאָרעט ערגיץ דעם ווייב'ס פּערעל — א ריינער אומגליק!... איז ער, הייסט עס, איצטער געקומען צו זיין קרוב, צום נחום וועוויק'ס,

פרעגען איין עצה, וואָס טהוט מען? צי זאָל ער מעלדען אין סטאַן? צי זאָל ער פאָהרען קיין טאַלנע צום רבין? צי זאָל ער זיך גאָר ארויסקלויבען פון הלובאָקע?

אויסגעהערט די מעשה, האָט איהם נחום וועוויק׳ס מעהר ניט א פרעג געטהאָן: „און וואו שלאָפט דאָס דיענסטמיידעל? און ווי אזוי איז זי מיט דער בעל־הבית׳טע?״... ליפשיץ האָט זיך אזש געפונען באַלעדיגט: ערשטענס, איז פייגעל זייערע איין אָרעמע קרובה, וואָס זיין ווייב וויל זי חתונה מאַכען, געבען נדן, און ס׳איז איהר ביי זיי גוט, ווי די וועלט; און צווייטענס, שלאָפט זי ווי א גע׳הרג׳עטע ערגיץ ווייס איך וואו, אין קיך, ביי דער פאַר־שלאָסענער טיר!

— האָט זי ניט עפּיס באַקאַנטע אין דאָרף?... — האָט איהם נחום ווידער א פרעג געגעבען, און ליפשיץ איז שוין גאָר אין כעס געוואָרען און צעשריגען זיך:

— פון וואַנען האָבען זיך גענומען צו איהר באַקאַנטע אין א דאָרף פון סאַמע גויים? צי אפשר מיינסט דו, אז דער ליץ דאָס איז פייגעל?...

— חס וחלילה! — האָט איהם נחום וועוויק׳ס געענטפערט און גוט אויסגעלאַכט זיך פון זיין נאַרישען קרוב, געפּרובט איהם איבערצייגען, אז קיין ליצים און קיין „דאָמאָוויקעס״ זענען בכלל נישטאָ. ליפשיץ האָט אָבער נישט געוואָלט הערען אפילו. ער האָט געשוואָרען, ער זאָל אזוי דערלעבען הערען שופר של משיח, ווי ער האָט אַליין געהערט ביינאַכט א סאַפּען פון א מין לעבעדיג באַשעפעניש, א קראַצען פון נעגעל, און אויף מאָרגען האָט מען געזעהען אין קיך עפּיס משונה־מאָדנע סימנים פון היהנערשע פיסלעך אויפ׳ן אויסגעשאָטענעם זאַמד, וואָס אויף דער ערד.

דערזעהען, מיט וועמען ער האָט צו טהון, האָט נחום וועוויק׳ס א דרעה געגעבען, ווי מע זאָגט, דעם דישעל צוריק: עס קאָן זעהר זיין, אז דער ליץ איז א ליץ. נאָר וואָס דען? ער וואָלט א בעלן

געווען זיין דערבײַ... אויב ער וויל, לאָז ער מיטנעמען איהם, נחום׳ען, צו זיך אין דאָרף אַריין — ער וויל אַליין זעהען מיט זיינע אויגען... און ווײַבאַלד אַז שוין יאָ פאָהרען, זאָל שוין מיט־פאָהרען אויך זיין יונגערער ברודער, ניסעל וועוויק׳ס, אָדער ניסעל ראַבינאָוויטש.

— מיין ניסעל — האָט נחום געגעבען צו פאַרשטעהן — איז אַ יונגערמאַן אַ חוואַט, אַ מענטש וואָס פיהלט זיך, קיין עין־הרע, אין כח. ער האָט שוין אַמאָל אויסגעפּאַטשט אַ סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו, איז צו גאָט אַ האָפענונג, אַז ער וועט קאָנען גובר זיין אַ ליץ אויך... פאָהרען מיר?

— מיט׳ן גרעסטען כבוד! — האָט זיך ליפשיץ אָנגעחאַפּט מיט ביידע הענט, און אַלע דריי האָבען זיך גוט אָנגעפּעלצט מיט וואַרעמע יענאָטענע פּעלצען, זיך אַריינגעזעצט אין אַ ברייטען שליטען און זענען אַוועק צו ליפשיצען אין דאָרף אַריין, קיין הלובאָקע.

געקומען אין דאָרף שוין פאַרנאַכטליך, האָט מען די ליעבע געסט זעהר שען אויפגענומען, געקאָכט פון זייערטוועגען אַ מילכיגע וועטשערע, און מע האָט געשמועסט די גאַנצע צייט פון דעם ליץ, וואָס האָט זיך ביי זיי פאַרנאַדעט.

שפּעטער, בעת פייגעל האָט דערלאַנגט צום טיש, האָט נחום געמאַכט אַ גאַנץ ברייטען שמועס וועגען דעם, אַז ער און זייער גאַנצע משפּחה, די ראַבינאָוויטשעס, הייסט עס, האָבען פון גע־בוירען אַ מאָדנע הארטען שלאָף, חאָטש נעם און טראָג זיי אַרויס מיט די בעטלעך, חאָטש שיסט אין זיי מיט האַרמאַטען! נאָר פון דעסטוועגען האָבען זיי פאַר אַ דיבוק, פאַר אַ ליץ און פאַר אַ „דאָמאָוויק" קיין מורא ניט, חאָטש זיי פיהרען מיט זיך געלט, וואָרום זיי זענען נישט קיין נאַראָנים: דאָס געלט האַלטען זיי ביי זיך גוט איינגענעהט, מחילה, אין די אונטערשטע בגדים, וועלכע זיי טהוען קיינמאָל ניט אויס, און זיי גלויבען גלאַט ניט אין

דיבוקים, לצים און „דאמאוויקעס", מכשפים און נאך אזעלכע זאכען — ווייס איך וואס! דאס האבען שונאים אויסגעטראכט און נאראנים גלויבען זיי!...

דערויף האט זיי ליפשיץ געענטפערט בתמימות, אז ס'וואלט געווען א גרויסער יושר, אז דער לץ זאל זיך א נעם טהון צו זיי היינטיגע נאכט, זיי זאלען וויסען, מיט וואס מע עסט דאס. און אט אזוי האט מען דעם אוונט פארבראכט אלץ אין אזעלכע שמועסען, געהייסען דערלאנגען וויין, און ביידע ברידער האבען זיך געמאכט כלומרשט, ווי מען איז שוין שכור'ליך, און מע האט זיך געלעגט שלאפען, אויסגעלאשען די ליכט, און די געסט האבען זיך גיך געלאזט הערען מיט א חראפען, איינער העכער פונ'ם אנ־דערען — א גאנצער קאנצערט.

ארום האלבע נאכט האט זיך דערהערט א געשריי, מיט א געשלעג, מיט מאדנע קולות, אויף אידיש און אויף גוייש, אזוי אז די ליפשיצעס האבען זיך אויפגעהאפט אין איין ציטערניש, אנ־געצונדען פייער, און פאר זייערע אויגען האט זיך באוויזען אזא מין בילד: ביי נחום'ען אין די הענט איז געלעגען פייגעלע־אשמדאי א געבונדענע און געריסען זיך מיט אלע כחות, און ניסעל (געווען א איד א גבר) האט זיך געראנגעלט מיט חוועדאר דעם וואלאסטנאי שרייבער פון דארף, וואס האט איהם צעביסען און צעבלוטיגט די הענט, נאר ניסעל האט איהם געפאקט, געבונדען ווי א באראן — און אז ס'איז געווארען טאג, האט מען זיי ביידען, פייגעל די מויד און חוועדאר דעם שרייבער, אפגעפיהרט אין וואלאסט אריין. דארט האט מען געשטעלט צוויי עמער בראנפען, און מע איז געקומען צו אזא מין ספראווע: אזוי ווי חוועדאר איז אליין דער וואלאסטנאי שרייבער, זאל ער זיך מודה זיין און אפגעבען אלסדינג, וואס ער האט דורך דער מויד ביי די ליפשיצעס אוועקגע'לקח'ענט, וועט מען איהם נאר מקיים פסק זיין, דאס הייסט, פון דער גרינג אפשמייסען, און מע וועט מאכען א שווייג.

און צו דער מויד האָט מען זיך גענומען מיט גוטע רעד, אַז איבערגעבען זי אין גויישע הענט וויל מען ניט בשום אופן, חאָטש זי איז איין אַשמדאַי, אַ הולטייקע און ערגער פון אַ משומדת... מע פֿאָדערט פון איהר נאָר, זי זאָל אויסזאָגען, וואו די פֿערעל און די איבעריגע זאַכען זענען, און מע גיט איהר אַ תּקיעת־כּף, אַז מע נעמט זי צו אין שטאָדט אַריין און מע גיט איהר אַ חתן, טאַקי שוין און טאַקי באַלד און אויפ׳ן שענסטען אופן, מיט כּלי־זמר און מיט חתונה־קליידער און מיט אַ חופּה־וועטשערע, ווי איין עהרליכער, אַ כּשר׳ער אידישער טאָכטער — קיין פויגעל וועט ניט וויסען פון דער גאַנצער מעשה, קיין האָהן וועט ניט קרעהען!

און אַזוי איז דאָס טאַקי געווען. אַ חתן האָט מען איהר געגעבען אַ יונג מיט ביינער, משה־הערש האָט ער געהייסען, אַ דאַמסקי שניידער. די ראַבינאָוויטשעס זענען געווען די מחותּנים און די אונטערפיהרער. אויף דער חתונה איז געווען די גאַנצע שטאָדט און אויך „נאַטשאַלסטווע“. מע האָט אויסגעטרונקען אָהן אַ שיעור פלעשער מיט וויין און מיט ביער, און ניסעל ראַבינאָוויטש מיט׳ן סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו האָבען ביידע אַזוי געטאַנצט, אַז מע האָט באַדאַרפט געהן קוקען אויף חידושים!

נאָך דער חתונה איז פייגעלע געוואָרען ניט צו דערקענען. פרום ווי אַ רביצין, ניט געקוקט קיין מאַנסביל גלייך אין די אויגען אַריין, און מיט נחום וועוויק׳ס יונגלעך איז זי גלייך ווי קיינמאָל נישט געווען באַקאַנט. און אַז מע האָט באַדאַרפט אין שטאָדט עמיצען מאַכען אַ נדבה, נעמען אַ פעטשיילע און געהן איבער די הייזער, איז זי געווען פון די ערשטע. אַז מע שמועסט אַ אשה כּשרה, אַ גבאי׳טע, איז דאָך ניט שייך! נאָר איינס צום אַנדערען געהער זיך ניט אָן: איהר מיידעלשער נאָמען „פייגעלע־אַשמדאַי“ איז איהר פאַרבליבען אויף אייביג. וועגען דעם האָבען שוין געזאָרגט נחום וועוויק׳ס קונדסים, און מעהר פון אַלע — דער מיטעלסטער און דער גרעסטער קונדס, דער שרייבער פון די דאָזיגע געשיכטען.

## 16

# די משפחה

דריי ברידער — דריי פארשיידענע טיפּען. — א „דיעלאָ“ מיט „קאָזנאַ“. — דער פעטער פּיני טאַנצט אויף לייכטער.

דער פאָטער פון׳ם העלד פון די דאָזיגע באשרייבונגען, נחום וועוויק׳ס, האָט געהאַט נאָך צוויי ברידער: פּיני וועוויק׳ס און ניסעל וועוויק׳ס — דער וואָס איז אויבען דערמאַנט. און איין אַנטיק איז דאָס, וואָס יעדער פון די דריי ברידער איז זיך געווען אַ טיפּ פאַר זיך און קיין ברעקעל נישט געראָטען איינס אין דאָס אַנדערע. דער עלטערער, נחום וועוויק׳ס, איז געווען, ווי מיר ווייסען שוין, אַ מישמאַש פון אַ חסיד און אַ משכּיל, אַ פילאָזאָף און אַ שענער דאַווענער, אַ למדן און אַ חקרן, און בטבע אַ מענטש אַ שטילער, אַ פאַרבאָרגענער און אַ גרויסער בעל־מרה־שחורה. דער אַנדערער, פּיני וועוויק׳ס, — דער איז געווען שוין גאָר אַ גרויסער ירא־שמים, מיט גאָר אַ לאַנגען טלית־קטן, אַ שענער איד, איך מיין טאַקי אַ שענער אויפ׳ן פּנים, מיט אַ שענער באָרד, שענע, שמייכלענדיגע אויגען, און בטבע זעהר אַ לעבעדיגער, אַ מענטש, וואָס קהל׳ט זיך, אַ קאָכלעפעל, אַ בריה אַ מוהל, חלילה נישט צוליעב געלט, נאָר פּשוט לשם מצוה. מיט איינעם וואָרט, דאָס איז געווען אַ איד פון הו־הא, שטענדיג פאַרטראָגען אין פרעמדע געשעפטען, לאָדענישען, דולענישען, פאַרלאָזענישען, אויסגלייכענישען, אלמנות, יתומים און גלאַט אָרעמעלייט. היינט וואו איז עפּיס גבאות אין

בית־המדרש, אין קלויז, אין חברה־קדישא, אין חברה־משניות און חברה־תהלים? איך האָב מורא, אז דאָס איז בײַ איהם געװען טײַערער פון אײַן אײגענעם מארק אָדער א יאריד. רבי־געלט האָט דאָס איהם אויך געקאָסט געננג. נאָר װײַבאַלד ס'איז א מצוה, וואָס מאַכט דאָס אויס? אדרבה, וואָס מעהר עס קאָסט רבי־געלט, אַלץ גרעסער איז די מצוה, און באַקלאָגען זיך דערויף טאָר מען נישט, וואָרום דעמאָלט איז שוין די מצוה אויס מצוה.

למשל, עס געדענקט זיך א מעשה: אײנמאָל האָט געזאָלט זײַן „טאָרגעס" אויף דער „פּאָטשט". בכדי מע זאָל זיך ניט שמײַסען אין די מקחים און מע זאָל צו דער פּאָטשט ניט דערלעגען קײן געלט, זענען אידען געפאַלען אויף א המצאה, אז דער וואָס װיל נעמען די פּאָטשט, זאָל צעטײלען צװישען די קאָנקורענטען א געװיסע סומע געלט, װעט מען איהם נישט קאַלי מאַכען די מקחים. נאָר די קאָנקורענטען אַלײן װעט מען דאָך ניט גלויבען, לעגט מען אײַן דאָס געלט אין א זיכערען אָרט און מע געהט אויף די טאָרגעס. און וואָס קאָן זײַן נאָך א מעהר זיכערער אָרט, װי בײַ פּיני װעװיק'ס? האָט מען אײַנגעלעגט בײַ איהם דאָס געלט און מע איז אַװעק אויף טאָרגעס, און דער וואָס האָט דאָס געלט אײַנגעלעגט האָט אָפּגעטהאָן א שפּיצעל, זיך בלומרשט פון די טאָרגעס ארויסגעגליטשט, דאָס געלט אָפּגענומען און ערשט דערנאָך ארויסגעשטעלט אַלעמען א שענע פײַג. אודאי האָבען די קאָנקורענטען גע'מסר'ט װאו מע דאַרף, און מע האָט צום ערשטען א נעם געגעבען זיך צו יענעם פאַרשוין, וואָס האָט דאָס געלט געגעבען, און דערנאָך צום צװײטען פאַרשוין, וואָס דאָס געלט איז געװען בײַ איהם אײַנגעלעגט: רב איד, זײַט זשע מוחל, וואָס איז דאָ געװען פאַר א מעשה? האָט זײ נעבאַך פּיני װעװיק'ס דערצעהלט די מעשה, װי דער אמת איז. האָט מען איהם גע'משפּט פאַר באַ'גנבה'נען „קאַזנאַ", און דאָס גליק איז געװען, וואָס אויפ'ן אָרט פון טורמע האָט מען איהם אָפּגע'משפּט נאָר מיט געלט־שטראָף.

מיינט איהר אודאי, אז דאָס האָט איהם אָנגעלעהרענט? האָט איהר אַ טעות. יענעמ׳ס געשעפטען, דאָרט וואו סע שמעקט מיט קהל און מיט אַ טובה פאַר אַ אידען, זענען בילכער פון אייגענע געשעפטען. אוועקוואַרפען, למשל, אַ מאַרק אָדער אַ יאַריד און לויפען אויף אַ ברית — פון דעם שמועסט מען ניט. דערויף איז מען דאָך עפּים אַ מוהל ביי אידען. אָדער חתונה מאַכען איין אָרעמע יתומה און טאַנצען מיט די אָרעמע מחותּנים אַ גאַנצע נאַכט — דאָס איז דאָך אודאי אַ גרויסע מצוה, וואָס ניט אָפּט קומט עס צו דער האַנט.

רעדענדיג פון טאַנצען, איז שווער זיך איינצוהאַלטען און ניט באַוואונדערען, פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אָט אַזאַ אידען אַ ירא־שמים, ער זאָל קאָנען טאַנצען, און נאָך אַזוי שען טאַנצען? וואו האָט ער זיך דאָס געלערענט, למשל? און ווער איז געוועזן זיין רבּי יענע יאָהרען? טאַנצען אַ „חסיד“, אַ „קאָזאַק“ און אַ „פאָני“ — פון דעם איז אָפּגערעדט.

— שטיל זאָל זיין! רב פּיני וועוויק׳ס וועט טאַנצען אַ חסיד!

— צערוקט זיך, עולם! רב פּיני וועוויק׳ס וועט געהן אַ קאָזאַק!

אָדער:

— ווייבער, אויף אַ זייט! רב פּיני וועוויק׳ס וועט אונז ווייזען אַ פאָני!

און דער גאַנצער עולם צערוקט זיך, מאַכט אַ ווארע. און דער פעטער פּיני „טאַנצט אַ חסיד“, „געהט אַ קאָזאַק“, אָדער ער „ווייזט אַ פאָני“, און דער עולם שטעהט אויף קעפּ. עין לא ראתה!

וואָס אָרעמער ס׳איז געוועזן די חתונה, אַלץ גרעסער איז געוועזן די שמחה. דאָס הייסט, וואָס די מחותּנים זענען געוועזן גרעסערע אָרעמעלייט, אַלץ מעהר האָט דאָרט דער פעטער פּיני געטאַנצט און באַוויזען אַזעלכע קונצען, וואָס טאַקי עין לא ראתה — און טאַקי נאָר לשם מצוה, בכדי צו משמח זיין חתן־כּלה. מע

האָט באַדאַרפט אויף חידושים געהן זעהן פּיני וועוויק׳ס, ווי ער טאַנצט „אויף לייכטער״ מיט ברענענדיגע ליכט, אָדער „אויף אַ שפּיגעל״, און אַזוי גרינג, אַזוי גראַציעז, ווי דער גרעסטער פון די היינטיגע טענצער פון דער וועלט. אַזאַ מין טאַנצען וואָלט מען היינטיגע צייטען געקאָנט ווייזען אויף בילעטען און מאַכען אַ סך געלט. די קאַפּאָטע אַראָפּגעוואָרפען, דעם טלית־קטן אַרויס־געצויגען, די אַרבעל פאַרקאַטשעט, די הויזען במילא אַריינגעשטעקט אין די שטיוועל, און די פּיס קוים־קוים וואָס זיי באַריהרען די ערד, און דער קאָפּ איז פאַרוואָרפען אַרויף, די אויגען צו, אויפ׳ן פּנים זעהט מען התפּעלות מיט התרוממות, ווי בשעת דאַוונען. און די כּלי־זמר שפּיעלען אַ אידישע זאַך, און דער עולם פּליעסקעט, און די ראָד ווערט אַלע מאָל גרעסער און גרעסער, און דער טענצער, אויסמיידענדיג די לייכטער מיט די ברענענדיגע ליכט, געהט־אַריין וואָס ווייטער אין אַלץ מעהר התפּעלות און אין אַלץ מעהר התרוממות הנפש — ניין, דאָס איז ניט געווען קיין טאַנצען! איך וואָלט געזאָגט, אַז דאָס איז געווען גיכער אַ מין עבודת־הבורא, אַ ריינע גאָטעס־דיענסט. און איך שטעל זיך אָפּ און פרעג נאָך אַ מאָל די אייגענע קשיה: פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אָט אַזאַ אידען אַ ירא־שמים, ער זאָל דערגרייכען אַזוי ווייט אין דער קונסט פון טאַנצען? וואו האָט ער זיך עס אויסגעלערענט? און ווער האָט געקאָנט זיין דער רבי זיינער?

פאַררעדט זיך וועגען טענץ, האָבען מיר דערווייל פאַרגעסען דעם דריטען ברודער, ניסעל וועוויק׳ס, פון וועלכען מיר וועלען זאָגען עטליכע ווערטער אינ׳ם ווייטעריגען קאַפּיטעל.

## 17

# דער פּעטער ניסעל און די מוהמע האָדעל

דער פּעטער ניסעל „הוליעט". — אַ חשוב ביי „נאַטשאַלסטווע". — אַ ווייב אַ צרה. — זיך פאַרשטעלט פאַר אַ טשינאָווניק, אַנגעאַרבייט אַ חתונה, אַוועק קיין אַמעריקע. — אַ ניצוץ פון אַ פּאַעט.

אויבּ די צוויי עלטערע בּרידער, נחום און פּיני וועוויק׳ס, זענען געווען חסידים, איז דער דריטער, דער יונגסטער בּרודער, ניסעל וועוויק׳ס, אָדער ווי ער האָט זיך שוין די לעצטע צייט גערופען בּיי זיין פּאַמיליענאָמען, ניסעל ראַבּינאָוויטש, געווען שוין גאָר אַ וועלטליכער, געטראָגען זיך ווי אַ שטשאָגעל: הינטען אין דער קאַפּאָטע אַ שפּאַלט, — דאָס האָט געהייסען יענע יאָהרען מעשה פראַנט, אָדער מעשה דייטש — לאַקירטע שטיוועלעטען מיט שפּראָנציקעס און שטאַרק־שטאַרק אונטערגעבּויגענע פּאות. און געהאַלטען האָט ער זיך דעמאָקראַטיש. דהיינו: אין בּית־המדרש האָט ער געהאַט, ווי אַלע פּאָרנעמסטע בּעלי־בּתּים, איין אָרט אין מזרח, נאָר געזעסען איז ער אויף דער לעזשאַנקע אין פּאָליש, געהאַלטען אַ חומש מיט׳ן „בּיאור" און דערצעהלט, דוקא פאַר׳ן פּראָסטען עולם, מעשיות פון רבּ משה׳לע וויינשטיין, פון מאָנטעפיאָרען און פון רויטשילדען אויך. דערצו האָט ער געהאַט אַ בּאַסאָווע שטימע, געקאָנט שען זינגען, ליעבּ געהאַט אַ סך לאַכען און געקאָנט מאַכען לאַכענדיג יענעם. מיינסטענס האָבּען פון איהם געלאַכט ווייבּער און מיידלעך — די זענען ממש צעגאַנגען פאַר

געלעכטער, אַז ער האָט נאָר געוואָלט. מיט וואָס ער האָט זיי גענומען — איז שווער צו וויסען. נאָר ס'איז געווען גענוג, ער זאָל זיי זאָגען איין וואָרט — און די געלעכטערען זענען שוין גע־גאַנגען ביז'ן הימעל.

היינט וואָס פאַר אַ „הוליאַק" איז דאָס געווען! אָהן איהם אַ חתונה איז געווען אַ לויה, ניט קיין חתונה. ניסעל וועוויק'ס, אָדער ניסעל ראַבינאָוויטש, האָט געקאָנט מחיה־מתים זיין, אַ גאַנצע וועלט מאַכען רעדעווריג, לאַכענדיג און טאַנצענדיג. דער חילוק צווישען איהם און צווישען פעטער פיני איז געווען, וואָס דער פעטער פיני האָט געקאָנט טאַנצען, און דער פעטער ניסעל האָט געקאָנט מאַכען טאַנצען אַנדערע. אַלע און אַלץ האָבען מיט איהם אויף אַ שמחה מיטגעטרונקען, מיטגעזונגען און מיטגעטאַנצט. דער ערשטער איז געווען דער סטאַנאָוואָי פריסטאַוו. מיט איהם האָט ער זיך געביטען מיט די היטלען — און ס'איז געווען ליהודים.

בכלל איז ניסעל ראַבינאָוויטש געווען מיט נאַטשאַלסטווע אויסגעבונדען, און האָט געפיהרט דאָס שטעדטעל ביד רמה, גלייך ווי ער וואָלט אַליין געווען אַ נאַטשאַלניק, אַ טשינאָווניק. דערצו האָט ער געהאַט אַ פה־קדוש, גערעדט רוסיש, ווי איין עכטער פאָני: „מעזשדו פראָטשים, וואַשאַ מילאָסט, פאַזוואָלטי וואָם פאָקוריט נאַ נאַש שטשאָט אי טשטאָבי ניע בילאָ ניקאַקיך קאַקאָוו!"... (זייט זשע מוחל, אין איינוועגס פאַררויכערט אונזערען אַ פאַפיראָס, און אָהן אַ שום תירוץ!). נישט נאָר אידען — גויים האָבען פאַר איהם געהאַט דרך־ארץ: „חאָדים דאָ מיסעליאַ; ווין אי דילאָ סקאַזשע, אי טשאַרקאַ הורילקאַ בודע". (לאָמיר געהן צו ניסלען: אי עסק וועט ער אונז זאָגען, אי אַ גלעזעל בראָנפען וועט זיין).

קהל'ען זיך האָט ער נאָך מעהר ליעב געהאַט, ווי דער פעטער פיני. שטענדיג האָט ער זיך מיט עמיצען, אָדער פאַר עמיצען, געלאָדען, און איהם האָט זיך אויסגעמאָהלט, אַז ער ווייסט אַלע זאַקאָנעם. אַ קליינינקייט — אַ איד רעדט אַזוי גוט רוסיש, אַז

ס׳איז גאָרנישט צו דערקענען, אז דאָס רעדט א איד, און דערצו איז ער אזוי אויסגעבונדען מיט נאַטשאַלסטווע, פּאַטשט דעם סטאַראָסטאַ, ווי א הונט, שפּור׳ט מיט׳ן סטאַרשינאַ א גאַנצע נאַכט טאָקי ביי זיך אין שענק, און מיט׳ן סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו קושט ער זיך, ווי מיט א ברודער !...

נאָר אויף וויפיעל דער פעטער ניסעל איז געוועזן א חשוב אין שטאָדט, אויף אזוי פיעל איז ער געוועזן ניט קיין חשוב ביי זיין אייגען ווייב, ביי דער מוהמע האָדעל (אַלע גרויסע מענטשען זענען ביי זייערע ווייבער גאָרנישט !). די מוהמע האָדעל איז געוועזן א ווייבעלע א קליינס און א שוואַרצס, נאָר דאָס דאָזיגע קליינע ווייבעלע האָט געהאַלטען איהר גרויסען מאַן אין דער מורא — אימת מות !

עס איז געוועזן צו באַוואונדערען, ווי אָט דער גרויסער הויכער פעטער ניסעל, דער חשוב ביי נאַטשאַלסטווע, וואָס רעדט אזוי גוט רוסיש, און דער שטענדיג פּרייליכער און אויסגעפּוצטער קאַוואַליער און אָנגעלעגטער גאַסט ביי ווייבער, איז א בעלן געוועזן צו חאַפּען פון זיין אייגען קליינגעוואַכסען ווייבעלע אָדער מיט א קישעלע איבער׳ן קאָפּ, אָדער מיט א נאַסען בעזעם איבער דער אויסגעפּוצטער קאַפּאָטע ! צום מיינסטען האָט זי ליעב געהאַט איהם בעזעמען דוקא יום־טוב, און דוקא שמחת־תורה, און דוקא פאַר׳ן גאַנצען עולם אין די אויגען: „לאָז מען וויסען וואָס פאַר א מאַן זיין ווייב האָט!”... ער אָבער האָט דאָס אָנגענומען פאַר א קאַטאָוועס, זיך פאַרשלאָסען מיט אַלע אידען אין זאַל, אויפגעעפענט פלעשער מיט בראָנפען, אויפגעשלאָגען אַלע פעסלעך מיט געזייערטע אוגערקעס אין קעלער, אַרויסגענומען אַלע טעפּ און טעפּלעך פונ׳ם אויווען — געמאַכט א חורבן, א פּאָגראָם אין שטוב, און אָפּגעקרענקט נאָכדעם דערפאַר פון דער מוהמע האָדעל דריי וואָכען כסדר. ס׳איז אָבער געוועזן כדאי — מע האָט זיך גוט אָנגעהוליעט !

שענער פון אלסדינג איז געווען דאס, וואס דער פעטער ניסעל האט אהן דער מוהמע האדעל נישט געטהאן פון דאנען אהין. ער האט זי געהאלטען פאר א גרויסען בר־דעת; נישט מעהר, פלעגט ער אויף איהר מלמד־זכות זיין, זי איז פון קארסון, א שטאדט אזעלכע אין קיעווער גובערניע, און די קארסונער זענען אלע „ספילשליווע"... צו דערצו איז דא נאר איין רפואה — האט ער געזאגט: — פערעל. אז גאט זאל איהם העלפען, ער זאל איהר קאנען קויפען גרויסע פערעל, וואלט איהר כאראקטער, זאגט ער, זיך איינגאנצען איבערגעביטען. „איך וויים נאך א בעסערע רפואה", — האט איהם דער עלטערער ברודער נחום געפרובט עפענען די אויגען און האט איהם ארייינגערוימט א סוד אויפ'ן אויהער, פון וועלכען דער פעטער ניסעל איז געווארען איין אויפ־געציטערטער:

— זאל גאט היטען! זאל דער אויבערשטער שומר ומציל זיין!

— פאלג מיך, ניסעל! טהו ווי איך זאג דיר, וועט דיר זיין אז גוט און אז וואויל!...

אין וואס די דאזיגע עצה איז באשטאנען, האט זיך ארויס־געוויזען ערשט העט־העט שפעטער, אין א צייט ארום. דעם דאזיגען סוד האט די מוהמע האדעל אליין צעפויקט איבער דער גאנצער שטאדט דערמיט, וואס זי האט געטאדעלט און געשימפט, געשמירט און געשאלטען די גאנצע משפחה פון איהר מאן: „די משפחת'ערע" — קיין אנדער נאמען האבען ביי איהר די ראבי־נאוויטשעס ניט געהאט. „שלאגען א ווייב איז ביי זיי א וואכע־דיגער גאנג... נאר ס'וועט זיי פריהער אפדארען די האנט, איידער זיי וועלען זיך צוריהרען"...

דאס גאנצע שטעדטעל האט געוואוסט פונ'ם סוד, אז ניסעל ראבינאוויטש האט נעבאך אפגעשניטענע יאהרען פון זיין ווייב, חאטש אפילו ביי דער וועלט איז ער א תקיף און ביי נאטשאלסטווע א גאנצער קאכלעפעל. הלואי וואלט ער ניט געווען אזא תקיף!

וואָרום דאָס, וואָס ער איז געווען אַ תקיף, האָט איהם, אייגענטליך, אָפּגעקוילעט און סוף־כל־סוף גליקליך געמאַכט איהם מיט די קינדער און קינדס־קינדער אויף אייביגע יאָהרען. וועגען דעם ווערט דערצעהלט אַ מעשה, וואָס שמעקט אויסגעטראַכט צו זיין, נאָר איך גיב זי איבער, ווי איך האָב זי געהערט.

אין אַ קליין שטעדטעל, ניט ווייט פון וואָראָנקאָ, דאַכט זיך, אין בערעזאַן, האָבען גויים געמאַכט אַ פּריגאָוואָר אויף אַ אידען, אַז מע זאָל איהם אַרויסטרייבען. וואָס טהוט מען? איז מען געקומען צו לויפען צו ניסעל וועוויק׳ס, אָדער צו ניסעל ראַבינאָ־וויטש: סטייטש, אַזאַ חשוב ביי נאַטשאַלסטווע, וואָס רעדט אַזוי גוט רוסיש און קושט זיך מיט׳ן סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו!... דער פּעטער ניסעל האָט זיך אַ וואָרף געגעבען צום פּריסטאַוו — ער קאָן דאָ גאָרנישט העלפען: דאָס ווענדט זיך נאָר אינ׳ם „ספּראַוו־ניק". און דער ספּראַווניק איז, ערשטענס, אַ נייער מענטש און, צווייטענס, אַ גרויסער המן! וואָס זשע טהוט מען ווייטער? ווי לאָזט מען דאָס „ראַזאָרען" אַ אידען און מאַכען אַ תל פון אַ גאַנצער משפחה? „וואַרט נאָר אויס אַ ביסעל, בודיעט דיעלאָ ווּשליאַפּע — ס׳וועט זיין רעכט!" — אַזוי האָט געזאָגט דער פּעטער ניסעל און האָט אָפּגעטהאָן גאָר אַ קלייניגקייט: ער האָט געקריגען די גאַנצע אוניפאָרם, וואָס אַ טשינאָווניק טראָגט, האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ „ספּראַווניק", געחאַפּט אַ פּאָטשט און איז אַריינגעפאָהרען אין דאָרף אַריין מיט אַ גלאָק, און האָט געשיקט רופען צו זיך דעם סטאַרשינאַ מיט דער גאַנצער „הראָמאַדע", און האָט זיך צעשריען אויף זיי: „קאַק ווי סמעיעטיע, טאַקיע־סיאַקיע?!" און גע־טופּעט מיט׳ן פוס, ווי איין אמת׳ער ספּראַווניק, אַז ס׳איז נישט „פּאָ־זאַקאָנו", און האָט צעריסען דעם פּריגאָוואָר אויף שטיק־שטיקלעך און אָנגעזאָגט זיי, אַז טאָמער דערוועגען זיי זיך קלאָגען אויף איהם צום גובערנאַטאָר, זאָלען זיי וויסען, אַז ער, דער נייער ספּראַווניק הייסט עס, איז טאַקי דעם גובערנאַטאָר׳ס איין אייגענער פּעטער, פון דער מאַמע׳ס צד, און זיין ווייב געהער זיך אָן אַ

שטיקל קרובה מיט'ן „מיניסטער אָוונוטרעניך אי וואניעשניך דיעל" !...

ווער עס האָט גע'מסר'ט — ווייסט מען ניט. נאָר די געשיכטע מיט'ן צעריסענעם פּריגאָוואָר און די מעשיות מיט'ן גובערנאַטאָר און מיט'ן „מיניסטער אָוונוטרעניך אי וואניעשניך דיעל" זענען אַרויף, ווי בוימעהל אויפ'ן וואַסער, און ס'איז געוואָרען אַ „דיעלאָ", און מע האָט איהם מחילה איינגעזעצט און גע'משפּט, און דער שפּיץ איז געווען, אַז דער בראַווער פּעטער ניסעל האָט נעבאַך געמוזט ווערען אַ בורח, פּשוט, הייסט עס, נעמען און אַנטלויפען. עס האָט זיך איהם איינגעגעבען — ער איז אַנטלאָפען, האָט זיך פריהער אָפּגעוואַלגערט אַ שטיקעל צייט אין אָדעס, זיך געמאַכט אַ נייעם פּאַס מיט אַ נייעם נאָמען און איז אוועק קיין אַמעריקע, אַזש קיין קאַנאַדע, די ערשטע צייט גוט אויסגעריסען געוואָרען, נאָר אין אַ פּאָר יאָהר אַרום האָבען אָנגעהויבען געהן פון איהם „לעטערס", אַז ער „מאַכט אַ לעבען". שפּעטער האָט ער אַריבערגעצויגען אַהין זיין גאַנצע משפּחה, וועלכע האָט אויך געשריבען בריעף, אַז זיי „מאַכען אַ לעבען". נאָכדעם זענען אָנגעקומען פון זיי אַלעמען זעהר שענע „פּיקטשורס" — גראַפּען, אמת'דיגע שררות! נאָר ווי אַזוי מע „מאַכט אַ לעבען" און ווי אַזוי איז בכלל דאָס לעבען אין אַמעריקע — דאָס האָט מען נישט געקאָנט פון זיי אַרויסבאַקומען בשום אופן.

ערשט העט־העט, אין אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג אַרום, אינ'ם יאָהר 1905-6, אין דער צייט, ווען דער וואָס שרייבט די דאָזיגע ביאָגראַפיע האָט אַליין באַדאַרפט אַריבערוואַנדערען איבער'ן ים און איז געקומען בשלום קיין אַמעריקע, האָט ער זיך אינטערעסירט צו באַקומען גענויע ידיעות וועגען זיין פעטער. איז ער געוואַוירע געוואָרען, אַז דער פּעטער ניסעל איז שוין אַ שוכן־עפר, נאָר ער האָט איבערגעלאָזט אַ שענעם נאָמען און אַ שען פאַרמעגען. זיינע קינדער און זיינע אייניקלעך זענען דאָס, וואָס מע רופט אין אַמעריקע: אָ ל ר י י ט.

## דאָס בילד פונ'ם פעטער ניסעל וואָלט אָבער ניט געווען

אינגאַנצען, ווען מיר זאָלען דורכלאָזען נאָך איין שטריך: אין דעם דאָזיגען מענטשען איז אפשר פאַרלוירען געגאַנגען אַ פּאָעט; ער האָט ליעב געהאַט זינגען אידישע ליעדער, אייגענע. אין דער צייט, וואָס ער איז געזעסען אין תּפיסה, האָט ער באַשאַפען אַ ליעד אויף זיך אַליין, אין אידיש, נאָכ'ן אַל"ף־בי"ת, און אַ שענע מעלאָדיע דערצו — אַ מעלאָדיע, וואָס איז זיך צעגאַנגען אין אַלע איברים. וויפיעל טאַלאַנטען זענען ביי אונז אָט אזוי פאַרלוירען געגאַנגען, וואָס מע ווייסט פון זיי גאָרנישט!...

## 18

# פינעלע שימעלע׳ס פאָהרט קיין אָרעס

שימעלע רעדט מעהר אויף גוייש. — דערצעהלט גרויסקייט פון אפרתי׳ן. — קלויבט זיך אריבער קיין ארעס. — זיין זוהן פינעלע האט איין אפעראציע — איין ארבעסעל אין אויהער. — דער אפשייד־ווארעמעס.

דעם העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראפיע האָט זיך אויס־געוויזען, ווי עס ווייזט זיך אוים מסתמא יעדען אידישען יונגעל, אז זיין שטעדטעל — דאָס איז דער מיטעלפונקט פון דער וועלט, דער סאמע נאָפּעל פון דער ערד, און זיינע אידען — דאָס זענען די אויסדערוועהלטסטע ביי גאָט, וואָס צוליעב זיי איז באשאפען געוואָרען די דאָזיגע וועלט, און, פארשטעהט זיך, אז אין דער שפּיץ פון די אויסדערוועהלטסטע שטעהען וועוויק׳ס קינדער, די ראבינאָוויטשעס, און דער ראש וראשון און דער סאמע שפּיעגעל, דער סאמע צימעס פון די ראבינאָוויטשעס — דאָס איז געוויס זיין טאטע, נחום וועוויק׳ס. וואָרום ווער זיצט אין בית־המדרש אויבענאָן אין מזרח־וואנט, דער צווייטער פון׳ם רב, ביי׳ם סאמע אָרון־קודש? צו וועמען קומט מען צום אלעם ערשטען גוט יום־טוב בעטען? און צו וועמען קלויבט מען זיך צונויף אלע שבּת־צו־נאכטס אויף מלוה־מלכּה און מע טרינקט און מע זינגט און מע טאנצט און מע הוליעט ביז׳ן ווייסען טאָג אריין? ניין, נישטאָ קיין שענערעס פון זיין משפּחה. נישטאָ קיין רייכערעס פון זייער

שטוב. נישטאָ קיין גרעסערער פון זיין טאַטען. נישטאָ קיין פרומערער פון זיין פעטער פיני. נישטאָ קיין פרייליכערער פון זיין פעטער ניסעל. און קוקענדיג אויף זיין הויכען טאַטען, נחום וועוויק׳ס, אונטער אַ שבת אָדער אַ יום־טוב, אין דער שענער זיידענער קאַפּאָטע מיט׳ן ברייטען גאַרטעל און מיט דער נאָפּאָ־לעאָנקע אויפ׳ן קאָפּ; אָדער אויף זיין נידעריטשקער מאַמע, חיה־אסתר נחום וועוויק׳ס, בעת זי הויבט־אויף איהרע איידעלע, ווייסע הענט אַרויף ביי ליכט־בענטשען איבער די גרויסע, הויכע, גע־בלאָזענע זילבערנע לייכטער, אָדער אויף דער הויכער טשעפּקער באַבע מינדי, ווי זי רעדט זיך אויס מיט גאָט, ווי מיט אַ גאַנץ נאָהענטען שמעלקע, אָדער אויפ׳ן פעטער ניסעל דעם גבר, ווי ער האַקט רוסיש ווי אַ עכטער פּאָני — האָט זיך שלום נחום וועוויק׳ס האַרץ אַלע מאָל אָנגעפילט מיט פרייד און מיט גדלות קעגען אַנדערע קינדער, און ער האָט געדאַנקט גאָט, וואָס ער האָט געהאַט דאָס גליק צו געבוירען ווערען אין דער דאָזיגער משפּחה, אונטער דער דאָזיגער גילדענער פּאָהן, וואו ער האָט זיך געפיהלט גליקליך, ווי אַ פּרינץ, און זיכער, ווי אין אַ פעסטונג, ווי אין אַ קייזערליכען פּאַלאַץ.

און אָט האָבען זיך פּלוצים די זיילען פון דער פעסטונג גע־געבען אַ שאָקעל, דער פּאַלאַץ האָט גענומען איינבויגען זיך אויף אומצופאַלען, און דער גאַנצער כּשוף פונ׳ם גליקליכען שטעדטעל איז מיט אַ מאָל פאַרשוואונדען געוואָרען. דער יונגער פּרינץ איז געוואוירע געוואָרען, אַז ניט דאָ איז דער נאָפּעל פון דער ערד, אַז ס׳איז פאַרהאַן אויף דער וועלט אַ סך, אַ סך גרעסערע שטעדט פון וואָראָנקאָ, און אַז עס געפינען זיך אויף דער וועלט אַ סך, אַ סך רייכערע אידען פון די ראַבינאָוויטשעס. און געוואוירע געוואָרען איז ער אָט דאָס אַלסדינג פון זיין נייעם חבר, פינעלע שימעלע׳ס, פון וועלכען מיר דערצעהלען דאָ אין קורצען.

אויסער וועוויק׳ס קינדער, די ראַבינאָוויטשעס, איז געוועזן

נאָמען שימעלע. דאָס איז געווען אַ געפּאַקט אידעל מיט אַ קיילעכיג בייכעל און מיט אַ סימפּאַטיש שמייכלענדיג פּנים, דאָס מויל אַ ביסעל אויף אַ זייט. ער איז געווען ניט אַזאַ גביר, ווי אַ פאַר־לעבער. „אַ קערבעל איז בּיי איהם געווען אַ ממזר“. וויפיעל ס'איז געווען האָט מען פאַרלעבּט. און אַז ס'איז ניט געווען, האָט מען געבּאָרגט און געליהען און ווייטער געלעבּט אַ גוטען טאָג.

אין שטאָדט האָט מען איהם געהאַלטען פאַר אַ שטיקעל אַפּיקורס, ווייל ער האָט געטראָגען אַ „הענגקאָלנער“ און אַ בּיסעל שוין צו אַ קיילעכיג בּערדעל, שטאַרק צוגעפּוצט; דערפאַר האָט ער אָבּער געהאַט איין אָפענע האַנט אויף געבּען אַ נדבה, און אין מיטען דער וואָך, אַז ס'האָט זיך איהם פאַרגלוסט, האָט ער פאַר־רופען געסט, געמאַכט אַ סעודה פון דער בּרייטער האַנט — חי געלעבּט!

מעהר פון אַלע ראַבּינאָוויטשעס האָט ער ליעבּ געהאַט דעם פעטער ניסעל, געטראָגען, גלייך ווי ער, אַ צעשפּאַלטענע קאַפּאָטע און שטאַרק אונטערגעהאַקטע פּאות, און ליעבּ געהאַט, ווי דער שפּאָלער זיידע, רעדען מיט אַ אידען אויף גוייש: „עה, ווי סוקינע דיעטי! וואָס באַלאַבּעטשעט איהר דברים בטלים? פּאָרא באָגו מאָליטסאַ!“ אַ האַנטשריפט האָט ער געהאַט אַ זעלטענע — אַ „כּתבא רבּא“, דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ „ליוואַק“ (גע־שריבּען מיט דער לינקער האַנט, און אַלע ליוואַקעס שרייבּען אויס־געצייכענט שען — דאָס איז דאָך ידוע). אין דער היים איז ער אַלע מאָל געווען אַ גאַסט, נאָר אויף יום־טוב. אָפּגע'יום־טוב'ט, איז ער ערגיץ אוועקגעפאָהרען, מע ווייסט ניט וואוהין, און גע־קומען אויפ'ן אַנדערען יום־טוב און אָנגעבּראַכט אַהיים אַזוי פיעל מתּנות, אַז דאָס גאַנצע שטעדטעל איז געגאַנגען חאָדאָראָם און גערעדט פון שימעלע'ס מתּנות אַ לאַנגע צייט נאָכדעם.

איינמאָל אונטער אַ פּסח איז ער געקומען פון ערגיץ צו פאָהרען און אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז ער פאָהרט־אַרויס פון וואָראָנקאָ. וואוהין? אַ, ווייט! זעהר ווייט! אַזש ...

טינעס, האָט ער געזאָגט, זיצען אָט דאָ, אין אַזאַ העק, טשאָרט וואָס פֿאָבערי! איהר זאָלט זיין אין אָדעס, וואָלט איהר געוואוסט, פֿאָ קראַני מיר, וואָס הייסט אַ שטאָדט! איהר זאָלט אַ קוק טהון ביי אפרתי׳ן אַ קאַנטאָר מיט סלוזשישטשעס, טשאָרט וואָס פֿאָבערי! וויפיעל געלד דאָרט וואַלגערט זיך איבער אין איין טאָג, מעגט איהר זיך עס ווינטשען פֿאַרמאָגען אַלע, סוקינע דיעטי, מיט מיר אינאיינעם!״...

דער עולם, פֿאַרשטעהט זיך, האָט שימעלען אויסגעהערט מיט אָפענע מיילער, זיך גע׳חידוש׳ט אויף אפרתי׳ס קאַנטאָר און אויפ׳ן געלט, וואָס דאָרטען וואַלגערט זיך איבער אַ טאָג; נאָר הינטער די אויגען האָט מען געמאַכט חוזק סאַי פון שימעלען, סאַי פון אפרתי׳ס קאַנטאָר. און מעהר פון אַלעמען האָט חוזק געמאַכט שמואל־אלי דער נייער רב און חזן, וואָס איז נאָר־וואָס אראָפּגעקומען פון באַרישפּאָלי, אַ יונגערמאַן אַ קלוגער און אַ גרויסער שייגעץ, איין עזות־מחוצף־פּנים. ער האָט געזאָגט: „שפּייט איהם אין פּנים, אָט דעם שימעלען! ערשטענס, פֿאָהרט ער גאָרניט אַרויס; והשנית, איז ניט קיין אָדעס, נאָר אַ ביסעל נעהענטער, קיין רזשישטשעוו, און נישט ווייל די היגע מענטשען זענען סקאַטינעס, נאָר פּשוט, ווייל ער איז אַ בעל־חוב, די האָר זענען ניט זיינע — חאַ־חאַ־חאַ!״

נאָר ווי אַזוי די מעשה איז, צי אָדעס, צי רזשישטשעוו, צי ווייל די וואָראָנקאָווער מענטשען זענען סקאַטינעס, צי ווייל ער איז אַ בעל־חוב, די האָר זענען ניט זיינע, — שימעלע האָט נישט געמאַכט קיין ליצנות: ער האָט באַלד נאָך פּסח גענומען אויס־פֿאַרקויפֿען דאָס בעל־הבתּישקייט פֿאַר האַלב געלט, אַ סך זאַכען האָט ער צעגעבען אומזיסט, אויסגעקליידט די מיידלעך אַזוי ווי די כּלות, און פֿאַר די יונגלעך באַשטעלט ביי ישראל דעם שניידער קורצע וויטיקלעך, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַזאַ גרויסער שטאָדט, ווי אָדעס, און בכדי דאָס שטעדטעל זאָל נאָך מעהר קאָכען, האָט שימעלע באַפוילען העניך, זיין וויב, זי זאָל מאַכען אַ סעודה —

נומען מאכען חוזק פון וואָראָנקאָ. „וואָס איז וואָראָנקאָ? — אַ העק, אַ גרוב, אַ דאָרף, ערגער פון אַ דאָרף! און די מענטשען? — קבצנים, דלפנים, עניים ואביונים! וואָס אין אָדעס פארמאָגט איין אפרתי, נארעלע, פארמאָגען דאָס ניט אַלע וואָראָנקאָווער אידען שוין מיט די נגידים אינאיינעם"...

דערנאָך האָט פינעלע גענומען צו דערצעהלען גרויסקייט פון זיך און פון זייער משפחה, ווי אזוי זיי וועלען דאָס באַלד געבען אַ פאָהר־ארויס מיט די בוידען, אז ס'וועט אזש געהן אַ רויך! און ווי אזוי זיי וועלען זיך עס אַ ביסעל אָנפאָהרען! און דערנאָך וואָס ס'וועט זיך טהון, אז זיי וועלען דאָס געבען אַ פאָהר־אריין קיין אָדעס! אַלע גרויסע לייט וועלען זיי ארויסקומען אקעגען מיט אַ ברייטען שלום־עליכם און מיט פרישע קוילעטשען און מיט געבראָטענע קאטשקעס און מיט גוטען ווישניק, און אפרתי וועט אויך זיין דאָרטען...

— ווער איז דאָס דער אפרתי? — פרעגט איהם שלום.

— אפרתי ווייסט דו ניט? — ענטפערט איהם פינעלע, ווי אַ גרויסער. — אפרתי דאָס איז אונזערער אַ קרוב פון דער מאמע'ס צד, אַ גביר, איין אדיר, אַ מיליאָנשטשיק! איך האָב דאָך דיר געזאָגט שוין, אז וואָס דער איין אפרתי פארמאָגט אין איין קעשענע, נארעלע, פארמאָגען דאָס ניט אַלע היגע אידען מיט די נגידים אינאיינעם. קאָנסט פארשטעהן, ווי רייך ער איז, אז פאָהרען פאָהרט ער ארויס מיט זעכס פערד „נאשפּיץ" און איינער אַ רייטער פליהט אויף־צו־פריהער. אָנגעטהאָן געהט ער פון קאָפּ ביז די פיס אין זייד און אין סאמעט, און צוויי טולעפּעס האָט ער: איינער איז אַ יענאָטענער און דער אַנדערער איז פון פּיזעם. און עסען עסט ער אינדערוואָכען נאָר קוילעטש און נאָר געבראָטענע קאטש־קעס און פארטרינקט מיט'ן בעסטען ווישניק...

— און וואָס וועט איהר דאָרטען טהון? — פרעגט איהם שלום און שלינגט די סלינע פון די געבראָטענע קאטשקעס מיט'ן גוטען ווישניק.

— וואס הייסט, וואס? — ענטפערט איהם פינעלע אזוי פראסט און ערנסט. — וואס טהוען אלע אידען אין אדעס? וואס טהוט אפרתי? אפרתי האט אייגענע אמבארעס מיט ווייץ, מיין טאטע וועט האבען אמבארעס מיט ווייץ. אפרתי האט א קאנטאר מיט מענטשען, מיין טאטע וועט האבען א קאנטאר מיט מענטשען. און געלט — געלט וועט זיך אונז שיטען אין די קעשענעס פולע זעק! דו שפיעלסט זיך מיט אדעס?...

און פינעלע האט גענומען דערצעהלען די גרויסקייט פון אפרתי׳ן און די שענקייט פון דער שטאדט אדעס מיט איהרע דריי־עטאזשנע מויערען. „נארעלע, אונזער שטאדט איז אקעגען אדעס, ווי אזוי זאל איך דיר זאגען? — ווי, למשל, א פליעג קעגען א קלויסטער, אדער ווי א מורעשקע קעגען א עלעפאנט!”

איהר וואלט געמעגט שווערען, אז ער איז דארטען אליין געוועז און געזעהן אלסדינג מיט זיינע אייגענע אויגען. זיין חבר האט איהם געקוקט אין מויל אריין און געשלונגען מיט דארשט איטליכס ווארט און שטארק, שטארק מקנא געוועזן! איין זאך נאר איז איהם געוועזן א ביסעל קשה, און ער האט זיך ניט געפוילט עס א פרעג טהון ביי זיין חבר פינעלען: וויבאלד אדעס איז יא אזא טייערע שטאדט און אפרתי דער מיליאנשטשיק איז זייערער א קרוב, וואס זשע האבען זיי געשוויגען ביז אהער? פאר וואס זענען זיי פריהער ניט ארויסגעפאהרען אהינצוצו?... דערויף האט פינעלע אפגעענטפערט, גאר קיין סך נישט געטראכט:

— נארעלע! א קרוב, מיינסט דו, טאקי א נאהענטער קרוב — א פעטער? צי א געשוועסטערקינד? צי א מחותן? עס הויבט זיך גארנישט אן! א ווייטער קרוב! אפילו ניט קיין שני־שבשלישי. זיי זענען נאר ביידע, דאס הייסט אפרתי און מיין מאמע, פון איין שטאדט, פון מעזשירעטשקע. מיין מאמע׳ס מאמע איז פון מעזשירעטשקע און אפרתי׳ס טאטע, זאגט מען, איז אויך געוועזן א מעזשירעטשקער...

מע קאָן ניט זאָגן, אַז פֿינעלע׳ס ענטפֿער זאָל זיין אַ תּירוץ מספּיק אויף דער פֿראַגע, וואָס שלום האָט איהם אַוועקגעשטעלט. נאָר די צייט איז זיך געגאַנגען, און די צוויי חברים האָבען זיך אַזוי פֿאַררעדט וועגען אָדעס און וועגען אפרתי׳ס יחוס פֿון מעזשירעטשקע און וועגען נאָך זאַכען, אַז זיי האָבען זיך גאָרניט אומגעקוקט, ווי דער פֿריהמאָרגען איז אַוועק. דער עולם האָט שוין דערווייל לאַנג אָפּגעגעסען די וואַרעניקעס, געוועזן עפּיס מאָדנע אויפֿגערוימט, רויטליך און פֿאַרשוויצט, און מע איז שוין געשטאַנען ביי די בוידען און גענומען געזעגענען זיך זעהר פֿריינטליך מיט שימעלען און מיט זיין משפּחה, קושען זיך און ווינטשעווען אַלדאָס גוטס. מעהר פֿון אַלעמען האָט זיך געקושט שמואל־אלי דער רב און חזן, געהאַלטען עפּיס מאָדנע די אויבערשטע ליפּ, ווי זי וואָלט וועלען לאַכען, און צוגעווינטשעוועט די אָפּפֿאָהרענדיגע, ס׳זאָל זיין אין אַ מזל׳דיגער שעה, און געבעטען שימעלען, ער זאָל זיין אַזוי גוט און לאָזען גריסען גאַנץ אָדעס, און אפרתי׳ן — „למען השם, ניט פֿאַרגעסען אפרתי׳ן לאָזען גריסען גאָר פֿריינטליך!“

— פּראָשטשאַוואַיטע, סוקינע דיעטי! — האָט זיך שימעלע פֿרייליך אָפּגעזעגענט צום לעצטען מאָל שוין פֿון בויד אַרויס מיט׳ן גאַנצען שטעדטעל. — פּראָשטשאַוואַיטע! ניע פּאָמינאַיטע ליכאָם! און לאָז אייך גאָט העלפֿען, איהר זאָלט זיך אַרויסקאַראַטשקען פֿון דער דאָזיגער בלאָטע במהרה בימינו — היידאַ!

— היידאַ! — האָט איהם נאָכגעזאָגט אויך פֿינעלע, אַ שטעהענדיגער אין בויד, האַלטענדיג ביידע הענט אין די קעשענעס, ווי אַ גרויסער, און קוקענדיג אויף זיין חבר שלום מיט ליעבשאַפֿט און מיט גדלות — און די בוידען האָבען זיך גערירט.

און אַז די בוידען זענען אַוועק, איבערלאָזענדיג נאָך זיך אַ ריח פֿון פֿערד און אַ גאַנצע וואַנט פֿון שטויב, האָט זיך שמואל־אלי געכאַפּט מיט ביידע הענט ביי די זייטען און האָט אַזוי געלאַכט, זיך אַזוי געקאַטשעט, גלייך ווי צעהן טויזענט שדים וואָלטען איהם

געקיצעלט בײַ די פּיאַטעס: „חאַ-חאַ! קיין אָדעס פאָהרט ער! צו אפרתי׳ן, חאַ-האַ-חאַ!!!״...

אין דער מינוט האָט זיך דער פאַלשער שמואל-אלי געקוויפּט אַ שונא, אַ דם-שונא! דאָס איז געווען שלום נחום וועוויק׳ס: איהם איז ניט געווען צום לאַכען. אדרבה, איהם האָט זיך געוואָלט װײנען. ערשטענס, פאַרלירען אַ חבר — פינעלען. צווייטענס, די קנאה: יענער פאָהרט אַוועק. און וואוהין? אַזוי ווייט! אַזש קיין אָדעס! און ועל כּולם — און דאָס איז דער עיקר, — וואָס דאָס אַמאָליגע שענע חנ׳עוודיגע שטעדטעל וואָראָנקאָ איז עפּיס ווי קלענער געוואָרען, קלענער און נידעריגער און טונקעלער, און עס האָט מיט אַ מאָל אָנגעוואוירען דעם גאַנצען חן, מיט׳ן גאַנצען גלאַנץ און מיט׳ן גאַנצען כּשוּף. און עס האָט איהם פאַר־קלעהמט בײַ דער נשמה, און ער איז, אַ באַטריבּטער, אַ פאַר־בּיטערטער, מיט אַ צעוועהטיגט האַרץ, אַוועק אין חדר אַרײַן...

נ. בּ. אין אַ צייט אַרום, עס זענען אַוועק יאָהרען און יאָהרען, האָט זיך אַרויסבּאַוויזען, אַז שמואל-אלי דער חזן האָט ניט אומ־זיסט אַזוי געלאַכט: שימעלע איז אַריבּערגעפאָהרען מיט זיין געזינדעל נישט קיין אָדעס, נאָר קיין ר ז ש י ש ט ש ע ו ו, אַ קליין שטעדטעל אין קיעווער גובערניע, גאָרניט אַזוי שטאַרק ווייט פון וואָראָנקאָ. צו וואָס האָט איהם געטויגט דער אָנשטעל פון אָדעס און פון אפרתי׳ן — דאַרף מען פרעגען בײַ זיינע קינדער, וואָרום שימעלע איז שוין לאַנג אויף דער וועלט נישטאָ.

19

# משנה מקום — משנה מזל

עס האלט ביי פארלאזען כתרילעווקע. — הערסעל מיט דער סין טהוט־אן דעם שותף א ספאדעק. — דער באבע מינדי'ס תכריכים.

פון וואנען דאס האט זיך גענומען — קאן דער פארפאסער פון די דאזיגע באשרייבונגען נישט זאגען. נאר שימעלע האט געמאכט דעם ערשטען פעטשאטעק. תיכף נאך זיין ארויספאהרען האבען די איבעריגע וואראנקאווער בעלי־בתים אויך גענומען שמועסען פון „משנה מקום — משנה מזל" און פון אריבערפעקלען זיך אין אנדערע גרעסערע שטעדט: ווער קיין באָרישפאלי, ווער קיין רזשישטשעוו, ווער קיין וואסילקאוו און ווער נאך ווייטער.

אויך אויף נחום וועוויק'ס האבען זיינע קינדער געהערט דער־צעהלען בסוד־סודות, אז ער קלויבט זיך אריבער אין גיכען צוריק קיין פערעיאסלאוו, אין דער גרויסער שטאדט, פון וואנען ער איז אמאל אריבערגעפאהרען אהער, קיין וואראנקא, בעת די קינדער זענען נאך געווען גאר קליינינקע, און אויסגעלאזט האט מען דעם סוד מיט די ווערטער: „משנה מקום — משנה מזל"...

ביי די קינדער האט דאס פערעיאסלאוו אויסגעזעהען מורא'דיג גרויס און פול מיט חן און פול מיט סוד. „פערעיאסלאוו איז א מקום־פרנסה", — אזוי האבען צווישען זיך געשמועסט די גרויסע, און קליינוואַרג האבען זיך צוגעהארכט צו די שמועסען, נאך ווינציג פארשטאנען, נאר געפיהלט האבען זיי, אז דאס פערעיאסלאוו איז

עפּיס אַ גוטע זאַך, האָבען זיי געקלויבען תּענוג און צו גלייכער צייט האָט זיי באַנג געטהאָן זיך שיידען מיט׳ן קליינעם שטעדטעלע, וואו זיי האָבען פאַרבראַכט זייערע בעסטע קינדערשע יאָהרען, די סאַמע גאָלדענע צייט פון זייער יוגענט.

„וואָס וועט זיין — האָט זיך דער קליינער שלום געטראַכט — מיט דעם וואָראָנקאָווער אַלטען בית־מדרש, אַז אַלע אידען וועלען זיך צעפאָהרען? ווער וועט זיצען אויף זייערע ערטער אין מזרח־זייט? און דער באַרג, וואָס אויף יענער זייט בית־מדרש, וואָס וועט זיין מיט איהם? און מיט די אידישע קלייטען? און מיט׳ן אוצר?... ניט שוין־זשע וועט פאַרלוירען געהן אַזאַ גוטס, וואָס ליגט אָנגעגרייט פון אידענ׳ס וועגען טיעף אין דער ערד אַזוי פיעל יאָהרען? ניט שוין־זשע וועט דאָס אַלסדינג אונטערגעהן, כּלה ונאבד ווערען? !״...

וויפיעל מע האָט זיך ניט געהיט פאַר די קינדער ניט צו רעדען אין שטוב פון „אַזעלכע זאַכען״, האָבען זיי דאָך געחאַפּט ווערטער: „משנה מקום — משנה מזל״... „פּרנסה איז געשלאָגען״... פאַר וואָס אַז מע איז משנה דעם מקום, איז מען משנה דעם מזל? און וואָס איז, אייגענטליך, אַזעלכעס „פּרנסה״ און ווי אַזוי „שלאָגט״ מען זי? — דאָס האָבען קליינוואַרג נאָך ניט אַקוראַט פאַרשטאַנען. נאָר לויט דער מינע, וואָס די גרעסערע האָבען בעת־מעשה געמאַכט, האָבען די קלענערע זיך אָנגעשטויסען, אַז עפּיס טהוט זיך, עפּיס קומט־פאָר... שטענדיג אַ שטילער, אַ רוהיגער, אַ בעל מרה־שחורה, איז נחום וועוויק׳ס געוואָרען נאָך מעהר שטיל און נאָך מעהר מרה־שחורה׳דיג. תּמיד איין איינגעבויגענער, איז ער געוואָרען נאָך מעהר איינגעבויגען. אויפ׳ן הויכען ווייסען שטערן האָבען זיך אויסגעלעגט נאָך אַ מאָל אַזוי פיעל קנייטשען, ווי פריהער. אינ־צווייען פלעגט ער זיך פאַרשליסען מיט׳ן יונגערען ברודער, מיט׳ן פעטער ניסלען, רויכערען אַ פּאַפּיראָס נאָך אַ פּאַפּיראָס און עפּיס נאָר גע׳סוד׳עט זיך און נאָר געשטיקט זיך... מע האָט דעם לעצטען ווינטער אויפגעהערט ביי די ראַבינאָוויטשעס פראַווען מלוה־מלכּהס

פאַר דער גאַנצער שטאָדט. דעם לעצטען שמחת־תורה און שמיני־עצרת האָט מען אפילו נאָך געהוליעט, דער פעטער ניסעל האָט אפילו זיך נאָך געביטען מיט'ן סטאַנאָוואָי מיט די היטלען און פלומרשט געטאַנצט מיט איהם אויפ'ן דאַך אויך — נאָר ס'איז שוין געווען ניט דאָס הוליען און ניט דאָס טאַנצען, וואָס פריהער. אפילו די מוהמע האָדעל איז געוואָרען געלאַסען, פאַרלוירען אַ סך פון איהר ניפט... עפּיס איז די גאַנצע משפּחה געוואָרען ווי צע־שרויפען. נאָר איין באָבע מינדי האָט זיך נאָך געהאַלטען שטאָלץ, ווי אַ דעמב. די אייגענע ריינקייט און טשעפּקעקייט, וואָס פריהער. די אייגענע ציכטיגקייט און זויבערקייט, וואָס אַלע מאָל. נאָר די שבת־אויבסטען זענען געווען, דאַכט זיך, שוין ניט די, וואָס תמיד. די עפּעלעך אַ ביסעל צוגעפרוירען און צוגעלעגערט און אַ ביסעלע ווי אונטערגעפוילט, די ניסלעך פּייפעדיג, און אין די פייגען האָבען זיך פאַרפּלאָדעט ווערעם... געדאַווענט און געבענטשט האָט די באָבע מינדי, ווי פריהער, געשמאַק און הויך אויף אַ קול, ווי אַ מאַנסביל, פון איהר גרויסען ציכטיגען קרבן־מנחה אַרויס, און אויס־געשמועסט זיך מיט'ן רבונו־של־עולם. נאָר ס'איז שוין געווען ניט דאָס דאַווענען און ניט דאָס אויסשמועסען זיך מיט גאָט. עפּיס האָט זיך געטהאָן אין דער משפּחה, עפּיס איז פאָרגעקומען ביי די ראַבינאָוויטשעס אַ מין סוד.

אַזוי האָט זיך עס געצויגען אַ גאַנץ ווינטער, ביז עס האָט פּלוצים אויסגעזעצט דער בלאָטער, דער אמת איז אַרויף ווי בוימ־עהל אויפ'ן וואַסער, און די גאַנצע שטאָדט איז געוואָרע געוואָרען פונ'ם סוד, אַז נחום וועוויק'ס שותּף פון דער פּאָסעסיע, אַ איד אַיין אָנגעפּעלצטער מיט אַ רויטער נאָז (הערשעל האָט ער גע־הייסען, נאָר ווייל ער האָט ניט געקאָנט אַרויסרעדען קיין שין, נאָר אַ סין, האָט מען איהם אַ נאָמען געגעבען „הערסעל מיט דער סין"), האָט זיין שותּף נחום'ען בדיל־הדל געשטעלט, פּשוט באַ־גנב'עט, און חוץ לזה האָט ער איהם נאָך שטילערהייט אויסגעדונגען פון דער פּאָסעסיע! איז געוואָרען אַ ויצעקו אין שטאָדט:

„סטייטש, רב נחום, וואס שווייגט איהר איהם? פאר וואס נעמט איהר איהם ניט צום רב, צו מענטשען?" נאר אז ס'איז געקומען צום רב און צו מענטשען, האט דער דאזיגער הערסעל מיט דער סין זיך אויסגעלאכט און ארויסגערעדט זיך עפים מורא'דיג גראב (און דוקא מיט דער סין, ווי זיין שטייגער איז), אז ס'איז גאר א בזיון דאס פאר'ן מויל צו ברענגען...

— א יונגאטש קאן! — האט דער פעטער ניסעל גע'טענה'ט, געמאכט מיט די הענט און געוויכערט מורא'דיג גראבע פאפיראסען, און ער האט זיך געשוואוירען, אז זיין נאמען וועט ניט הייסען ניסעל, אויב ער וועט אט דעם שייגעץ, דעם הולטאי, דעם גראבען יונג מיט דער סין ניט ארייןפאקען אין אסטראג אריין, ווינציגסטענס, אויף פינף און צוואנציג יאהר!

— וואסער פאקען? וואסער אסטראג? וואסערע פינף און צוואנציג יאהר? — אזוי האט איהם דער עלטערער ברודער, נחום, אפגעקיהלט מיט א ביטערען שמייכעל און אויך פארוויכערט א גראבען פאפיראס. — מע האט מיר אנגעטהאן א ספאדעק, און מע מוז איצטער פאהרען צוריק קיין פערעיאסלאוו. משנה מקום — משנה מזל...

דאס זענען געווען קלארע דבורים, וואס חברה האבען פארשטאנען, האטש איין זאך איז זיי נאך געווען א ביסעל ניט אזוי פארשטענדליך: פון וואסער א „ספאדעק" האט זיך דא גערעדט? צוגעהן צום טאטען און פרעגען — דערויף האט קיינער נישט געוואגט. צופיעל דרך־ארץ האט מען געהאט פאר א טאטען, מע זאל צוגעהן צו איהם פרעגען: „טאטע, וואס פאר א ספאדעק האט מען דיר אנגעטהאן?" די קינדער האבען נאר געזעהען, אז דער טאטע צאנקט, געהט איינגעבויגען. יעדער זיפץ און יעדער קרעכץ רייסט־אויס א שטיק הארץ.

— איהר וועט דא בלייבען איבער'ן זומער לערנען, איין עבירה אין מיטען זמן אייך אפצורייסען, און אם ירצה השם אויף

סוכּות וועט מען שיקען נאָך אייך אַ פוהר, וועט איהר קומען צו פאָהרען.

אַזוי האָט נחום וועוויק'ס געגעבען צו וויסען די קינדער איינ-מאָל אין אַ זומערדיגען טאָג, און צו זייער שטוב זענען צוגעפאָהרען צוויי בוידען, פּונקט אַזוי ווי דעמאָלט צו שימעלען, און מע האָט זיך גענומען פּאַקען אין וועג און געזעגענען זיך מיט דער שטאָדט. ס'איז אָבער געווען ניט דאָס פּאַקען זיך און ניט דאָס געזעגענען זיך און ניט די פּרייליכע וואַרעניקעס, וואָס ביי שימעלען. עפּיס האָט זיך אַ באַזונדערער טרויער אויסגעגאָסען אויף אַלעמען און אַ מרה-שחורה איז געלעגען אויף אַלע פּנים'ער. די גאַנצע שטאָדט האָט מיטגעפיהלט די ראַבינאָוויטשעס. „זאָל זיי גאָט העלפען; משנה מקום — משנה מזל; נעבאַך אַ רחמנות!" — אַזוי האָט מען געשמועסט הינטער די אויגען, און די קינדער האָבען נאָך ווינציג-וואָס פאַרשטאַנען, פאַר וואָס און אויף וועמען איז עס אַזאַ רחמנות? אויב שוין יאָ אַ רחמנות, איז עס געווען אויף דער באָבע מינדי, וואָס האָט אויף די עלטערע יאָהרען באַדאַרפט צו-נויפלעגען איהר קאַסטען, זיך פּאַקען אין וועג אַריין. יונגוואַרג האָבען דערוויילע געהאַט אַ געלעגענהייט חאַפּען אַ קוק, וואָס ביי דער באָבע אין קאַסטען טהוט זיך: אויסער די זיידענע אויס-געפּרעסטע טיכלעך, וואָס זענען געלעגען אויסגעלעגט צווישען די בלעטער פון קרבן-מנחה, אויסער די יום-טוב'דיגע זיידענע מלבושים און סאַמעטענע רעזוואָולקעס, עפּיס מאָדנע גענייהט, מיט קור-צינקע אַרבעלעך און פייענע עקלעך — אויסער דעם גוטס און האָב, איז דאָרט געלעגען ווייט-ווייט אין אַ ווינקעלע זעהר אַ סך ווייס-שטאָף. דאָס איז געווען דער אַלטער'ס תּכריכים, וואָס זענען געלעגען ביי איהר צוגעגרייט פון וויים איך ווען אָן אויף איבער הונדערט יאָהר, אַז ט אָ מ ע ר וועט זי שטאַרבען, זאָל זי ניט דאַרפען אָנקומען צו אַ קינד... דאָס האָבען געוואוסט אַלע; פון דעסטוועגען האָבען חברה געהאַט אַ האַרץ אַ פרעג צו טהון ביי דער באָבע: „צו וואָס באַדאַרף זי האָבען אַזוי פיעל ווייסע

מאַטעריע ?״... דער פרעגער איז געווען נישט קיין אַנדערער, נאָר דער קלענסטער פון אַלע אין וואוקס און דער גרעסטער פון אַלע אין שקאָצעריי, דער שרייבער פון די דאָזיגע זכרונות. ער האָט דערפאַר באַקומען פון דער באָבע אַ שען ביסעל מוסר, און זי האָט איהם נאָך צוגעזאָגט צושטעלען אַ בענקעלע פאַר׳ן טאַטען. זי קלויבט זיך שוין פון לאַנג, האָט זי געזאָגט, אויף דעם קליינעם „ליץ״. זי ווייסט, זאָגט זי, גאַנץ גוט, אַז ער מאַכט איהר נאָך הינטער די פּלייצעס, ווי אַזוי זי דאַווענט און ווי אַזוי זי בענטשט (און דאָס איז דוקא געווען איין אמת). זי וועט דאָס שוין אַלסדינג דערצעהלען, אַלסדינג! זי וועט זיך שוין קיהלען דאָס האַרץ!... צום סוף האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ווער־וואָס? די באָבע האָט אַפילו ניט אָנגעהויבען צו דערצעהלען. אדרבה, פאַר׳ן אוועקפאָהרען, אַז ס׳איז געקומען צום געזעגענען זיך, האָט זי זיך צעקושט מיט יעדען קינד באַזונדער, ווי נאָר אַ מאַמע קאָן זיך קושען, און געוויינט, ווי נאָר אַ מאַמע קאָן וויינען. און שפּעטער, אַז מע האָט שוין באַדאַרפט טאַקי זעצען זיך פאָהרען, האָט זי צום לעצטען מאָל זיך אָפּגערופען צו די קינדער:

— זייט זשע געזונט, קינדערלעך! גאָט זאָל העלפען, איהר זאָלט דערלעבען אַלע צו געהן נאָך מיין לויה...

אַזאַ מין ווינשעוואַניע!

## 20

# דער עולם צעקריכט זיך

שמואל־אלי שפּיעלט אין שאך. — דער עולם קומט זיך געזעגענען. — ווייבער מיט פאַרוויינטע אויגן פּיסקלען זיך. — מע דאַרף זיין פון אייזן, מע זאָל ניט לאַכן.

דער טאָג פון נחום וועוויק׳ס אַוועקפאָהרען איז געווען פאַר דער שטאָדט אַ תשעה־באָב און פאַר די קינדער — אַ שמחת־תורה: אַ קליינינקייט אַזאַ יום־טוב? ערשטענס, לערענט מען ניט. ווער וועט דאָס געהן אין אַזאַ טאָג אין חדר אריין? און צווייטענס, איז גלאַט לעבעדיג — מע קלויבט זיך, מע פּאַקט זיך, מע רוקט שאַפעס, עס קלינגען גלעזער, גאָפּעל־מעסער, עס קומען בוידען, און עסען עסט מען ווי ערב־פּסח, בחפּזונ׳דיג! היינט די פּאָר גראָשענס, וואָס מע וועט באַקומען „אַטיזנע" (אָפּפאָהר־געלט)? דערווייל זעהט מען עס נאָך נישט. דערווייל קומען נאָך בעלי־בתּים זיך געזעגענען. דאָס הייסט, זיי קומען, מע זאָל זיי זאָגען „זייט געזונט", ווען זיי זאָגען „פאָהרט געזונט" און אָנווינטשען דערביי אָהן אַ שיעור גוטע זאַכען, ווי געזונט און הצלחה און מזל און אַלדאָס גוטס.

פריהער פון אַלע איז געקומען שמואל־אלי דער רב און חזן. שמואל־אלי איז איין אָפּטער איינגעהער צו די ראַבּינאָוויטשעס. ער קומט אַלע טאָג. ווי איין עהרליכער איד לאָזט נישט דורך דאַווענען, אַזוי לאָזט ער נישט דורך קיין שאָך שפּיעלען מיט רב

נחומ׳ען. שפּיעלען אַ שאָך איז בּיי איהם אַ פאַרגעניגען. געווינען בּיי רבֿ נחומ׳ען אַ שאָך איז בּיי איהם אַ גליק. אַ מאָדנע טבע בּיי דעם שמואל־אלי׳ן: פאַרשפּיעלט ער — שרייט ער, געווינט ער — שרייט ער. נאָר געווינען געווינט ער זעלטען. מעהרסטענטיילס פאַרשפּיעלט ער. און אַז ער פאַרשפּיעלט, שרייט ער, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות, אַז ער איז געגאַנגען נישט מיט דעם ציגעל, וואָס ער האָט געוואָלט, און אַז ער זאָל געוועזן געהן אַנדערש, וואָלט דער אַנדערער פאַרשפּיעלט!...

בּיי אַזאַ שפּיעל, אַז ס׳איז געזעסען דער פעטער ניסעל, האָט ער נישט געקאָנט ליידען. האָט ער געפרעגט שמואל־אלי׳ן: „וואָס שרייט איהר?“ דער טאַטע נחום איז אָבער ניט געווען אַזאַ מענטש. ער האָט רוהיג אויסגעהערט שמואל־אלי׳ן, ווי ער קאָכט זיך, פאַוואָלינקע געשמייכעלט זיך אין בּאָרד אריין און געשפּיעלט ווייטער. די מאַמע חיה־אסתּר איז געווען אויסער זיך: אין אַזאַ צייט, אַ שעה פאַר׳ן אוועקפאָהר, זעצט מען זיך אוועק שפּיעלען אין שאָך? „דאָס לעצטע מאָל, חיה־אסתּר, געזונט זאָלט איהר זיין! איהר פאָהרט אוועק, דער עולם צעקריכט זיך, קיינער בּלייבּט ניט, מיט וועמען וועל איך שפּיעלען אין שאָך?“

אַזוי בּעט זיך שמואל־אלי דער חזן און פאַרשאַרט דאָס היטעל אַרויף, נעמט זיך צו דער אַרבּייט און הויבּט שוין אָן צו קאָכען זיך און צו שרייען, אַז ניט אַזוי איז ער געגאַנגען, ווי ער האָט געוואָלט, און נחום שמייכעלט און לאָזט איהם געהן אַנדערש.

דאָס שפּיעלען געהט אָבער בּיי זיי ניט ווי אַלע מאָל. עס קומען אַלע מינוט צו געהן נייע מענטשען זיך געזעגענען. מע קאָן ניט זיין אַזוי גראָבּ און מע מוז איבּעררייסען אין מיטען שפּיעלען, אַז עס קומט צו געהן אַזאַ איד אַ שכן, ווי רבֿ אייזיק. ער מעג טאַקי האָבּען אַ ציעגען בּערדעל און דאַוונען אויף אַ דין קול׳כעל, איז ער אָבער אַ ליבּאַוויטשער חסיד און זעהר איין עהרליכער איד. צי, אַשטייגער, בּאַלד נאָך איהם איז געקומען דן. דן איז אַ יונגער־מאַן מיט ווייסע האָר. דאָס הייסט געל, נאָר געל, ווי פלאַכס. ער

איז בטבע אַ שווייגער, רעדט נישט מיט קיינעם. נאָר איצט, אַז רבּ נחום פאָהרט־אַרויס פון וואָראָנקאָ, האָט זיך דן צערעדט. ער וואָלט אפילו געוועז, זאָגט ער, אויך אַרויספאָהרען, ער זאָל האָבען וואוהין. חאַפּט דאָס דער רוח! ער וואָלט אַ בּעלן געווען פאַרקויפען זיין געשעפט, ער זאָל האָבען וועמען. חאַפּט דאָס דער רוח!... שמואל־אלי קוקט אויף איהם, ווי אַ גזלן, און דן הערט נישט אויף צו שיטען מיט ווערטער. אַ מענטש האָט זיך צערעדט! אַנשוויגען ווערט ער ערשט דעמאָלט, ווען עס קומען צו געהן אַנדערע זיך געזעגענען. און קומען קומט די גאַנצע שטאָדט, איינס נאָכ'ם אַנדערע. פריהער אידען, דערנאָך ווייבּער. אַלע אַראָפּגעלאָזט די נעז, אַלע פאַרזאָרגט. אַנדערע פאַרוויינט. איין אידינע האָט געבּראַכט צו טראָגען די קינדער מאָנפּאַסיע־קאָנפעקטען. אַ אידינע אַ צדקנית!...

שטאַרק פאַרוויינט זענען די צוויי ווייבּער, וואָס האָבען חתונה געהאַט בּיי די ראַבּינאָוויטשעס אין שטוב. דאָס זענען „פרומע די מויד“ מיט'ן בּלינדען אייגעל און „פייגעלע־אַשמדאי“. די צוויי האָבען אַזוי שטאַרק געווישט די אויגען און געשנייצט די נעז און געמאַכט אַזעלכע מאָדנע פּיסקעס, אַז שלום, דער קליינער „ליץ“, האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און האָט זיי בּיידען, טאַקי דאָ אויפ'ן אָרט, הינטער זייערע פּלייצעס, קונציג נאָכגעמאַכט מיט די זעלבּע פּיסקעס און מיט'ן זעלבּען שנייצען די נאָז, און חברה קליינוואַרג האָבען אַלע מאָל אויסגעשאָסען אַ הילכיגען געלעכטער. האָט זיך אָנגעהויבּען אַ חתונה: „וואָס איז דער געלענדער?“ די מאַמע חיה־אסתר, אַ אידינע בּכלל אַ בּייזע, און דערצו נאָך פאַרצאָרנט און פאַרטאַרעראַמט פונ'ם אַוועקפאָהרען, האָט אַוועקגעוואָרפען אַלע אַרבּייט און אויסגעלאָזט איהר צעוועהטיגט האַרץ צו די קינדער. זי האָט נאָר געוואָלט דערגעהן דעם שכל: „וואָס איז דער געלענדער? און וואָס איז די גדולה?“... איז פרומע די מויד איהר געקומען צו הילף און געזאָגט, אַז זי וועט געהן שווערען בּיי אַ „ריינינקייט“, אַז דאָס שטאַמט פון אָט דעם קליינעם וועווריק, דעם סאַמאָוואָליץ, דעם

זולל־וסובא'ניק, דעם איוואן פאפערילע, דעם ימח־שמו'ניק, דעם אויסוואורפלינג, דעם כל־בו'ניק... דאס האט זי געמיינט נישט קיינעם, נאר דעם מחבר פונ'ם דאזיגען בוך, וואס איז געשטאנען בעת־מעשה א נעבאכעל, גאט די נשמה שולדיג. עס קאן זיין, אז ער וואלט געחאפט א רעכטע „אטיזנע" פון דער מאמע, ווען עס מישט זיך ניט אריין די אלטע באבע מינדי און לייזט איהם ניט אויס פון מזומנ'ע פעטש. דערזעהען, אז מיט איהר אייניקעל האלט עס שמאל, האט זיך די באבע מינדי אנגערופען צום גאנצען עולם:

— קינדערלעך! ביי אונז איז א מנהג פון קדמונים, אז איידער מע געזעגענט זיך פאר'ן אוועקפאהרען, באדארף מען זיך צוזעצען חאטש אויף איין מינוט...

די באבע מינדי האט זיך אוועקגעזעצט אויף דער פאר'יתומ'־טער קאנאפע, וואס צום איבערפיהרען איז זי געווען צו אלט און פארקויפען איז ניט געווען וועמען, און דער גאנצער עולם האט זיך אוועקגעזעצט נאך איהר, און ס'איז געווארען א ווייל׳ע שטיל, חאטש א פליעג דורכצופליהען. דערנאך איז געקומען דער לעצטער אקט, דער סאמע שווערסטער — דאס געזעגענען זיך און דאס קושען זיך. און דאנקען גאט — מען איז דאס אויך איבערגעקומען. די בוידען זענען גרייט. נאך א מאל „זייט געזונט!" און נאך א מאל „פאהרט געזונט!" און ווידער א מאל א ווישעניש פון אויגען און א שנייצען פון נעז, און פיסקעס, פיסקעס! גוואלד, רבונו של עולם! געה האלט זיך איין און מאך ניט נאך די ווייבער, ווי זיי קרימען זיך, ציטערען מיט די גוידערס און מאכען פיסקעס!... זיי לאזען אפילו ניט געזעגענען זיך, ווי עס געהער צו זיין. עס ווערט מיט א מאל שטארק אומעטיג אויפ'ן הארצען. א רחמנות אויפ'ן טאטען, א רחמנות אויף דער מאמע, א רחמנות אויף דער באבע מינדי. אט טראגט מען איהר אלטען מיט אייזען געקאוועטען קאסטען; דארט ליגען איהרע תכריכים... עס טהוט א צופ, א נעם־אן ביי דער נשמה. עס גלוסט זיך א וויי־טהון. ובפרט, אז מע זעהט, אז אזא מענטש, ווי דער פעטער

ניסעל, ווישט אויך די אויגען, אז קיינער זעהט ניט... דער פעטער ניסעל זאָל וויינען? ווי קומט עס?... דער טאַטע רופט־צו די חברה איינציגווייז, נעמט־ארויס פון בייטעלע צו זילבערנע מטבעות. די מאַמע אויך. און די באָבע מינדי האָט נאָך פון פריהער אָנגעגרייט איטליכען באַזונדער אין אַ פּאַפּיערעל קליינגעלט — אחת לאחת וועט דאָס זיין אַ רעכטע מטבע! גאָט זאָל העלפען, די בוידען זאָלען שוין ריהרען. אָט האָבען זיי גערי‌הרט. די רעדער קויקלען זיך. דער עולם האָט זיך געגעבען מיט אַ מאָל אַ שטופּ: „פאָהרט געזונט! זייט מצליח!" פון דער בויד ארויס קוקט זיך אום די באָבע מינדי, גלייך ווי זי וואָלט וועלען נאָך אַ מאָל, צום לעצטען מאָל, געבען אַ קוק אויף דעם אָרט, וואָס זי האָט פארלאָזט אויף שטענדיג, אויף אייביג... עס נעמט זיי ווידער אָן איין אומעט און דאָס געפיהל פון רחמנות האַפּט זיך אויף נאָך אַ מאָל ביי זיי אויף אַ ווײלע און ווערט פארלאָשען — עס ווילט זיך איבערצעהלען דאָס ביסעל מינץ...

פון'ם גאַנצען טאַרעראַם מיט'ן גאַנצען האַרמידער האָט זיך סוף־כל־סוף אויסגעלאָזט אַ שטילשווייגעניש. די בוידען זענען אוועק, איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ געדיכטען שטויב, אַ ריח פון סמאָלע און אַ מאָדנע פוסטקייט. דער עולם האָט גענומען ביסלעכווייז, איינציגווייז, ווי פארשעמט, זיך צעגעהן, דער אַהער, דער אַהין, עפּיס גלייך ווי די אָפּגעשמיסענע. דער פעטער ניסעל — יענער איז גאָר אַנטרונען געוואָרען. געבליבען שפּעטער פון אַלע איז שמואל־אלי דער חזן. ער איז נאָך לאַנג־לאַנג געשטאַנען און נאָכגעקוקט די אָפּגעפאָהרענע, פארשטעלט מיט דער האַנט די אויגען פון דער זון, וואָס האָט באמת גאָרניט אזוי שטאַרק געבראָטען און גאָרניט אזוי שטאַרק געשיינט. דערנאָך האָט ער מיט אַ ביטער שמייכעלע אַ זאָג געגעבען צו זיך אַליין: „דער עולם צעקריכט זיך, אזוי ווי ווערעם"... און ער האָט אויסגעשפּיגען.

## 21

# גערגעלע־גנב

משה דער שוחט — א צדיק. — גערגעלע — א בחור מיט א צע־שפאלטענער ליפּ. — די קונסט פון גנב'ענען עפּעל. — געפּאקט ביי דער פּושקע טאבאק. — דעם רבינ'ס טוידט.

דאָס דאַרף מען פאַרשטעהן, אַז איבערגעלאָזט האָט מען קליינוואַרג אין שטעדטעל עפּים ניט גלאַט אַזוי אויף הפקר. דער פּאָטער האָט פאַר זיי געזוכט אַ מלמד מיט אַ מדריך, איין אַפּיטרופּס, אינאיינעם. דאָס הייסט: די קינדער זאָלען ביי איהם אי לערנען, אי עסען קעסט, און דער רבי זאָל אויף זיי השגחה געבען. און עס איז איהם אָפּגעראָטען אַרום און אַרום. דער רבי מיט'ן אַפּיטרופּס, מיט'ן בעל־משגיח, וואָס ער האָט געפונען פאַר זיינע קינדער, איז געוועזן איין אויסגעשפּיעלטער, אַ געראָטענער, טאַקי דעם אַלטען וואָראָנקאָווער שוחט'ס אַ זוהן, משה דער שוחט.

דאָס איז געוועזן אַ זיידענער יונגערמאַן, אַ צאַצקע, אַ מופלג בתורה און אַ שענער בעל־תנ"ך, און גלאַט אַ דימענט פון אַ מענטשען. דער חסרון איז אָבער געוועזן, וואָס אָט דער רבי איז געוועזן נישט קיין געזונטער און בטבע שוין צו אַ גוטער, צו אַ ווייכער, געגאַנגען מיט זיינע תלמידים אויף אַ נייעם דרך — ניט מיט שמיץ, נאָר מיט גוטע ווייכע וואַרעמע רעד, צו וועלכע די קינדער זענען גאָרניט געוואוינט געוואָרען, און דעריבער טאַקי האָבען זיי אָפּגענאַרט דעם רבין פון קאָפּ ביז די פיס, מחילה געפיהרט איהם

אין באָר אריין: ניט געדראַווענט און ניט געלערענט, און שפּעטער־צו, אַז משה דער שוחט איז שוין גאָר גוט קראַנק געוואָרען, באַקומען די „דאָר" און אַוועקגעלעגט זיך, האָבען חברה אָנגעהויבען ארומצוגעהן פּוסטעפּאַס, שלאָגען ביידעקעס, זיך חבר'ען מיט גערגעלע־גנב, אַ יונגעל אַ יתום און אַ באָרוויסער, מיט ממזר'ישע אויגען, מיט אַ צעשפּאַלטענער ליפּ — אַ רעכטער באָסיאַק! זיין אמת'ער נאָמען איז געווען גרשון, נאָר דאָס האָט איהם זיין מאַמע, שרה־פייגה די קעכין, זאָגט ער, אַזוי פאַרצויגען, און דעם נאָמען „גנב" האָט איהם שוין צוגעלעגט, זאָגט ער, זיין שטיפּטאַטע, יוסף־מאיר דער העקער, חאָטש ער האָט נאָך דעמאָלט, זאָגט ער, ביי קיינעם קיין זאַך ניט אַוועקגע'גנב'עט. מע זאָל איהם ניט געוועז, זאָגט ער, אַ נאָמען געבען גנב, וואָלט ער אפשר קיין גנב קיינמאָל ניט געוואָרען. איצט וועט ער שוין, זאָגט ער, זיי אויף־צו־להכעיס, ווערען אַ גנב — הלואי עס זאָל נאָר זיין וואָס צו גנב'ענען!...

אַזוי האָט זיך גערגעלע־גנב באַריהמט גאַנץ ערנסט און מיט אַ מינע פון אַ גרויסען פּאַר שלום נחום ווערויק'ס, וואָס איז געווען איבערראַשט פון'ם יונגעל מיט די קלוגע אויגען און מיט דער צעשפּאַלטענער ליפּ. זייער באַקאַנטשאַפט האָבען זיי געשלאָסען טאַקי ביי משה דעם שוחט אין חדר. אַ גאַנצע וואָך איז משה דער שוחט געווען אַ מלמד, נאָר דאָנערשטאָג איז ער געווען אַ שוחט, און אַלע ווייבלעך און אַלע מיידלעך האָבען זיך דעם דאָנערשטאָג־דיגען טאָג דאָ צונויפגעזאַמעלט מיט זייערע עופות, גענז און קאַטשקעס. צווישען זיי איז געווען איינער אַ בחור'על מיט אַ צעשפּאַלטענער ליפּ — דאָס איז געווען גערגעלע — אויך מיט איין עוף, וואָס די מאַמע די קעכין האָט דורך איהם געשיקט צום שוחט קוילען אויף שבת. זיצענדיג צווישען די ווייבלעך און וואַרטענדיג אויפ'ן שוחט, האָט דערווייל אָט דער גערגעלע גע־ווילט דעם עולם, דאָס הייסט, ער האָט געמאַכט אַזעלכע משונה אָנשטעלען, אַזעלכע מאָדנע פּיסקעס און אַזעלכע משוגע'נע העויות,

אז וויפיעל ס׳איז געווען ווייבלעך און מיידלעך, האבען איהם אלע געשאלטען מיט טוידטע קללות: „גנב״, און „משומד״, און „חלירע״, און וואס אין דער קארט, און געלאכט בעת־מעשה צום טוידט! „אט דער איז פון מיינע לייט!״ — האט זיך געזאגט שלום נחום וועוויק׳ס און איז געווארען מיט איהם חבר. פאר־שטעהט זיך, בסוד, אז קיינער זאל ניט וויסען, ווארום א „טאטענ׳ס א קינד״ וואלט געקאנט האבען א מיאוס׳ען פסק פאר אזא חבר׳ען זיך מיט א קעכינ׳ס א יונגעל און א גנב דערצו.

עס איז אבער געווען א באזונדער מין זיסקייט אין דעם חבר׳ען זיך דוקא מיט אזא יונגעל, מיט וועלכען מע קאן זיך באגעגענען נאר פארנאכטליך, בין מנחה למעריב, רעדען א פאר ווערטער, מאכען א פאר קונצען, זיך לאזען לויפען ביידע אראפ א בארג, וכדומה. עס איז געווען א באזונדער פארגעניגען ארייג־רוקען איהם אין האנט אריין, אז קיינער זעהט ניט, אמאל א גראשען, אמאל א צוקערקע און אמאל גלאט א שטיקעל ברויט — גערגעלע האט אלסדינג גענומען בשמחה רבה, חלילה ניט ווי א נדבה, און נישט געזאגט קיין דאנק אפילו, נאר צוגענומען מיט ביידע הענט, ווי א חוב, וואס קומט איהם, און געהייסען זיך ברענגען מארגען נאך א מאל, געגעבען עצות, ווי אזוי מע זאל פון זיינעטוועגען „קריגען״, דאס הייסט, מחילה, גנב׳ענען. נישט אויפ׳ן גראבען ארט חלילה, נאר איידעל. למשל, דער אייגענער גערגעלע האט אויסגעלעהרענט זיינע חברים, און דוקא אין א גאר קורצער צייט, ווי אזוי מע קאן קריגען אומזיסט עפעל אין מארק, אדער בארען. מע מיינט נישט פון פרעמדע גערטנער, חלילה. ווארום וואס פאר א טאטענ׳ס א קינד וועט זיך עס איינשטעלען אריבערקריכען, ווי א גוי, איבער א פלויט, אריינשפרינגען אין א פרעמדען גארטען, וואו עס געפינט זיך א שומר, וואס קאן ברעכען א ביין, און א הונט אויף א קייט, וואס קאן דורס זיין א מענטשען? קריגען אומזיסט עפעל וויפיעל מע וויל האט זיי גערגעלע־גנב אויסגעלעהרענט נאר שפיעלענדיג זיך, און אפילו נישט עובר צו

זיין אויפ'ן לאו פון „לא תגנוב". ווי אַזוי איז דאָס מעגליך? אָט וועט איהר האָרכען — און זאָגט איהר, אויב דאָס הייסט גע'גנב'עט.

זומער־לעבען. נאָר־וואָס אויפגעקומען עפּעל און בארען. שוין פאַרנאַכטליך. ווייבער זיצען נאָך, אויסגעלעגט מיט זייער סחורה אויף די טישלעך, אָדער גאָר אויף דער ערד, רעדען פונ'ם געדע־טעניש, וואָס היינטיגס יאָהר איז אויף אויבסטען, פון דעם, וואָס קיין רעגען געהט ניט, און אַז עס געהט ניט קיין רעגען, איז אַ שטויב, און אַז ס'איז אַ שטויב, איז דאָ אַ סך פליי... די מאַנען פון די ווייבער זענען אין בית־מדרש, חאַפּען־אַריין אַ מנחה־מעריב. דעמאָלט איז די בעסטע צייט. דעמאָלט לאָזען זיך ווייסע־חברה'־ניקעס אויף דער אַרבייט — צו קריגען אומזיסטע עפּעל. חברה געהען באָרוויס און אַלע אָנגעוואָפּענט מיט שטעקלעך, און אויף די שטעקלעך טשוועקלעך, אויסגעבויגען ווי האַטשקעלעך, און מע לאָזט זיך לויפען — דאָס ווערט אָנגערופען „פּאָטשט". איינער איז דאָס פערד, און די איבעריגע זענען פאַרשווינדלעך, וואָס האַלטען איהם ביי'ם צוימעל, טרייבען איהם, הוקען־אונטער און פייפען און שרייען: „פּאָשאָל!" און אַקוראַט אַז עס קומט צו דער קופּע עפּעלעך אָדער באַרלעך, טהוט געדגעלע אַ קאָמאַנדע: „פּאַלקי דאָלאָי!" — טהוען חברה אַ שאַר מיט די האַטשקעוואַטע שטעקלעך, און מחמת דער שטויב איז פונ'ם לויפען זעהר גרויס, באַמערקט מען ניט, ווי עס קאַטשען זיך עטליכע אָנגעחאַפּטע עפּעלעך אָדער באַרלעך. אָפּגעלאָפען אַ ביסעל, ציהט זיך געדגעלע אויס, און נאָך איהם — די ווייסע־חברה'ניקעס, אויף דער ערד און מע נעמט זיך צום „רויב", צו די אָנגעחאַפּטע עפּעלעך. מע שטופּט ווער אין די קעשענעס, ווער גלייך אין מויל אַריין — חי געלעבט! ס'איז ניט אַזוי זיס די גנבה, ס'איז ניט אַזוי אָנגעלעגט די עפּעלעך, ווי ס'איז גלאַט פריילּיך!

געדגעלע איז איבערהויפּט אַ פריילּיכער יונג, האָטש ווער עס האָט גאָט אין האַרצען — דער לעגט אין איהם אַריין וויפיעל ער

וויל. איין אָרעם יונגעל און אַ יתום — ווער וועט זיך פאַר איהם אַננעמען? און דערצו נאָך אַ גנב! נאָטע דער שמש פון בית־מדרש האָט איהם געהאַפּט איינמאָל מיט אַ פרעמדען סידור, און רודע־בתיה, וואָס באַקט בייגעל און בּלינעס, האָט ביי איהם אויס־געטרייסעלט אַ האַלבּען קאָרזש פון בוזעם — אַזעלכען איז אַ מצוה צו ברעכען די ביינער! דערצו האָט ער אַ מויל — סכנת־נפשות! אויף אַלעמען האָט ער אייך איין אַנדער חסרון, און אויף יעדען — אַ צונעמעניש, און ווייל אַליין איז ער הפקר און איינצושטעלען האָט ער נישט וואָס, האָט ער ליעב איטליכען באַזונדער אונטער־שטעלען זיין באָרוויסען פוס, ווי אַ קאָטשערע, אַזוי אַז יענער זאָל זיך אויסציהען ווי לאַנג ער איז — מעג עס זיין דער רב אַליין, די רביצין אָדער די שוחט׳קע — פּוּץ אין דער ערד אריין! דאָס איז דעם קליינעם שלום׳ען שטאַרק געפעלען, און מיט דער צייט האָט ער איהם אַזוי ליעב געקריגען, אַז ער האָט איהם געטראָגען גאַנצע שטיקער ברויט פון דער שוחט׳קע׳ס טיש אין קעשענע, מחילה בגנבה, און אַמאָל טאַקי אָוועקגע׳לקח׳ענט פון דער צוקער־פּושקע אַ שטיקעל צוקער אויך. ער האָט ליעב געהאַט צוקער. מעהר פון אַלץ האָט אָבער גערגעלע ליעב געהאַט אַ ציגאַר־טיטון, אויסגעגאַנגען נאָך אַ פּאַפּיראָסעל! נאָר וואו קריגט מען אַזאַ זאַך, אַז דער רבּי איז קראַנק און רויכערט ניט, און דער טאַטע איז ניטאָ? האָט איהם גערגעלע געגעבען איין עצה, ער זאָל זיך אָפּטער אַ ביסעל אריינחאַפּען צום פעטער ניסלען — יענער רויכערט דאָך „פּערוווע דיובעק״!

דאָס איז געווען אַ וואוילע עצה. דער פעטער ניסעל האָט געהאַט אַ ברייטע האַנט. די פּושקע טיטון איז ביי איהם גע־שטאַנען אָפען, פּראַנק און פריי, אויפ׳ן געזימס, אונטער׳ן שפּיעגעל. אהין האָט זיך דער קליינער שלום אָנגעהויבען אָפטליך אריינחאַפּען, אריינשטעקען די יד, אָננעמען אַ פולע זשמעני דיובעק און אריין אין די הויזענקעשענעס. באַדאַרף זיך טרעפען, מעשה שטן, אַז די מוהמע האָדעל דערזעהט עס (און דוקא זי דאַרף דערזעהען, ניט

קיין אנדערער !). דאָ האָט זיך אראָפּגעלאָזט דער הימעל אויף דער ערד. עק וועלט ! ס'איז גאָר ניט געווען אזא שטראָף, וואָס דער קליינער פארברעכער זאָל דאָס ניט האָבען פארדיענט. ארבע מיתות בית־דין ! עס האָט זיך איהם אויסגעדאכט, אז וואָס שטרענגער און וואָס גיכער דער פסק זאָל שוין זיין, וואָלט געווען בעסער. האָט גאָט געטהאָן א נס. עס האָט זיך געטראָפען א גליק, וואָס איז געווען, אייגענטליך, איין אומגליק, א גרויסער אומגליק: מען איז געקומען צו לויפען פּלוצים צום פעטער ניסלען, אז ער זאָל געהן וואָס גיכער, וואָרום משה דער שוחט איז פארביי, די גאנצע שטאָדט איז דאָרט, ער גוסס'ט שוין...

דאָס איז געווען פאר'ן קליינעם פארברעכער א נייער קלאָפּ, אפשר נאָך א גרעסערער פונ'ם ערשטען. קיין אנדער רבין האָבען די תלמידים אזוי ניט ליעב געהאט, ווי אָט דעם רבין. דאָס איז געווען עפּיס א מלאך, ניט קיין רבי ! ערשט דעמאָלט, ווען חברה נושאי־המטה האָבען איהם, איין איבערגעדעקטען מיט שווארצען, געגעבען א חאַפּ אויף די פּלייצעס און א טראָג־אוועק אויפ'ן הייליגען אָרט און די גאנצע שטאָדט איז נאָכגעגאנגען נאָך דער לויה, האָבען נחום וועוויק'ס קינדער זיך דערמאנט, וואָס פאר א בריליאנטענער רבי דאָס איז געווען, און ווי ווייט זיי האָבען נישט געוואוסט איהם צו שאנעווען — און א קוואל פון טרערען האָט זיך אויפגעעפענט ביי זיי. נאָך איין אייגענעם ברודער באדארף מען אזוי ניט וויינען, ווי די האָבען געוויינט נאָך זייער יונגען רבין, משה דעם שוחט.

מעהר פון אלע און ווארעמער פון אלע האָט געוויינט שלום. דער האָט זיך געפיהלט קעגען איהם א פארזינדיגטער, א חוטא גמור. ערשטענס, האָט איהם דער רבי געהאלטען פאר'ן בעסטען און פאר'ן עהרליכסטען, צום סוף האָט ער זעלטען געוואוסט דאָנערשטאָג דאָס לייענען. ער האָט זיך נאָר געמאכט, אז ער ווייסט, געשאָקעלט זיך און געזונגען און געדרעהט מיט דער האנט — אָפּגענארט, אָפּגענארט, אָפּגענארט ! היינט וויפיעל מאָל

האָט ער איבערגעהיפּט העכער האַלב דאַוונען! און טאַקי גלאַט ניט געדאַוועגט ניט קיין מנחה, ניט קיין מעריב, נאָר ארומגעלאָפען מיט גערגעלע־גנב, געריייצט דעם גלח׳ם הינט דורך די גראַטעס, אָדער גע׳גנב׳עט עפּעלעך אין מאַרק. דאָ, אויף ד ע ר וועלט, האָט דאָס דער רבי ניט געוואוסט, ער וואָלט זיך עס גאָר אויף איהם נישט געגלויבט. אָבער דאָרט, אויף י ע נ ע ר וועלט, וואו ער ווייסט שוין אַלץ, אַלץ, אַלץ?...

## 22

# מאיר־וועלוועל בעל־עגלה מיט זיינע „סוסים״

דער פעטער ניסעל — מיט ווייסע־חברה׳ניקעס א ווייסער־חברה׳ניק. — מאיר־וועלוועל׳ס בויד מיט די דריי סוסים: „מאודריק״, „טענצער״ און די „יחסנ׳טע״. — דער בעל־עגלה דערצעהלט זיין ביאגראפיע.

סוף זומער (אין דרויסען איז נאך געווען רעכט ווארעם, נאר געשמעקט האט שוין מיט ראש־חודש אלול) איז אנגעקומען א בויד מיט דריי פערד פון דער גרויסער שטאדט, פון פערעיאסלאוו. צו־געפאהרען צום פעטער ניסעל׳ס שטוב, האט דער בעל־עגלה, א בארעדעוודיגער איד מיט׳ן נאמען מאיר־וועלוועל, זיך צעשפיליעט און ארויסבאקומען ערגיץ פון א ווייטער קעשענע א בריוועל, גע־שריבען פון נחום וועוויק׳ס צו זיין ברודער ניסעל ראבינאוויטש. אין בריוועל איז געשטאנען, אז מע שיקט נאך די קינדער, ערשטענס, א פוהר, צווייטענס, דריי פאר שטיוועלעך, און, דריטענס, עסענ־ווארג: קיכלעך, הארטע אייער און בארען — דאס איז „צידה לדרך״ אויף צוויי טעג. און חוץ לזה, עקסטרע פון דער באבע מינדי, א ווארעמע קאלדרע מיט איין אלטען שאל אויף איינצוהילען די קינדער, טאמער ווערט חלילה קאלט, אדער עס געהט א רעגען. דעם בעל־עגלה האט מען אנגעזאגט, אז ער זאל, למען השם, אויפ־זעצען די קינדער אויפ׳ן אנדערען טאג אין דער פריה באלד נאכ׳ן דאווענען, און אז נעכטיגען זאל ער מיט זיי אין באריספאלי, וועלען זיי קאנען קומען, אם ירצה השם, אויפ׳ן אנדערען טאג ארום מנחה־צייט אהיים, קיין פערעיאסלאוו.

וואו נעמט מען פאַרב אויף צו באַשרייבען די שמחה פון נחום וועוויק׳ס קינדער, אַז מע האָט זיי איבערגעגעבען דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיגען בריעף טאַקי אינאיינעם מיט דריי פּאָר שטיוועלעך? אויף וואָס זאָל מען זיך פריהער פרעהען: אויף די נייע שטיוועלעך? אָדער אויף דעם, וואָס מע וועט צוויי טעג נאָכאַנאַנד פאָהרען אין אַ בויד מיט דרַיי פערד, צי אויף דעם, וואָס מע וועט איבערמאָרגען אויף דער נאַכט שוין זיין אין דער גרויסער שטאָדט, אין פערעיאַסלאַוו?

— קומט אַהער, שקצים, עכּברושים, ווייסע חברה׳ניקעס, זעצט אייך קאָרשט אַוועקעט און מעסט־אָן אָט די שטיוועלעך! — אַזוי האָט געקאָמאַנדעוועט דער פעטער ניסעל, געשענקט אַלע דריי צו שנעל, וועמען אין נאָז אַריין און וועמען אין איין אויהער.

דער פעטער ניסעל האָט ליעב געהאַט קינדער: אייגענע, פרעמדע — אַלץ איינס, און דעריבער איז באַקומען פון איהם אַ שנעל געוועזן ניט קיין שטראָף, נאָר אַ פאַרגעניגען, עס האָט געמעגט אפילו שמאַרצען דערנאָך אַ האַלבע שעה כּסדר. פון דעם, וואָס מע האָט ליעב, איז אַ פּאַטש אויך אַ מתּנה. און ליעב האָבען איהם די קינדער געהאַט דערפאַר שוין אַליין, וואָס ער איז געוועזן כּמעט דער איינציגער אין דער משפּחה, וואָס האָט קיינמאָל קיינעם ניט געשטראָפט, קיין מוסר נישט געזאָגט און נישט אַכטונג געגעבען, ווי אַנדערע, מע זאָל לערנען אָדער דאַוונען. אדרבּה, מיט קינדער קונדסים איז ער אַליין אויך געוועזן אַ קונדס, ליעב געהאַט אַ לאַך צו טהון און אַ שטיף טהון, אינאיינעם מיט זיי אַריינלאָזען אַ רעכטע פּאָרציע שמעק־טאַבּעקע אין נאָז אַריין איין אַלטען אידען, וואָס איז אַנשלאָפען געוואָרען, זיצענדיג אין בית־המדרש, און ווינטשעווען איהם נאָכדעם „צו געזונט", אַז יענער האָט זיך אויפגעהאַפּט מיט אַ ניסעריי און מיט אַ הוסטעריי. און ווער שמועסט שמחת־תּורה — דעמאָלט איז ער געוועזן מעהר ווייסער־חברה׳ניק פון אַלע ווייסע־חברה׳ניקעס; ער אַליין האָט אָנגעטרונקען גדליה דעם שכּור מיט בראָנפען און געהאָלפען די קינדער, זיי זאָלען

בינדען גדליה׳ן הענט און פיס, ווי א באראן, פארשליסען איהם אין קאמער און דארטען צוקרעמפּעווען זיין האנט דורך א לאנגען שטריק צום סוואלעק מיט א גלאק, אזוי, אז ער וועט זיך אויס־ניכטערען און וועט וועלען אויפשטעהן, זאל ער ניט ווילענדיג אנ־הויבען קלינגען, ווי אויף א שרפה, און די גאנצע שטאדט זאל זיך צונויפלויפען מיט א ליארם און א געפילדער: „ווער ברענט?״...

פון דעם איז צו פארשטעהן, ווי שווער ס׳איז געווען מיט אזא פעטער זיך צעשיידען! ביי׳ם געזעגענען זיך האט ער די חברה געטרייסט מיט ווערטער און מיט א זעץ אין די פלייצעם: „נישקשה, ניטשעווא, מיר׳ן זיך נאך זעהען! איך וועל דא אויך לאנג נישט פארבלייבען!״... אזוי ווי דאס הארץ האט איהם געזאגט — ווי דער לעזער וויסט שוין פון די פריהעריגע באשרייבונגען.

אנגעטהאן די נייע שטיוועלעך און געפיהלט זיך אין זיי מחיה׳דיג גוט, ווי אויסגעוואכסען, האבען חברה קודם־כל באקאנט זיך מיט דער בויד, מיט אלע דריי פערדלעך און מיט׳ן בעל־עגלה, וואס וועט זיי פיהרען פון דאנען אין דער גרויסער שטאדט אריין.

די בויד — א בויד ווי אלע בוידען, אויבען מיט א גרויען געלאטעטען דעקטוך, גוט אויסגעבעט מיט היי און מיט ראגאזשעס, דאכט זיך, ווייך, דארף זיין א תענוג צו זיצען. דעם „תענוג״ זענען חברה געוואוירע געווארען נאכדעם, אויפ׳ן אנדערען טאג פון דער נסיעה, אז זיי האבען שוין נישט געפיהלט איין ביין א גאנצען. דאס איז די בויד. און די פערדלעך — זיי פארדיענען באשריבען צו ווערען חאטש אין קורצע ווערטער, נאר יעדעס פערדעל באזונדער, ווארום די דריי פערדלעך (ביי מאיר־וועלוועל בעל־עגלה האבען זיי געהייסען „סוסים״) האבען זיך אזוי אנ־געקעהרט איינס מיט דאס אנדערע, אזוי ווי עס קעהרט זיך אן, למשל, א שטרויענער דאך מיט א פדיון־הבן. דאס איז געווען א אידישע טראיקע.

מיר הויבען אָן פונ'ם מיטעלסטען, פונ'ם „קאָרענאָי". ביי מאיר־וועלוועל דעם בעל־עגלה האָט ער געהייסען מיט'ן נאָמען „מאודריק". פאַר וואָס מאודריק? ווייסט מען ניט. אפשר דער־פאַר, ווייל מאודריק נעמט זיך פונ'ם וואָרט מאודריי, און מאודריי איז די טייטש ח כ ם, חאָטש קיין גרויסער חכם, דאַרף מען זאָגען דעם אמת, איז דער דאָזיגער מאודריק נישט געווען. ער איז נאָר געווען אָנגעשטאָפּט מיט יאָהרען — דאָס יאָ. דאָס האָט מען געקאָנט אַרויסזעהען פון זיין אַלטער מאָרדע מיט די רינענדיגע אויגען און פון זיין אויסגעטריפּעטען עק און פון די הויכע ביינער, וואָס האָבען אַרויסגעסטאַרטשעט פון זיין אַמאָליגען ברייטען הינ־טען. און פון דעסטוועגען, נישט קוקענדיג אויף זיין עלטער, איז דער גאַנצער וואָגען מיט דער גאַנצער משא געלעגען כּמעט נאָר אויף איהם, מחמת יענע, די צוויי „פּריסטיאַזשנע", האָבען זיך נאָר ג ע מ אַ כ ט ווי זיי שלעפּען.

די דאָזיגע צוויי „סוסים" האָבען אויך געהאַט נעמען. איינעם האָט מען גערופען מיט'ן נאָמען „טענצער", ווייל דער גאַנג זיינער איז געווען מיט אַ טענצעל. ער האָט געהאַלטען אין איין טאַנצען. אַלע פיער פיס האָבען ביי איהם געטאַנצט, נאָר יעדער פוס האָט געטאַנצט באַזונדער. זיי האָבען זיך ניט אויפגערעדט. און דער־פאַר איז פון זיין טאַנצען קיין גוטס נישט אַרויסגעקומען. ער האָט נאָר געשטעהרט מאודריקען — איז איינס; און ווייעדער האָט ער אַזוי געטרייסעלט דעם וואָגען, אַז ס'האָט אַרויסגעטרייסעלט די נשמה. מאָהלט אייך, מאיר־וועלוועל האָט זיך מיט איהם אָפּ־גערעכענט: „וועסט ביי מיר טאַנצען!" — האָט ער איהם געזאָגט און איינגעטייטשט אַ מאָל מיט דער בייטש און אַ מאָל מיט'ן שטעקעל פון דער בייטש. דעם גאַנצען וועג האָט ער איהם גע־האַלטען אין איין שלאָגען, געלעהרענט מיט איהם בלק. דאָס האָט אָבער ווינציג־וואָס געהאָלפען. טענצער איז ניט נתפּעל געוואָרען און ניט אויפגעהערט צו טאַנצען. אדרבה, אַז מע האָט איהם גוט דערלאַנגט, איז נאָך געווען ערגער: ער האָט אָפּגעענטפערט מיט

ביידע הינטערשטע פיס, ווי איינער רעדט: „אז דו ווילסט, נא דיר!"... אין וואוקס איז ער געווען א קליינער, א סך קלענער פון מאודריקען, נאר א מאָרדע האָט ער געהאַט א סך א קליגערע פון מאודריקען. גאָר קיין ערך ניט. ס'איז מעגליך, אז מאיר־וועלוועל האָט ניט מגזם געווען דערמיט, וואָס ער האָט זיך באַריהמט, אז טענצער איז געווען אמאָל גאָר פון די „געהויבענע סוסים", נאָר ווייל ער איז פון א גוט אויג געחאַפּט געוואָרען אויף די רגלים און מע האָט מיט איהם גאָרנישט געקאָנט מאַכען, איז ער אריינגעפאַלען צו איהם אין די הענט אריין און ער לעהרענט מיט איהם פון דעמאָלט אָן בלק.

דערפאַר האָט מאיר־וועלוועל דעם דריטען סוס געלאָזט צו־רוה, זעלטען, פון יוצא וועגען, דערלאַנגט א שמיצעל. געווען איז דאָס א שקאַפּקע, א נידעריגע און א גראָבע, מיט מאָכנאַטע פיס, און געהייסען האָט זי ביי איהם די „יחסנ'טע", דערפאַר, וואָס זי קומט־ארויס פון א גרויסען יחוס: זי איז געווען אמאָל — אַזוי האָט דערצעהלט מאיר־וועלוועל, פאָהרענדיג אין וועג, — א גלח'ס א פערד. ווי קומט זי צו איהם? איז דערינען א גאַנצע מעשה, וואָס מע קאָן זי ניט איבערדערצעהלען מיט אַלע פּישטשעווקעס: ערשטענס, איז דאָס שוין זעהר לאַנג — ווי קאָן מען זיך אָנגעדענקען? און, צווייטענס, האָט זיך די מעשה נאָך דעמאָלט ביי מאיר־וועלוועלען ניט געקלעפּט אקוראַט. עס געדענקט זיך נאָר, אז די יחסנ'טע איז געווען, ווי מאיר־וועלוועל דערצעהלט מיט א שמייכעל, א גע'גנב'עטע. דאָס הייסט, נישט ער, חלילה, האָט זי גע'גנב'עט; גע'גנב'עט האָבען אנדערע, נאָר ער האָט זי אוועקגעקויפט בחצי־חנם, און בעת ער האָט זי געקויפט, האָט ער ניט אָנגעהויבען צו וויסען, ער זאָל אזוי ניט וויסען פון קיין צער און פון קיין דלות, אז זי איז א גע'גנב'עטע, וואָרום ווען ער זאָל וויסען, אז זי איז א גע'גנב'עטע, און נאָך ביי א גלח דערצו, וואָלט ער זיך ניט צוגעריהרט צו איהר, מע זאָל איהם אָפּגילטען (דערביי מאַכט שוין מאיר־וועלוועל איין ערנסטע מינע), טאַקי ממש אָפּגילטען!

נישט מחמת ער איז אזא צדיק אין א פעלץ און האט מורא זיך צוריהרען צו א גע'גנב'עט פערד. וואס געהט איהם אן, אז יענער איז א גנב? ביזט דו א גנב, וועט מען דיך שמייסען אויף יענער וועלט. נאר ער וואלט זי נישט געקויפט איבער איין אנדער זאך. ער האט פיינט פאליציע, אזוי ווי חזיר. ער וויל נישט האבען קיין שום „דאטשיניעניעס" מיט פאליציע! והראיה, ער האט אמאל געהאט אויף זיך א פעקעל, איין אומגליק, א בלבול. שונאים בעלי־עגלות האבען איהם אונטערגעשטעלט א פיסעל, יאנקעל בולגאטש, א רוח אין זיין קוטשמע!...

און דא געהט־אוועק ביי מאיר־וועלוועלען א זייטיגע מעשה, און נאך א מעשה, און נאך א מעשה, און פון די אלע מעשיות האט מען געקאנט שטארק חושד זיין, אז מאיר־וועלוועל האט שטארקע „דאטשיניעניעס" מיט פערד־גנבים און מיט פאליציע...

דערפאר האט ער אבער געהאט א מעלה — ער איז געווען, ווי מיר האבען שוין אויבען געזאגט, א בארעדעוודיגער און האט מיט זיינע נייען מאס רעד זעהר גוט אונטערגעהאלטען די יונגע פארשווינדלעך דעם גאנצען וועג פון ווארשאנקא קיין באריספאלי און פון באריספאלי קיין פערעיאסלאוו — דאס מויל האט זיך איהם ניט צוגעמאכט אויף קיין מינוט אפילו. אלסדינג זענען פון איהם די קינדער געוואוירע געווארען, פון זינט ער איז געווען א יונגעל א שמייסער ביי יאנקעל בולגאטש, און דערנאך, ווי אזוי ער האט חתונה געהאט און אליין געווארען פאר זיך א בעל־עגלה, האט איהם יאנקעל בולגאטש גע'רודפ'ט, געגראבען, נאר ער האט איהם אין דער ערד! און פון זיין ווייב האט ער דערצעהלט, ווי אזוי זי איז געווען אמאל א מיידעל, און דוקא א שענע, א קראסאוויצע! און ווי אזוי ער איז געווען נאך איהר די כפרה! שיער־שיער ניט איינגענומען א מיתה־משונה — אזא קראסאוויציע איז דאס געווען! היינט, ווען ער ווערט צוריק א בחור, וואלט ער אפילו ניט געוואלט קוקען אויף איהר, נאר דעמאלט איז ער נאך געווען א „יאט"...

דאָס וואָרט „יאַט" האָבּען חברה נישט רעכט פאַרשטאַנען; נאָר אַז מאיר־וועלוועל האָט גענומען דערצעהלען אין זיין ווייטער־דיגער בּיאָגראַפיע, ווי אַזוי זיין ווייבּ האָט איהם קאַרגער אַ יאָהר נאָך דער חתונה געבּוירען אַ יאַטעל, און שפּעטער מיט אַ יאָהר נאָך אַ יאַטעל, און נאָך אַ יאַטעל, און נאָך אַ יאַטעל — האָבּען זיך חברה אָנגעשטויסען וואָס דאָס איז.

געענדיגט דערצעהלען זיין אייגענע געשיכטע, איז מאיר־וועלוועל בּעל־עגלה אַריבּער צו דער געשיכטע פון יאַנקעל בּולגאַטש און פון אַנדערע בּעלי־עגלות, אָנגערופען אַלעמען בּיי די נעמען און בּאַקאַנט געמאַכט, וויפיעל און וואָסערע פערד יעדער האָט, ווער עס האָט פערד, טאַקי „סוסים", און ווער עס האָט „פּגירות, נבלות, פעל".

פון בּעלי־עגלות איז מאיר־וועלוועל אַריבּער אויף פערד־הענדלער און אויף ציגיינערס און אויף גנבים און אויף „נביאים". דער חילוק פון אַ גנב בּיז אַ נביא איז דער — אַזוי האָט מאיר־וועלוועל געגעבּען צו פאַרשטעהן: — וואָס דער גנב פיהרט־אַרויס דעם סוס פון שטאַל, און דער „נביא" — דער טרעפט און ווייזט־אָן, וואו דער סוס געפינט זיך. דעריבּער מוז מען מיט די נביאים שלאָגען בּלאַט נאָך מעהר ווי מיט די גנבים... ניין, די קינדער וועלען דאָס אין צוויי יאָהר נישט געוואוירע ווערען, וואָס זיי זענען געוואוירע געוואָרען פון מאיר־וועלעל בּעל־עגלה אין די צוויי טעג פון זייער נסיעה.

אַצינד, אַז מיר זענען שוין בּאַקאַנט מיט'ן בּעל־עגלה, מיט זיין בּויד און מיט זיינע דריי סוסים, מעגען מיר זיך אומקעהרען אויף אַ קורצע ווײַלע צוריק קיין וואָראָנקאָ און דערצעהלען, ווי אַזוי דער העלד פון דער דאָזיגער בּיאָגראַפיע האָט זיך אָפּגעזעגענט מיט זיין שטעדטעלע, איידער ער האָט דאָס פאַרלאָזען אויף שטענדיג.

## 23

# זיי געזונט, וואַראַנקאַ!

דער העלד געזעגנט זיך אָפּ מיט זיין שטעדטעלע. — ער שווערמט וועגען אוצר. — ער איז גרייט אוועקצושענקען גערנעלען זיינע אַלטע שיך. — אַ נאַרישער אינצידענט מיט „פרומע די מזיד".

וויפיעל דאָס שטעדטעל האָט זיך ניט צוגעגעסען, וויפיעל די מענטשען זענען ניט נמאס געוואָרען, און וויפיעל פינעלע שימעלע'ס האָט אין זיין צייט ניט געמאַכט עס צו קליינגעלט, האָט וואַראַנקאַ פאַר'ן אוועקפאָהר פון נחום וועוויק'ס קינדער אין דער גרויסער שטאָדט אריין צוריק באַקומען ביי זיי אין די אויגען דעם אַמאָליגען חן מיט'ן אַמאָליגען גלאַנץ, און עס האָט באמת הארצעדיג באַנג געטהאָן מיט דעם זיך צו שיידען.

גלייך ווי מיט עפּיס אַ לעבעדיגער זאַך, גלייך ווי מיט אַ ליעבען און געטרייען חבר — אַזוי האָט זיך שלום נחום וועוויק'ס געזעגענט מיט'ן שטעדטעל, אָנגעהויבען פון דעם הויף מיט'ן גאָרטען און מיט איטליכס בוימעלע, וואָס האָבען שוין איצטער געהערט צו איין אַנדערען, און אויסגעלאָזט מיט'ן באַרג, וואָס אויף יענער זייט בית־המדרש, און מיט דער „לעוואַדע", וואָס אויף יענער זייט שטאָדט, — די ערטער, וואו ער האָט פאַרבראַכט מיט זיינע בעסטע חברים, רעכענענדיג פון דעם ערשטען, פון שמואליק דעם יתום, ביז'ן לעצטען — ביז גערגעלע־גנב.

גאַנץ באַזונדער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף יענעם אָרט, וואו עס איז געלעגען, ווערליג שמואליק האָט געוואוסט כמעט

פֿאַר גענווים, באַהאַלטען דער אוצר; ווי אַ פֿאַר׳כּשוף׳טער איז ער געשטאַנען איינער אַליין אין אַ היילינגער שטילקייט, און אַ גאַנצע רייהע פֿון מחשבות האָבען זיך דורכגעטראָגען אין זיין קאָפּ: וואָס וועט זיין מיט׳ן דאָזיגען אוצר, טאָמער חס ושלום געפינט איהם אַ גוי, ניט קיין איד?... און צי איז דאָס מעגליך, אַז אַ גוי זאָל איהם געפינען? — דאָס קאָן וויסען נאָר אַזאַ מענטש, ווי זיין חבר שמואליק... וואו קאָן זיין איצטער שמואליק? צי וועט ער זיך באַגעגענען אַמאָל מיט שמואליקען? און וואָס וועט זיין, אויב זיי וועלען זיך באַגעגענען? — אַז זיי וועלען זיך באַגעגענען ערגיץ־וואו, איז דאָס ערשטע וועלען זיי מסתּמא ביידע קומען צו פֿאָהרען אַהער אויף אַ קורצע צייט, ביידע אינאיינעם, באַקוקען נאָך אַ מאָל די אַלע ערטער, וואו זיי האָבען אינאיינעם פֿאַרבראַכט זייערע בעסטע יונגעלשע יאָהרען. און דערנאָך וועלען זיי זיך אַ נעם טהון צום אוצר אויף אַלע כּלים: פֿריהער וועט איינער פֿאַסטען תּעניתים, דערנאָך דער אַנדערער, און אַז זיי וועלען פֿאַרטיג ווערען מיט די תּעניתים און מיט׳ן תּהלים־זאָגען, וועלען זיי נעמען זוכען דעם אוצר. און אַז זיי וועלען געפֿינען דעם אוצר, וועלען זיי זיך מיט איהם צעטיילען אויף דער האַלב, חלק כּחלק — און אַך! סאַראַ יום־טוב דאָס וועט זיין! דעם גרעסטען חלק, פֿאַרשטעהט זיך, וועט באַקומען דער טאַטע, נחום ווענוויק׳ס. דערנאָך דער פֿעטער ניסעל — אויך אַ היבשען חלק. דערנאָך דער פֿעטער פּיני און די איבעריגע קרובים פֿון דער משפּחה. נאָר אַ גרויסער טייל פֿונ׳ם אוצר וועט אַריינפֿאַלען טאַקי דאָ גופֿא, צו די וואָראָנקאָווער אידען. משה דעם שוחט׳ס ווייב, די אַלמנה נעבאַך — איהר דאַרף מען געבען אַזוי פֿיעל, אַז זי זאָל ניט רעדען פֿון חתונה האָבען נאָך אַ מאָל און זאָל פֿאַרשפּאָרען זיך שלעפּען קיין חוואַסטעוו צו איהרע אָרעמע קרובים, וואָס האָבען אַליין קוים אַ טאָג איבערצוקומען. די צוויי גבּאַי׳טעס, „פֿרומע די מויד" און „פֿייגעלע־אשמדאי", האָטש זיי האָבען דאָס נישט פֿאַרדיענט, וועלען אויך פֿון דעסטוועגען באַקומען אַזוי פֿיעל, וואָס זייערע מאַנען האָבען

עס אפילו אין חלום ניט געזעהען. די אַלטע רודע־בתיה, וואָס באַקט בייגעל, בלינעס און קאָרזשעס און האַלט־אויס מיט איהרע געשוואָלענע הענט אַ גאַנצע משפחה, וואָלט שוין געמעגט אויף דער עלטער, נישקשה, זיך אַ ביסעל אָפּרוהען. און מלך דער שמש, און גדליה דער שכּור — פאַר וואָס זאָל מען זיי דורכלאָזען? צי, אַשטייגער, שמואל־אלי דער חזן קלאָגט זיך, אַז ס׳איז איהם דאָ ענג, ער האָט אַ קול און וואָלט געקאָנט זינגען אַ סך בעסער פון די גרעסטע חזנים אין דער וועלט, ווען ער זאָל האָבען נאָטען — באַדאַרף מען זעהען, אַז ער זאָל האָבען נאָטען. בלייבט־איבער איצטער נאָר איין גערגעלע־גנב. וואָס טהוט מען מיט דעם יונג, אַז ער זאָל ווערען אויס גנב? קודם דאַרף מען זעהען, אַז זיין מאַמע זאָל ווערען אויס קעכין, און זיין שטיפטאַטען דעם העקער באַדאַרף מען קויפען אַ שטוב איין אייגענע, און געלט באַדאַרף מען איהם אָנשיטען פולע קעשענעס, און זאָגען איהם בפירוש, אַז דאָס איז ניט צוליעב איהם, נאָר צוליעב זיין שטיפזוהן גערגעלע — ער זאָל איהם אויפהערען צו שלאָגען און צו רופען גנב...

ביי די געדאַנקען וואַכּסט־אויס גערגעלע־גנב! אַ באָרוויסער, ווי אַלע מאָל, און איין אָפּגעריסענער.

— ווי קומסט דו אַהער?

— און דו?...

זיי צערעדען זיך און לאָזען זיך געהן. שלום איז איהם מודיע, אַז ער פאָהרט־אוועק. גערגעלע ווייסט עס. ער האָט שוין גע־הערט און געזעהען אפילו די בויד מיט די דריי פערד.

— געזעהען? וואָס זאָגסט דו אויף זיי?

— אויף וועמען?

— אויף די פערד.

— וואָס זאָל איך זאָגען? פערד...

— און די בויד ווי געפעלט דיר?

— אַ בויד...

גערגעלע איז נישט אויפגעלעגט, נישט גוט געלוינט. זיין חבר וויל איהם מאכען פרייליכער.

— דו ווייסט? איך האב נאר־וואס פון דיר געטראכט, ביזט דו אנגעקומען אקוראט אין מיטען...

— טאקי? וואס האסט דו געטראכט, אשטייגער?

— איך האב געטראכט... איך האב דיך אין זינען געהאט ביי׳ם אוצר...

— ביי וואסער אוצר?

שלומ׳ען ווערט שלעכט: זאל ער איהם זאגען, צי זאל ער איהם ניט זאגען? גערגעלע פרעגט נאך א מאל: „וואסער אוצר?" עס העלפט נישט — מע מוז איהם זאגען. און ער דערצעהלט־אויס וועגען אוצר. גערגעלע ווערט נייגיעריג: „וואו זשע געפינט ער זיך, דער אוצר?" זיין חבר ווערט נאך ערגער: זאל ער איהם זאגען, צי זאל ער איהם ניט זאגען? אין גערגעלע׳ס אויגען צינדט זיך אן א פייערל: „וואס האסט דו מורא זאגען — איך וועל איהם אויסחאפען?"... שלום האט שוין חרטה, וואס ער האט גאר אנגעהויבען, און ער רעדט צו איהם מיט דעם אייגענעם טאן, ווי פינעלע שימעלע׳ס האט אמאל מיט א י ה ם גערעדט — פון אויבען אראפ.

— נארעלע, און אז איך וועל דיר אפילו זאגען וואו, וועסט דו אויך אהין נישט קאנען צוקומען, ווארום מע דארף דערצו קאנען קבלה — איז איינס; און צווייטענס, באדארף מען פאסטען פערציג תעניתים און אויפ׳ן איין־און־פערציגסטען טאג...

— און אויפ׳ן איין־און־פערציגסטען טאג ביזט דו א שוטה! — שלאגט איהם איבער גערגעלע און חאפט א קוק אראפ אויף זיין חבר׳ס שטיוועלעך. אפנים, זיי זענען איהם געפעלען.

— נייע?

זיין חבר ווערט ווי פארשעמט: שפאגעל־נייע שטיוועלעך אין דער צייט, ווען גערגעלע איז א באָרוויסער! און ער רופט זיך אן צו גערגעלען:

— אויב דו ווילסט, קום מיט מיר צום פעטער ניסלען, וועל איך דיר עפּיס שענקען...

— עפּיס שענקען? פאַר וואָס ניט?... — גערגעלע אין גאַנץ צופריעדען, און בײדע מאַכען זײ גיכע טריט. געקומען אַהײם צום פעטער ניסלען, טרעפען זײ דאָרט אַ גאַנצע חאַליאַסטרע פרײנט און גוטע פרײנט, וואָס האָבען דערהערט, אַז אַ פוהר איז געקומען צו פאָהרען נאָך נחום וועוויק׳ס קינדער, זענען זײ דאָס געקומען זיך געזעגענען און לאָזען גריסען זײערע טאַטע־מאַמע גאָר פרײנטליך...

צווישען דער חאַליאַסטרע האָבען זיך געפונען אויך די צווײ גבּאַי׳טעס, „פרומע די מויד" און „פײגעלע־אַשמדאַי", דערווײלע אַלײן, אָהן זײערע מאַנען. שפּעטער אַ ביסעל וועלען קומען די מאַנען אויך זיך צו געזעגענען און צו לאָזען גריסען. אַלע קוקען אויף די קינדער מיט רעספּעקט — מענטשען פאָהרען אין אַ גרויסער שטאָדט, קײן פּערעיאַסלאַוו! מע רעדט שוין צו זײ גאָר מיט אײן אַנדער לשון. מע גיט זײ עצות, ווי אַזוי זײ זאָלען פאָהרען און וואו זײ זאָלען זיך אָפּשטעלען אין באַרישפּאָלי. דער פעטער ניסעל שענקט זײ צו שנעל, ווי זײן שטײגער איז, און פרעגט די שקצים, אויב זײ וועלען אַמאָל צושרײבען אַ בריוועל? — אַ שאלה אַ ביסעל! זײ וועלען שרײבען אַלע וואָך, צווײ מאָל אַ וואָך, אַלע טאָג!... שמואל־אלי דער חזן בעט, זײ זאָלען איבערגעבען פון איהם גאָר אַ באַזונדערען גרוס דעם טאַטען און זאָגען, אַז זינט יענער איז אַרויסגעפאָהרען פון דאַנען, האָט ער, שמואל־אלי, נאָך אײן שאָך אפילו ניט געשפּיעלט, וואָרום וואָראָנקאָ איז אַ פּוסטקע! די מוהמע האָדעל איז מיט אַ מאָל געוואָרען גוט, חאָטש לעג זי צו צו אַ מכּה. זי האָט געזאָגט, אַז זי פאַרשטעהט ניט, ווי אַזוי שיקט מען דאָס אַרויס קינדער הונגעריגע? און וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּײז אין וועג אויף צווײ מעת־לעת קיכלעך, האַרטע אײער און באַרען? די קינדער וועלען דאָך אויסגעהן פון הונגער! און

זי האָט גענומען פּאַקען זיי אין וועג אַריין וואָס זי האָט געקאָנט: שמאַלץ אין אַ קליין טעפּעלע, אַ סלאָיעקעל פאַרצוקערטען איינגעמאַכטס, אַפּנים, פון פאַר־אַ־יאָהרען זומער, און פּאָווידלע, נאָר אַזאַ זויערע, וואָס מע קאָן דערזעהען קראָקע מיט לעמבעריג!

אין דער צייט, וואָס די מוהמע האָדעל האָט געפּאַקט אין וועג אַריין און די קינדער זענען געווען פאַרנומען מיט'ן געזעגענען זיך, האָט זיך דערוויייל אָפּגעשפּיעלט אַ קליינע טראַגעדיע צווישען „פרומע די מויד" און גערגעלע־גנב. פרומע האָט דערזעהען גערגעלען, האָט זי אַ קוק געגעבען אויף איהם מיט'ן בלינדען אויגעל און אַ פרעג געטהאָן ביי פייגעלע־אשמדאי: „וואָס טהוט דאָ דער גנב?"... האָט גערגעלע ניט געוואַרט, ביז יענע וועט ענטפערען, און האָט פון זיין זייט אַ פרעג געגעבען: „וואָס טהוט דאָ די בלינדע?"... עס וואָלט געקאָנט אַרויס דערפון אַ מיאוס'ער סקאַנדאַל, ווען שלום נעמט נישט זיין חבר גערגעלע פאַר אַ האַנט און פיהרט איהם ניט אַרויס אין הויף אַריין (אין אַזאַ טאָג מעג מען אַלסדינג, אפילו חבר'ען זיך מיט גערגעלע־גנב).

— איך האָב געזאָגט, איכ'ל דיר עפּיס שענקען אַ זאַך? נאַ!...

און שלום נחום וועוויק'ס, צופריעדען פון זיין פילאַנטראָפּיע, שטרעקט־אויס זיין חבר גערגעלע־גנב זיינע אַלטע שטיוועלעך, אַרויסגענומען פון אונטער דער פּאָלע. גערגעלע, אַפּנים, האָט זיך גערעכט אויף איין אַנדער מין מתנה, ניט אויף אַ פּאָר אַלטע שטיוועלעך. און דערצו איז ער געווען צעקאָכט פונ'ם אינצידענט מיט דער בלינדער פרומע און נישט צופריעדען מיט דעם, וואָס זיין חבר האָט פון איהם פאַרלייקענט דעם אָרט פונ'ם אוצר, און גלאַט נישט אויפגעלעגט דעם טאָג, האָט ער די שטיוועלעך ביי זיין חבר צוגענומען, נאָר ער האָט זיי באַלד געגעבען אַ שמייס־אַוועק פון זיך מיט כעס, און ער איז אַ באָרוויסער אַוועק פון הויף, זיך געלאָזט לויפען — און איז פאַרשוואונדען געוואָרען.

. . . . . . . . . . . . . . . .

א נאַרישער אינצידענט — נאָר וויפיעל געזונט האָט ער געקאָסט! גערגעלע׳ס אַנטרונען־ווערען האָט פאַרביטערט זיין חבר׳ס געזעגענען זיך מיט׳ן שטעדטעלע און אָפּגע׳סמ׳ט איהם די גאַנצע זיסקייט פון דער ערשטער גרויסער שענער ווייטער נסיעה. וויפיעל ער האָט נישט געוואָלט נאָכדעם אָפּטרייבען פון זיך דאָס טרויעריגע בילד פון זיין באַלעדיגטען חבר, איז עס דוקא געקראָכען איהם אין פּנים אַריין, געשטאַנען פאַר די אויגען און גענאָגט דאָס האַרץ: „האָסט באַלעדיגט, באַלעדיגט איין אָרעמען חבר!״...

אַרויסגעפאָהרען פון מאַרק, גע׳פּטר׳ט די קלייטען, די הייזלעך, דעם בית־עולם און, להבדיל, דעם גוישען „צווינטער״, און אַריבערגעפאָהרען דאָס בריקעל און געלאָזט הינטער זיך שוין די לעוואַדע אויך — אוים וואָראָנקאָ! דעמאָלט האָט דער העלד פון דער ענגדאָזיגער ביאָגראַפיע מיט אַ מאָל דערפיהלט עפּים אַ מאָדנע שאַפּט אין האַלז, און אַ וואַרעם געפיהל פון רחמנות צום קליינעם שטעדטעלע האָט איהם דורכגענומען דורך און דורך, גלייך ווי דאָס שטעדטעלע וואָלט געבליבען אַ יתום... דאָס דאָזיגע געפיהל איינאיינעם מיט׳ן פאַרדראָס פון גערגעלע׳ס אַנטרונען־ווערען האָבען ווייך געמאַכט זיין האַרץ און באַנעצט זיינע אויגען. אָפּגעקערעוועט דעם קאָפּ אויף אַ זייט, בכדי זיינע ברידער זאָלען עס נישט באַמערקען, האָט ער אָפּגעווישט אַ טרער און האָט שטילערהייט זיך אָפּגעזעגענט דאָס לעצטע מאָל מיט׳ן שטעדטעלע: „זיי געזונט, וואָראָנקאָ, זיי געזונט!״...

24

# די נסיעה

די רייזע ביי מאיר־וועלוועל בעל־עגלה אין בויד. — פילאזאפישע געדאנקען. — די ערשטע סטאנציע אין וועג — באַרישפּאָלי. — „געזיגע" בעלי־בתים פון דער אכסניה. — א נאכטלעגער אויף דער ערד. — דער העלד געזעגענט זיך אויף שטענדיג מיט וואראנקא.

נאָר דער, וואָס איז אַליין אויסגעוואַקסען אין אַ קליין שטעדטעל און איז דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען ארויסגע־פאָהרען פונ'ם קליינעם שטעדטעל אויף גאָט'ס וועלט, יענער וועט פארשטעהן און וועט מיטפיהלען דעם גליק מיט דעם פארגעניגען מיט דעם רחבת־הנפש, וואָס קליינווארג האָט געפיהלט פון דער דאָזיגער ערשטער אָנגעלעגטער נסיעה. די ערשטע צייט האָט מען זיך אין בויד גאָר קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. האָט מען זיך אָנגעלעהנט, ווי דער טאטע צום סדר אויף דעם היסב־בעט, אָדער מע האָט אריינגעלעגט די הענט אין די קעשענעס און אויסגעצויגען זיך אין דער לענג, אָדער מע האָט זיך גאָר אויפגעשטעלט, אָנגע־האלטען זיך מיט די הענט אין די רייפען פונ'םביידעל. דאָס האָט שוין מאיר־וועלוועל בעל־עגלה ניט געוואָלט ליידען. און חאָטש ער האָט געשלאָגען מיט חברה בלאט און א גאנצען וועג דערצעהלט זיי בעל־עגלה־מעשיות, פון דעסטוועגען האָט דאָס איהם ניט געשאָדט מבטיח צו זיין, אז טאָמער וועלען זיי איהם ארויס־רייסען א שטיקעל בויד, וועט ער זיי ארויסרייסען די קישקעס.

מאיר־וועלוועל האט דאס אפגעזאגט, א שמיץ געגעבן די „סוסים" און געפאהרען ווייטער.

ווער עס געדענקט דעם טעם פון פאהרען דעם ערשטען מאל, דער ווייסט, ווי אזוי דער וועג לויפט, ווי אזוי די ערד ווערט פארשוואונדען אונטער די רעדער און אונטער די פיס פון די פערד, ווי אזוי אלץ שוועבט פאר די אויגען, ווי אזוי סע שמעקט א פאר־שפעטיגט גרעזעל, אדער א פארטשעפעטע צווייג פון איין עלענטען בוים, ווי אזוי די פרישע לופט חאפט זיך אריין דורך דער נאז און דורך דעם האלז אינוועניג אריין און גלעט, גלעט — א מחיה! און עס הויבט אייך, און עס זינגט זיך אייך — ס'איז אייך גוט אהן איין עק און אהן א שיעור! דורכגעלאזט אלע הייזער מיט'ן בריקעל, מיט דער לעוואדע, מיט'ן בית־עולם, פליהט איהר ווייטער און ווייטער, און איהר דערזעהט הויכע „לעבעדיגע מתים", וואס דרעהען מיט די הענט ארויף און אראפ, ארויף און אראפ, עס נעמט אזש אן א פחד. צום סוף, אז מע קומט צו נאהענט, זעהט מען, אז ס'איז נאר ווינטמיהלען. נאר אט באלד ווערען זיי אויך פאר־שוואונדען, און איהר זעהט מעהר ניט נאר הימעל און פעלד, פעלד און הימעל, און עס גלוסט זיך אייך אראפשפרינגען פון וואגען, אדער בעסער ארויספליהען פון וואגען און אריינשווימען אין דער דאזיגער בלויקייט, וואס האט ניט קיין אנהויב און האט ניט קיין סוף. ניט ווילענדיג קומען געדאנקען, ווי קליין דער מענטש איז און ווי גרויס איז דער, וואס האט באשאפען אט די דאזיגע שענע גרויסע וועלט, און א פארוויעגטער פון די געדאנקען, הויבט זיך אייך אן צו דרימלען. נאר אט שניידט זיך אוים פאר די אויגען עפים א גרויסע פוהר, מיט א פאר גרויסע אכסען מיט גרויסע הערנער, און א גוי, א בארוויסער, מיט א גרוים היטעל, געהט צו־פוס, און מאיר־וועלוועל גריסט זיך מיט'ן גוי האלב אויף גוייש און האלב אויף אידיש: „זדראווע, טשאלאוויטשע, הארצוועהטיג אין בויך נעחיי טובי בודע, און בויכוועהטיג אוהאלעוואו"... דער גוי ווייסט ניט, וואס דער איד זאגט צו איהם, צי גוטס, צי שלעכטס,

שטעהט ער א ווײלע א פארטומעלטער; דערנאך טהוט ער א מאך מיט'ן קאפ און א מורקע אונטער דער נאז א דאנק און פאהרט ווײטער דעם גאנצען טאג, דעם ערשטען טאג פון דער דאזיגער װעלװעל, וואס האט אפילו קײן שמײכעל ניט געטהאן, דרעהט־אויס דעם קאפ צו זײנע יונגע פארשװינדלעך: „וואס פאר א געלעכטער אויף אײך, ממזרים?" א שענע מעשה, נאר א קורצע — ער פרעגט גאר, וואס פאר א געלעכטער!... און אזוי געהט עס ווײטער דעם גאנצען טאג, דעם ערשטען טאג פון דער דאזיגער גליקליכער נסיעה אין סוף זומער.

די לעצטע טעג פון זומער — ווי שען זײ זענען! די פעלדער נאקעט, ערטערווײז צעאקערט, דאס ברויט שוין לאנג אראפגע־נומען, נאר וואו־ניט־וואו ווארפט זיך דורך א בלימעל, א זאנג, א קווײטעל. אין די גױישע גערטנער ליגען נאך די קאװענעס און ארבוזעס, וואס דארפען פארטיג ווערען, אויך לאנגע טיקוועס, וואס נעמען זיך אן מיט זאפט, און די הויכע סאנישניקעס, וואס האבען זיך אויסגעצויגען מיט שטאלץ, באווײזען זײערע געלע רײכע קוטשמעס. און די גאנצע וועלט איז נאך פול מיט פליעגעלעך און מורעשקעס, וואס זשומען און הודען, מיט הײשעריקלעך, וואס שפרינגען, מיט פערחלעך און פליטערלעך, וואס טראגען זיך און וויעגען זיך יום־טוב'דיג אין דער לופטען. און דער ריח פון פעלד פארטראגט אין נאז ארײן, און די וועלט ארום און ארום זעהט־אויס אזוי גרויס, און דער הימעל אויבען אזוי קײלעכיג, און צום צווײטען מאל קומט אויף די געדאנקען, אז די מענטשען זענען צו קלײן, צו קלײן פאר אזא גרויסער וועלט, און אז נאר גאט, וואס איז מלוא כל הארץ כבודו, — ער איז אנגעמאסטען פאר אזא וועלט...

— קריכט אראפ, ממזרים, מיר זענען שוין אין באריספאלי. דא נעכטיגען מיר אונטער, און „מירטשעמארגען" פאהרען מיר ווײטער.

באַרישפּאָלי — אַ נייע שטאָדט. בעסער וועט זיין, אַז מיר וועלען זאָגען — אַ ניי דאָרף, אַ גרויס דאָרף. הייזלעך די זעלבע, וואָס אין וואָראָנקאָ, מענטשען אויך די אייגענע, נאָר גאָר געזער אַנדערע. אַ צופאַל, אָדער ס׳איז טאַקי אַזוי, נאָר די חברה זענען געווען איבעראַשט פון דעם, וואָס דער בעל־הבית פון דער סטאַנציע, די בעל־הבית׳טע און זייערע פיער דערוואַכסענע טעכטער — אַלע זענען זיי געווען מיט לאַנגע נעז, און טאָמער איז קאַרג, האָט די דיענסט נאָך אַ לענגערע נאָז פון זיי אַלע. דערהערט פונ׳ם בעל־עגלה, ווער די פאַרשווינדלעך זענען, האָט דער לאַנגנאָזיגער בעל־הבית זיי אויפגענומען מיט כבוד, זיי אָפּגעגעבען שלום־עליכם, געהייסען דער לאַנגנאָזיגער דיענסט, זי זאָל שטעלען דעם סאַמאָוואר, אַ וואונק געגעבען צו דער לאַנגנאָזיגער בעל־הבית׳טע, זי זאָל דערלאַנגען פאַרבייסען, און אַ קאָמאַנדעווע געגעבען צו די לאַנגנאָזיגע טעכטער, זיי זאָלען אָנטהון די שיך — זיי זענען געגאַנגען באָרוויס.

מיט די דאָזיגע באָרוויסע מיידלעך זענען די יונגע רייזענדע געוואָרען אַ ביסעל שפּעטער גאַנץ היימיש. מיט גרויס נייגיעריגקייט האָבען די מיידלעך זיך אויסגעפרעגט ביי די יונגלעך, פון וואַנען און וואוהין זיי פאָהרען, און ווי אַזוי זיי הייסען, און ווי געפעלט זיי באַרישפּאָלי — אַלסדינג האָבען זיי געוואָלט וויסען, אפילו וויפיעל יעדער איז אַלט. דערנאָך האָבען אַלע אינאיינעם, די יונגלעך מיט די מיידלעך, פאַרזוכט פון דער זויערער פּאָווידלע, וואָס די מוהמע האָדעל האָט מיטגעגעבען, און די געלעכטערען זענען געגאַנגען ביז׳ן הימעל אריין.

דערנאָך האָט מען גענומען שפּיעלען „קוציבאַבע” אָדער אין „זשמורקעס” — אַ שפּיעל, וואָס מע פאַרבינדט איינעם די אויגען און מע לאָזט איהם, ער זאָל חאַפּען וועמען ער וויל. די מיידלעך האָבען זיך שטאַרק צעהיצט, און אַז ס׳איז זיי געראָטען צו חאַפּען עמיצען פון די יונגלעך, האָבען זיי איהם אַזוי שטאַרק געקוועטשט צו דער ברוסט, אַז ס׳איז יענעם שיער די נשמה ניט אַרויס...

ביינאכט האָט מען די געסט באַלעגט אויף דער ערד, מיט היי אויסגעבעט, און בכדי זיי זאָלן זיך ניט געפינען באַלעדיגט, האָט זיי די לאַנגנאָזיגע בעל־הבית׳טע באַוויזן, אַז אינ׳ם צווייטן ווינקעל פונ׳ם זעלבן חדר ליגן איהרע טעכטער אויך אויף דער ערד, „און וואַכסן פון דעסטוועגן, קיין עין־הרע, גאַנץ נישקשה׳־דיג״, — האָט זי צוגעלעגט און אויסגעשנייצט די לאַנגע נאָז. חברה וואָלטן דעם דאָזיגן געלעגער אָנגענומען מיט פאַרגעניגען, ווען זיי זאָלן זיך ניט שעמען פאַר די מיידלעך אויסצוטהון. און די מיידלעך האָבן זיך דוקא ניט געשעמט און האָבן גאַנץ גרינג אַראָפּגעוואָרפען פון זיך די קאָפּטלעך; געבליבען באָרוויסע און אין איינע קליידלעך, מיט נאַקעטע העלזער, האָבן זיי צעלאָזט די האָר און מאָדנע איבערגעקוקט זיך, געוואָרפען אויף די יונגלעך מיט די אויגען און געלאַכט, געלאַכט, געלאַכט.

— לאָז זיין שטיל! — האָט אויסגעקאָמאַנדעוועט דער בעל־הבית און האָט אויסגעלאָשען דעם הענגלאָמפּ. עס האָט זיך אָבער אין דער פינסטער נאָך געהערט אַ פאַרשטיקטער געלעכטער פון ביידע צדדים און אַ שאָראָך פון היי. אָבער נישט לאַנג, וואָרום ס׳איז געקומען דער געזונטער יונגער אומשולדיגער שלאָף און האָט צוגעשלאָסען די געזונטע יונגע אומשולדיגע אויגען.

די „ברכות״ פון אינדערפריה, וואָס דער בעל־הבית האָט געזונגען מיט׳ן געוויסען ניגון, האָבן אָנגעזאָגט די קינדער, אַז ס׳איז שוין טאָג און אַז מע דאַרף פאָהרען קיין פערעיאַסלאַוו. דאָס לעצטע וואָרט האָט ווי אַ בריה געגעבען און אָנגעפילט דאָס האַרץ מיט שמחה און מיט תענוג. מאיר־וועלוועל בעל־עגלה האָט צונויפגעלעגט דעם טלית־ותפילין און דאָס פּנים האָט איהם גע־שיינט, ווי ביי אַ צדיק. דערנאָך איז ער אַוועק שפּאַנען די „סוסים״. דאָרט האָט ער זיך אויסגע׳טענה׳ט מיט „מאודריקען״, מיט „טענ־צערען״ און מיט דער „יחסנ׳טע״ אויף זיין לשון, איינגעטיילט יערען באַזונדער, נאָר דעם גרעסטען חלק האָט באַקומען „טענצער״,

דערפאַר, *ער זאָל ניט טאַנצען דעמאָלט, ווען מע שפּיעלט ניט...*

די זון האָט אַראָפּגעשיינט, און דער גאַנצער הויף איז געווען ווי איינגעטונקען אין גין־גאָלד, און בריליאַנטען האָבען געפינקעלט און געשפּיעלט זיך אומעטום — בריליאַנטען, דימענטען! אפילו די קופּע מיסט, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט דורכ׳ן גאַנצען זומער, און אפשר דורך צוויי זומערען, איז געווען מיט גאָלד באַדעקט. און ווער שמועסט, דער האָהן מיט די היהנער, וואָס האָבען זיך דאָ געפּאָרעט אויף דער קופּע, — די האָבען אויסגעזעהען ביז׳ן לעצטען פעדערעל זהב טהור. זייער קוואָקען האָט געגלעט. זייער שאַרען מיט די פיסלעך האָט געהאַט דעם זיבעטען חן. און אַז דער געלער האָהן איז אַרויף אויף דער קופּע און האָט צוגעמאַכט די אויגלעך און האָט אויסגעצויגען דעם לאַנגען, שענעם, כּפול־שמונה׳דיגען קוקאַריקו אויף זיין חזנ׳ישען שטייגער, האָט זיך דערפיהלט די שענקייט פון דער וועלט און ווידער אַ מאָל די גרויסקייט פון דעם, וואָס האָט באַשאַפען די וועלט. און עס האָט זיך געגלוסט איהם אָפּגעבען אַ שבח — נישט חלילה אָוועקשטעלען זיך דאַוונען, ווי דער בעל־הבית פון דער באַרישפּאָלער סטאַנציע, אָדער ווי מאיר־וועלוועל בעל־עגלה — ניין, דערויף האָבען חברה קיין חשק ניט געהאַט, דאָס האָט זיך זיי שוין לאַנג צוגעגעסען; נאָר אינוועניג ביי זיך אין האַרצען דאַנקען און לויבען גאָט — דאָס יאָ.

— קריכט אין וואָגען אַריין, ממזרים, מיר האָבען נאָך אַ טאָג צו פאָהרען! — האָט מאיר־וועלוועל זיי צוגעטריבען, באַצאָהלט פאַר היי און האָבער און געזעגענט זיך מיט די בעלי־בתים פון דער סטאַנציע. חברה האָבען זיך אויך גאַנץ פיין אָפּגעזעגענט מיט דער לאַנגנעזיגער משפּחה, אַריין אין בויד אַריין, און אַ נייע פרישקייט, אַ נייע זיסקייט, אַ נייע רחבת האָט זיי אונטערגעחאַפּט און אַרומגענומען פון אַלע זייטען, באַלד נאָך דעם ווי דער וואָגען האָט טרייסלענדיג זיך אַרויסגעקאַטשעט פון באַרישפּאָלי און אַרויסגעפאָהרען ווידער אויף דער ברייטער וועלט פון פעלדער

און גערטנער, פון זאמד און פון וואלד און פון הימעל און ווייטער הימעל. עס האָט שוין אָנגעהויבען ווערען א ביסעל צו-פיעל הימעל. עס האָט שוין אָנגעהויבען א ביסעל צועסען זיך — ניט אזוי דער הימעל, ווי דאָס פאָהרען, און ניט אזוי דאָס פאָהרען, ווי דער בעל-עגלה מאיר-וועלוועל מיט זיינע מעשיות. און אגב האָט אָנ-געהויבען פויקען אין קאָפּ, שווינדלען אין די אויגען און שטעכען אין די זייטען פונ'ם טרייסלען, וואָס ס'האָט געטרייסעלט, און פונ'ם ווארפען, וואָס ס'האָט געוואָרפען. טער - טער - טער - טער! עס האָט אויסגעוויזען, אז ס'וועט אייביג אזוי טערקען, עס וועט גאָר קיינמאָל ניט אויפהערען. און עס האָט זיך אָנגעהויבען וועלען אראָפּקריכען, און עס האָט זיך אָנגעהויבען בענקען נאָך דער ערד, בענקען אהיים, בענקען נאָכ'ן שטעדטעלע, נאָך וואָראָנקאָ. און דער העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראַפיע האָט זיך פארשלאָגען אין א וויגקעלע ביי מאיר-וועלוועלען אין בויד, אָפּגעזיפצט פון דער גרינג און מיט הארץ געזעגענט זיך מיט דעם נאָך א מאָל און נאָך א מאָל און געשעפּטשעט שטילערהייט, זיינע ברידער זאָלען עס ניט הערען:

— זיי געזונט, וואָראָנקאָ! זיי געזונט, זיי געזונט!...

25

# אין דער נייער היים

פֿערעיאַסלאַוו אַ כּרך. — אַ קאַלט באַגעגעניש. — דאָס זילבער איז פֿאַרזעצט, פּרנסה געשלאָגן. — דער טאַטע איז פֿאַרזאָרגט.

נאָך צוויי טעג טרייסלען זיך און העצקען זיך, וואַרפֿען זיך און קאַטשען זיך, און אָנגעגעסען זיך מיט שטויב, און אָנגעהערט זיך מיט בעל־עגלה־מעשיות, האָבען די יונגע רייזענדע אויפֿ'ן צווייטען טאָג פֿאַרנאַכט דערפֿיהלט, אַז זיי זענען שוין אָט־אָט אין דער היים. נאָך אַ ביסעלע און עס האָבען זיך אין דער פֿינסטערער נאַכט אָנגעהויבען באַווייזען קליינע פֿייערלעך — סימנים פֿון אַ שטאָדט. דערנאָך האָבען די רעדער גענומען קלאָפּען איבער שטיינער, און די בויד האָט געטראַסקעט נאָך ערגער ווי פֿריהער. דאָס איז שוין געווען די אמת'ע שטאָדט, די גרויסע שטאָדט פֿערעיאַסלאַוו. מיט אַ רעש און מיט אַ האַרמידער האָט זיך מאיר־וועלוועל'ס בויד צוגעקאַטשעט צו אַ פֿינסטערען הויף, וואו ס'איז געהאַנגען איבער'ן טויער אַ פֿאַררויכערטע לאַנטערנע מיט אַ בעזעמעל פֿון היי — אַ סימן אויף איין איינפֿאָהר־הויז.

אַז זייערע עלטערנ'ס פּרנסה איז איצט איין איינפֿאָהר־הויז — דאָס איז פֿאַר די קינדער געווען אַ סורפּריז און אַ באַלעדיגונג. סטייטש, זייער טאַטע נחום וועט אויפֿנעמען געסט? זייער מאַמע חיה־אסתּר וועט קאָכען פֿאַר זיי וואַרעמעס? זייער באָבע מינדי וועט זיי באַדיענען? קיין שטאַרקערען אָראָפּפֿאַל,

קיין גרעסערען בזיון האָבען זיי זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלען. און דער טרוימער שלום, וואָס האָט שטענדיג גע׳חלום׳ט פון בעסערע צייטען, וואָס האָט זיך ארומגעטראָגען מיט זיין אוצר, האָט דער־נאָך אין דער שטיל געטרויערט, געוויינט אין דער פאַרבאָרגעניש און שטארק געבענקט צוריק צום ליעבען קליינעם וואָראָנקאָ. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס האָבען די גרויסע געהאַט געזאָגט: משנה מקום — משנה מזל? א שענער „משנה מקום — משנה מזל" — נישטאָ וואָס צו רעדען!...

— קריכט־אַרויס, ממזרים, מיר זענען שוין געקומען! — אַזוי האָט מאיר־וועלוועל אָנגעזאָגט די בשורה נאָכדעם ווי ער האָט מיט א לאַנגען „טפררררו" זיך אָפּגעשטעלט ביי׳ם גאַניק פונ׳ם איינ־פאָהר־הויז.

צעבראָכענע, צעלאָמעטע און הונגעריגע, האָבען חברה גענומען איינציגווייז אַרויסקריכען פון בויד און אויסגלייכען זיך די ביינער. גיך האָט זיך געעפענט די שטוב־טיר און עס האָבען זיך אָנגעהויבען באַווייזען אויפ׳ן פינסטערען גאַניק פיגורען, איינע נאָך דער אַנ־דערער, וואָס מע האָט זיי אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט געקאָנט דערקענען נאָר נאָכ׳ן קול. די ערשטע פיגור איז געווען א הויכע און א ברייטע. דאָס איז געווען די באַבע מינדי. זי האָט אויסגעצויגען דעם אַלטען קאָפּ און א זאָג געגעבען: „אָ! גע־לויבט ביזט דו גאָט, זיי זענען שוין געקומען". די צווייטע פיגור איז געווען א קליינינטשקע, א זשוואַווע. דאָס איז געווען די מאַמע חיה־אסתר. זי האָט ווי א פרעג געגעבען עמיצען א דריטען: „שוין געקומען?" — „שוין געקומען!" — האָט איהר אָפּגעענט־פערט מיט פרייד א דריטע פיגור, א לאַנגע און א דינע. דאָס איז געווען דער טאַטע, רב נחום וועוויק׳ס, איצט שוין רב נחום ראַבינאָוויטש (אין דער גרויסער שטאָדט האָט מען דעם זיידען וועוויק געגעבען דימיסיע).

א באַגעגעניש איז דאָס געווען נישט אַזאַ, ווי די קינדער האָבען געוואַרט. מע האָט זיך אפילו צעקושט, נאָר קאַלטליך. דערנאָך

האט מען זיי א פרעג געגעבען: „ס׳מאכט איהר?” וואס קאן מען ענטפערען דערויף? „גארנישט”... די ערשטע איז געוועזן די באבע מינדי, וואס האט זיך דערמאנט, אז די קינדער קאנען וועלען עסען. „איהר זענט הונגעריג?” נאך א מין הונגעריג! „איהר׳ט עפּיס עסען?” נאך א מין עסען! „מנחה־מעריב געדאווענט?” נאך א מין דאוונען!...

די מאמע האט זיך אווארף געגעבען אין קיך מאכען עפּיס עסען, און דער טאטע האט דערווייל פארהערט די קינדער, וואו זיי האלטען אין לערנען. א, זיי האלטען ווייט! נאר וואס דרעהט מען זיי א מח, אז עס ווילט זיך גאר באטראכטען די נייע חיים, די נייע שטוב?

און זיי בויגען דעם קאפּ אויף אלע זייטען און קוקען זיך ארום, וואו זיי זענען אין דער וועלט. זיי דערזעהען פאר זיך א גרויסע, נאר א סומנע, א נארישעוואטע שטוב מיט א סך חדרים׳לעך, איבערגעצוימט מיט דינע ברעטלעך. דאס זענען חדרים פאר אורחים, און אורחים — ניט איינער. אין מיטען שטוב איז א זאל. אין זאל האבען חברה דערקענט דאס גאנצע וואראנקאווער מעבעל: דעם קיילעכיגען רויטען טיש אויף דריי לאפּעס, די אלטע פאנירטע רויטע קאנאפּע מיט׳ן אויסגעטריפּעטען געזעס, דעם קיילעכיגען פאנירטען רויטען שפּיעגעל מיט די צוויי אויסגעשניצטע הענט פון אויבען, ווי ביי כהנים צום דוכנ׳ען, און די גלעזערנע שאפע, פון וואנען עס האבען ארויסגעקוקט נאר די פסח׳יגע פּיעלפארביגע טעלער, דאס זילבערנע חנוכה־לעמפּעל מיט׳ן אלטען זילבערנעם הדס־בעכער, וואס איז געמאכט געווארען ווי איין עפּעל אויף א גרויסער צווייג מיט בלעטלעך. די אלע איבעריגע זילבערנע־געגילטע כוסות, בעכער, בעכערלעך, גאפּלען, מעסערס און לעפעל און דאס גאנצע זילבער — איז נישט געוועזן שוין מעהר. וואו איז דאס אהינגעקומען? ערשט הערט־שפּעטער, אין א צייט ארום, זענען זיי געוואוירע געווארען, אז טאטע־מאמע האבען עס איינעם מיט דער מאמע׳ס פּערעל און ציערונג פארזעצט ביי א

פּערעיאַסלאַווער נגיד און נישט געקאָנט שוין מעהר אויסקויפען קיינמאָל.

— געהט וואַשט אייך! — זאָגט די באָבע מינדי נאָך דעם, ווי די מאַמע חיה-אסתּר האָט געבּראַכט צו טראָגען פון קיך עפּיס נישט אַזאַ געהויבּענע וועטשערע: צוגעוואָרעמטע קאַשע מיט פּאַסאָלים, און דאָס דאַרף מען עסען מיט בּרויט, און דאָס בּרויט איז אַלטגעבּאַקען! די מאַמע אַליין שניידט דאָס מיט אַ מעסער און טיילט-אויס יעדען זיין חלק — דאָס איז בּיי זיי קיינמאָל נישט געווען. אַ קבּצנ'ישער מנהג!... און דער טאַטע זיצט בּיי דער זייט און הערט נישט אויף צו עקזאַמענירען, וואו האַלט מען אין תּנ"ך. דער טאַטע זעהט-אויס צופריעדען. די קינדער האַלטען ווייט. און ווער שמועסט, דער מיטעלסטער, שלום, דער איז קלאָר בּעל-פּה, קאָן זאָגען גאַנצע קאַפּיטלעך ישעיה אויף אויסווענינ, ווי אַ וואַסער.

— נו, גענוג שוין, לאָזען זיי געהן שלאָפען! — זאָגט די מאַמע און נעמט-צו דאָס איבּערגעבּליבּענע בּרויט פון טיש און פאַרשליסט דאָס אין שאַפע. דאָס איז אויך נישט געווען בּיי זיי דאָרטען אין וואָראָנקאָ. דאָס איז גאָר אַ מיאוס'ער מנהג!...

עס איז שווער צו זאָגען: צי ווייל דער וועג איז געווען אַ לאַנגער, אַ שווערער און מע איז געווען צעבּראָכען אויף שטיק-שטיקלעך, אָדער אפשר דערפאַר, וואָס דאָס בּאַגעגעניש איז געווען עפּיס נישט איבּעריג פריינטליך און די אויפנאַמע קבּצניש'דיג — נאָר די נייע היים, וואָס חבורה האָבּען וועגען איהר אַזוי פיעל גע'חלומ'ט, האָט נישט געפונען בּיי זיי אין די אויגען יענעם חן, וואָס זיי האָבּען געמיינט און געוואָלט. צו-פיעל האָבּען זיי, אַפּנים, געוואָרט פון דעם — דעריבּער האָבּען זיי זיך געפיהלט ווי אָפּ-געשמיסענע און זענען געווען צופריעדען, אז מע האָט זיי געהייסען לייענען קריאת-שמע און געהן שלאָפען.

ליגענדיג דערנאָך אויף שטרויענע זעק, אויסגעבּעט אויף דער ערד, אַלע קינדער אינאיינעם, אין אַ גרויסען פינסטערען חדר אָהן

אַ שום מעבעל — אַ מין דורכגאַנגס־חדר פון זאַל אין קיך אַריין, — האָט דער העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראַפיע לאַנג נישט געקאָנט אַנשלאָפען ווערען. אין זיין קאָפּ האָבען זיך געבאָמבעלט אַלערליי מחשבות און געדאַנקען מיט קשיות, קשיות און קשיות: פאַר וואָס איז דאָ אַזוי פינסטער און אומעטיג? פאַר וואָס זענען דאָ אַלע אַזוי פאַרזאָרגט? וואָס איז דאָס מיט דער מאַמען, וואָס זי איז געוואָרען אַזוי קאַרג מיט סכּנות? וואָס איז דאָס מיט׳ן טאַטען, וואָס ער איז געוואָרען אַזוי איינגעבויגען, סוטולעוואַטע און אַזוי שטאַרק פאַרעלטערט, אַז עס קלעהמט דאָס האַרץ קוקענדיג אויף זיין געל־געקנייטשט פּנים? ניט שוין זשע איז דאָס אַלסדינג נאָר צוליעב דעם, וואָס מע האָט געזאָגט אין וואָראָנקאָ, אַז די פּרנסה איז געשלאָגען? ניט שוין זשע איז אָט דאָס דער „משנה מקום — משנה מזל”? וואָס טהוט מען דערצו? דערצו איז — דער אוצר. אך! ווען ער ברענגט מיט זיך חאָטש אַ קליינעם חלק פון יענעם אוצר, וואָס ליגט באַהאַלטען אין וואָראָנקאָ!...

דערמאַנט זיך אינ׳ם אוצר, קומט איהם אויפ׳ן זינען זיין חבר שמואליק דער יתום מיט זיינע וואונדערליכע מעשיות וועגען שענע אוצרות פון גאָלד און זילבער, דימענטען און בריליאַנטען, וואָס געפינען זיך אין גן־עדן התחתון, און וועגען יענעם אוצר, וואָס געפינט זיך אויף יענער זייט וואָראָנקאָווער בית־מדרש נאָך פון חמעלניצקי׳ס צייטען... און עס חלומ׳ען זיך איהם אוצרות, גאָלד און זילבער, דימענטען און בריליאַנטען. און זיין חבר שמואליק קומט איהם צו חלום, דער ליעבער שמואליק מיט זיין חנ׳עוודיגען פּנים, מיט זיינע גלאַנצענדיגע, מיט פעטען אָנגעשמירטע האָר. און עס מאָהלט זיך איהם אויס, אַז ער הערט זיין ווייך־הייזעריג קול, ווי ער רעדט צו איהם זיס־פריינטליך, ווי איין אַלטער, און ווי ער טרייסט איהם מיט גוטע ווערטער: „זאָרג ניט, שלומ׳אָני טייערער, אָט האָסט דו פון מיר אַ מתּנה — אַ שטיין פון יענע צוויי שטיינער; קלויב דיר אויס וועלכען דו ווילסט — דעם

שטיין, וואָס הייסט „ישפה", אָדער דעם שטיין, וואָס הייסט „כדכד"... שלום איז אין פאַרלעגענהייט. ער ווייסט ניט, ער האָט פאַרגעסען, וועלכער שטיין איז בעסער — דער שטיין, וואָס הייסט „ישפה", אָדער דער שטיין, וואָס הייסט „כדכד"? און אַזוי ווי ער טראַכט דאָ אַזוי, שפּרינגט־אונטער גערגעלע־גנב, חאַפּט־אויס ביידע שטיינער און ווערט מיט זיי פאַרשוואונדען. און פּינעלע שימעלע'ס — פון וואַנען האָט ד ע ר זיך גענומען אַהער? — האַלט די הענט אין די קעשענעס און קאַטשעט זיך פאַר געלעכטער. „פּינעלע, וואָס לאַכסט דו?" „פון דיין מוהמע האָדעל מיט איהר פּאָווידלע — חאַ־חאַ־חאַ!"...

— שטעהט־אויף, חברה פּלעצעל! זעה נאָר, ס'איז זיי גאָר־ניט צו דערוועקען! מע דאַרף אַרויסטראָגען דעם הקדש! מע דאַרף קאָכען וואַרעמעס! און זיי שלאָפען — אַ זיסער שלאָף אויף זיי! — קלאָגט זיך די מאַמע חיה־אסתר, אַ קליינינטשקע, אַ זשוואַווע, אַ פאַרפּאָרעטע, אַ פאַרטאַרעראַמטע פון דער אַרבייט אין שטוב און אין קיך — איין מענטש אַליין.

— אי־אָ־נו, דאַווגען! — העלפט איהר אונטער די באַבע מינדי, האַלט אַ קרבן־מנחה אין האַנט און מישט אַ בלעטעל נאָך אַ בלעטעל און זאָגט מיט כוונה, טאָר ניט מפסיק זיין.

— נאָכ'ן דאַווגען וועט איהר זיך דורכגעהן צו דער משפחה אָפּגעבען אַלעמען שלום־עליכם, און אין חדר וועט איהר שוין אָנהויבען געהן, אם ירצה השם, נאָך יום־טוב.

אַזוי לעגט־צו דער טאַטע ווייכער פון אַלע. ער געהט אָנגעטהאָן אין עפּיס אַ מאָדנע חאַלאַטעל, אויף קעץ אונטערגעשלאָגען, חאָטש ס'איז נאָך וואַרעם אין דרויסען, און איין איינגעהויקערטער, אַ פאַרזאָרגטער, פאַרציהט ער זיך מיט אַ שטאַרקען פּאַפּיראָס און זיפצט אַזוי טיעף, אַז עס רייסט־אויס אַ שטיק האַרץ. עפּיס דאַכט זיך אויס, אַז ער איז גאָר קלענער געוואָרען. עלטער און קלענער... און עס ווילט זיך לויפען פון שטוב אַרויס וואָס גיכער, לויפען אין דרויסען אַרויס, אָנקוקען די שטאָדט, זיך באַקענען מיט דער משפּחה.

## 26

# די גרויסע שטאָדט

מע נעהמט באַקענען זיך מיט דער משפּחה. — די מוהמע חנה מיט איהרע קינדער. — אלי און אברהמעל פאַרהערען דעם העלד, וואו ער האַלט אין תנ"ך. — ביי'ם פעטער פיני פאַרהערט מען איהם אין שרייבען.

אויף וויפיעל די שטאָדט האָט ביינאַכט אויסגעוויזען וויסט און פינסטער, אויף אַזוי פיעל האָט זי אין דער פריה געשיינט און געבלישטשעט און געפונען חן און לייטזעליגקייט אין די אויגען פון די וואָראָנקאָווער יונגלעך, די קליינשטעדטעלדיגע קינדער, וואָס האָבען געהאַפּט התפּעלות פון איטליכס ברעקעל באַזונדער. זיי האָבען נאָך קיינמאָל אויף זייער לעבען נישט געזעהען, אַז גאַסען זאָלען זיין אַזוי ברייט און לאַנג און האָבען פוןביידע זייטען הילצערנע „פעשעחאָדען" (טראָטוארען); אַז שטיבער זאָלען זיין געדעקט מיט בלעך; אַז פענסטער זאָלען זיין פון דרויסען מיט געפאַרבטע גרינע, בלויע און רויטע לאָדען; אַז קלייטען זאָלען זיין געמויערטע פון ציגעל און האָבען אייזערנע טירען. היינט דער מאַרק, די קלויסטערס און, להבדיל, די בתי־מדרשים מיט די שוהלען, און אפילו די מענטשען — אַלע און אַלץ איז אַזוי גרויס און אַזוי שען און אַזוי ריין און אַזוי יום־טוב'דיג־פריילין! נײַן, פינעלע שימעלע'ס האָט ניט מגזם געווען, אַז ער האָט דער־צעהלט „וואונדירים" פון דער דאָזיגער גרויסער שטאָדט. אַזוי ווי

אויף רעדלעך האָבען זיך געגליטשט זייערע פיס איבער די הילצערנע „פעשעחאָדען", געהענדיג מיט'ן טאַטען צו דער משפחה, זיך באַ־קענען און אָפּגעבען שלום. און נאָר וויל דאָ איז געווען דער טאַטע, האָבען זיי פאַר דרך־ארץ נישט געקאָנט זיך אָפּשטעלען אויף יעדען טריט און באַוואונדערען די חידושים ונפלאות, וואָס זייערע אויגען האָבען דערזעהען. ווי דער שטייגער איז, איז אויף צו־פריהער געגאַנגען דער טאַטע, און די קינדער האָבען זיך נאָכ־געשלעפּט נאָך איהם, פון הינטען.

אריינגעטראָטען אין אַ גרויסען הויף און דורכגעשפּאַנט דורך אַ גרויסען גלעזערנעם ליכטיגען קאָרידאָר, איז מען אריינגעקומען אין אַ רייכער פּריצ'ישער שטוב מיט געוועקסעלטע פּאָדלאָגעס, ווייכע קאַנאַפּעס און שטוהלען, הויכע ביז דער סטעלי שפּיעגלען, געשניצטע שאַפעס, גלעזערנע קאַנדעליאַברעס אויף דער סטעלי, מעשענע העסעם אויף די ווענט — איין אמת'ער „פּאַלאַץ", אַ „דירה־מלוכה" !

דאָס איז געווען דער מוהמע חנה'ס שטוב — אַ מאָדנע שטוב. אַ שטוב אָהן אַ טאַטען (די מוהמע חנה איז איין אַלמנה). די קינדער האָבען נישט געהערט זייער מאַמע, נישט זייער רבין, נישט קיינעם. אַ קליינע אַנאַרכיע. איטליכער האָט זיך געטהאָן וואָס ער האָט געוואָלט. און אַלע צווישען זיך האָבען געהאַלטען אין איין קריעגען זיך, געגעבען זיך איינס דאָס אַנדערע צונעמענישען, און געלאַכט האָט מען הילכיג, און גערעדט האָבען אַלע אינ־איינעם, און געטומעלט אַזוי שטאַרק, אַז ס דער קאָפּ האָט זיך אייך גערדרעהט.

די מוהמע חנה אַליין — אַ אידינע אַ הויכע, אַ גרויסאַרטיגע. עס וואָלט איהר אָנגעשטאַנען זיין אַ גראַנד־דאַמע, פון די, וואָס שמעקען טאַבעקע פון אַ גאָלדען פּושקעלע, אויף וועלכען ס'ע שטעהט אויסגעמאָהלט אַ פּרינץ פון די אַמאָליגע פּרינצען, מיט אַ גרויי צעפּעל און מיט זיידענע זאָקען. די מוהמע חנה איז געווען, ווייזט אויס, אַמאָל אַ יפת־תואר. דאָס איז צו זעהען נאָך די טעכטער :

זעלטענע־זעלטענע שענהייטען. ווי נאָר קליינוואַרג זענען אריינגעקומען, אזוי איז געוואָרען א טומעל, א געשריי און א געפילדער:

— אָט דאָס זענען זיי? אָט דאָס איז ער, דער בעל־תּנ״ך? אנו, קום נאָר אהער, שעם זיך ניט! זעהט נאָר, ווי ער שעמט זיך עס א ביסעל, חא־חא־חא!

דער טאטע האָט זיך, אפּנים, נישט געקאָנט איינהאלטען פון צו געבען זיך א באריהם מיט זיין זוהן, אז ער איז א גוטער בעל־תּנ״ך, האָט מען איהם געקרוינט דאָ טאקי באלד אויפ׳ן אָרט מיט׳ן נאָמען: „בעל־תּנ״ך״.

— גיס־אָן דעם בעל־תּנ״ך א גלעזעל טיי און געב איהם איין עפּעל מיט א באר, לאָז ער פארזוכען, דער בעל־תּנ״ך, אונזערע פּערעיאסלאווער אויבּסטען.

— שאט, ווייסט איהר וואָס? לאָז מען אריינרופען אהערצו אלין מיט אברהמלען, וועלען זיי איהם פארהערען.

און מע האָט אריינגערופען אלין מיט אברהמלען.

אלי און אברהמעל זענען שוין היבשע בחורים מיט פיינע בערדלעך און קעהרען זיך אָן צו דער מוהמע חנה׳ס משפּחה פון איהר מאנ׳ס צד. זיצען א הויף קעגען א הויף. זייער פאָטער, יצחק־יענקעל, איז איין אָפּגעקומענער נגיד, לאָדט זיך כל ימיו מיט „קאזנא״, טראָגט איין אויהערינגעל אין לינקען אויהער, א שענע קיילעכיגע באָרד, קוקט ניט אויף קיינעם, רעדט ניט מיט קיינעם, און שטענדיג שמייכעלט ער מיט אזא מינע, ווי איינער רעדט: „וואָס האָב איך מיט אייך צו שמועסען, אז איהר זענט אלע בהמות?״

די אריינגעקומענע בחורים האָבען גלייך, אָהן צערעמאָניעס, א נעם געגעבען דאָס וואָראָנקאָווער בחור׳על צום עקזאמען, איהם פארהערט אין תּנ״ך אויף אויסוועניג פון איין עק ביז׳ן אנדערען. און מע דארף מודה זיין, אז דאָס וואָראָנקאָווער בחור׳על האָט דעם עקזאמען אויסגעהאלטען גאָר־גאָר גלענצענדיג. ער האָט ניט נאָר געטראָפען איטליכס וואָרט וואו עס שטעהט, און וואָסער א

קאַפּיטעל, אין וואָסער פּסוק, נאָר אפילו געזאָגט, וואו סע געפינען זיך אַלע איבעריגע ווערטער פונ'ם זעלבען שורש. דער טאַטע האָט געקוואָלען, געקלויבען תענוג, ממש געוואָרען ברייטער ווי לענגער. דאָס פּנים זיינס האָט איהם געשיינט. די קנייטשען, וואָס אויפ'ן שטערן, האָבען זיך אויסגעגלייכט, און אַליין האָט ער זיך עפּיס ווי אויסגעגלייכט, געוואָרען גאָר איין אַנדער מענטש.

— אַז ס'איז יאָ אַזוי, לאָז מען געבען דעם בעל-תנ"ך נאָך איין עפּעל און נאָך אַ באַר און נאָך ניס, און קאָנפעקטען, קאָנ-פעקטען! — האָבען דער מוהמע חנה'ס טעכטער די יפת-תוארס געקאָמאַנדעוועט, און דער נאָמען „בעל-תנ"ך" איז איהם פאַרבליבען אויף אַ לאַנגע צייט ניט נאָר אין דער משפחה — מע האָט איהם שוין דערנאָך אין בית-מדרש, צווישען יונגלעך קונדסים, אַנדערש ניט גערופען, ווי „דער וואָראָנקאָווער בעל-תנ"ך". אויך די גרויסע, ווער עס האָט נאָר געהאַט גאָט אין האַרצען, דער האָט איהם גע-חאַפּט פאַר איין אויהער: „זאָג נאָר, דו קליינער בעל-תנ"ך, וואו שטעהט ערגיץ אָט דער און דער פּסוק?"

דעם בעל-תנ"ך איז שטאַרק געפעלען געוואָרען דער מוהמע חנה'ס שטוב מיט דער מוהמע חנה'ס קינדער, פּיני מיט מאָכען, צוויי יונגלעך-שקצים, מיט וועלכע ער איז גיך געוואָרען חבר. עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז קיין שענערע און קיין רייכערע שטוב, ווי דער מוהמע חנה'ס, איז ניטאָ ניט נאָר אין פּערעיאַסלאַוו, נאָר אויף דער גאַנצער וועלט. וואָרום וואו האָט איהר געזעהען, אַז עפּעל זאָל מען שלעפּען פון אַ פאַס, ניסלעך פון אַ זאַק און קאָנפעקטען פון אַ טאָרבע?...

גאַנץ אַנדערש האָט אויסגעזעהען דעם פעטער פּיני'ס שטוב. אַ שטוב אַ אידישע, מיט אַ סוכּה, מיט אַ סך ספרים, גאַנץ ש"ס, אַ זילבערן חנוכּה-לעמפּעל, אַ לאַנגע וואַכסענע הבדלה. נאָר ווי קומט עס צו דער מוהמע חנה? אַ פרומע שטוב. אַלע זענען דאָרטען פרום. אַזוי ווי דער פעטער פּיני, אַזוי זיינע קינדער. די זיהן אין לאַנגע קאַפּאָטקעלעך ביז צו דער ערד, מיט אַרבע-כּנפות'ען

לאנגע ביז די קניהעס. די טעכטער — צניעות׳דיג אנגערוקט די פעטשיילעס איבער׳ן פנים, קוקען ניט קיין פרעמדען גלייך אין די אויגען אריין, נאר אז מע דערזעהט א פרעמדען, ווערט מען רויט, ווי א צוויק, און מע לאכט אויף קרעדיט. די מוהמע טעמע, א אידינע א פרומע מיט ווייסע ברעמען, און ביי דער זייט איהר מאמע — צוויי טראפענס וואסער די מוהמע טעמע, גארניט צו דערקענען, ווער ס׳א מאמע, ווער ס׳א טאכטער, ווען די מאמע זאל ניט טרייסלען מיט׳ן קאפ: ניין־ניין.

דא, ביי׳ם פעטער פיניו, האט דער טאטע נחום שוין נישט באריהמט זיך מיט זיין „בעל־תנ״ך". אין דער דאזיגער שטוב האלט מען נישט פונ׳ם תנ״ך. ווער לערענט תנ״ך? תנ״ך לערנען אפיקורסים. דערפאר האט ער זיך נישט געקענט איינהאלטען פון באריהמען זיך מיט זיינע קינדער׳ס כתב. זיינע קינדער, האט ער געזאגט, שרייבען, אז עס לאזט זיך אויס די וועלט.

— אט דער קליינער — האט ער א וויוז געגעבען אויפ׳ן בעל־תנ״ך — האט א הענטעל, א כתבא רבה!

— אנו, ווייזט נאר אהער א טינט און פען! — האט דער פעטער פיני א שאף געגעבען און האט פארקאטשעט די ארבעל פון ביידע הענט, גלייך ווי ער אליין באדארף עפיס טהון איין ארבייט. — א טינט און פען זאל מיר באשאפען ווערען, וועלען מיר איהם פארהערען שרייבען, אט דעם „כתבא רבה". אבער גיך! און באלד!

דעם פעטער פיני׳ס באפויל איז געוועזען א באפויל פון א שטרענגען גענעראל, אלע קינדער, די יונגלעך מיט די מיידלעך, האבען זיך א ווארף געגעבען אין אלע ווינקעלעך נאך א טינט און פען.

— א שטיקעל פאפיר! — האט אויסגעקאמאנדעוועט וויע־דער דער גענעראל. ס׳איז אבער נישט געוועזען אין ערגיץ קיין איבעריג שטיקעל פאפיר.

— שאַט! ווייסט איהר וואָס? לאָז ער אָנשרייבען אַט דאָ אויף מיין סידור'על.

אויף דער דאָזיגער המצאה איז געפאַלען דעם פעטער פיני'ס יונגערער זוהן, איצעל, אַ טשיקאַווע בחור'על מיט אַ שפּיצעכיג קעפּעל און מיט אַ לאַנג נעזעל.

— נעם שרייב! — האָט דער טאַטע באַפוילען צו זיין „בעל-תנ"ך".

— וואָס זאָל איך שרייבען?

— שרייב וואָס דו ווילסט.

איינגעטונקען די פען, האָט דער בעל-תנ"ך, אָדער דער „כתבא רבה", אַ ביסעל אַ טראַכט געגעבען, נישט געהאַט וואָס צו שרייבען, האָטש טהו זיך אָן אַ מעשה! דעם פעטער פיני'ס הויזגעזינד האָט שוין מסתמא איבערגעטראַכט, אַז דער „כתבא רבה" קאָן שרייבען נאָר דעמאָלט, ווען מע זעהט ניט. נאָר דאָ איז איהם געקומען אויפ'ן זכרון דאָס, וואָס כמעט אויף יעדען אידישען ספר פלעגט יענע יאָהרען שטעהן געשריבען, און שלום האָט פאַרקאַטשעט דעם אַרבעל, געגעבען אַ דרעה מיט דער האַנט, איינגעטונקען נאָך אַ מאָל די פען און אין עטליכע מינוט אַרום איז געוועזען אָנגעשריבען אַט ווי אַזוי:

„אעפ"י שאָסרו חכמים לכתוב על הספר, אלא משום סימן בעלמא מותר". אויף אידיש וועט דאָס הייסען אַזוי גוט ווי:

ה אָ ט ש א פ י ל ו א ו י ף א ס פ ר ש ר י י ב ע ן ט אָ ר מ ע ן נ י ט, נ אָ ר צ ו ל י ע ב א ס י מ ן מ ע ג מ ע ן.

דאָס איז געוועזען אַ מין הקדמה, נאָך וועלכער עס קומט די דאָזיגע באַקאַנטע אויפשריפט:

„זה הסדור שייך. למי שייך? למי ששייך שייך. פאַרט למי שייך? למי שקנה. מי קנה? מי שקנה קנה. פאַרט מי קנה? מי שנתן מעות. מי נתן מעות? מי שנתן נתן. פאַרט מי נתן? מי שהוא נגיד. מי נגיד? מי שהוא נגיד נגיד. פאַרט

מי נגיד ? הנגיד ה״ה הבחור המפורסם מוהר״ר יצחק בהרב הנגיד המפורסם מוהר״ר פינחס ראַבינאָוויטש בק״ק פּערעיאַסלאַוו״.

איבערזעצט אויף אידיש וועט דאָס אויסקומען אזוי :

„דאָס דאָזיגע סידור׳על געהערט. צו וועמען געהערט דאָס סידור׳על ? צו וועמען עס געהערט געהערט עס. פּאָרט צו וועמען צו דעם, וואָס האָט געקויפט. ווער האָט דאָס געקויפט ? ווער עס האָט געקויפט האָט דאָס געקויפט. פּאָרט ווער האָט דאָס געקויפט ? ווער עס האָט געגעבען געלט. ווער האָט געגעבען געלט ? ווער עס האָט געגעבען האָט געגעבען. פּאָרט ווער האָט געגעבען ? ווער ס׳איז א נגיד. ווער איז א נגיד ? ווער ס׳איז א נגיד איז א נגיד. פּאָרט ווער איז א נגיד ? א נגיד איז דער באַריהמטער בחור יצחק דער זוהן פונ׳ם באַריהמטען נגיד פּינחס ראַבינאָוויטש אין דער שטאָדט פּערעיאַסלאַוו״.

עס איז שווער צו באַשרייבען, וואָס פאַר א פוראָר דאָס האָט געמאַכט, הן מצד הלשון והן מצד הכּתב ! און דער עיקר — דאָס כּתב ! דער „כּתבא רבּה״ האָט זיך שוין גוט געפליסט, אז דער טאַטע זיינער זאָל חלילה ניט פאַרשעמט ווערען. ער האָט אָנגע־שטרענגט אַלע כּוחות. ער האָט געשוויצט, ווי א ביבער. ער האָט אויסגעקלויבען דאָס סאַמע שענסטע און סאַמע קלענסטע פּערעל־כּתב, וואָס מע דאַרף אָנטהון דערצו א שפּאַקטיוו, מע זאָל דערזעהען די אותיות׳לעך. ער האָט אָנגעווענדט דערצו דעם גאַנצען כּח פון קאַליגראַפּיע, וואָס ער האָט אַרויסגעפיהרט בירושה פון זיין וואָראָנקאָווער רבין רב זרח׳על, וועלכער האָט באַשאַפען אין יענעם שטעדטעלע, קאָן מען זאָגען, א גאַנצען דור פון קאַליגראַפען, וואָס האָבען זיך צעקראָכען איבער דער וועלט און וואָס צייכענען זיך אוים כּמעט אַלע מיט זייער שען־שרייבען עד היום הזה.

## 27

# בין־הזמנים

ארנאלד פון די פידוואַרקעס. — נייע חברים. — גרמיזא דער מלמד אַ בעל־קורא. — די וואַראַנקאַווער ווייסע־חברה'ניקעס באַווייזען וואָס זיי קענען.

בין־הזמנים — ווער וועט דאָס פאַרשטעהן? וואַקאַציע, וואַקיישאָן, פעריען, קאַניקולעס — דאָס זענען אַלץ ווערטער פונ'ם זעלבען באַגריף. זיי זאָגען אָבער נישט דאָס, וואָס דאָס וואָרט „בין־הזמנים" זאָגט דעם אידישען יונגעל.

דאָס קינד, וואָס קומט פון דער שול, אָדער פון גימנאַזיע, אויף וואַקאַציע אַהיים, האָט זיך געגוג אָנגעשפּיעלט דאָרטען, וואו מע לערענט, געגוג אָנגעטאַנצט און אָנגעהוליעט, געגוג אָנגעלאָפען זיך און געגוג אָנגעשטיפּט זיך מיט די חברים דורכ'ן יאָהר — עס קאָן זיין מעהר געשטיפט, ווי געלערענט. דאָס אידישע חדר־יונגעל — דער האָט נעבאַך דאָס גאַנצע יאָהר געהאָרעוועט, געזעסען ביז שפּעט אין דער נאַכט און געלערענט — געלערענט, געלערענט און געלערענט. און מיט אַ מאָל — בין־הזמנים! אָנדערהאַלבען חדשים דורכאַיינאַנד, פון חצי אלול ביז סוף תשרי, וועט מען נישט געהן אין חדר — וואָס קאָן זיין אַ גרעסערער יום־טוב? און דערצו געהען נאָך די יום־טובים אויך: ימים נוראים! סוכות! שמחת־תורה! און דאָס אַלסדינג אינאיינעם גענומען — אויף אַ ניי אָרט, אין דער גרויסער שטאָדט, אין פּערעיאַסלאַוו!

קודם כּל באַדאַרף מען אָנקוקען די שטאָדט. חבורה האָבּען זי נאָך כּמעט גאָרניט געזעהען. אחוץ ווי בּיי דער מוהמע חנה׳ן און בּיי׳ם פעטער פּינין און אחוץ ווי אין גרויסען בּית־מדרש, אין אַלטען בּית־מדרש און אין דער קאַלטער שוהל, דאָרט וואו צאַלי דער חזן דאַווענט, זענען די וואָראָנקאָווער קינדער כּמעט אין ערגיץ נישט געוועזן. נאָך פאַרהאַן גענוג גאַסען און גענוג ערטער. פאַרהאַן די „אַלטיצע", און פאַרהאַן די „טרובּיילאַ" (טייכען אַזעלכע), און פאַרהאַן די לאַנגע בּריק. און וואו זענען די „פּידוואָרקעס", וואָס אויף יענער זייט בּריק? די „פּידוואָרקעס" — דאָס איז אַ באַזונדערער מין שטאָדט, וואָס געהערט פון דעסטוועגען צו פּערע־יאַסלאַוו. „אַרנאָלד פון די פּידוואָרקעס" שטאַמט פון דאָרט. אַרנאָלד קומט אָפט אַריין צו נחום ראַבּינאָוויטשען אַ בּיסעל פאַר־בּרענגען, רעדען פונ׳ם רמבּ״ם און פונ׳ם כּוזרי און פון בּרוך שפּינאָזאַ און פון משה מענדעלסאָן און פון נאָך אַזעלכע גרויסע מענטשען, וועלכע שלום האָט ניט געקאָנט זיך אָנגעדענקען, חוץ איינעם מיט׳ן נאָמען דרעפּער — דער האָט זיך איינגעפונדעוועט בּיי איהם אין זכּרון: דרע־פּער... „אַרנאָלד איז שטאַרק געלערענט. — זאָגט אויף איהם דער טאַטע נחום, וואָס האַלט פון איהם איין עולם ומלואו. — אַרנאָלד זאָל ניט זיין קיין איד, וואָלט ער געקאָנט זיין אַ פּראָקוראָר". פאַר וואָס עפּיס אַ פּראָקוראָר? און פאַר וואָס זאָל אַ איד ניט קאָנען זיין? — דאָס האָט נאָך שלום נישט געקאָנט פאַרשטעהן. פון אַנטיסעמיטיזם האָט ער געוואוסט נאָר איין זאַך: ה י נ ט. דורך זיין אייגענעם ערפאַהרען. אין וואָראָנקאָ האָבּען שקציִמ׳לעך אָנגערייצט אויף איהם הינט, וואָס האָבּען איהם אָוועק־געלעגט און צעבּיסען, איבּערגעלאָזט אַ סימן בּיז צו היינטיגען טאָג.

אָט דעם „אַרנאָלד פון די פּידוואָרקעס" האָט דער העלד פון דער דאָזיגער בּיאָגראַפיע אַ סך צו פאַרדאַנקען אין זיין שפּעטער־דיגען שטודירען, און מיר וועלען זיך דעריבּער מיט איהם נאָך באַגעגענען. דערווייל איז בּין־הזמנים און ערב יום־טוב. צייט צו שליסען באַקאַנטשאַפט מיט נייע חברים און גלאַט יונגלעך.

פון די חשוב'ע בעל־הבתישע יונגלעך פארנעמען דעם אויבענאן משה'ל יצחק־ביגדור'ס, א בחור'על א געלס, איין אויסגעצוואגענס, מיט איין אלפאגאווע קאפאטקעלע, און א גדלן א יונג, *וואס סע שטעהט איהם ניט אן מיט זיך אליין צו רעדען* — און איז גערעכט. ערשטענס, האט זיין טאטע יצחק־ביגדור איין אייגענע שטוב מיט א ווייסען גאניק. היינט איז דא ביי דעם יצחק־ביגדור'ען זייגערס אין שטוב מיט זייגערלעך אהן א צאהל און אהן א שיעור. אז עס קומט זייגער צוועלף און די זייגערס הויבען־אן שלאגען, קאן מען פארטויבט ווערען. אליין איז דער יצחק־ביגדור א איד, וואס לאדט זיך מיט דער גאנצער וועלט און האט אויגען פון א גזלן. אלע יונגלעך פון בית־המדרש ציטערען פאר זיין קוק.

דער צווייטער נאך משה'לען געהט זיאמע קארעצקי — א יונגעל פון די גאר גרויסע שקצים, א ביסעל א סאטולעוואטער, נישט מיט יעדען איז ער א מחותן און נישט יעדער איז מיט איהם א מחותן, ווארום זיין טאטע איז א „גלוח" מיט איין אונטער־געשארענער באָרד, איין אדוואקאט אין פעטערבורג, און טראגט מאדנע ברילען אויף דער נאז, וואס מע רופט זיי „פענצנע". אט דער זיאמע האט אויסגעלעהרענט די גאנצע שטאדט קינדער שווימען, באדען זיך, גליטשען זיך אויפ'ן אייז און נאך א סך זאכען, וואס ניט אלע אידישע קינדער קענען עס.

נאך זיאמען געהט ישראלי בענדיצקי'ס זוהנדעל, א בלייכער און א ציטעריגער, חייטעל רודערמאן — א מלמד'ס א יונגעל מיט גראבע פיסקעס, אברהמעל זאלאטושקין — א שווארצער, ווי איין אראפ, די מערפערטס און די ליפסקים — אפגעפוצטע בנים'לעך מיט אויסגעוועכסעלטע שטיוועלעך. מיט די האט מען באדארפט האבען א זכיה צו רעדען, ווארום ווער פארמאגט אזעלכע אויס־געוועכסעלטע שטיוועלעך אין דערוואכען? נאך זיי געהען די קאנאווערלעך — קינדער מזיקים, וואס האבען צו טהון מיט הינט, מוטשען קעץ. מיט די אלע וויל שלום זיך ניט חבר'ען. ער האט

בעסער ליעב זיך חבר׳ען מיט אַזעלכע יונגלעך, ווי מאָטעל סריבנע,
אַ בחור׳על מיט לאַנגע פאה׳לעך, וואָס שפּיעלט אויפ׳ן פיעדעל,
אָדער אלי דאָדי׳ס — אַ יונגעל אַ ברען, וואָס האַלט אין איין
לאַכען, און נאָך אַזעלכע. מיט זיי דאַוועגט ער אין איין בית־
המדרש, קוקט מען אין איין מחזור אַריין, מאַכט מען אינאַיינעם
„שטוקעס": מע קרימט־איבער רפאל דעם שמש, ווי ער קוקט
מיט׳ן אויגעל און זינגט: „אַכצעהן גילדוין אום כהן!" וואָווע
קאָרעצקין, ווי ער פייפט מיט דער נאָז. בעני קאַנאַוועד, ווי ער
עסט טאַבּעקע. יצחק־ביגדור, ווי ער מאַכט מיט די פּלייצעס.
שלום ווילענסקי, ווי ער גלעט זיך דאָס בערדעל און קאַכיקעט מיט
דער נאָז. ס׳איז דאָ, ברוך השם, וועמען נאָכצומאַכען. ס׳איז
גענוג גרמיזא דער מלמד, ווי אַזוי ער לייענט אין דער תורה. איהם
האָט שלום נחום ראַבּינאָוויטש׳עס געשטודירט צוויי שבתים כסדר,
ווי אַזוי גרמיזא דער מלמד צעשאָקעלט זיך אויף איין פוס, דער־
נאָך פאַרקרימט ער דאָס געשטופּעלטע פּנים, שטעלט־אַרויס די
געלע צייהן, ציהט־אויס דעם לאַנגען האַלז, טהוט אַ פיהר מיט דער
שפּיצעכיגער נאָז אין דער לופטען אַרויף און אַראָפּ און לאָזט־
אַרויס מיט אַ משונה־מאָדנע גאָרגעל־שטימע: „ר א ה נ ת ת י
ל פ נ י ך ה י ו ם א ת ה ח י י ם ו א ת ה ט ו ב ו א ת
ה מ ו ת ו א ת ה ר ע..." מע קאָן שטאַרבען פאַר געלעכטער!
אַלע די, וואָס האָבען געהערט שלומ׳ען נאָכמאַכען גרמיזא׳ן, ווי
ער לייענט, האָבען געשוואָרען, אַז ס׳איז גרמיזא מיט די ביינער!
נאָר גרמיזא אַליין, אַז ער איז געוואוירע געוואָרען, אַז ער מאַכט
איהם נאָך, איז ער געווען ניט צופריעדען. ער האָט זיך ניט גע־
פוילט און איז אַוועק צו נחום ראַבּינאָוויטשען אַהיים און האָט
איהם דערצעהלט די גאַנצע מעשה, אַז ער, גרמיזא, האָט געהערט
זאָגען, אַז ביי רב נחומ׳ען איז דאָ אַ יונגעל, וואָס מאַכט איהם נאָך,
ווי אַזוי ער לייענט אין דער תורה. דאָס האָט אָנגעמאַכט אַ
שטיקעל האַרמידער. נחום האָט איהם צוגעזאָגט, אַז ער וועט
מאַכען אַ „ספּראַווקע", לאָזען נאָר די קינדער קומען אַהיים. די

קינדער זענען געקומען אהיים, און מע האט זיך צו זיי א נעם געגעבן. דער טאטע האט געטראפן, אז דאס דארף זיין שלום'ס ארבייט.

— קום נאר אהער, שלום. זאג נאר, ווי אזוי מאכסטו דאס נאך גרמיזא דעם מלמד, ווי ער לייענט אין דער תורה?

— ווי אזוי איך מאך איהם נאך? אט ווי אזוי.

און שלום האט זיך נישט געפוילט און האט זיך צעשאקעלט אויף איין פוס, פארקרימט דאס פנים, ווי גרמיזא, ארויסגעשטעלט די צייהן, אויסגעצויגען דעם האלז, א פיהר געגעבען מיט דער נאז אין דער לופטען ארויף און אראפ און אנגעהויבען אויף א משונה־מאדנע גארגעל־שטימע: „ראה נתתי לפניך היום את החיים...”

שלום האט נאך קיינמאל נישט געזעהען דעם טאטען אזוי לאכען, ווי ער האט געלאכט יענעם טאג. ער האט גארניט געקאנט קומען צו זיך. און אז ער האט זיך אויסגעלאכט און אויסגעהוסט און אויסגעווישט די אויגען, האט ער זיך אנגערופען צו אלע קינדער:

— זעהט איהר, וואס בין־הזמנים מאכט? מע געהט ארום פוסטעפאס, עס ליגט אין זינען דער רוח ווייסט וואס, נאכמאכען גרמיזא דעם מלמד, ווי ער לייענט אין דער תורה (דא האט דער טאטע נישט געקאנט איינהאלטען זיך און האט באהאלטען דאס לאכענדיגע פנים אין דער פעטשיילע). אם ירצה השם, באלד נאך סוכות נעם איך צו צו אייך א רבין, און איהר'ט אנהויבען געהן אין חדר אריין. אויס בין־הזמנים!

ווייבאלד אז יא אויס בין־הזמנים, באדארף מען דאך טאקי געבען א לעב־אונטער, ווי עס געהער צו זיין!

און חברה האבען גענומען אויסנוצען זייער פרייהייט אויפ'ן סאמע ברייטסטען אופן, זיך באקאנט מיט וואו ערגיץ א זלידני א יונגעל, נישט איבערגעקליבען, מיט יעדען געשלאסען חבר'שאפט, געהוליעט ווי די רעקרוטען, איידער מע גיט זיי אפ אין דער

דיענסט. די וואַראַנקאָווער יונגלעך האָבן באַוויזן די פערעיאסלאַווער יונגלעך, אַז חאָטש זיי זענען פון אַ קליין שטעדטעל, פון דעסטוועגן ווייסן זיי אַ סך זאַכן אַזעלכע, וואָס די פערעיאסלאַווער יונגלעך ווייסן זיי נים. למשל, זיי ווייסן נים, אַז צו יעדן נאָמען קאָן מען צוזעצן אַ גראַם, נעמט וואָס פאַר אַ נאָמען איהר ווילט. אַשטייגער: „מאָטעל" — מאָטעל קאַפּאָטעל, דרומען דראָטעל, יוסף סאָטעל, אַרץ כנאָטעל. „לייבעל" — לייבעל קאַפּייבעל, דרומען דרייבעל, יוסף סייבעל, אַרץ כנייבעל. „יאַנקעל" — יאַנקעל קאַפּאַנקעל, דרומען דראַנקעל, יוסף סאַנקעל, אַרץ כנאַנקעל. און אַזוי איטליכען, אויף וואָס פאַר אַ נאָמען איהר ווילט.

היינט ווייסן נים די שטאָדטישע קינדער פון תשרק־לשון, דאָס הייסט, פון רעדן פאַרקעהרט. צום ביישפּיעל: „טאָ דוטספאח אַ שטאַפּ" — הייסט דאָס: „אָט האַפּסט דו אַ פּאַטש". „אַן ריד אַ גייף" — „נאַ דיר אַ פייג". מיט צוגעמאַכטע אויגען האָט שלום געקאָנט אַוועקרעדן אויף דעם לשון אַ שעה כסדר. ס׳איז דאָך אַ מחיה נפשות — מע קאָן אַזוי אַוועקרעדן פון וועמען איהר ווילט, יענעם אין די אויגען, און יענער זאָל נים ווייסן, ווער ס׳האָט איהם געשלייערט. היינט וואָס זענען דאָס פאַר יונגלעך, די פערעיאַסלאַוער, אַז זיי לאָזען־דורך אַ גלח פאַרבייגעהן, גלייך ווי אַ גלייכען מענטשען, און זאָגען איהם קיין וואָרט אפילו? ניין, די וואַראַנקאָווער יונגלעך זענען נים אַזעלכע נאַראָנים. זיי וועלען נים דורכלאָזען קיין גלח גלאַט אַזוי. אַלע יונגלעך, וויפיעל זיי זאָלען נים זיין, וועלען זיי זיך אויסשטעלען דעם גלח פון הינטען און וועלען זינגען אויף אַ קול מיט אַ ניגון: „גלח־צאָפּ, אַ רוח אין דיין קאָפּ! מיר אַ ברויט, דיר אַ טוידט! מיר אַ וואָגען, דיך באַגראָבען! מיר אַ שליטען, דיך באַשיטען!" די פערעיאַסלאַווער יונגלעך זאָגען, אַז דאָ, אין פערעיאַסלאַוו, טאָר מען פאַר אַ גלח אַזעלכעס נים זינגען, וואָרום מע קאָן חאַפּען אַ מיאוס׳ען פסק. נאַט אייך נאָך אַ נייעס! גאָר מורא האָבען פאַר אַ גלח! ס׳איז

ניט גוט, אז אַ גלח געהט־איבּער דעם וועג — דאָס יאָ. אָבּער מורא האָבּען? — פּערעיאַסלאַוו איז טאַקי אַ גרויסע שטאָדט און אַ שענע — וואָס איז דאָ צו רעדען? — דאָרט, אין וואָראָנקאָ, איז אָבּער געווען פריילִיכער, אַז ס'איז געקומען בין־הזמנים. אַזוי האָבּען זיך געטראַכט די וואָראָנקאָווער קינדער און האָבּען געוואָלט פון דעסטוועגען, אַז אַט די טעג פון בין־הזמנים דאָ אין פּערע־יאַסלאַוו זאָלען זיך נאָך ציהען און ציהען.

## 23

# מלמדים און לעהרערס

רב אהרן חאדאראווער — א מלמד א בעל־מגזם. — א גאנצע סעריע פון מלמדים. — מאניש דער מלמד מיט'ן „ביינדעל“. — די תלמידים חאפען א קערטעל אין חדר.

די טעג פון בין־הזמנים זענען נאך ניט אוועקגעגאנגען, די ימים־טובים זענען נאך געווען פאראויס, און נחום ראבינאוויטש האט שוין געפיהרט אונטערהאנדלונגען וועגען א מלמד פאר די קינדער. מלמדים זענען געווען עטליכע. ערשטענס, טאקי דער אויבענדערמאנטער גרמיזא, וואס לייענט אזוי שען אין דער תורה. נאך איהם איז געגאנגען רב אהרן חאדאראווער, זעהר א וואוילער מלמד, נאר א מאדנער בעל־מגזם. ער האט ליעב צו דערצעהלען מעשיות פאר זיינע תלמידים, משונה־ווילדע מעשיות פון פאר־צייטען. למשל, א מעשה פון זיין זיידען, וואס איז געווען א גבר און האט ניט מורא געהאט פאר קיינעם. איינמאל איז דער זיידע זיינער געפאהרען ווינטער ביינאכט פארביי א וואלד, זענען ארויס־געלאפען פון וואלד צוועלף הונגעריגע וועלף — און דאוואי לויפען נאכ'ן שליטען. אז זיין זיידע חאפט זיך ניט אראפ, נעמט די וועלף, שטעקט זיי אריין די האנט אין מויל אריין און קעהרט זיי איבער אלע צוועלף אויף דער לינקער זייט!

און נאך א מעשה פון זיין זיידען, ווי אזוי ער האט איינמאל אפגעראטעוועט די גאנצע שטאדט פון איין אומגליק. גויים האבען

זיך צונויפגעקלויבען איינמאָל אין אַ זונטאָג אויף אַ יאַריד, האָבען זיך גוט אָנגע׳שיכור׳ט און דאַוואַי שלאָגען אידען. איז זיך מיישב זיין זיידע, ער האָט געהאַלטען סאַמע אין מיטען דאַווענען, וואַרפט ער אַראָפּ פון זיך דעם טלית ותפלין, קלויבט־אויס דעם גרעסטען פון אַלע גויים, איוואַן פּאַפּערילע האָט מען איהם גערופען, און נעמט איהם אָן מיטביידע הענט פאַר די פיס, און דאַוואַי שלאָגען מיט איוואַנען איבער גויישע קעפּ. האָבען די גויים אָנגעהויבען פאַלען, זענען זיי געפאַלען אַזוי ווי פליעגען. און אַז ער האָט אויסגעלעגט אַלע גויים ביז איינעם, האָט ער איוואַנען אָפּגעלאָזט און געזאָגט צו איהם: „אַצינד קאָנסט דו געהן אַהיים, און איך וועל געהן דאַווענען“...

אַ חוץ וואָס זיין זיידע איז געווען אַ גבר, איז ער נאָך געווען אַ צעטראָגענע בריאה, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! ער, אַז ער פלעגט זיך פאַרטראַכטען — אַזוי דערצעהלט רב אהרן חאָדאָראָווער אויף זיין זיידען — איז געווען מיט סכנת־נפשות! איינמאָל איז ער אַרומגעגאַנגען איבער׳ן שטוב אַ פאַרטראַכטער, אַרומגעגאַנגען, אַרומגעגאַנגען און אַרומגעגאַנגען. ער טהוט אַ קוק — ער שטעהט אויפ׳ן טיש!...

אָט אַזאַ מין מלמד איז דאָס געווען רב אהרן חאָדאָראָווער. נאָך איהם זענען געגאַנגען אַ גאַנצע סעריע מלמדים, ווי רב יהושע דער מלמד, מאיר־הערש דער מלמד, יקיר־שמחה דער מלמד, און דער קאַידענאָווער מלמד, און מענדעל דער גראָבער. האָט אָבער יעדער פון זיי געהאַט זיין חסרון: האָט ער געקענט לערנען — איז ער נישט געווען קיין בעל־תנ״ך; איז ער געווען אַ בעל־תנ״ך — האָט ער נישט געקענט לערנען. פון אַלע מלמדים וואָלט מענדעל דער גראָבער געווען דער בעסטער מלמד, ער זאָל ניט האָבען דעם חסרון, וואָס ער שלאָגט זיך. קינדער, אַז מע דערמאַנט זיי דעם נאָמען „מענדעל דער גראָבער“, ציטערען זיי. מאָהלט אייך, מאָניש דער מלמד שלאָגט זיך אויך, נאָר מיט אַ גאַנג. יענער, מענדעל דער גראָבער, קאָן הרג׳ענען אויף טויטט. דערפאַר אָבער ווי אַזוי

לערענט ער! איינעם פון די צוויי, האט נחום צוגעזאגט די קינדער, אז ער וועט, אם ירצה השם, דינגען.

זענען זיי שוין באוואהרענט, הייסט עס, מיט א מלמד. איצט בלייבט־איבער שרייבען. וואו וועלען די קינדער לערנען שרייבען? וואס אנבאלאנגט אידיש, האבען זיי בײ׳ם וואראנקאווער רב זרח׳לען שוין אויסגעלערענט זיך שרייבען. וואס טהוט מען אבער מיט רוסיש? האט אפילו א גוטער פריינט, ארנאלד פון די פידווארקעס, וואס איז שוין דערמאנט געווארען אויבען, געגעבען איין עצה, מע זאל די קינדער אוועקפיהרען גלייך אין דער „יעוורייסקע אוטשילישטשע”, וועט קאסטען וואלוועל און ס׳וועט זיין גוט. האט דערהערט די באבע מינדי און האט געשוואוירען, אז כל זמן זי לעבט, וועלען איהרע אייניקלעך זיין אידען — און עס האט נישט געהאלפען קיין שמע־ישראל. איז געווארען א רעד וועגען לעהרערס. נח בוסעל איז א גוטער לעהרער, איז ער א בעל־עגלה׳ס איין איידעם. איצי דער שרייבער, וואס לערענט בריעפענשטעלער, האט א שענע האנט, איז ער שוואך אין „לשון”. אברהם דער שרייבער, טאקי איצי׳ס א ברודער, איז שוואך איןביידע זאכען. וואס טהוט מען? איז געבליבען מאניש דער מלמד. דאס איז א איד מיט אלע מעלות: ער איז א בעל־תנ״ך, קען דקדוק, פארשטעהט א בלאט גמרא און שרייבט רוסיש, אז עס לאזט זיך אויס די וועלט! אמת, ער ווייסט נִיט וואס ער שרייבט, און אז ער שרייבט, איז דאס נישט על־פי גראמאטיקע — מאכט נישט אויס. די קינדער זענען נאך צו יונג, זיי זאלען קענען גראמאטיקע. לאזען זיי פריהער קענען דקדוק — דאס איז בילכער. אי וואס מאניש דער מלמד שלאגט זיך? לאזען די קינדער נאר וועלען לערנען, וועט מען זיי ניט שלאגען. שלאגט דען א רבי אומזיסט? והראיה: די קינדער האבען דאס ארויסגעזעהען דערנאכדעם בחוש. מאניש האט פיינט געהאט, ווי אנדערע מלמדים, שלאגען אדער שמייסען. ער האט געהאט אינ׳ם גראבען פינגער פון דער רעכטער האנט א ביינדעל. מיט׳ן דאזיגען ביינדעל, אז ער האט אייך

דערלאַנגט אין זייט אַריין, אָדער הינטען אין דער פּלייצע, אָדער אַריינגעקוועטשט אייך אין שלייף אַריין, האָט איהר געקאָנט דער־זעהען דעם עלטער־זיידען פון יענער וועלט. אָט אַזאַ בּיינדעל איז דאָס געוועזן! שלום האָט זיך געפלייסט, ווי ווייט מעגליך, ער זאָל דאָס דאָזיגע „בּיינדעל" אויסמיידען. און עס וואָלט איהם אפשר געראָטען, ווייל ער איז געוועזן פון די, וואָס האָבען דאָנערשטאָג די גמרא געוואוסט; אָדער געמאַכט זיך, אַז זיי ווייסען. פון תּנ"ך איז דאָך אָפּגערעדט. בּיי'ם שרייבען איז ער אויך געוועזן נישקשה'־דיג. דערפאַר אָבער, אַז ס'איז געקומען צו שקאָצעריי — דאָ האָט ער שוין געמוזט פאַרזוכען דעם טעם פונ'ם „בּיינדעל", וואָס ליגט איהם נאָך עד היום אין זכּרון. נאָר נישט דאָס איז געוועזן דער חסרון, וואָס נחום ראַבּינאָוויטש איז ניט געוועזן צופריעדען מיט'ן מלמד מאָניש. דער חסרון איז געוועזן, וואָס ס'האָט זיך אַרויס־בּאַוויזען, אַז מאָניש הויבּט ניט אָן צו וויסען, וואָס דקדוק איז. אַז מע האָט איהם אַ פרעג געגעבּען: „רבּ מאָניש, פאַר וואָס לערענט איהר ניט מיט די קינדער קיין דקדוק?" האָט ער גע־ענטפערט: „וויים איך וואָס, דקדוק, רקדוק, שמינדרעק בּלע"ז!" — און האָט זיך נאָך אויסגעלאַכט אויך. דאָס האָט נחומ'ען שרעקליך פאַרדראָסען, און אַז ס'איז געקומען צום צווייטען זמן, האָט ער די קינדער פון מאָנישען אָפּגענומען און אַוועקגעגעבּען צו איין אַנדער מלמד.

יענער איז שוין געוועזן אַ „מדקדק", געוואוסט דעם „מסלול" אויף אויסווענדיג. האָט ער אָבער געהאַט איין אַנדער חסרון — ער האָט ליעב געהאַט זיך קהל'ען. אַלע טאָג האָט ער געהאַט וואָס צו טהון: איז ניט קיין חתונה איז אַ בּרית, איז ניט קיין בּרית איז אַ פּדיון־הבּן, אַ בּר־מצוה, אַ גט, אָדער גלאַט אַ פאַר־לאָזעניש, אַ בּוררות, איין אויסגלייכעניש. נאָר פאַר וועמען ס'איז אַ חסרון און פאַר וועמען אַ מעלה. פאַר די קינדער איז דער רבּי געוועזן אַ מלאך פון גאָט און דער חדר — אַ גן־עדן. מע האָט געקאָנט שפּיעלען אין וואָס פאַר אַ שפּיעל איהר ווילט, אפילו אין

קאָרטען, — ניט אין די וואָראָנקאָווער ל"א-קאָרטען! פע! נאָר טאַקי אין אמת'ע קאָרטען. און געשפּיעלט האָט מען אין „טרי-ליסטיק", אָדער אין „סטאַרשי קאָזיר" — אַ שפּיעל, וואָס די אַרעסטאַנטען שפּיעלן אין די טורמעס. די קאָרטען אַליין זענען אויך געווען „אַרעסטאַנטסקי" קאָרטען — שוואַרצע, פעטע, אָנ-געשוואָלענע. פון דעסטוועגן האָט מען פאַרשפּיעלט אַלע אָנ-בייסענס מיט אַלע מיטאָגס, און וואו ס'איז געווען ערגיץ אַ פּאָר גראָשענס זענען זיי אַריין אין די קאָרטען.

דאָס גאַנצע געלט האָבען אָפּגעוואונען די עלטערע בחורים, אַזעלכע, ווי, למשל, זיאַמע קאָרעצקי, אַ טשיקאַווע בחור'על, וואָס איז דערמאָנט אויבען. ער האָט אַרויפגעפיהרט זיינע יונגע חברים אויף אַלע גוטע זאַכען. זיין פּרינציפּ איז באַשטאַנען אין דריי כּללים: 1) טאַטע-מאַמע ניט פאָלגען; 2) דעם רבּין פיינט האָבען; 3) פאַר גאָט קיין מורא ניט האָבען.

אַ מעלה האָבען געהאַט די גרויסע בחורים'לעך, אַז זיי האָבען אָפּגעוואונען דאָס געלט ביי די קליינע, האָבען זיי זיך נאָך גערייצט און געמאַכט חוזק. אמת'ע קאָרטענשפּיעלער טהוען דאָס נישט... פון דעסטוועגן דאַרף מען נישט מיינען, אַז זיי איז דאָס גרינג אָנגעקומען. זיי אַליין זענען אויך אויסגעשטאַנען גענוג צרות. ערשטענס, האָט מען געמוזט אונטערקויפען די רביצין, זי זאָל ניט דערצעהלען דעם רבּין, אַז מע שפּיעלט אין קאָרטען. און צווייטענס, האָט דער רבּי געהאַט אַ זוהן, פייוועל, נאָר גערופען האָט מען איהם „ליפּ", מחמת ער האָט געהאַט אַ גראָבע ליפּ. האָט מען באַדאַרפט אָט די „ליפּ" קיכלען און חנפה'נען און אונטער-שמירען אַמאָל מיט איין אָנבייסען, אַמאָל מיט אַ נאַשעריי, און מעהרסטענטייל מיט ניסלעך. די „ליפּ" האָט ליעב געהאַט קנאַקען ניסלעך. אָנקוקען, ווי די „ליפּ" קנאַקט ניסלעך, האָט גע-שלאָגען צו דער גאָל. ובפרט נאָך פאַר פרעמד געלט. נאָר וואָס זאָל מען טהון? אַז די „ליפּ" וועט דערצעהלען דעם רבּין, אַז די קינדער שפּיעלען אין קאָרטען, וועט זיין בעסער?

פון די אַלע מלמדים און לעהרערס און פון די אַלע לערנעכטסען האָט נחום ראַבּינאָוויטש געהאַט ווינציג נחת. אַלע שבת האָט ער די קינדער פאַרהערט און זיפּצענדיג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. מעהר פון אַלע קינדער האָט ער געטראָגען אויפ'ן קאָפּ דעם מיטעלסטען, דעם „בעל-תנ"ך". ער האָט, אַפּנים, געוואַרט פון איהם אַ סך מעהר. „וואָס וועט זיין? — האָט ער געפרעגט. — וואָס וועט זיין דער תכלית? אָט-אָט, אָקערשט ווי מע זעהט ניט, ווערסט דו בר-מצוה, און דו וועסט אפילו קיין צוויי ווערטער ניט קאָנען זאָגען!"... און ער האָט גענומען זוכען אַ **רעכטען** גמרא-מלמד, און ער האָט איהם געפּאַקט.

## 29

# דער גמרא־מלמד

משה־דוד רודערמאַן — אַ גמרא־מלמד. — זיין זוהן שמעון האָט בײַ שמד׳ען זיך. — די שטאָדט ראַטעוועט איהם אַרויס פון מאַנאַס־טיר. — דער פעטער פיני קאָכט זיך.

דאָס איז געווען אַ רבי אַ ליטוואַק, מיט׳ן נאָמען משה־דוד רודערמאַן, אַ איד אַ יאַדישלעווער, איין אײַנגעהויקערטער, מיט געדיכטע שוואַרצע ברעמען, אַ גרויסער למדן, אַ שענער בעל־תנ״ך און אַ מדקדק — מיט אַלע מעלות. און דערצו נאָך אַ פרומער, איין אמת׳ער ירא־שמים. געהט ריכט זיך, אַז אויף דעם אידען וועט אויך זיין אַ פגם, און נאָך וואָסער אַ פגם! דער פגם איז געווען דער, וואָס דעם דאָזיגען מלמד׳ס זוהן לערענט אין דער „אויעזדנע״. אין דער גאַנצער שטאָדט זענען דעמאָלט געווען מעהר ניט ווי צוויי בחורים, וואָס האָבען געלערענט אין דער „אויעזדנע״: משה־דוד רודערמאַנ׳ס זוהן, שמעון רודערמאַן, אַ בחור, וואָס סע האָט זיך פריה אָנגעהויבען אויסשיטען בײַ איהם אַ שוואַרץ בערדעל, און טאַמאַרקין, דעם אַדוואָקאַט׳ס זוהנדעל, חיים טאַמאַרקין, אַ בחור׳על אַ קורצער און אַ גראָבער, מיט קליינע אויגלעך און מיט איין אויסגעבויגענער נאָז, געטראָגען דאָס העמדעל איבער די הויזען, ווי אַ שייגעצעל, געשפּיעלט מיט די גוישע שקצימ׳לעך אין „מיאַטש״, קיינמאָל נישט געגאַנגען אין שוהל אַריין, אַחוץ יום־כפור, און שטילערהייט גערויכערט גראָבע „ציגייערען״.

דאָס זענען געווען די פּיאָניערען, אַזוי צו זאָגען, די ערשטע שוועלבעלעך פון דער השכלה אין דער שטאָדט פּערעיאַסלאַוו, די איינציגע צוויי אידישע קינדער צווישען עטליכע הונדערט שקצים׳־לעך. די שקצים׳לעך האָבען תחילת געקוקט אויף די צוויי „זשידע־ניאַטעס״, ווי אויף חידושים, ווי אויף קינדער פון איין אַנדער וועלט. דערנאָך האָבען זיי אַוועקגעלעגט די „זשידעניאַטעס״ אויף דער ערד אין מיטען הויף פון דער „אויעזדנע״ און אָנגעשמירט זיי די ליפּען מיט חזיר. דערנאָך איז מען געוואָרען חבר, געשלאָסען ברודערשאַפט, גאָר נפש אחת. גויישע שקצים׳לעך זענען נאָך דעמאָלט — אוי ווער! — געווען ריין פון מענטשענהאַס, נישט געוואוסט פון קיין אידענהעצעס, און דער גיפט פון אַנטיסעמיטיזם האָט זיי נאָך נישט אָנגעריהרט. קוים האָט מען דעם „זשידיאָנאָק״ אַוועקגעלעגט, אָנגעשמירט די ליפּען מיט חזיר און דורכגעבראָכען די ביינער, איז חאָטש ער איז אַ „הערשקאָ״, פון דעסטוועגען איז ער אַ חברה־מאַן גלייך מיט אַלע...

דאָס אָפּגעבען נחום וועוויק׳ס קינדער צו משה־דוד רודערמאַן איז ניט אָפּגעלאָפען גלאַט. דער פעטער פּיני, אַז ער איז געוואוירע געוואָרען, אַז זיין ברודער נחום האָט אָפּגעגעבען די קינדער צו אַזא מלמד, וואָס האָט אַ זוהן אין דער „אויעזדנע״, האָט ער גע־אַרבייט מעשים. ער האָט גע׳טענה׳ט, אַז פון דער „אויעזדנע״ איז איין טריט צו שמד. פאַר וואָס?

— אָט אַזוי: אַז מיר׳ן לעבען, וועלען מיר זעהען...

און כך הוה. עס איז, אַפּנים, באַשערט געווען, אַז דער פעטער פּיני זאָל איצטיגס מאָל זיין אַ נביא. און אַזוי איז געווען די מעשה:

איינמאָל אין אַ שבת איז אַרויס אַ קלאַנג אין שטאָדט, אַז די צוויי אידישע יונגלעך, וואָס לערנען זיך אין דער „אויעזדנע״, שמעון רודערמאַן און חיים טאַמאַרקין, האַלטען ביי שמד׳ען זיך! פאַרשטעהט זיך, אַז קיינער האָט ניט געוואָלט גלויבען: „ווייס

איך — וואָס? ווער? וועמען? וואָס אַ שטאָדט קאָן אויסטראַכטען!" נאָר אַז מע קלינגט איז אַ חאָגע. שטעלט אייך פאָר, אַז ס'איז דעם זעלבען טאָג שבת פּלוצים געוואָרען אַ געלויף, ווי אויף אַ שרפה. די גאַנצע שטאָדט איז געלאָפען צום מאָנאַסטיר. וואָס איז די מעשה? „די מעשה איז אַ שענע מעשה, נאָר אַ קורצע: איהר ווילט זעהען אַ שענס? געהט, זייט מוחל, צום מאָנאַסטיר, וועט איהר אָנקוקען, ווי די צוויי חברה־לייט פון דער „אויעזדנע" האָבען זיך אַרויפגעקליבען גאַנץ הויך אויפ'ן שפּיץ קלויסטער, שטעהען דאָרטען אָהן היטלען און פרעסען ברויט, מיט חזיר באַשמירט, בפרהסיה, אַלע זאָלען זעהען!"...

די בהלה איז געוועזען אַזוי גרויס, אַז ס'איז קיינעם ניט איינגעפאַלען צו פרעגען: ווי איז דאָס מעגליך צו זעהען פון אונטען אַרויף, אויף אַזאַ הויכען מאָנאַסטיר, מיט וואָס דאָס ברויט איז באַשמירט: מיט חזיר? מיט פּוטער? אָדער מיט האָניג?... די גאַנצע שטאָדט איז געגאַנגען חאָדאָראָם. די וועלט האָט זיך געוויעגט: „מילא, אויף טאַמאַרקינ'ס זוהנדעל איז חאָטש קיין חידוש ניט — זיין פאָטער, דער אַלטער טאַמאַרקין, איז אַליין אַ טריפניאַק, אַ איד אַ „זאַקאָניק", אַ שרייבער פון „פּראָשעניעס", און זיין זוהנדעל חיים איז געוועזען, זאָגט מען, אַ גוי נאָך ביי דער מאַמען אין בויך. אָבער משה־דוד רודערמאַן? אַ איד אַ יראַ־שמים און אַ מלמד! דער בעסטער מלמד אין שטאָדט! ווי קאָן מען עם דערלאָזען אַזאַ זאַך?"

לאָזט זיך אויס, אַז ס'זענען דאָ אידען, וואָס האָבען געוואוסט פריהער, אַז ס'וועט אַזוי זיין. פון וואַנען האָבען זיי דאָס געוואוסט? זיי האָבען דאָס פאַרשטאַנען מיט'ן שכל, אַז מע טאָר ניט געהן מיט אַ קינד צופיעל מיט סטורדעס. „ממה נפשך — האָט איהר אָװעקגעגעבען אייערע קינדער אין דער „אויעזדנע", דאָס הייסט, איהר זענט מסכים, זיי זאָלען זיין גויים, דאַרפט איהר ניט פאָדערען פון זיי, אַז זיי זאָלען טראָגען אַרבע־כנפות'ען; און אַז עס האָט זיך געמאַכט, זיי האָבען דורכגעלאָזט אַ מנחה, באַדאַרף

מען אַפּווישען די ליפּען און נישט צעבּרעכען אויף זיי קיין שטעקען און ניט שלאָגען, ווי מע שלאָגט אַ הונט"...

אַזוי האָבּען גע'טענה'ט בּכבוד'ע בּעלי־בּתּים. און מע האָט צונויפגענומען מענטשען, און מע האָט זיך אַיין עצה געהאַלטען, וואָס טהוט מען? ווי אַזוי ראַטעוועט מען אַרויס צוויי אידישע קינדער פון דער שמד? מע האָט אייַנגעלעגט די וועלט, געוועקט זכות־אָבות, אויפגערודערט „נאַטשאַלסטוואָ"... פאַרשטעהט זיך, אַז מעהר פון אַלע האָט געאַרבּייט דער פעטער פּיני. דער האָט פאַרקאַטשעט די אַרבּעל, צעלאָזט די שענע בּאָרד, אַרומגעלאָפען דעם גאַנצען טאָג אַ פאַרשוויצטער, נישט געגעסען, נישט גע־טרונקען — בּיז, דאַנקען גאָט, ס'איז אָפּגעגאָלטען. מע האָט די צוויי חברה־לייט אַרויסגענומען פון מאָנאַסטיר.

דער שפּיץ איז געווען: איינער פון זיי, חיים טאַמאַרקין — דער האָט זיך טאַקי גע'שמד'ט שפּעטער מיט עטליכע יאָהר, און שמעון רודערמאַן האָט מען אָוועקגעשיקט קיין זשיטאָמיר, אַריינ־געגעבּען דעם פיינעם בּחור אין דער ראַבּינער־שול, אויף „קאַזיאָנע שטשאָט", און ער האָט מיט גאָט'ס הילף ניט נאָר געענדיגט אויף ראַבּינער, נאָר טאַקי געווען נאָכדעם ראַבּינער, און דוקא ניט ווייט פון פּערעיאַסלאַוו — אין לובּען.

— נו? ווער איז געווען גערעכט? אַצינד וועסט דו שוין דיינע קינדער, צו גאָט אַ האָפענונג, אָפּנעמען פון'ם ראָזינגען מלמד?

אַזוי האָט דער פעטער פּיני געזאָגט צו זיין בּרודער נחום, צופריעדען פון אַלע זייטען: ערשטענס, וואָס ס'איז איהם גע־ראָטען אַרויסצונעמען צוויי אידישע קינדער פון דער שמד; צווייטענס, וואָס זיין בּרודער'ס קינדער וועלען שוין ניט לערנען בּיי אַ מלמד, וואָס קען דקדוק און האָט אַ זוהן אין דער „אויעזדנע"; און דריטענס, וואָס זיינע ווערטער זענען מקוים געוואָרען, אַז אַ אידיש קינד לערנט אין די שקאָלעס, איז ער מוכן ומזומן צו דער שמד...

האָט אָבער דער פעטער פּיני איצטיגס מאָל געהאַט אַ ביטערען טעות: זיין ברודער נחום האָט זיך פאַר׳עקשנ׳ט און בשום אופן ניט געוואָלט אָפּנעמען זיינע קינדער פון אַזאַ גוטען מלמד.

— וואָס האָב איך צו איהם? ניט גענוג יענער האָט געהאַט אַזוי פיעל עגמת־נפש מיט אַזאַ בזיון, זאָל מען לאָזען אַ אידען אַ מלמד אין מיטען זמן אָהן ברויט?

דער פעטער פּיני האָט אויסגעהערט דעם ברודער מיט אַ ביטער שמייכעלע, ווי איינער רעדט: „הלואי זאָל איך ליגען זאָגען, נאָר דו פיהרסט די קינדער אויף אַ גוטען דרך"... דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען, געגעבען אַ קוש די מזוזה און איז אַוועק אַ ברוגז׳ער.

30

# דער אַמאָליגער „חדר"

**א** בילד פונ׳ם אמאָליגען „חדר". — די תּלמידים העלפען דעם **רבּין** **און** דער רביצין ביי דער אַרבייט. — דער רבּי מאַכט ברכה. — **זיין** מוסר זאָגען ברענגט צו נייע זינד.

ניין, מע האָט די קינדער פון דעם פאַרפלעקטען, נאָר גע־ראָטענעם מלמד רודערמאַן נ י ש ט אָפּגענומען. אַדרבּה, זיי זענען פאַרבּליבּען בּיי איהם אויך אויפ׳ן אַנדערען זמן און אויפ׳ן דריטען זמן — און אַלע זענען געווען צופריעדען: דער רבּי פון זיינע תּלמידים, די תּלמידים פון זייער רבּין און דער טאַטע — פון די תּלמידים מיט׳ן רבּין.

מעהר פון אַלעמען זענען געווען צופריעדען די תּלמידים. גאָט האָט זיי צוגעשיקט אַ רבּין, וואָס שלאָגט זיך ניט, לגמרי ניט. ער ווייסט גאָרניט וואָס הייסט שלאָגען זיך. סיידען אַמאָל, אַז אַ יונגעל האָט שוין שטאַרק דעקוטשעט, אָדער ניט געוואָלט דאַוונען, אָדער ער האָט געהאַט אַזאַ פאַרשטאָפּטען קאָפּ, חאָטש „פּלעקער טעסען", — דעמאָלט איז שוין דער רבּי רודערמאַן אַרויס פון די כּלים, אַוועקגעלעגט דעם בּחור אויפ׳ן בּענקעל, אַראָפּגענומען די פּליסענע ווייבע יאַרמעלקע פונ׳ם קאָפּ, פון דער גרינג אָפּגע־פּיצקעט — און גענוג!

נאָך אַ מעלה האָט געהאַט רודערמאַן דער מלמד — ער האָט געהאַלטען אַ „זשאָרנע", אַזאַ מאַשין אויף צו „רייסען" גרויפּען.

די מאשין האט געהאט א ראד מיט א הענטעל, און פון אויבען איז געלעגען מיט׳ן פנים אראפ א זאק מיט רעטשקע. פונ׳ם דרעהען די ראד האבען זיך די רעטשקע פאוואלינקע געשאטען אין יאשטשיק אריין, פונ׳ם יאשטשיק זענען זיי פאוואלינקע געפאלען אויפ׳ן שטיין, דער שטיין האט זיי פאוואלינקע געריבען, אפגעשיילט די שאלעכץ און געמאכט פון די רעטשקע — גרויפען. אט דאס האט געהייסען א „זשארנע״.

פארשטעהט זיך, אז דער גאנצער אנטיק פון דער „זשארנע״ איז געלעגען אינ׳ם דרעהען. וואס מעהר מע דרעהט, מעהר שיטען זיך גרויפען. און בעלנים אויף דרעהען זענען געווען א סך, כמעט אלע תלמידים. יעדער וויל קומען צו הילף דעם רבין משה־דוד, וואס קאן נישט לעבען פון מלמדות אליין און מוז נעבאך אנ־קומען צו זייטיגע פרנסות: ער רייסט גרויפען, זי באקט לעקאך. ביי׳ם לעקאך באקען, מיינט איהר, איז שוין גאר נישטא וואס צו טהון? ס׳איז א סך דא וואס צו טהון! און דא קאנען אויך די קינדער צוהעלפען. ניט אזוי ביי׳ם באקען, ווי ביי׳ם „אויספאטשען״. קארענעם האניג־לעקאך באדארף מען פאטשען, לאנג פאטשען, מיט ביידע הענט, ביז ער ציהט זיך, ווי א האניג־טייג קאן זיך ציהען. און ווער נאך קאן אזוי פאטשען, ווי א חדר־יונגעל? בעלנים פאטשערס צווישען די חדר־יונגלעך זענען דא אזוי פיעל, אז מע שלאגט זיך אזש פאר׳ן פאטשען. יעדער וויל פריהער.

דער לעזער באדארף זיך נישט וואונדערען, וואס איז דאס פאר איין עובדה — תלמידים זאלען „רייסען״ גרויפען, „פאטשען״ לעקאכער! למאי ביי די וואראנקאווער מלמדים האבען זיי גע־טהאן א סך גרעבערע ארבייט? למשל, ביי׳ם רבין רב זרח׳על און ביי אנדערע מלמדים האבען נחום וועוויק׳ס קינדער גאנץ פיין געשמירט די ערד אויף שבת, פארלעכווייז ארויסגעטראגען די פאמעניצע, איינציגווייז געבראכט צו טראגען וואסער פונ׳ם גויישען ברונען, און על־פי גורל געניאנטשעט זיך מיט׳ן קינד אויך. פון

געהן מיט איין עוף צום שוחט שמועסט מען נים. עס איז געווען א כבוד פאר די קינדער העלפען דער רביצין אפפליקען דאס עוף. אבי איין ארבייט, אבי ניט געלערענט. ערגער פון אלע ארבייט איז געווען דאס לערנען, דאס לערנען אין חדר. דא וועט, דאכט מיר, זיין דאס ארט אפצומאהלען דעם חדר, ווי ער האט אויס־געזעהען אין יענע צייטען, בכדי די קומענדיגע דורות, וואס וועלען זיך אינטערעסירען מיט'ן אמאליגען אידישען לעבען אין דער גליקליכער „טשערטא", זאלען עס האבען פאר די אויגען.

א קליין גוייש שטיבעל אויף היהנערשע פיסלעך, מיט שטרוי געדעקט, אמאל א ביסעלע איינגעבויגען אויף א זייט, און אמאל אהן א דאך, ווי אהן א היטעל. איין פענסטערעל, און אז א סך — איז צוויי. די ארויסגעזעצטע טאפלי איז אדער פארקלעפט מיט א פאפיער, אדער פארשטעקט מיט א קאפענקישעלע. די ערד איז א „געוואלקעוועטע", באשמירט מיט לעהם, און אויף שבת און יום־טוב — באשאטען מיט זאמד. א גרויסען טייל פונ'ם חדר פארנעמט דער אויוועז מיט'ן אויפ'ן־אויוועז און מיט דער „לע־זשאנקע". אויף דער לעזשאנקע שלאפט דער רבי, און אויפ'ן אויוועז — זיינע קינדער. ביי דער וואנט שטעהט א בעט — דער רביצינ'ס בעט — מיט א סך קישענס צוקאפענס און קלייניטשקע קישעלעך כמעט ביז דער סטעלי. דארט אויפ'ן בעט, אויף א ווייסען לייל, ליגט אמאל א בלאט לאקשען, אמאל קיכלעך און בייגעל (אויב די רביצין פארנעמט זיך מיט בעקעריי), און אמאל א קינד (אויב ס'איז געפעהרליך קראנק). אונטער'ן אויוועז א „פאדפיטשניק" (אין דער ליטא רופט מען עס „קאטוך"). דארט האדעוועט מען עופות, געוויינליך אויף פרנסה. ביי דער קרומער מעוברת'ער וואנט — א שאפע אויף האלטען ברויט, קריגלעך און טעפלעך. אויף דער שאפע — דאס אייזערנע געפעס, א זיפ, א דערקאטש, א ריבאייזען וכדומה אזעלכע כלים. פון פארענט, סאמע ביי'ם אריינגאנג, קאטשערעס מיט לאפעטעס, און א גרויסע פאמעניצע תמיד פול, און א צובער א הילצערנער, וואס רינט,

זויף וואַסער האַלטען, און אַ האַנטוך, וואָס איז תמיד נאַס, אויף
די הענט אָפּצווווישען. און אין מיטען שטוב אַ לאַנגער טיש מיט
צוויי לאַנגע בענק. — דאָס איז, אייגענטליך, דער חדר, די שול,
וואו דער רבי שטודיערט מיט זיינע תּלמידים. אַלע, סײַ דער רבי,
סײַ די תּלמידים, שרייען. דער רביצינ'ס קינדער, וואָס שפּיעלען
זיך אויפ'ן אויווען, שרייען. די רביצין, וואָס פּאָרעט זיך ביי דער
„קיך", שרייט אויף איהרע קינדער, למאַי זיי שרייען. די עופות,
וואָס אונטער'ן פּאָדפּיטשניק, קוואָקען: דאָס האָט די קאַץ אַראָפּ־
געשפּרונגען פון דער לעזשאַנקע, אַ שטילינקע, אַ רוהיגע, אַ גלאַ־
טינקע, זיך אַריינגעחאַפּט אונטער'ן פּאָדפּיטשניק און ספּאָלאָשעט
די עופות, ניט געדאַכט זאָל זי ווערען!

אָט אַזוי האָט אויסגעזעהען דער אַמאָליגער וואָראָנקאָווער
חדר. ניט פיעל שענער האָט אויסגעזעהען דער חדר אין דער
גרויסער שטאָדט, אין פּערעיאַסלאַוו. דער פּערעיאַסלאַווער רבי
האָט, גלייך ווי דער וואָראָנקאָווער, געקנעלט מיט זיינע תּלמידים,
זיצענדיג ווינטער אין אַ וואַטאָווען חאַלאַט מיט אַ פּלוסענער
יאַרמעלקע, און זומער אין איין אַרבע־כּנפות, אין אַ העמד מיט
ברייטע אַרבעל. ווינטער נאָכ'ן שלאָף האָט ער געטרונקען, אָנ־
שטאָט טיי, „ליפּעווע צוויט", און זומער — קאַלט וואַסער פון אַ
הילצערן קווארטעל, דורכגעזייט דורך איינעם פון די ברייטע אַרבעל
פונ'ם העמד, געמאַכט דערויף פריהער מיט גרויס כּוונה אַ ברכה
„שהכּל נהיה בדברו", און אַלע תּלמידים האָבען איהם געענטפערט
אָמן. טאָמער האָט אַ יונגעל געבראַכט עפּיס אַ פּרי, האָט דער
רבי געמאַכט „בורא פּרי העץ", און די תּלמידים האָבען געענטפערט
אָמן. טאָמער האָט אַ יונגעל געבראַכט אַ גרינע אוגערקע, האָט
דער רבי אָפּגעשיילט די אוגערקע, געמאַכט אויף איהר „בורא פּרי
האדמה", און די תּלמידים האָבען געענטפערט אָמן.

ס'איז אַלסדינג געווען כּדאַי, אַבי ניט לערנען. צו שטאַרק
האָט זיך צוגעגעסען דאָס לערנען. אַ גאַנצען טאָג געלערנט.
ווינטער ביינאַכט געלערנט. אויפגעשטאַנען פאַרטאָג און גע־

לערענט. אפילו שבת בייטאָג אויך געלערענט. און טאָמער ניט געלערענט, איז חאָטש אַזוי געזעסען שבת בייטאָג אין חדר און אויסגעהערט דעם רבינ׳ס מוסר.

דעם רבינ׳ס מוסר — דאָס איז געוועזן אַ רייכע פאַנטאַזיע פון „טויזענט איין נאַכט״. פונ׳ם רבינ׳ס מוסר האָט מען זיך געזעהען מיט „יענער וועלט״, געפיהלט דעם טעם פון „חבוט־הקבר״, זיך צוגעהערט, ווי דער מלאך־הדומה קומט־צו מיט שטילע טריט, עפענט אייך אויף דעם בויך, נעמט־אַרויס די קישקעס און טהוט אייך אַ שמיץ מיט זיי איבער׳ן פנים: „רשע, מה שמך — שייגעץ, ווי אַזוי רופט מען דיך?״... און דערנאָכדעם, ווי צוויי מלאכי־חבלה נעמען אייך און וואַרפען אייך „כף־הקלע״, ווי אַ מיאַטש, פון איין עק וועלט ביז׳ן אַנדערען. און טאָמער האָט איהר אַמאָל געזאָגט אַ ליגען, הענגט מען אייך אויף פאַר דער צונג אויף אַ פלעקעל, און איהר הענגט, ווי אַ יאַטקע־פלייש. און טאָמער האָט איהר פאַרגעסען אַמאָל אָפּגיסען נעגעלוואַסער, שטעלען זיך אַוועק צוויי מחבלים און רייסען אייך מיט אָפּצוויינגעס די נעגעל פון די פינגער. און טאָמער האָט איהר אַמאָל פרייטאָג זיך געשניטען די נעגעל און אומגעהרן אַראָפּגעלאָזט אַ נאָגעל אויף דער ערד, לאָזט מען אייך אַראָפּ אויף ד ע ר וועלט און מע הייסט אייך געהן זוכען דעם נאָגעל.

דאָס איז פאַר קליינע עבירה׳לעך. היינט ווי איז שוין פאַר גרויסע עבירות? למשל, פאַר היפּערען אין דאַווענען? פאַר דורכ־לאָזען אַ מנחה? פאַר ניט לייענען קריאת־שמע? פאַר אַ שלעכטע מחשבה? פאַר הרהורים און חלומות? — נישטאָ קיין רחמנות דאָרטען, נישטאָ! תשובה, תפלה און צדקה — דאָס איז נאָר דאָ, אויף ד ע ר וועלט. אויף י ע נ ע ר וועלט איז שוין שפּעט, פאַרפאַלען! „דאָרט זענט איהר שוין מיט אַלע רשעים גלייך. דאָרט געהט איהר שוין גלייך אין אייביגען פייער, אין זודיגען קעסעל אַריין, אין גיהנם, שקצים, אין גיהנם!״...

אזוי לאָזט־אויס דער רבי זיין מוסר שבת בייטאָג, און די קינדער הערען־צו מיט קאָפּ און וויינען, האָבען חרטה, שלאָגען זיך על־חטא, געבען זיך דאָס וואָרט, שוין זיין גוט און פרום. נאָר קוים איז דער רבי אויפגעשטאַנען פון טיש און די קינדער נאָך איהם, אזוי איז פאַרגעסען געוואָרען דער גאַנצער מוסר; די יענע וועלט מיט'ן גיהנם מיט אַלע מלאכי־חבלה זענען פאַרשוואונדען געוואָרען, ווי א שאָטען, וואָס געהט־איבער, ווי א חלום, וואָס פליהט אַוועק, און חברה האָבען זיך אומגעקעהרט צו זייערע זינד און צו זייערע שילד: געהיפּערט בייִ'ם דאַווענען, דורכגעלאָזט א מנחה'לע, נישט געלייענט קיין קריאת־שמע. ווער מיר נעגעל־וואַסער? וואָס מיר דאַווענען? אַז אין דרויסען שיינט די זון, און די שאָטענס דראַפּען זיך אויף די ווענט, ווינקען צו אייך, רופען אייך: אין דרויסען אַרויס, יונגעלע, אין דרויסען! דאָרט איז גוט! דאָרט איז וואויל! איין שפּרונג א רעכטער — און דו ביזט בייִ'ם בריקעל. נאָך א שפּרונג — און דו ביזט אויף יענער זייט בריקעל, וואו עס לויפט א טייכעל, וואו עס זשומעט א וואַסערעל, וואו עס גרינט א גרעזעלע, וואו עס געלט א בלומעלע, וואו עס פליהט א פויגעלע, וואו עס טאַנצט א היישעריק... און דאָס גרינע־געלע פעלד בעט זיך ביי אייך, איהר זאָלט אייך א וואָרף טהון אויף דער ווייכער שמעקענדיגער ערד, ווי איהר שטעהט און געהט. און דאָ קומט־אָן דער טאַטע, אָדער די מאַמע, אָדער איין עלטערער ברודער, אָדער א שוועסטער — „האָסט דו שוין גע־דאַווענט? אין חדר אַריין, שקאָץ איינער, אין חדר אַריין!"...

31

# די בר־מצוה

**דער בר־מצוה נעמט־אויס. — אַ גאַלעריע טיפּען פון פּערעיאַסלאַווער בעלי־בתים. — אַ מאַמע׳ס טרערען.**

אַריינטראַכטענדיג זיך אינ׳ם לערנען אין יענעם מין „חדר", ביי יענע מינים מלמדים, וואָס זענען באַשריבען אין די פריהעריגע קאַפּיטלעך, האָבענדיג פאַר זיך די רביצין, וואָס מע דאַרף איהר העלפען, טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, וואָס מע דאַרף זיי פאָלגען אַ גאַנג, און כל־ערליי מינים שקאָצעריי, פון באָדען זיך זומער אין טייך ביז שפּיעלען ווינטער אין קאָרטען און קנעפּלעך, היינט גלאַט דאָס אַרומלויפען און אַרומשפּאַציערען איבער׳ן שטאָדט, — איז שווער צו פאַרשטעהן, פון וואַנען האָט זיך גענומען ביי די קינדער דאָס, וואָס זיי האָבען געקענט? מע דאַרף נישט פאַרגעסען דאָס אויך, אַז דעם רבין האָט מען גענאַרט, דעם טאַטען האָט מען גענאַרט און אפילו דעם רב, צו וועלכען מע האָט געפיהרט די קינדער פאַרהערען, האָט מען אויך אָפּגענאַרט. היינט וואו האָט זיך גענומען מאַטעריאַל אויף אָפּצונאַרען אַ גאַנצע שטאָדט מיט אידען, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען אויף דער בר־מצוה צו נחום ראַבינאָוויטש׳עס זוהנדעל? דער העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראַפיע געדענקט פאַר קלאָר, אַז ער האָט נישט אָנגעהויבען צו וויסען פון דעם, וואָס מע האָט איהם אויסגעשטעלט, ער זאָל זאָגען אויף זיין יום־טוב — און דאָך האָט געקלונגען די

שטאָדט מיט זיין בר־מצוה. טאַטעס האָבען מקנא געווען. מאַמעס האָבען זיך געוואונטשען אַזעלכע קינדער.

ס׳איז געווען איין אמת׳ער יום־טוב. אַ גרויסאַרטיגער יום־טוב. און אין איהם האָבען זיך באַשעפטיגט אַ סך הענט, אונטער דער קאָמאַנדע פון דער באָבע מינדי, וואָס האָט אויסגעזעהען אין איהר שבת׳דיגען אָנטהון, מיט׳ן שטערנטיכעל, ווי איין אמת׳ער קאָמאַנדיר. זי האָט געקאָמאַנדעוועט, וועמען מע זאָל רופען און וועמען ניט, ווער ס׳זאָל זיצען אויבענאָן און ווער ניט, וואָסערע טעלער מע זאָל שטעלען, וואָסערע בראָנפּענס און וואָסערע וויינען מע זאָל טרינקען. מיט אַלעמען האָט זי זיך איבערגעקריעגט, אויף אַלעמען זיך אָנגעבייזערט, ניט געשאַנעוועט אפילו דעם בר־מצוה־העלד אַליין, ער זאָל זיך האַלטען, ווי אַ מענטש, ניט האָבען קיין טבע בייסען די נעגעל חאָטש צווישען מענטשען, ניט לאַכען אַליין און ניט מאַכען לאַכענדיג די איבעריגע קינדער, קורץ — ניט זיין קיין ימח־שמו׳ניק.

— גאָט האָט רחמנות געהאַט, האָסט דערלעבט די בר־מצוה, איז שוין צייט, זאָלסט ווערען אַ שטיקעל מענטש! — האָט זי איינגע׳טענה׳ט מיט איהם, באַשפּיגען די פינגער און אויסגעגלעט איהם דאָס לעצטע רעשט פון די פּאה׳לעך, וואָס זי האָט קוים „אָפּגעוואָיעוועט” ביי איהר זוהן: נחום ראַבינאָוויטש האָט שוין לאַנג חשק געהאַט זיי גאָר אינגאַנצען אָפּשערען, האָט די באָבע מינדי ניט דערלאָזט.

— אַז איך וועל שטאַרבען און מיינע אויגען וועלען עס ניט זעהען, — האָט זי איהם געזאָגט, — וועסט דו דעמאָלט מאַכען דיינע קינדער פאַר גויים. און איצט, כּל זמן איך לעב נאָך, וויל איך זעהען אויף זייער פּנים חאָטש אַ סימן פון אידישקייט.

אַ חוץ דעם גרוסען עולם, וואָס מע האָט צונויפגערופען גלייך פון שוהל אויף בר־מצוה, איז זיך צונויפגעקומען די גאַנצע משפּחה. פאַרשטעהט זיך, אַז דער רבי משה־דוד רודערמאַן, אין דער שבת׳דיגער געווענטענער קאַפּאָטע, מיט׳ן אָפּגעבליאַקעוועט פּלוסען,

היטעל, ווי אַ לאַטקע אויפ׳ן קאָפּ, איז אויך געווען בתוך הבאים. ער האָט זיך אָבער געהאַלטען זעהר קליין און פון דער ווייטען. פון דער מעשה אָן מיט׳ן זוהן, וואָס האָט זיך געוואָלט שמד׳ען, איז ער געוואָרען ביי זיך שטארק אראָפּגעפאַלען. ער האָט זיך כּמעט גאָר ניט צוגעריהרט ניט צום קידוש, ניט צום פאַרבייסען, געזעסען פאַררוקט אין אַ ווינקעלע, איינגעבויגען אין דרייען, און שטילערהייט געהוסט אין די ברייטע ארבעל פון דער שבּת׳דיגער געוועהנטענער קאַפּאָטע.

נאָר אָט איז געקומען די מינוט פונ׳ם עקזאַמען. דאָס בר־מצוה־בּחור׳על האָט זיך בּאַדאַרפט אוועקשטעלען און אַרויסבּאַ־ווייזען דעם עולם וואָס ער קען, — האָט מיט אַ מאָל דער רבי רודערמאַן אויפגעחאַפּט זיך; זיין פּלייצע האָט מיט אַ מאָל אויסגעגלייכט זיך; די געדיכטע שווארצע ברעמען האָבען זיך אויפגעהויבען און זיינע אויגען האָבען זיך איינגעגעסען, איינגע־זויגען אינ׳ם תּלמיד, און זיין גראָבער פינגער האָט מיט אַ קוועטש, ווי דאָס שטעקעלע פונ׳ם דיריזשאָר, אונטערגעזאָגט דעם תּלמיד די אויסגעשטעלטע ווערטער.

און דער תּלמיד, דער בר־מצוה הייסט עס, איז תּחילת שיער ניט אומגעפאַלען פאַר שרעק, געפיהלט אַ מאָדנע טרוקענקייט אין מויל און אַ שווינדעל אין די אויגען. עס האָט זיך איהם אויס־געדאַכט, אַז ער געהט אויף אייז. אָט־אָט צעשפּאַלט זיך דאָס אייז, און טראַך — ער טהוט אַ פאַל מיט׳ן גאַנצען עולם. נאָר וואָס ווייטער־ווייטער, איז ער, אונטער דעם רבּינ׳ס קוק און אונטער דעם רבּינ׳ס קוועטש מיט׳ן גראָבען פינגער, געוואָרען ביי זיך שטאַרקער און שטאַרקער, און ער האָט אָנגעהויבען שפּאַנען, ווי אויף איין אייזערנער בּריק, און ער האָט דערפיהלט אַ וואַרעמקייט אין אַלע אברים, און עס איז אַוועק ביי איהם, ווי אַ מזמור.

האַלטענדיג אין מיטען דער אַרבּייט און דרעהענדיג מיט׳ן פינגער נאָכ׳ן רבּינ׳ס גראָבען פינגער, האָט דער בר־מצוה פון דעסט־וועגען גוט געקוקט אויפ׳ן עולם, געזעהען דעם אויסדרוק פון אַלע

פנימ'ער, נישט דורכגעלאָזט קיינעם. אָט איז יצחק־ביגדור, וואָס ריהרט מיט די פלייצעס און קוקט מיט די גזלנ'ישע אויגען. אָט איז דער אַלטער יהושע סריבנע — מע זאָגט, ער איז שוין אַ בן־מאה, אַלט הונדערט יאָהר. די צונג איז ביי איהם אין מויל ווי אַ גלעקעל, מחמת קיין צייהן האָט ער שוין ניט. אָט איז זיין זוהן בערקע, שוין אויך גענוג אַלט, די אויגען האַלט ער צו און דעם קאָפּ אויף דער זייט. אָט איז אָשר ניידים, וואָס אַלע רופען איהם דער „פעטער אָשר" — טאַקי אַ פעטער, אַ ברייטער, אַ גראָבער. די זיידענע קאַפּאָטע אויף איהם שפּאַלט זיך און אַליין איז ער גרוי, ווי אַ טויב. און אָט איז יאָסי פּרוכשטיין מיט די גרויסע אַריינגעשטעלטע צייהן, מיט די גלענצענדע ברילען און מיט'ן שיטערען בערדעל — איין אַפּיקורס אַ איד, וואָס שפּיעלט מיט נחום ראַבינאָוויטשען אין שאָך און לייענט אַזעלכע ביכלעך, ווי „מסתרי פּאַריז", „שבילי עולם" און נאָך אַזעלכע זאַכען. נעבען יאָסין שטעהט זיין יונגערער ברודער, מיכאַל פּרוכשטיין, אַ יונגער־מאַן אַ חכם, אַ ממזר, וואָס לייקענט־אָפּ אַלסדינג, הייסט דער שיקסע פאַרלעשען דאָס ליכט אום שבת און האַלט שטאַרק פון אַזעלכע אידען, ווי משה בערנער און בעני קאַנאַוועער, וואָס אַלע ווייסען, אַז אין דער יוגענט האָבען זיי אַמאָל פאַרקוקט אין אַ זייט, בעת דער שערער האָט זיי צורעכטגעמאַכט די בערדלעך... ישראל בענדיצקי איז אויך געווען בתוך הבאים. אַמאָל האָט מען איהם גערופען ישראל דער כלי־זמר, נאָר איצט האָט ער שוין געהאַט איין אייגענע שטוב, אַ שטאָדט אין מזרח, אַ באָרד האָט ער זיך צעקעמט אַ ברייטע, אַ שוואַרצע, אַ גלענצענדיגע, און חאָטש ער זאָגט זיך ניט אָפּ איצט אויך פון צו שפּיעלען אויף אַ געהויבענער חתונה, נאָר פון דעסטוועגען וועט איהם קיינער נישט רופען כלי־זמר, אפילו הינטער די אויגען. און ער איז טאַקי אַ שענער איד, פיהרט זיך מעשה בעל־הבית. אַז ער לאַכט, לאַכט ער מיט אַלע צייהן, קליינע, שיטערע, ווייסע צייהן. אפילו רפאל דער שמש מיט'ן אויגעל האָט דער בר־מצוה נישט דורכגעלאָזט. רפאל איז

נעשטאַנען האַלב איינגעבויגען און איינגאַנצען אַריינגעטהאָן אין דעם, וואָס דער בר־מצוה האָט גע'דרש'עט, און עס האָט זיך אויסגעוויזען נאָך זיין דאַרען פּנים און אויסגעבויגענער נאָז, אז אָט־אָט טהוט ער אַ פּאַטש מיט דער האַנט איבער'ן טיש און רופט־אויס מיט זיין שבת'דיגען נוסח: „צע־הען גיל־דוין אום כּהן!"...

אַלעמען און אַלץ האָט דער בר־מצוה באַמערקט. און אַלע פּנים'ער האָבען אויסגעזעהען יום־טוב'דיג. נאָר יום־טוב'דיגער פון אַלע איז געווען דעם פעטער פּיני'ס פּנים. געזעסען גאַנץ אויבענאָן, נעבען בר־מצוה'ס פאָטער, אין זיין שבת'דיגער זיידענער קאַפּאָטע, מיט אַ ברייטען זיידענעם גאַרטעל, מיט אַ בלוי סאַמעטען היטעל אויפ'ן קאָפּ, האָט דער פעטער פּיני געקוקט אויפ'ן בר־מצוה פון אונטען אַרויף, געשמייכעלט זיך אין באָרד אַריין, ווי איינער רעדט: „מילא, קענען קען ער, דער ימח־שמו'ניק — דאָס זעהט מען... נאָר צי דאַווענט ער אָבער אַלע טאָג? צי היט ער אָפּ נעגעל־וואַסער? צי לייענט ער קריאת־שמע פאַר'ן שלאָף? צי טראָגט ער ניט אום שבת? — דאָס איז ביי מיר אַ ג ר ו י ס ע ר ספק!"...

דערפאַר איז אָבער דער פאָטער פונ'ם בר־מצוה געווען — איהם נישט אין פּנים אַריינצוקוקען. עס איז געווען צו זעהען, אז קיין מעהר גליקליכער מענטש, ווי ער, איז אויף דער וועלט נישטאָ. דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטען אַרויף, די ליפּען האָבען זיך איהם געריהרט, נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט דעם זוהן, געקוקט אויפ'ן עולם, אויפ'ן ברודער פּיני, אויפ'ן רבין רודערמאַן, אויפ'ן בר־מצוה אַליין און אויף דער מאַמע פונ'ם בר־מצוה.

און די מאַמע, די קליינינקע חיה־אסתר, איז געשטאַנען נאָר אומבאַמערקט, מיט דרך־ארץ, ביי דער זייט, צווישען די איבעריגע ווייבער, אין דער שבת'דיגער זיידענער פעטשיילע, אַ פאַרגאַפטע, שטילערהייט, זיפצענדיג, זיך אויסגעקנאַקט אַלע פינגער, און צוויי בלישטשענדיגע טרערען, ווי צוויי בריליאַנטען, האָבען

זיך געקוויקעלט און אפגעשיינט קענען דער זון אויף איהר גליקליך, יונג, ווייס, נאר שוין געקנייטשט פנים.

וואס זענען דאס געווען פאר טרערען? טרערען פון פרייד? פון תענוג? פון גדלות? פון דער שלעכטער צייט? אדער אפשר האט א מאמע׳ס הארץ איינגערוימט איהר א סוד אויפ׳ן אויהער, אז אט דאס בר־מצוה־בחור׳על, וואס קלינגט איצט אזוי שען, וועט אין גיכען, גאר אין גיכען, זאגען קדיש נאך איהר נשמה?...

ווער ווייסט, וואס א מאמע קאן וויינען?

32

# דער „בחור"

**זיין ברודער הערשעל ווערט א חתן.** — דאָס פאַרהערעניש מיט א סופלער. — א תפילין־זעקעל, א זייגער און א כלה.

— **אצינד** ביזט דו שוין, מיט גאָט'ס הילף, א בחור. אוים יונגעל, אוים שייגעץ, אוים קונדס. צייט ווערען א מענטש און איין עהרליכער איד, וואָרום די צייט שטעהט ניט: אָט־אָט, אָקערשט ווי מע זעהט ניט, ווערסט דו א חתן...

דאָס איז געווען דאָס ביסעל מוסר, וואָס מע האָט אריינגערעדט דעם בר־מצוה אויף מאָרגען נאָך דעם פייערליכען שבת, און דער רבי האָט איהם געהאָלפען אָנטהון די תפילין. ער האָט איהם איינגעקרעמפּעוועט דעם „של־יד" אויף דער לינקער האַנט, אז די פינגער האָבען זיך אָנגעגאָסען און געוואָרען בלוי, און דער גרויסער „של־ראש" האָט זיך אלע מינוט אראָפּגערוקט צווישען די אויגען, אָדער אראָפּגעפאָהרען א ביסעל אויף א זייט, יעדענפאַלס שטאַרק השק געהאַט אראָפּגליטשען זיך אראָפּ. דעם בר־מצוה האָט געקאָסט מיה איינצוהאַלטען גלייכגעוויכט, נישט געקאָנט זיך א ריהר טהון פריי און אפילו א קוק צו טהון אויף די ווייסע־חברה'ניקעס, וואָס האָבען מיט נייגיעריגקייט ארומגערינגעלט דעם בר־מצוה, זעהען, ווי ער דאַווענט צום ערשטען מאָל אין תפילין. און מע דאַרף דעם אמת זאָגען, אז ווען ניט זיי, אָט די ווייסע־חברה'ניקעס, וואָלט דער בר־מצוה איצטיגס מאָל גע־

דאַוונט מיט האַרץ, מיט כּוונה און מיט ליעבּשאַפט. עס איז איהם געפעלען די צערעמאָניע פון תּפילין־לעגען; עס איז איהם געפעלען די טייטש פון די ווערטער „וארשתיך"; עס איז איהם געפעלען דער מחיה'דיגער יוכטען־ריח פון די פרישע, נאָר־וואָס אויסגעמאַכטע רצועות; עס איז איהם געפעלען, וואָס מע זאָגט איהם, אַז ער איז שוין אַ בּחור; עס איז איהם געפעלען, וואָס מען איז איהם מצרף צו אַ מנין. די משמעות, אַז ער איז שוין אַ איד גלייך מיט אַלע אידען, אַ מענטש גלייך מיט אַלע מענטשען. אפילו רפאל דער שמש מיט'ן אויגעל קוקט אויף איהם שוין גאָר אַנדערש, מיט פאַרבּאָרגענעם דרך־ארץ. פון די חברים שמועסט מען ניט, אַז זיי זענען איהם מקנא, וואָרום ער געדענקט, אַז ער אַליין האָט אַמאָל מקנא געווען זיין עלטערען בּרודער הערשעל צו זיין בּר־מצוה. און ניט אַזוי אויף דער בּר־מצוה, ווי אויף דעם, וואָס בּאַלד נאָך דער בּר־מצוה איז זיין בּרודער געוואָרען אַ חתן, און די כּלה האָט איהם געשענקט איין אויסגענייהט תּפילין־זעקעל, און דער מחותּן — אַ זילבּערנעם זייגער. ביידע פאַקטען, דאָס הייסט, ווי אַזוי דער בּרודער הערשעל איז אַ חתן געוואָרען און וואָס ס'איז געוואָרען פונ'ם מחותּנ'ס מתּנה, פונ'ם זייגער, דאַרפען בּאַשריבּען ווערען חאָטש אין קורצען.

הערשעל איז געווען אַ בּר־מצוה־יונגעל אַ ציקאַווער, אַ שענער, און אַ טשעפּקע בּחור'על, דאָס הייסט, ער האָט ליעב געהאַט געהן ריין אָנגעטהאָן; נאָר קיין קאָפּ צום לערנען האָט ער ניט געהאַט, און קיין גרויסער וועלער איז ער אויך ניט געווען. פון דעסטוועגען, אַ טאַטענ'ס אַ קינד, נחום ראַבּינאָוויטש'עס אַ זוהנדעל — מע האָט איהם גערעדט די פיינסטע שידוכים, און ס'איז געקומען צו פאָהרען אַ שענער איד מיט אַ שוואַרצער בּאָרד, אַ מחותּן פון וואַסילקאָוו, נישט אַליין, נאָר מיט אַ פאַרהערער, אַ יונגערמאַנטשיק מיט אַ געל בּערדעל, אַ גראַמטענער, אַ קענער, אַ בּעל־תּנ"ך און אַ בּעל־לשון־קודש, נאָר אַ בּיסעל אַ נודניק, איין איינגעגעסענער, האָט ליעב אריינקריכען יענעם אין די בּיינער. צום אַלעם ערשטען האָט

דער פארהערער גענומען ארויסבאווייזן פאר די מחותנים, וואס ער קען. צוליעב דעם האט ער זיך א נעם געגעבן צום חתנ'ס רבין, ארייננעלאזט זיך מיט איהם אין א לאנגען דיספוט וועגען דקדוק. וואס דער רבי האט געזאגט, האט ער געזאגט פארקעהרט. דערנאך האט ער א חאפ געגעבן דעם רבין, דער רבי זאל איהם זאגען, פאר וואס שטעהט אין קהלת „זבובי מות יבאיש", מיט א לשון יחיד, און ניט „יבאישו", מיט א לשון רבים? דערויף האט איהם דער רבי געענטפערט: למאי שטעהט אין קהלת טאקי „וזכור את בוראיך", מיט א לשון רבים, ניט „וזכור את בוראך", מיט א לשון יחיד? דערנאך האט ער א חאפ געגעבן דעם רבין גאר מן הצד: „זאגט נאר, איך בעט אייך, וואו שטעהט „ויתהלכו מגוי אל גוי"?" דער רבי איז געווארען א ביסעל מטושטש, א ביסעל פארשעמט, און געענטפערט: „דאס איז פונ'ם דאווענן „הודו לה' קראו בשמו"... דער יונגערמאן האט זיך ניט בארוהיגט: „און וואו שטעהט „הודו לה' קראו בשמו"?" דער רבי איז געווארען נאך מעהר מטושטש און האט געענטפערט: „דאס דארף זיין מסתמא אין תהלים ערגיץ?"... דא האט דער געלער יונגערמאן אויס־געבראכען א געלעכטער: „האט קיין פאראיבעל ניט, רבי, דאס שטעהט נישט אין תהלים ערגיץ, דאס שטעהט איין מאל אין תהלים, און איין מאל, ניט דא געדאכט, ניט פאר אייך געדאכט, ניט פאר קיין שום אידען געדאכט, אין דברי־הימים"...

פאר'ן רבין איז דאס געווען א טוידטקלאפ. טראפענס שווייס זענען איהם ארויסגעטראטען אויפ'ן פנים. ער איז געווען א געהרג'עטער. „דער יונגערמאן איז א דרעהער!" — אזוי האט ער געזאגט צו די קינדער און געווישט זיך דעם שווייס מיט דער פאלע. — „טאמער טהוט ער א פארהער דעם חתן, איז דער חתן א פארפאלענער און דער שידוך איז אויס שידוך"... און אזוי ווי אין דעם שידוך איז געווען פאראינטערעסירט אויך ער, דער רבי טאקי, דאס הייסט, ניט אזוי אינ'ם שידוך, ווי אינ'ם שדכנות־געלט, איז ער געפאלען אויף איין עצה און האט אריינגערוימט א

סוד אויפ'ן אויהער דעם חתנ'ס ברודערעל, שלומ'ען, אז ער זאל זיך פארקלויבען הינטער דער ברייטער פאנירטער קאנאפע, און אויף דער קאנאפע האט ער אוועקגעזעצט דעם חתן. דערנאך האבען זיך די מחותנים אויסגעזעצט ארום דעם האלבקיילעכיגען פאנירטען טיש מיט די לאפעס, און דער געלער יונגערמאנטשיק האט א נעם געגעבען דעם חתן אויפ'ן צימבעל. אין דער זעלבער צייט האט דעם חתנ'ס מאמע געגרייט צום טיש, געשטעלט לעקאך און בראנפען, געווען, אפנים, זיכער, אז דער עקזאמען וועט אפלויפען גלאט. „אנו, זאג נאר, בחור'על, וואו שטעהט „לפיד בוז לעשתות שאנן נכון למועדי רגל" ?" — „אין איוב !" — האט זיך געלאזט הערען פון הינטער דער פאנירטער קאנאפע ארוים. „אין איוב !" — האט דער חתן געזאגט, ווי א מזיק, הויך אויפ'ן קול. „אמת, אין איוב. אצינד ווייסט דו ניט, וואו געפינט זיך ערגיץ אין תנ"ך נאך א ווארט פונ'ם שורש „לעשתות" ?" — פרעגט ווייטער דער געלער פארהערער. „ביום ההוא אבדו עשתונותיו", אין תהלים !" — פישטשעט דער סופלער פון הינטער דער קאנאפע, און דער חתן זאגט איהם נאך ווארט אין ווארט. „זעהען מיר מיט'ן תנ"ך, הייסט דאס, אזוי גרויס ווי פארטיג. — זאגט דער פארהערער און ווארפט מיט די אויגען אויפ'ן טיש, וואו די קליינע חיה־אסתר פארעט זיך ביי'ם לעקאך און איינגעמאכטס. — אצינד וועלען מיר זיך ארייננטהון א ביסעל אין דקדוק אריין. וואס פאר א פועל איז אבדו? וואס פאר א בנין? וואס פאר א גוף? וואס פאר א מספר? און וואס פאר א זמן ?" האט דער קליינער שלום ארויסגעקוויטשעט שטילערהייט פון הינטער דער קאנאפע ארוים, און דער חתן האט איהם נאכגעזאגט איטליכס ווארט: „אבדו איז א פועל עומד, א בנין קל, א גוף נסתר, א מספר רבים און א זמן עבר, און עס וועט זיין: אבדתי, אבדת, אבדת, אבד, אבדה, אבדנו, אבדתם, אבדתן"...

„געזונג, געזונג, געזונג !" — האט אויסגערופען דער פארהערער צופריעדען, געריבען די הענט און געקוקט אויפ'ן געגרייטען טיש,

און אויסגעדרעהט זיך צום שיינענדיגען מחותּן פון כּלה׳ס צד, האָט ער אַ זאָג געגעבען: — „אייך קומט מזל־טוב. איהר זעהט דאָך, דער יונג איז קלאָר אומעטום, ווי אַ וואַסער. ווען מיר נעהן, הייסט עס, צוביי̆סען?"...

צי עס האָבען געוואוסט פון דעם אָנשטעל טאַטע־מאַמע אויך, אָדער דאָס האָבען אָפּגעאַרבייט נאָר דער רבּי מיט׳ן חתן אַליין? און אפשר האָט דער פאַרהערער אויך געוואוסט פון דעם פּאָקום? — דאָס איז שווער צו זאָגען. יעדענפאַלס, ביידע צדדים זענען געווען צופריעדען, ביידע האָבען זיך חלילה ניט אָפּגענאַרט...

אַצינד געהען מיר אַריבער צו דער געשיכטע מיט׳ן זייגער. פאַרשטעהט זיך, אַז באַלד נאָכ׳ן פאַרהערען איז די מאַמע געפאָהרען אָנקוקען די כּלה. די כּלה איז איהר געפעלען — זי איז אַ קלוגע; האָט מען געפּראַוועט אַ קנס־מאָל, געשריבען תּנאים און געבראָכען טעלער, און דער מחותּן האָט געקויפט דעם חתן אַ מתּנה — אַ זילבערנעם זייגער. וויפיעל ס׳איז פאַרהאַן מינוטען אין אַ שעה, אַזוי פיעל מאָל האָט דער חתן געקוקט אויפ׳ן זייגער. אַ מצוה האָט מען פאַרדיענט אינ׳ם חתן, אַז מע האָט איהם געפרעגט, ווי האַלט דער זייגער. און דער חתן האָט געהיט דעם זייגער, ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פונ׳ם אויג. פאַר׳ן שלאָפען־געהן האָט ער פאַר׳ן זייגער קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. שבּת, פאַר׳ן געהן אין שוהל אַריין, איז ער אויסגעווען מיט׳ן זייגער אין אַלע שיפלאָדען און אין אַלע קאַמאָדען; ער האָט אַלץ געציטערט, מע זאָל חלילה נישט אַוועק׳גנב׳ענען דעם זייגער...

ויהי היום, איינמאָל פאַרגלוסט זיך דעם חתן, אַ טשעפּקע בּחור׳על, אויספּוצען דעם קאָסטיום. געטראָגען האָט מען דעמאָלט גוטען טריקאָ מיט אַ וואָרסע, און אַזאַ טריקאָ האָט אַ טבע — ער נעמט אויף זיך פלעקען און שטויב גאַנצע פודען. אַ שטעקעל האָט דער חתן געטראָגען אַ יאַמשאָווע, וואָס בויגט זיך. האָט ער דעם קאָסטיום אויפגעהאַנגען אין דרויסען אויפ׳ן גאַניק און מיט דעם יאַמשאָווע שטעקעל גענומען אויסקלאָפּען דעם שטויב פונ׳ם

קאָסטיום, אָבער גוט, ווי־פיעל ס׳איז נאָר געווען כח, און אז אין קעשענע פונ׳ם קאָסטיום ליגט דער זייגער — האָט ער אקוראט פארגעסען. זעלבסטפארשטענדליך, אז פונ׳ם זייגער איז געוואָרען א חורבן, א פראָשעק פון שטיקלעך זילבער, פאָרצעליי און גלאָז און א סך קליינע רעדעלעך. און דער חתן האָט אויפגעהויבען זיין קול און האָט זיך צעוויינט. עס האָט נישט געהאָלפען קיין שום טרייסטען מיט קיין שום צוזאָגעבצען, אז מע וועט איהם קויפען איין אנדער זייגער — עס האָט אויסגעריסען א שטיק הארץ!

דער בר־מצוה שלום האָט געקוקט אויף זיך אויך, ווי אויף אַט אזא מין בחור. זיין אידעאל איז געווען אין יענער צייט דריי זאכען: א תפילין־זעקעל, ווי ביי זיין ברודער הערשעל, א זייגער און א כלה. די כלה האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט ניט אנדערש, ווי אינ׳ם געשטאלט פון א בת־מלכה, איינע פון יענע יפהפיות, וואָס זיין חבר שמואליק דער יתום פלעגט זיך אָנדער־צעהלען פון זיי. זי איז איהם געווען אזוי קלאָר, אז ער האָט זי געזעהען אָפט אין חלום, און איינמאָל, באלד נאָך דער בר־מצוה, האָט ער זי דערזעהען אויף דער וואָהר און — ער האָט זיך פאר־ליעבט אין איהר, ווי עס ווערט באשריבען אָט דאָ באלד אין א באזונדער קאפיטעל.

## 33

# די ערשטע ליעבע

ראָזע בערנער די שולמית פון שיר־השירים. — חיים פראָכשטיין — א געפעהרליכער קאָנקורענט. — סקריפּענדיגע שטיוועלטען און פראנצויזיש. — פּיעדעל־שפּיעלען. — זיסע חלומות.

ווען זיי זאָלען נישט געווען זיך באַגעגענען דערנאָך אין לעבען א סך מאָל, וואָלט דער העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראַפיע זיכער געמיינט, אז די, וועלכע האָט איהם צו פערצעהן יאָהר געפלעפט, איז געווען נאָר א דמיון, א פאַנטאַזיע, א חלום. נעהייסען האָט זי ראָזע, און ער האָט זי קיינמאָל נישט געזעהען, זי זאָל געהן אליין. שטענדיג מיט א האַליאַסטרע „קאַוואַליערען", די פיינסטע אידישע בחורים, די רייכסטע יונגעלייט פון שטאָדט, און אמאָל אויך כריסטען, אָפיציערען. א רוסישער אָפיציער זאָל שפּאַציערען מיט א אידיש מיידעל — דאָס אליין איז געווען אזא סענסאַציע, וואָס די שטאָדט האָט מיט דעם געקאָכט. און נישט א יעדעס מיידעל וואָלט זיך דאָס דערלויבט, און נישט א יעדען מיידעל וואָלט דאָס די שטאָדט מוחל געווען. נאָר ראָזע — זי מעג עס, איהר קאָן מען דאָס מוחל זיין, וואָרום זי איז ראָזע, וואָרום זי איז די איינציגע אין שטאָדט, וואָס שפּיעלט פּיאַנע, די איינציגע אין שטאָדט, וואָס רעדט פראַנצויזיש, און רעדט הויך, און לאַכט הויך —א קליינינקייט ראָזע? און דערצו איז זי א טאַטענ'ס א קינד. איהר פאָטער איז איינער פון די רייכסטע און פאָרנעמסטע

אידען אין שטאָדט, אַ איד איין אַריסטאָקראַט. אין דער יוגענט, זאָגט מען, איז ער געווען אַ גלות. איצט איז ער שוין אַלט און גרוי, האָט ער זיך פאַרלאָזט אַ באָרד, טראָגט ברילען, האָט קישעלעך אונטער די אויגען. די אייגענע קישעלעך אונטער די אויגען האָט גע'ירש'ענט פון איהם זיין טעכטערל ראָזע, און זיי פּאַסען זיך איהר אַזוי צו איהרע שענע בלויע אויגען, און צו איהרע זיידענע אויסגעבויגענע ברעמען, און צו איהר אידיש-גריכיש נעזעל, און צו איהר קלאָר-וויים געזיכט, און צו איהר קליינער, נאָר מאַיעס-טעטיש גרויסאַרטיגער פיגור, וועלכע האָט געפּלעפט דאָס האַרץ פונ'ם ציקאַווע פאַר'חלומ'טען חדר-יונגעל שלום נחום וועוויק'ס, וואָס האָט זיך דורך איין קוק פון איהרע שענע שולמית-אויגען פאַרליעבט אין דער דאָזיגער שולמית מיט'ן הייליגען פייער פון איין אומשולדיג בר-מצוה-יונגעל.

יאָ, שולמית. נאָר די שולמית, וואָס אין שיר-השירים, פאַר-מאָגט אַזעלכע שענע געטליכע אויגען. נאָר די שולמית, וואָס אין שיר-השירים, קאָן אַזוי זיס-ליעבליך און שטרענג-טיעף אַריינ-דרינגען אַייך אין דער נשמה אַריין, ווען זי קוקט אויף אייך. און אַ קוק געגעבען האָט זי אויף שלומ'ען, קאָן איך אייך ערב זיין, מעהר ניט אַז איין מאָל, און אַז אַ סך — איז צוויי מאָל. אויך דאָס — פאַרבייגעהענדיג אין גאָס שבת בייטאָג מיט אַ גאַנצער חאַליאַסטרע „קאַוואַליערען”, צווישען וועלכע ס'איז געווען איינער אַ גליקליכער מיט'ן נאָמען חיים פרוכשטיין. חיים איז יאָסי פרוכשטיינ'ס אַ זוהנדעל, אַ בן-יחיד, אַ קורצפיסיגער, זעהר אַ קורצפיסיגער, נאָר מיט אַ לאַנגער נאָז, און אויף דער נאָז — רויטע ווייםפערלעך, און צייהן גרויסע, מורא'דיג גרויסע. נאָר אָנגעטהאָן איז ער, ווי דער גרעסטער פּראַנט. שטיוולעטען לאַקירטע און סקריפּענדיגע אויף הויכע, זעהר הויכע אָפּצאַסען — בכדי ער זאָל אויסזעהען העכער. אַ זשילעט אַ ווייסע, ווי געפאַלענער שניי. די האָר פאַרקעמט מיט אַ שרונט אַקוראַט אין מיטען און שטענדיג אָנגעשמירט מיט שמעקענדיגע פּאַרפומען, וואָס לאָזען זיך הערען

אויף א מייל. אט דאס איז געווען דער גליקליכסטער פון אלע ראזע׳ס קאוואליערן, און איהם האט די שטאדט געקרוינט פאר איהר חתן. דערפאר געקרוינט, ווייל ער איז יאסי פרוכשטיינ׳ס זוהן, און יאסי פרוכשטיין איז א נגיד, און א נגיד מיט א נגיד זענען גלייכע מחותנים. און אויסער דעם, איז ער דער איינציגער בחור אין פערעיאסלאוו, וואס רעדט פראנצויזיש; ער רעדט פראנצויזיש און זי רעדט פראנצויזיש — קאן דען זיין נאך מעהר גלייך, ווי דער דאזיגער שידוך? און נאך א זאך: זי שפיעלט פיאנע און ער שפיעלט פיעדעל, און אז דיביידע שפיעלען, מעג מען פארזעצען וואס מע האט און מע קאן שטעהן א גאנצע נאכט אונטער׳ן פענסטער און הארכען. שלום איז געשטאנען ניט איין מאל ביי ראזען אונטער׳ן אפענעם פענסטער זומער פארנאכט אין דרויסען און צוגעהערט זיך צו די זיסע הימעלשע טענער, וואס די שענע ראזע האט מיט איהרע שענע פינגער ארויסגעצויגען פון דער גרויסער שווארצער גלאנצענדיגער פיאנע מיט די ווייסע ביינדלעך, און צו די זיסע הימעלשע געזאנגען, וואס דער קורצפיסיגער חיים פרוכשטיין האט ארויסגעריסען פון די דינע סטרונעס פון זיין קליין בייכיג פיעדעלע — און אך! וואס ער האט איבערגעלעבט אין די מינוטען! ער האט געשעפט תענוג און געערגערט זיך, געבענטשט און געשאלטען צו גלייכער צייט. געשעפט תענוג פון דער שענער זעלטענער הימעלשער מוזיק, און געערגערט זיך, וואס ניט ער שפיעלט דאס מיט ראזען, נאר איין אנדערער. געבענטשט האט ער די הענט, וואס ציהען־ארויס אזעלכע זיסע הימעלשע טענער מיט אזעלכע זיסע מלאכימ׳שע געזאנגען פון טוידטע אינסטרומענטען, און געשאלטען דעם טאג, וואס ער איז געבוירען געווארען ביי נחום ראבינאוויטש, ניט ביי יאסי פרוכשטיין, און וואס חיים פרוכשטיין איז א נגיד׳ס א זוהן, און ער, שלום, איז נעבאך אויף גרויסע צרות! ניט נאר קאן ער ניט אויספיהרען ביי זיין טאטע־מאמע לאקירטע שטיוועלעטען מיט סקריפקעס און אויף הויכע אפצאסען — זיינע שטיוועלעך, וואס

ער טראַגט, זענען אָפּגעפּאָהרען, די אָפּצאַסען אויסגעדרעהט, די פּאָדעשוועס אָפּגעריבען. און אז ער זאָל זאָגען, ער וויל לאַקירטע שטיוולעטען, וועט מען איהם פרעגען: אויף וואָס? און אז ער זאָל זאָגען, אז ער וויל, זיינע שטיוועלעך זאָלען סקריפּען, וועט ער קריגען פּעטש...

אָך, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען ער האָט איין אוצר! אָט א יענעם אוצר, וואָס זיין וואָראָנקאָווער חבר שמואליק דער יתום פלעגט איהם דערצעהלען וועגען דעם אזוי פיעל שענע מעשיות. נאָר בלאָטע! ס'איז נישטאָ קיין אוצר. דאָס הייסט, ס'איז דאָ, נאָר ס'איז שווער איהם צו געפינען — ער ליגט זעהר טיעף פאַר־באָרגען. און אז מע געפינט איהם שוין — אנטלויפט ער און באַהאַלט זיך נאָך טיעפער... און דער אומגליקליכער שלום האָט פאַרשאָלטען דעם טאָג, למאי ער איז געבוירען געוואָרען ביי די מיוחסים, ביי די ראַבינאָוויטשעס, ניט ביי די פּרוכשטיינס. און ער האָט פיינט געקריגען מעהר פון אלעמען אָט דעם קורצפּיסיגען חיים פּרוכשטיין מיט דער גרויסער נאָז, מיט די רויטע ווייספּערלעך, פיינט געקריגען בתכלית השנאה — דערפאַר, וואָס גאָט האָט איהם, דעם קורצפּיסיגען חיים, געבענטשט מיט אלע דריי גוטע זאַכען: מיט סקריפּענדיגע שטיוולעטען, מיט רעדען פראַנצויזיש און מיט שפּיעלען פּיעדעל.

און דער אומגליקליכער שלום האָט זיך דאָס וואָרט געגעבען און געשוואָרען זיך ביי דער לבנה און ביי די שטערען דאָ אין דרויסען, און ביי די זיסע הימעלשע טענער און ביי די זיסע מלאָכים'שע געזאַנגען, וואָס גיסען זיך פון דאָרטען, פון אינוועניג, אז פון היינט אָן און ווייטער וועט ער זיך אויסלערנען שפּיעלען אויפ'ן פּיעדעל, אזוי ווי דער גליקליכער חיים פּרוכשטיין, און אז ער וועט מיט זיין פּיעדעל־שפּיעלען פאַרשטעקען אין גאַרטעל צעהן אזעלכע, ווי חיים פּרוכשטיין, און רעדען פראַנצויזיש וועט ער זיך אויסלערנען, אזוי ווי חיים פּרוכשטיין, און ער וועט מיט גאָט'ס הילף זיך אויסגלייכען מיט חיים פּרוכשטיין, און ער וועט איהם

נאָך אפשר אַריבעריאָגען — און דעמאָלט ערשט וועט ער קומען צו איהר, צו ראָזען, גלייך אַהיים, און ער וועט איהר זאָגען מיט׳ן לשון פון שיר־השירים: „שובי שובי השולמית — קעהר זיך אוים צו מיר, שולמית, מיט׳ן פּנים אויף איין ווײַלע און הער זיך איין, ווי אַזוי איך שפּיעל אויפ׳ן פיעדעל!" און ער וועט געבען אַ פיהר מיט׳ן סמיטשיק איבער די דינסטע סטרונעס, און שולמית־ראָזע וועט דאָס דערהערען, וועט זי שטוינען, און זי וועט איהם פרעגען: „פון וואַנען?" — וועט ער איהר ענטפערען: „פון זיך אַליין". און חיים פּרוכשטיין וועט שטעהן פון דער זייט און וועט גאַפען און וועט איהם, שלומ׳ען, מקנא זיין — וועט ער צוגעהן און וועט וועלען זאָגען ראָזען עפּים אויף פראַנצויזיש, וועט שלום זיך אַריינמישען אין מיטען, איהם איבערהאַקען און וועט צו איהם זאָגען אויך אויף פראַנצויזיש: „היט זיך, רב חיים, מיט אייער לשון, וואָרום איך פאַרשטעה איטליכס וואָרט!" וועט ער נאָך מעהר גאַפען, און שולמית־ראָזע וועט אַ פרעג טהון ביי שלומ׳ען: „דו רעדסט פראַנצויזיש אויך? פון וואַנען?" — וועט איהר שלום זאָגען: „פון זיך אַליין". דעמאָלט וועט שולמית־ראָזע אויפשטעהן און וועט נעמען שלומ׳ען פאַר אַ האַנט און וועט איהם זאָגען: „קום". וועלען זיי געהן אין צווייען, ער מיט ראָזען, אויפ׳ן שפּאַציער איבער די פּערעיאַסלאַווער „פּעשעחאָדען" און וועלען רעדען ביידע אויף פראַנצויזיש, און די גאַנצע חאַליאַסטרע קאַוואַליערען, און דער קורצפיסיגער חיים פּרוכשטיין בתוכם, וועלען זיי נאָכגעהן פון הינטען, און די גאַנצע שטאָדט וועט טייטלען מיט די פינגער: „ווער איז דאָס גליקליכע פּאָרעל?" וועט מען זיי ענטפערען: „איהר ווייסט ניט, ווער דאָס איז? דאָס איז דאָך ראָזע מיט איהר אויסדערוועהלטען!" „ווער זשע איז איהר אויסדערוועהלטער?" „איהר אויסדערוועהלטער — דאָס איז דאָך דער וואָראָנקאָווער בעל־תנ"ך און כתבא־רבה שלום נחום וועוויק׳ס, שלום ראַבינאָוויטש"... און שלום הערט דאָס אַלסדינג, נאָר ער מאַכט זיך ווי ער הערט ניט, און ער געהט ווייטער און ווייטער,

האַנט בײַ האַנט, מיט דער שענער ראָזען, און ער זעהט איהרע שענע בלויע אויגען, ווי זיי קוקען אויף איהם און לאַכען. און ער פיהלט איהר קליין וואַרעם הענטעל אין זיין האַנט, און ער הערט, ווי דאָס האַרץ בײַ איהם קלאָפּט: טיק־טאַק, טיק־טאַק. און די שטיוועלעך אונטער איהם האָבען ווי פון זיך אַליין אָנגעהויבען צו רעדען: „סקריפּ־סקריפּ, סקריפּ־סקריפּ". און דאָס איז שוין אַ וואונדער פאַר איהם אַליין. מילא, פיעדעל־שפּיעלען און פראַנצויזיש־רעדען — דאָס האָט ער זיך אויסגעלערענט. אַזוי לאַנג געהאָרעוועט, ביז ער קען. אָבער די שטיוועלעך — פון וואַנען האָבען זיי געחאַפּט דעם סקריפּ? אויך פון זיך אַליין? אָדער אפשר ווייזט זיך איהם אוים? און ער קוועטשט־קוועטשט מיט ביידע פיס, שטאַרק־שטאַרק, און ער חאַפּט אַ שטורך פון זיין עלטערען ברודער, מיט וועלכען ער שלאָפט אין איין בעט: „וואָס דריגעסט דו מיט די פיס, ווי אַ לאָשעקעל?" און ער חאַפּט זיך אויף — ניט שוין זשע איז דאָס געווען נאָר אַ חלום?... און ער הערט נישט אויף צו טראַכטען פונ'ם דאָזיגען חלום. און ער הערט נישט אויף צו חלום'ען אויף דער וואָהר. און עס גיסען זיך צונויף בײַ איהם דער חלום מיט דער וואָהר, די פאַנטאַזיע מיט דער ווירקליכקייט... און עס ציהט זיך אַזוי — ער ווייסט נישט וויפיעל צייט, ביז עס קומט אַ גאַסט קיין פערעיאַסלאַוו, אַ שרעקליכער גאַסט, איין אונטערגאַנג, איין עפּידעמיע. ווי איין אוראַגאַן וואַלגערט ער אום אַלסדינג מיט'ן פּנים אַראָפּ און מאַכט איין איבערקעהרעניש, אַ חורבן אין אַ סך הייזער, און אויך בײַ נחום ראַבינאָוויטשען אין שטוב, און עס ווערט פאַרשוואונדען די שענע שולמית־ראָזע און זיין ליעבע צו דער שענער שולמית־ראָזע, ווי אַ חלום, ווי אַ פאַנטאַזיע, ווי אַ נעכטיגער טאָג...

דער גאַסט — דאָס איז געווען די חלירע.

34

# די חליירע

די עפּידעמיע. — די רייבערס. — די באָבע מינדי קאָמאַנדעוועט. — זי רייסט קברים, זוכט זכות־אָבות, אַרבייט מיט די דאָקטוירים. — דער מאַמע'ס טוידט. — דער פעטער פיני לאָזט ניט וויינען — ס'איז שבת.

אָנגעהויבען האָט זיך עס תּחילת זומער, באַלד נאָך פּסח, אַזוי ווי אויף קאַטאָוועסען; נאָר שפּעטער־צו, אַרום נאָך־שבועות, אַז ס'זענען אויפגעקומען אויבּסטען און גרינע אַגרעסען זענען געוואָרען וואָלוועל, בּחצי־חנם, האָט זיך עס צעשפּיעלט שוין אויף דער אמת'ען, און עס האָבען זיך אָנגעהויבען לאָזען הערען אַלץ אָפטער און אָפטער די ווערטער: „אונטערגאַנג", „עפּידעמיע" און „חליירע". ביי'ם וואָרט „חליירע", אַז ס'איז אַרויסגערעדט געוואָרען, איז דאָס אַנדערש ניט אַרויסגערעדט געוואָרען נאָר מיט אַ שפּיי־אויס דערבּיי, און ס'איז געפאַלען אַ מורא, אַ פּחד אויף דער שטאָדט.

פאַרשטעהט זיך, אַז דער פּחד איז געפאַלען נאָר אויף די גרויסע, אויף די עלטערע. פאַר קליינוואַרג איז דאָס, אדרבּה, געווען אַ שטיקעל יום־טוב. מע האָט אָנגעהויבען אַכטונג געבּען אויף זייער עסען און אויף זייער טרינקען, טאַפּען זיי אַלע אין דער פריה און אויף דער נאַכט ביי די קעפּלעך, זיך געהייסען באַווייזען די צונג, און סוף־כּל־סוף — צעלאָזט די חדרים, בּיז

גאָט וועט העלפֿען, דער אונטערגאַנג וועט אַוועק אַהין, פֿון וואַנען ער איז געקומען. דער אונטערגאַנג האָט אָבער ניט אַזוי גיך געוואָלט אַוועק, און די חלירע האָט געבושעוועט אויף וואָס די וועלט שטעהט.

די שטאָדט האָט אָבער אויך ניט געשוויגען, געטהאָן אַלסדינג, און קודם כּל זיך אַ נעם געגעבען צום „רייבען". גיך און געשווינד איז באַשאַפֿען געוואָרען אַ חברה „רייבערס". זייער עובדה איז געווען — קוים איז עמיצען געוואָרען „נישט־גוט", איז מען גע־קומען צו איהם, אַוועקגעלעגט און „געריבען". אַ סך מענטשען האָט מען טאַקי מיט אָט דעם רייבען אָפּגעראַטעוועט. צווישען די חברה „רייבערס" האָבען זיך פֿאַרשריבען די פֿיינסטע בעלי־בתּים פֿון שטאָדט. די שטאָדט גופא איז איינגעטיילט געוואָרען אין „אוטשאַסטקעס", אויף יעדען „אוטשאַסטאָק" — באַזונדערע „רייבערס". דער העלד פֿון דער ביאָגראַפֿיע האָט אויף זיי געקוקט מיט גרויס דרך־ארץ און מיט פֿאַרוואונדערונג, ווי אויף אמת'ע העלדען, גבורים. עס איז געווען צו זעהען, אַז זיי האָבען קיין בּרעקעל מורא ניט, ניט פֿאַר דער חלירע, ניט פֿאַר'ן טוידט. איינס דאָס אַנדערע האָבען זיי זיך געשטאַרקט, גערעדט מיט אַ שמייכעל, געטרונקען לחיים און געווינטשעוועט, „דער אויבּערשטער זאָל רחמנות האָבען און די עפּידעמיע זאָל געשטילט ווערען"...

פֿאַרשטעהט זיך, אַז די ראַבינאָוויטשעס זענען אויך געווען צווישען די „רייבערס". יעדען אויפֿדערנאַכט, געקומען פֿון זיין „אוטשאַסטאָק", האָט נחום ראַבינאָוויטש געהאַט צו דערצעהלען נייעס און נייעס: וויפֿיעל מאָל און וועמען מע האָט היינטיגען טאָג „געריבען". וועמען מע האָט „אָפּגעריבען", און וועמען ניט. אַלע זענען געשטאַנען אַרום איהם און געקוקט מיט דרך־ארץ און אויסגעהערט מיט נייגיעריגקייט און מיט שרעק די דאָזיגע נייעס. די קליינינטשקע חיה־אסתּר האָט געבראָכען די פֿינגער, און, קוקענדיג אויף איהר חאַליאַסטרע קינדער, האָט זי אַ זאָג געגעבען פֿאַר־בייגעהענדיג: „ער זאָל חאָטש ניט פֿאַרשלעפּען, חלילה, די חלירע

אין שטוב אריין". דערויף האט איהר נחום אפגעענטפערט מיט א שמייכעל, אז „די חלירע איז ניט אזא קרענק, וואס מע פאר־שלעפט זי; ווען מען ס'איז באשערט, טרעפט זי איהם אין דער היים"...

אפנים, אז דער קליינטשקער חיה־אסתר איז עס באשערט געווען. איינמאל, אין א שענעם פריהמארגען, איז זי אויפגע־שטאנען און האט דערצעהלט פאר דער שוויגער, פאר דער באבע מינדי, וואס פאר א מאדנער חלום ס'האט זיך איהר גע'חלומ'ט. ס'האט זיך איהר גע'חלומ'ט, אז ס'איז פרייטאג־צו־נאכטס און זי בענטשט ליכט. פלוצים קומט צו גהען פרומע־שרה סריבניטשקע, די וואס איז ערשט יענע וואך געשטארבען פון דער עפידעמיע, און נעמט און טהוט א בלאז — פו! — און פארלעשט איהר די בענטש־ליכט... אויסגעהערט דעם מאדנעם חלום, האט די באבע מינדי זיך אויסגעלאכט און, געוויינטליך, „אויסגעלעגט" איהר צו גוטען, נאר געזעהען האט מען, אז אויףביידע ווייבער איז געלעגען א שרעק אויפ'ן פנים. דערנאך האט זיך די מאמע חיה־אסתר צוגעלעגט, זיך געהייסען דערלאנגען א שפיעגעל, א קוק געטהאן אין שפיעגעל אריין און א זאג געגעבען צו דער באבע מינדי: „שוויגער, ס'איז שלעכט! טהוט א קוק אויף מיינע נעגעל"... אודאי האט זי די שוויגער אויסגעלאכט און אויסגע'בטל'ט אלע בייזע וויסטע חלומות אויף די שונאים'ס קעפ, און שטילערהייט האט זי צעשיקט די עלטערע קינדער, זיי זאלען אויפזוכען און אראפברענגען דעם טאטען, וואס איז געווען דעמאלט פארנומען אין זיין „אוטשאסטאק" מיט „רייבען". און נישט געווארט אויפ'ן טאטען, האט די באבע מינדי פאררוקט גרויסע „טשאוואונעס" און טעפ מיט וואסער אין אויווען אריין און אליין דערווייל גענומען ראטעווען די קראנקע. זי האט געטהאן אלסדינג, וואס אין א מענטשענ'ס כח איז צו טהון, און האט ניט פארגעסען אויך צו שיקען נאכ'ן דאקטאר קאזאטש־קאווסקי, דער בעסטער דאקטאר אין שטאדט. ער איז א כריסט, א דיקער, מיט א רויט פנים. אויף איהם, אויף דעם קאזאטש־

קאָווסקי דעם דאָקטאָר, זאָגען אידען מבינים, אַז ער איז אַזוי געזונט, אַז ער וועט אַמאָל שטאַרבען געהענדיג. און חאָטש דער דאָקטאָר קאָזאַטשקאָווסקי איז טאַקי דער בעסטער דאָקטאָר, פון דעסטוועגען האָט די באַבע מינדי אַראָפּגעבראַכט אויך יענקעל דעם רופא — ער איז אַ איד און מע קאָן זיך מיט איהם בעסער דורכשמועסען. יענקעל דער רופא איז טאַקי מעהר ניט ווי אַ רופא, נאָר אַ טענדעוועוענדע (אַזאַ מין הענגקאָלנער) טראָגט ער, ווי אַ דאָקטאָר, און שרייבט רעצעפּטען, ווי אַ דאָקטאָר, און לייענט לאַטיין, ווי אַ דאָקטאָר, און געלט נעמט ער אויך, ווי אַ דאָקטאָר. דאָס הייסט, אַז מע גיט איהם אין האַנט אַריין אַ מטבע, נעמט ער צו די מטבע, כּלומרשט ווי איבערגוואַלד, און טאַפּט אין קעשענע די מטבע, און טרעפט אַלע מאָל, וויפיעל דאָרטען איז. אַ סימן — טאָמער איז ווינציגליך, הייסט ער זיך געבען אַיין אַנדער מטבע, נאָר איידעל, מיט אַ שמייכעל און מיט אַ גלעט די לאַנגע האָר און מיט אַ צורעכט-מאַכען די ברילען.

מיט איהם, מיט דעם יענקעל דעם רופא, האָט זיך די באַבע מינדי פאַרשלאָסען ביי זיך אין אַלקירעל, פריהער אַרויסגעטריבען די קליינע קינדער אין דרויסען אַרויס, און האָט זיך דאָרט מיט איהם לאַנג-לאַנג געשושקעט, ביז דער טאַטע איז געקומען. און אַז דער טאַטע איז געקומען ניט טוידט ניט לעבעדיג, איז די באַבע מינדי אָנגעפאַלען אויף איהם, געגעבען איהם אַ מיאוס'ען פּסק, און ס'איז געווען אַ קאָמעדיע צו זעהען, ווי דער טאַטע פאַרענטפערט זיך פאַר איהר... אַך! ווער עס האָט ניט געזעהען אין יענע טעג די באַבע מינדי, דער האָט קיין שענס ניט געזעהען. אַ אידינע אַ קאָמאַנדיר! אַ אידינע אַ פעלדמאַרשאַל! די זיידענע טונקעל-גרינע פעטשיילע מיט די זילבערנע עפּעל אויסגעמאָהלט, וואָס אויפ'ן קאָפּ, פאַרבונדען מיטביידע עקען אַהינטער, די אַרבעל פון דעם וואָלענעם שאָקאָלאַדפאַרביגען קלייד פאַרקאַטשעט אַרויף, דער שוואַרצער ריפּסענער פאַרטוך אויפ'ן קלייד און די ריין-אויסגע-וואַשענע הענט האָבען צוגעגעבען איהר אַלט געקנייטשט שטרענג

פנים איין אויסזעהן — גלייך ווי זי וואָלט געטאַרעראַמעוועט אויף אַ חתונה, נישט אַרום אַ געפעהרליך קראַנקער שנור, וואָס ליגט אויף חלירע און וואָס באַרעט זיך מיט׳ן טוידט. עס האָט אויסגעזעהען, אַז ניט די מאַמע חיה־אסתר באַרעט זיך מיט׳ן טוידט, נאָר זי, די באַבע מינדי, באַרעט זיך פאַר איהר, פיהרט אַ מלחמה מיט׳ן מלאך־המות, וואָס לאָזט זיך שוין הערען מיט זיינע גרינגע שוואַרצע פליגלען. ער לאָזט זיך הערען, נאָר זעהען זעהט מען איהם נאָך ניט. די קינדער ווייסען נאָך ניט, וואָס דאָ טהוט זיך, נאָר זיי פיהלען מיט זייער אינסטינקט, אַז דאָ קומט עפּיס פאָר אַ גרויסע זאַך, וואָס איז נאָך אַ סוד פאַר זיי. אויף דער באַבע מינדי׳ס פנים לייענען זיי: „דער טוידט וויל צונעמען ביי די קינדער זייער מאַמע, נאָר איך וועל עס מיט׳ן אויבערשטען׳ס הילף נישט דערלאָזען!“... און אַז זי זאָגט, זי וועט נישט דערלאָזען, קאָן מען איהר גלויבען. דער באַבע מינדי מוז מען גלויבען! איינמאָל, בעת דער דאָקטאָר קאַזאַטשקאָווסקי איז געוועזן ביי דער קראַנקער, וועלכע האָט שוין געהאַלטען, אפּנים, זעהר שמאָל — דאָס האָט מען געקאָנט זעהען נאָכ׳ן דאָקטאָר׳ס רויט פנים, וואָס איז געוואָרען נאָך רויטער, האָט די באַבע מינדי צונויפגערופען אַלע קינדער, האָט זיי אויסגעשטעלט אין דער רייהע איינציגווייז, פונ׳ם עלטסטען (אַ בעל־הבית׳על שוין מיט אַ בערדעל) ביז׳ן קלענסטען (אַ מיידעלע פון קוים אַ יאָהר), און אַז דער דאָקטאָר קאַזאַטשקאָווסקי איז אַרויסגעגאַנגען פון דער קראַנקער׳ס חדר, איז זי איהם געפאַלען פאַר די פיס, געקושט אין די הענט און צוגעפיהרט איהם צו דער חאַליאַסטרע: „נאַ זעה, פּריץ־לעבען, וויפיעל װערעם, וויפיעל יתומים די קראַנקע לאָזט איבער, טאָמער חלילה, די שעה זאָל ניט זיין! טאַקי אַ יושר, האָב רחמנות, פּריץ־לעבען, אויף די דאָזיגע ווערעם, אויף די אומשולדיגע שעפעלעך!“... מיר דאַכט, אַז אפילו אַ שטיין האָט דאָס געקאָנט ריהרען. עס האָט געריהרט אפילו דעם דאָקטאָר קאַזאַטשקאָווסקי. ער האָט צענומען מיט די

הענט: „וואָס קאָן ער טהון? ער טהוט אַלסדינג, וואָס ער קאָן. אָט ווענען מע באַדאַרף בעטען!”... און ער האָט אַ ווייז געגעבען מיט'ן פינגער ארויף: צו גאָט, הייסט עס... נאָר אַ דאַנק פאַר דער עצה, פריץ-לעבען! צו גאָט באַדאַרף זי איהם ניט פאַר אַ מליץ-יושר! צו גאָט ווייסט זי שוין אַליין דעם וועג. זי איז שוין געוועזן אין שוהל. זי האָט זיך שוין פאַרזאָרגט מיט תהלים-זאָגער אויף אַ גאַנצען מעת-לעת. זי איז שוין געוועזן אויפ'ן הייליגען אָרט אויך, געריסען קברים, געוועקט זכות-אָבות. אַזאַ מאַמע, ווי איהר נחומ'ס ווייב, באַדאַרף נישט לאָזען איהר זוהן איין אַלמן און די קינדער יתומים! אַזאַ צדיקית, ווי חיה-אסתּר, טאָר ניט שטאַרבען! „ניין, גאָטעניו, דו ביזט אַ גוטער גאָט, דו וועסט דאָס נישט טהון!”...

עס האָט אָבער נישט געהאָלפען קיין זאַך. גאָט איז טאַקי אַ גוטער גאָט, נאָר די קליינינטשקע חיה-אסתּר איז שוין מעהר ניט אויפגעשטאַנען. זי איז געשטאָרבען. שבת אין דער פריה איז דאָס געוועזען, דעמאָלט, ווען אידען זענען נאָך אין שוהל.

געשטאָרבען? — פאַר חברה קליינוואַרג איז דאָס געוועזן נאָכ'ן רבּינ'ס טוידט (משה דעם שוחט'ס) דער צווייטער טוידט, וואָס זיי האָבען מעהר געפיהלט ווי פאַרשטאַנען — און עס האָט זיי וועה געטהאָן שטאַרק-שטאַרק! אמת, זייער מאַמע איז ניט געוועזן אַזאַ ווייבע, אַזאַ צוגעלאָזטע, ווי אַנדערע מאַמעס. אמת, מע פלעגט חאַפּען פון איהר אָפטע פּעטש, סטוסאַקעס און בוכענצים — „קינדער זאָלען ניט זיין קיין נאַשערס און ניט וועלען נאָך! קינדער זאָלען ניט האָבען קיין טבע זיך פּלאָנטען פאַר די פיס! קינדער זאָלען ניט ליעב האָבען שטשירען די צייהן, ראַהאָטשען זיך!” דאָס האָט באַדאַרפט הייסען, אַז קינדער זאָלען ניט לאַכען. און קינדער האָבען דוקא יאָ געלאַכט, וואָרום ווי קאָן מען ניט לאַכען, אַז עס לאַכט זיך? אַזאַ געלעכטער האָט זיי געקאָסט טייער. זיי האָבען באַצאָהלט מיט אָנגעריסענע אויהערען און מיט אויפגעלאָפענע באַקען פון דער

מאַמע׳ס קליינע, נאָר שטאַרקע הענטלעך, וואָס לאָזען זיך פיהלען... איצט אָבער האָבען דאָס קליינוואַרג פאַרגעסען. פאַרגעסען די פעטש מיט די קולאַקעס מיט די סטוסאַקעס און פאַטילעטשניקעס, און דערמאַנט זיך בעסער, ווי די מאַמע פלעגט אַריינלעגען די האַנט אין קעשענע זוכען פאַר יעדען קינד אַ גראָשען. ווי די מאַמע פלעגט זיי איינגעבען אַלע ראש־חודש ווערעמקרויט מיט האָניג. ווי די מאַמע פלעגט ניט אָפּטרעטען פון בעט, אַז אַ קינד האָט זיך אוועקגעלעגט. ווי דער מאַמע׳ס קליין הענטעל האָט געטאַפּט ביי׳ם קאָפּ, געהאַלטען ביי׳ם דופק, געגלעט די בעקלעך. ווי די מאַמע האָט גענייהט אַלע ערב יום־טוב מלבושים׳לעך פאַר די קינדער. ווי די מאַמע פלעגט אַלע ערב שבת צוואָגען די קעפּלעך. ווי די מאַמע האָט געלאַכט פסח ביי׳ם סדר, אַז קינדער האָבען זיך אָנגע׳שכור׳ט פונ׳ם אַרבע־כוסות־וויין. און נאָך און נאָך זאַכען האָבען די קינדער דערמאַנט זיך, געלעגען יעדער באַזונדער איינגעגראָבען מיט די פּנים׳ער אין די קישענס און צעגאַנגען געוואָרען פאַר געוויין... אָבער נאָך גרעסער און שטאַרקער איז געוואָרען דער געוויין, אַז זיי האָבען דערהערט דעם טאַטען וויינען — אַ טאַטע זאָל גאָר וויינען! — און אַז זיי האָבען דערהערט, ווי די באַבע מינדי יאָמערט און קלאָגט און לייענט מיט אַ ניגון, ווי פון אַ תחינה, טענה׳ט זיך אויס מיט׳ן רבונו־של־עולם: „פאַר וואָס האָט ער ניט צוגענומען בעסער זי, די באַבע מינדי, איידער אַזאַ יונג צווייגעלע, אַ מאַמע פון, קיין עין־הרע, אַזוי פיעל ווערעם?"... דאָס פאַרגלייכען איהרס די קינדער צו ווערעם רופט־אַרויס ביי די קינדער אין דער דאָזיגער טרויעריגער מינוט נישט ווילענדיג אַ שמייכעל: וואָס עפּיס גראָד ווערעם? נאָר פּלוצים עפענט זיך די טיר און ווי אַ וויכער רייסט זיך אַריין אין שטוב אַריין דער פעטער פיני מיט זיינע צוויי זיהן גלייך פון אַלטען בית־המדרש — דאָרטען דאַווענט דער פעטער פיני — מיט אַ ברייטען גוט־שבת. דערזעהען, ווי דער עולם וויינט און קלאָגט און יאָמערט — אַז ער צעשרייט זיך ניט אויף אַ קול און צעבייזערט

זיך אויפ'ן טאַטען און אויף דער באָבע מינדי: „וואָס איז דאָס? אום שבת וויינט איהר? רשעים! גזלנים! וואָס טהוט איהר עם? איהר זענט משוגע? צי חסר־דעה? צי איהר האָט פאַר־געסען, אַז מיר האָבען היינט שבת, און שבת טאָר מען ניט וויינען?! נחום, וואָס טהוסט דו? מע טאָר ניט — ס'איז שבת! וואָס ס'זאָל ניט זיין — איז שבת בילכער!"... און אַליין האָט זיך דער פעטער שוין אָפּגעקערעוועט אויף אַ זייט, כלומרשט אויסגעשנייצט די נאָז, מחילה, נאָר אין איינוועגס געחאַפּט אַ קוק מיט איין אויג אַהין, וואו די מאַמע ליגט איין איבערגערעקטע מיט שוואַרצען. האָט ער אויסגעווישט אין דער גיך די אויגען, מע זאָל ניט זעהען, אַז ער וויינט, חאָטש אין קול גופא האָבען זיך געלאָזט הערען טרערען, און גערעדט האָט ער שוין אַ ביסעל ווייכער:

— פאָלג מיך, נחום! גענוג! דו נעמסט אויף זיך צופיעל!... נו, גענוג שוין! מע טאָר ניט — ס'איז שב...

דער פעטער פיני האָט נישט געקאָנט אַרויסרעדען דאָס וואָרט „שבת", וואָרום די טרערען, וואָס ער האָט די גאַנצע צייט גע־שלונגען, האָבען זיך איהם אָוועקגעשטעלט אין האַלז פאָפּעריק. האָט ער נישט געקאָנט מעהר באַהערשען זיך, איז ער צוגעפאַלען צום טיש אויף דער לינקער האַנט, ווי מע פאַלט „תחנון", און האָט זיך צעוויינט, ווי אַ קליין קינד, און אויסגערופען אויף אַ דין קול: „חיה־אסתר! חיה־אסתר!"...

## 35

# די שבעה־זיצערס

דער טאַטע קוקט־אַריין אין ספר איוב. — מע רעדט איהם שידוכים. — די קינדער ווערט מען אַפּשיקען קיין באַהסלאַוו צום זיידען משה־יאַסי.

קיינמאָל האָט דער העלד פון די באַשרייבונגען אַזוי נישט געבענקט נאָכ'ן אוצר, וואָס זיין חבר שמואליק האָט איהם אַמאָל דערצעהלט, ווי אין דער צייט, ווען ער און דער טאַטע און אַלע זיינע ברידער און שוועסטער זענען געזעסען אין די זאָקען אויף דער ערד „שבעה" נאָך דער מאַמען.

„ווען איך האָב איצט איין אוצר — האָט ער זיך געטראַכט — אָט יענעם אוצר, וואָס ליגט דאָרט אינ'ם קליינעם שטעדטעלע באַהאַלטען, האָטש נישט אינגאַנצען, האָטש אַ טייל פון יענעם אוצר — אַך, ווי וואָלט עס מיר איצט צו־נוץ געקומען!... די באָבע מינדי וואָלט אויפגעהערט צו וויינען און צו קלאָגען און צו אויס'טענה'ן זיך מיט'ן רבונו־של־עולם, איהם פירהאַלטען, אז ער האָט נישט גוט געטהאָן, וואָס ער האָט צוגענומען פריהער די שנור, ניט זי, די שוויגער... דער טאַטע וואָלט אויפגעהערט צו זיפצען און קרעכצען און צו טענה'ן, צו וואָס לעבט ער אויף דער וועלט און וואָס איז ער אָהן חיה־אסתר'ען?... און אויך זיי, די קינדער, וואו וואָלטען זיי איצט געווען? געווים ערגיץ מיט אַלע יונגלעך ביי'ם טייך, געשוואומען, געחאַפּט פישלעך, אָדער גלאַט געלאָפען אין דער וועלט

ארײַן — אזא זון! אזא היץ! וואָלוועל ווײַנשעל, ווײַמפּערלעך בחצי־חנם, און גרינע אוגערקעלעך, נאָך מיט די שפּיץ־נאָדלען, לאָזען זיך שוין הערען. אָט באַלד וועלען אויפקומען אויך דינים געלע, שמעקענדיגע, און אַרבוזעס רויטע ווי פייער, הירזשענדיגע ווי זאַמד, זיסע ווי צוקער, — אַך, איין אוצר! אַך, איין אוצר!"... און די געדאַנקען הויבען איהם אויף און טראָגען איהם אַוועק אין איין אַנדער וועלט, אין אַ וועלט פון פאַנטאַזיעס און חלומות, זיסע, גוטע חלומות. און עס שטעלט זיך איהם פאָר, אַז ער האָט איהם שוין, דעם אוצר — פּלוצים האָט ער זיך איהם אַנטפּלעקט מיט אַלע זיינע טייערע זאַכען, סגולות און שטיינער, אַז ער האָט שוין דאָס גאָלד און זילבער און די האַלבע אימפּעריאַלען און די דימענטען און בריליאַנטען, און אַז דער טאַטע איז איבעראַשט: „פון וואַנען האָט זיך, שלום, פּלוצים גענומען צו דיר אַזאַ גוטס?" „איך קאָן דיר ניט זאָגען, טאַטע, פון וואַנען, וואָרום קוים זאָג איך דיר פון וואַנען, הויבט זיך עס אויף און עס ווערט פאַרשוואונדען"... און שלום פיהלט זיך אויפ'ן זיעבעטען הימעל, וואָס ס'איז איהם גע־ראָטען אַרויסציהען דעם טאַטען פון דער נויט, און עס טהוט איהם נאָר באַנג, האַרצעדיג באַנג, וואָס די מאַמע נעבאַך איז נישטאָ דערביי. „נישט באַשערט! — זאָגט די באָבע מינדי. — אַלע איהרע יונגע יאָהרען איז זי נעבאַך אָפּגעקומען אויף דער וועלט צוליעב די קינדער, און איצט, אַז ס'איז געקומען צום לעבען, זענען אויסגעגאַנגען די יאָהרען!"...

נאָר אָט דערהערט זיך אַ זיפץ פונ'ם טאַטען: „גוואַלד, וואָס טהוט מען? וואָס הויבט מען אָן צו טהון?" — און דער קליינער בעל־החלומות קעהרט זיך אום פון יענער גליקליכער וועלט פון פאַנטאַזיעס און חלומות צוריק אַהער, אין דער דאָזיגער וויסטער וועלט פון זאָרג און טרערען, וואו מענטשען רעדען פון מעהל אויף באַקען חלה, פון געלט אויף געהן אין מאַרק, פון אורחים, וואָס ווילען ניט פאָהרען, פון פּרנסה, וואָס איז „געשלאָגען", — און די אַלע רעד ווערען צוגעדעקט מיט'ן טאַטענ'ס קרעכץ און מיט'ן

טאטענ׳ס זיפץ: „גוואלד, וואס טהוט מען? וואס הויבט מען אן צו טהון?"...

— וואס הייסט, וואס טהוט מען? — פאלט אויף איהם אן דער פעטער פיני שוין אויפ׳ן לעצטען טאג שבעה. — וועסט טהון דאס, וואס אלע אידען טהוען — וועסט, אם ירצה השם, חתונה האבען...

חתונה האבען?... דער טאטע וועט חתונה האבען? מיר וועלען האבען א נייע מאמע? ווי אזוי וועט זי זיין?... — אזעלכע געדאנקען קריכען אין קאפ אריין. די קינדער קוקען אויפ׳ן טאטען, וואס וועט דער טאטע זאגען?... דער טאטע וויל ניט הערען, ניט זעהען. ער זאגט:

— חתונה האבען? איך זאל חתונה האבען? נאך אזא חיה־אסתר׳ען זאל איך געהן חתונה האבען? און דאס זאגסט דו, איין אייגענער ברודער? ווער נאך האט זי אזוי געקענט, ווי דו?...

עס שטיקען איהם די טרערען. ער קאן ניט רעדען מעהר. דער פעטער פיני ווישט אפ די ליפען, מאכט א שווייג.

— צייט מנחה דאווענען. — זאגט דער פעטער פיני, און אלע שבעה־זיצערס, דער טאטע מיט די קינדער, שטעהען־אויף פון דער ערד, שטעלען זיך דאווענען מנחה, און אלע קינדער, זעכס בנים, צווישען זיי איינער א בעל־הבית׳על שוין מיט א געל בערדעל, אליהו הייסט ער, טהוען א קלאפ־אפ דעם קדיש — א מחיה צו הערען! די משפחה קוקט מיט גדלות אויף די „קדישים", פרעמדע ווייבער זענען מקנא: „מיט אזעלכע קדישים נישט אנקומען גלייך אין גן־עדן אריין — איז שוין עק וועלט!"...

דאס זאגט א שטיקעל קרובה, בלומה רופט מען זי, א ראבעטיני אידינע, האט א מאן, איז ער א שטומער. זי האט אוועקגעווארפען איהר מאן מיט איהרע קינדער און איז געקומען העלפען עפּיס טהון — אין שטוב, אין קיך אדער ביי די קינדער. די קינדער קאנען זיך ניט באקלאגען, אז מע האט אן זיי פארגעסען. אדרבה, זינט די מאמע איז געשטארבען, זענען זיי געווארען ביי אלעמען

חשוב׳ער — יתומים! עס זענען געווען מאָמענטען, וואָס דאָס שבעה־זיצען איז ביי זיי געווען גאָר אַ גאַנצער יום־טוב. ערשטענס (און דאָס איז דער עיקר פון אַלע עיקרים!), מע געהט ניט אין חדר. צווייטענס, מע גיט זיי זיסע טיי מיט בולקע, וואָס זיי זענען דערצו גאָרניט געוואוינט געוואָרען, און מע טאַפּט זיי ביי די קעפּלעך און ביי די בייכלעך און מע פרעגט זיך נאָך אויף זייערע מאָגענס. זיי האָבען שוין גאָר באַקומען „מאָגענס"! היינט וואָס איז ווערטה גלאַט זיצען אַלע מיט'ן טאַטען אויף איין קאָלדרע, זעהען, ווי דער טאַטע קוקט־אַריין מיט זיין גרויסען געקנייטשטען שטערן אין אַ ספר „איוב" אַריין, הערען, ווי אידען און ווייבער קומען צו געהן, אַלע מאָל נייע פּאַרשווינען, מנחם־אָבל זיין, רעדען עפּיס אַלע אַזעלכע מאָדנע דבורים, קומען־אַריין אָהן אַ גוט־מאָרגען, געהען־אַוועק אָהן אַ זייט־געזונט, בלינצלען עפּיס אַזוי מאָדנע מיט די אויגען און מורמלען עפּיס אונטער דער נאָז: „מ... מ... מ... ציון וירושלים!"...

פאַר'ן קליינעם ווייסען־חברה'ניק, פאַר שלומ'ען, זענען אָט די וויזיטען אַ גאַנצער אוצר פון טיפּען און בילדער, וואָס איינס צום אַנדערען זענען ניט גלייך און וואָס בעטען זיך אויפ'ן פּאַפּיער. דער ערשטער קומט דער פעטער פּיני. ניט אַליין, נאָר מיט זיינע צוויי אויבענדערמאַנטע זיהן מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס — ישראליק און איצעל. דער פעטער פּיני פאַרקאַטשעט די אַרבעל און רעדט. די זיהן שווייגען. דער פעטער פּיני רעדט פון אַ דין — ווען, אייגענטליך, עס דאַרפען זיך ענדיגען די זיעבען טעג שבעה: אין דער פריה, צי אויף דער נאַכט? ער שטעהט־אויף, זאָגט־צו, אַז ער וועט נאָך אַ קוק טהון ביי זיך אין אַ פּאָר ספרים, וועט ער וויסען אַקוראַט. דערווייל געזעגענט ער זיך ניט, זאָגט עפּיס אויף דער גיך אינאיינעם מיט ביידע זיהן „ציון וירושלים" — און פּאַשאָל. נאָך איהם קומט די מוהמע חנה מיט איהרע טעכטער, הויבען־אויף אַ קוויטשעריי אויפ'ן טאַטען: גענוג שוין! געגוג! ער זאָל אויפהערען וויינען אויף דער מאַמע, וואָרום ער וועט זי

לעבעדיג ניט מאַכען! פאַר׳ן אוועקגעהן זאָגט זי, אַז מע קאָן דערשטיקט ווערען, טהוט אַ שמעק טאַבּעקע פון אַ קליין זילבּערן פּושקעלע און מאַכט אַ גוואַלד, מע זאָל עפענען חאָטש איין פענ־סטער, וואָרום מע וועט דאָ דערוואָרגען ווערען, צו אַלדי גוטע יאָהר!... דערנאָך קומט די מוהמע טעמע, אַ אידינע אָהן צייהן, שאָקעלט אַ ביסעל מיט׳ן קאָפּ, דאָס פּנים לאַכט, נאָר די אויגען וויינען. זי רעדט־אויס דאָס הארץ, דערצעהלט אַ נייעס: אַז מיר׳ן אַלע שטאַרבּען...

דאָס איז משפּחה. דערנאָך קומען פרעמדע. אַלערליי פּאַר־שוינען, אַזעלכע, וואָס גלויבּען שטאַרק אין גאָט און אין יענער וועלט, און אַזעלכע, וואָס האַלטען ווינציג־וואָס פון גאָט און פון יענער וועלט. למשל, „אַרנאָלד פון די פּידוואָרקעס" — דער מאַכט חוזק פון אַלסדינג. לית דין ולית דיין. סע שטעהט, זאָגט ער, בּפירוש געשריבּען: „ומותר האָדם מן הבהמה אָין" — קיין חילוק נישט צווישען אַ מענטשען און, להבדיל, אַ בּהמה... אַ שרעק, וואָס דער אַרנאָלד צערעדט זיך אָן! על ה׳ ועל משיחו! און אַלסדינג קומט־אויס בּיי איהם אַזוי קיילעכיג, אַזוי געשליפען! ער איז דער איינציגער, וואָס געהט־אַוועק מיט אַ זיי־געזונט. אַ מענטש, וואָס גלויבּט ניט אין קיין זאַך, איז דאָך ניט שייך! כּדאי צו וויסען, וואָס וועט זיין מיט אַזאַ אַרנאָלדען, ווען ער נעמט און טהוט אַ שטאַרבּ־אַוועק? „מיך מעגט איהר נעמען בּאַלד נאָך מיין טוידט און פאַרבּרענען אויפ׳ן פייער און דאָס אַש צעשפּרייטען אויף אַלע זיבּען ימים — אַהרט מיך אויך ניט!"... אַזוי זאָגט אַרנאָלד און חאַפּט אַ מיאוס׳ען פּסק פון דער בּאָבּע מינדי: „לאָזען שוין, זאָגט זי, אייערע שונאים רעדען פאַר אייך!" און אַרנאָלד — ער לאַכט זיך אויס, געהט אַוועק, און עס ס׳זאָל איהם ריהרען! קומט־אָן יאָסי פרוכשטיין מיט די גרויסע צייהן און בּייזערט זיך אויפ׳ן טאַטען, למאי ער וויינט אַזוי. „ער האָט זיך אויף איהם, זאָגט ער, אַזעלכעס ניט געריכט"... דאָדי יצחק־בּיגדור׳ס זאָגט אויך דאָס אייגענע. ער שווערט בּיי זיין הייליגע נאמנות, אַז ווען

בּיי איהם טרעפט זיך אַזאַ־נ־אומגליק, וואָלט ער, חאַ־חאַ, אַריינ־געוואָרפען אין מאיר־בּעל־נס־פּושקע... אַז דאָדי געהט אַוועק, ווערט אַ געלעכטער, וואָרום אַלע ווייסען, אַז דאָדי יצחק־ביגדור׳ס האָט אַ ווייב, הייסט זי פייגה־פּערעל — איז דאָס אַ פייגה־פּערעל פון גאָט!... דאַנקען השם יתבּרך, וואָס מע קאָן שוין חאָטש געבּען אַ לאַך. דער טאַטע קוקט נאָך אַלץ אַריין אין ספר „איוב", נאָר ער וויינט שוין ניט אַזוי שטאַרק, ווי ער האָט געוויינט די ערשטע טעג. און ער בּייזערט זיך שוין ניט אויפ׳ן פעטער פּיניו, למאַי ער וואַרפט־אַריין אַ וואָרט וועגען חתונה האָבּען. ער זיפצט נאָר, און קרעכצט נאָר, און פרעגט: „וואָס טהוט מען מיט די קינדער? מיט די קינדער וואָס טהוט מען?"

— מיט די קינדער וואָס טהוט מען? — ענטפערט איהם דער פעטער פּיני און גלעט זיך די בּאָרד. — די עלטערע וועלען זיך לערנען, ווי זיי האָבּען געלערענט; און די קלענערע וועסט דו אָפּשיקען צו זייער זיידען קיין בּאָהסלאַוו.

דאָס מיינט ער דעם זיידען משה־יאָסי מיט דער בּאַבּע גיטעל פון דער מאַמע׳ס צד, וועלכע די קינדער האָבּען קיינמאָל נישט געזעהען, נאָר געהערט דערצעהלען, אַז ערגיץ ווייט, אין אַ שטאָדט וואָס הייסט בּאָהסלאַוו, האָבּען זיי אַ זיידען מיט אַ בּאַבּען, וואָס זענען, זאָגט מען, גאַנץ רייך, אָנגעשטאָפּט מיט געלט. אַהין, הייסט עס, וויל מען זיי אַוועקשיקען? זעהט איהר, דאָס איז דוקא אַ פּלאַן! ערשטענס, דאָס פאָהרען — דאָס אַליין וואָס איז ווערטה? צווייטענס, זעהען אַ נייע שטאָדט. היינט בּאַקענען זיך מיט אַ זיידען און מיט אַ בּאַבּען, וואָס מע האָט זיי קיינמאָל ניט גע־זעהען, — דאָס איז בּיי אייך גאָרניט? עס בּלייבּט איבּער נאָר איין זאַך: וועמען רעכענט דאָס דער פעטער פּיני צווישען די „עלטערע" און וועמען צווישען די „קלענערע"? ס׳איז גאָר קיין ספק ניט, אַז אַ יונגעל, וואָס איז שוין בּר־מצוה, ער מעג זיך האַלטען מיט אַ קאָפּ נידעריגער פון אַ הונט, בּאַדאַרף גערעכענט ווערען צווישען די „עלטערע" — און דאָס האָט דעם בּר־מצוה־בּחור׳על

אזוי ווייט פאַראינטערעסירט, אז ער האָט שוין כמעט אָנגעהויבען צו פאַרגעסען אָן דער מאַמע, נאָך וועלכער ער זאָגט אַלע אין דער פריה און פאַרנאַכט קדיש, אָן דעם טאַטען, וואָס הערט ניט אויף צו זיפצען און צו קרעכצען, אָן דעם אוצר, נאָך וועלכען עס בענקט זיך איהם אזוי שטאַרק. איהם האָט געצויגען איצט צו עפּיס אַנדערש: צו דער נסיעה, צו דער נייער גרויסער שטאָדט — קיין באָהסלאוו, צום זיידען משה־יאָסי מיט דער באַבע גיטעל פון דער מאַמע׳ס צד, וואָס, מע זאָגט, זיי זענען אזוי רייך! אזוי רייך!...

36

# בײ'ם דניעפּער

די נסיעה קײן באָהסלאַוו. — שמעון־װאָלף בעל־עגלה אַ שװײגער. — מע װאַרט אויפ'ן פּאָראָם. — דער בעל־עגלה חאַפּט אַ מנחה בײ'ם ברעג טײך. — עס דאַװענט זיך געשמאַק.

אײנמאָל — סוף זומער, פאַר ימים נוראים איז דאָס געװען — איז צוגעפאָהרען צום גאַניק אַ בויד, און מע האָט אויפגעזעצט די קלענערע קינדער, פיער יונגלעך און צװײ מײדלעך, — שלום דער בר־מצוה־בחור'ל איז געװען צװישען זײ — מיטגעגעבען צו צװײ העמדלעך, עסענװאַרג אויף אַ פּאָר טאָג און אַ בריעף צום זײדען משה־יאָסי מיט דער באָבע גיטעל און אָנגעזאָגט זײ אַ מאָל צװאַנציג, זײ זאָלען זײן געהיט בײ'ם אַריבערפאָהרען מיט'ן פּאַראָם איבער'ן דניעפּער.

פאָהרען איבער'ן דניעפּער — און נאָך מיט אַ פּאַראָם דערצו! קײנער פון זײ האָט קײן פּאַראָם קײנמאָל ניט געזעהען און װײסט גאָר ניט, מיט װאָס מע עסט עס. נאָר מען איז זיך משער, אַז עס דאַרף זײן ניט שלעכט, און מע פאַרגעסט, אַז די מאַמע איז געשטאָרבען, און מע פאַרגעסט אַלסדינג, און מע קלערט נאָר װעגען דער נסיעה, װעגען דניעפּער, װעגען פּאַראָם. נאָר מע דערמאַנט זיך, אַז די מאַמע איז געשטאָרבען. ס'איז דאָ אַ באָבע מינדי, װאָס זאָגט זײ אָן נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, זײ זאָלען ניט פאַר־געסען און חלילה ניט דורכלאָזען זאָגען קדיש נאָך דער מאַמע, און זי גלעט זײ מיט קאַלטע גליטשיגע פינגער, און זי קושט זײ

אין די בעקלעך, און זי געזעגענט זיך מיט זיי אויף שטענדיג, אויף אייביג, וואָרום גאָט ווייסט, אויב זי וועט נאָך זוכה זיין מיט זיי זיך צו זעהען נאָך א מאָל... און אזוי ווי דאָס הארץ האָט איהר געזאָגט: אז די קינדער זענען געקומען נאָכדעם צוריק אהיים פון באָהסלאַוו, איז שוין די באָבע מינדי געווען דאָרט, וואו די מאַמע זייערע — א קבר נעבען א קבר, — און דער טאַטע האָט געזאָגט קדיש נאָך זיין מאַמע אינאיינעם מיט די קינדער נאָך זייער מאַמע. דאָס איז געווען א יאָהר פון קדישים, דאָס יאָהר פון חלירע — אָהן א שיעור קדיש-זאָגערס! א גאַנצע שוהל האָט געזאָגט קדיש.

דער חילוק פון א מענטשען ביז א מענטשען! אויף וויפיעל מאיר-וועלוועל דער בעל-עגלה, וואָס האָט געפיהרט די קינדער פון וואָראָנקאַ קיין פערעיאַסלאַוו, איז געווען א מענטש א לעבעדיגער, א ריהרעוודיגער און א באַרעדעוודיגער, אויף אזוי פיעל איז שמעון-וואָלף דער בעל-עגלה, וואָס האָט געפיהרט די קינדער פון פערע-יאַסלאַוו קיין באָהסלאַוו, געווען א פאַרזאָרגטער, א פאַרשלאָפענער און א שווייגער — זאָל גאָט היטען! חאָטש טעסעט אין איהם פלעקער, חאָטש שיסט אין איהם מיט האַרמאַטען, וועט ער אייך קיין וואָרט ניט אַרויסלאָזען פונ׳ם מויל, אחוץ: „קריכט אין וואָגען", אָדער: „אַרויסט פונ׳ם וואָגען". די קינדער זענען אויס-געגאַנגען צו וויסען: ווען וועט שוין זיין דער דניעפער? ווען וועט מען איהם איבערפאָהרען מיט׳ן פּאַראָם? און וואָס הייסט עס „פּאַראָם"? נאָר געהט טהוט עפּיס — אז א איד רעדט ניט! זיצט ווי א נאַפּודעלע אויף דער קעלני, שמייסט די פערדלעך, סמאָצקעט זיי צו מיט די גראָבע ליפּען, און פון צייט צו צייט הערט מען נאָר די איינציגע ווערטער: „ננאָ, חלירע, א חלירע אויף אייך!" אָדער: „ננאָ, פּגירות, א פּגירה אויף אייך!" און אז ניט, שעפּטשעט ער עפּיס מיט די ליפּען צו זיך אליין און זינגט

עפּיס שטיל אויף אַ דין קול׳כעל. דאָס זאָגט ער תהלים אויף אויסוועניג.

און אזוי ווי מענטשען זענען פאַרהאַן אַלערליי, פאַרשיידענע כאַראַקטערען, אזוי זענען, להבדיל, פערד אויך פאַרהאַן אַלערליי סאָרטען. די פערד פון שמעון־וואָלף דעם בעל־עגלה זענען שטאַרק געראָטען אין זייער בעל־הבית: זיי זענען שלעפעריג און האָבען אַ טבע — זיי ניסען. אַ גאַנצען וועג ניסען זיי. ניסען און פאָרשקען און שמייסען מיט די עקען און שלעפען זיך, און שלעפען זיך. עס דאַכט זיך אויס, אַז מע שלעפט זיך שוין אזוי — מע האָט שוין כּמעט פאַרגעסען פון ווען אָן. און גאָט ווייסט, אויב מע וועט זיך אַמאָל דערשלעפען ערגיץ צו אַ ישוב. הימעל און ערד און זאַמד. זאַמד אָהן אַ שיעור. און טאָמער איז קאַרג, שטעלען זיך די פערדלעך גאָר אַנידער אין מיטען דרינען, שמעון־וואָלף קריכט אַראָפּ פון וואָגען, לאָזט־אויס אויף זיין דין קול׳כעל מיט אַ ניגון אויסגעצויגען: „אַש־ר־י כּל חו־סי בו"... דערנאָך טהוט ער אַ זאָג צו די קינדער: „אַרויסט פון וואָגען!" די קינדער קריכען־אַרוים פון בויד. וואָס וועט דאָ זיין? גאָרנישט. אזוי ווי ס׳איז זאַמדיג, איז פאַר די פערד צופיעל משא, וועט מען געהן אַ ביסעל צו־פוס. מילא, אויך אָהן איין אומגליק — צו־פוס איז צו־פוס. אדרבה, צו־פוס איז נאָך פרייליכער. נישמעהר — דאָס יונגסטע יתומה׳לע, אַ יאָהר אַלט, וויל ניט בלייבען אַליין אין וואָגען: וויינט עס, מוז מען דאָס טראָגען אויף די הענט — איז שוין עפּיס ניט אזוי פויגעלדיג. אַ גליק, וואָס דאָס ציהט זיך ניט אזוי לאַנג. באַלד ווערט דער וועג ווידער אַ וועג, און שמעון־וואָלף דער בעל־עגלה טהוט אַ זאָג צו די קינדער: „קריכט אין וואָגען". קלעטערט מען אַרויף צוריק אין בויד אַריין און מע גלייכט זיך אויס די ביינער. ביז עס קומט ווידער צו אַ טיעפען זומפּיגען זאַמד, איז ווידער: „אַרויסט פון וואָגען", און ווידער: „קריכט אין וואָגען". נאָר שאַט! וואָס גלאַנצט דאָס עפּיס דאָרטען פון דער וויטען? וואָס בלישטשעט עס אזוי ווי גלאָז און שיינט־אָפּ אויף

דער זון מיט אַ זילבערנעם קאָליר, און שפּיעלט און שעמערירט אין די אויגען? אָט דאָס זאָל זיין דער דניעפּער?! חברה זיצען קוים איין אין וואָגען. און דער וואָגען, ווי אויף־צו־להכעיס, גערט פּאַוואָלי, וואָרום איידער מע קומט־צו צום דניעפּער, באַדאַרף מען דורכמאַכען נאָך אַ זאַמד און נאָך אַ זאַמד, געל און געדיכט און טיעף, טיעף ביז די קניעס. פּאַוואָלי, טריט ביי טריט, שלעפּען זיך די פערדלעך, קוים וואָס זיי רייסען־אַרויס די פיס פון זאַמד. טיעף שניידען די רעדער, און דער וואָגען קרעכצט, און נעהענטער און נעהענטער באַווייזט ער זיך, דער דניעפּער, מיט זיין גאַנצער ברייטקייט און שענקייט. יאָ, דאָס איז ער, דער דניעפּער. ער גלאַנצט, שיינט־אָפּ אויף דער זון און שמייכעלט צו די יונגע אורחים, וואָס זענען געקומען צו איהם דאָס ערשטע מאָל מקבל־פּנים זיין דעם אַלטען זקן. „שלום עליכם, וואָס מאַכסט דו, זיידע?"...

אַ הויכער, גרינער, ערטערווייז פאַרגעלטער אָטשערעט ביי׳ם ברעג טייך, צעלאָזט מיט די לאַנגע, שאַרפע, שפּיציגע בלעטער, וואָס שפּיעגלען זיך אָפּ אין וואַסער, גיט איהם צו, דעם אַלטען, אַ באַזונדערען חן. ס׳איז שטיל.

לאַנג און ברייט האָט ער זיך צעוואָרפען, ווי אַ ים, אַהין און אַהער. און דאָס וואַסער לויפט ערגיץ, לויפט, נאָר שטיל. וואוהין? ס׳אַ סוד. דער בלויער הימעל קוקט־אַראָפּ פון אויבען און שפּיעגעלט זיך אָפּ אין וואַסער אינאיינעם מיט דער זון, וואָס האַלט נאָך ניט ביי׳ם אונטערגעהן. ריין דער הימעל. ריין דאָס וואַסער. ריין דאָס זאַמד. ריין די לופט. און שטיל. אַ שטילקייט פון גאָט. ברייט. אַ ברייטקייט פון גאָט. און עס דערמאַנט זיך פון תהלים: „למרחב־יה"... פּררר! דאָס איז אַרויסגעפלויגען פון אָטשערעט אַרויס מיט אַ געשריי אַ פויגעל. דורכגעשניטען, ווי אַ פייל, די ריינע שטילע לופט, לאָזט ער זיך מיט אַ זיג־זאַג שוועבען ווייט־ווייט, נאָר ער האָט באַלד חרטה, קעהרט זיך אום צוריק מיט אַ זיג־זאַג און ווערט פאַרשוואונדען וויעדער צוריק אינ׳ם געל־גרינעם

אָטשערעט. עס נעמט אָן אַ חשק, ווי אָט דער פויגעל, אַרויספליהען פון וואָגען אַרויס, זיך לאָזען פליהען אויבען איבער'ן וואַסער, אָדער, ווענינגסטענס, זיך אויסטהון נאַקעט און אַריינשפּרינגען אין וואַסער אַריין, זיך פּאַליאָסקען און שווימען, שווימען, שווימען...

— אַרויסט פון וואָגען! — טהוט שמעון־וואָלף אַ קאָמאַנדעווע־אויס, קריכט אַליין אויך אַרויס פון וואָגען, פאַרשטעקט די בייטש אין גאַרטעל, טראָגט־צו ביידע הענט צום מויל, פאַררייסט דעם קאָפּ אַרויף און לאָזט־אַרויס אַ מאָדנע פאַרדומפּען קול, ווי פון אַ צעבראָכענעם פאַס:

— פאַראָ־אָ־אָ־אָם! פאַראָ־אָ־אָ־אָם!

די משמעות, אַז דער פאַראָם איז אַ לעבעדיגע זאַך, וואָס געפינט זיך ערגיץ דאָרט אויף יענער זייט, און מע באַדאַרף איהם אַרויסרופען. חברה קליינוואַרג, אַרויסגעקראָכען פון וואָגען און אויסגעגלייכט זיך די פאַרזעסענע פאַרגליווערטע איברים, שטעלען זיך אַוועק העלפען דעם בעל־עגלה אַרויסרופען דעם פאַראָם, גלייך מיט איהם צוגעטראָגען די הענט צום מויל, פאַרריסען די קעפּ אַרויף און אויסגעשריגען מיט אַ קוויטש:

— פאַראָ־אָ־אָ־אָם! פאַראָ־אָ־אָם!

און עס פעלט־אָן אויף זיי אַ געלעכטער — זיי ווייסען ניט וואָס. עס לאַכט זיך זיי אָהן אַ שום „וואָרום". עס לאַכט זיך זיי, ווייל ס'איז זיי גוט, ווייל זיי זענען יונג און געזונט, און זיי געפינען זיך ביי'ם דניעפּער, און זיי פאָהרען באַלד אויפ'ן דניעפּער מיט'ן פאַראָם — ווער איז צו זיי גלייך?... נאָר אָט הויבט־אָן צו גע־זעגענען זיך די זון מיט'ן טאָג. מיט איהרע לעצטע, נאָר שאַרפע, גינגאָלדענע שטראַהלען שפּיעגעלט זי זיך אָפּ אינ'ם זילבערנעם וואַסער פונ'ם דניעפּער — און מע הערט אויף צו לאַכען. עס לאַכט זיך ניט מעהר. צו שטיל איז אָט דאָ, ביי'ם ברעג פונ'ם דניעפּער. אַ הייליגע שטילקייט. און עפּיס קיהלבליך איז געוואָרען, און דאָס וואַסער שמעקט מיט אַ מאָדנעם ריח, און עס זשומעט, עס מורמעלט, עס לויפט... און דערצו האָט שמעון־וואָלף דער

בעל־עגלה אַרומגעבונדען די קאַפּאָטע מיט אַ פעטשיילע, אַריינ־געשטעקט די בייטש און אַוועקגעשטעלט זיך מיט׳ן פּנים צו מזרח, צוגעמאַכט די אויגען, מעשה עהרליכער איד, צעשאָקעלט זיך און אויף זיין דין קול׳כעל גענומען דאַוונען מנחה. שמעון־וואָלפ׳ם מנחה דאָ אין דרויסען, אונטער׳ן פאַרפאַרבטען הימעל, ביי׳ם ברעג פונ׳ם אַלטען שענעם שמעקעדיגען דניעפּער, האָט זיך צונויפ־געגאָסען מיט׳ן זשומען און מיט׳ן מורמלען פונ׳ם וואַסער און אַרויסגערופען ביי די פריילינכע יונגע וואָיאַזשערען אַ נייע שטימונג. עס פאַרגלוסט זיך זיי אויך דאַוונען מנחה. דאָס איז געווען ביי זיי, מע קאָן זאָגען, די ע ר ש ט ע פרייוויליגע, נישט־גע־צוואונגענע מנחה, אָט אַדאָ אונטער׳ן הוילען הימעל, נאָהענט צו גאָט. עס האָט זיך זיי קיינמאָל אַזוי ניט געוואָלט דאַוונען, ווי אַצינד, אין דעם פאַרנאַכט, אונטער דעם הימעל, אויפ׳ן ברעג פון אָט דעם דניעפּער. דורכגעלאָזט די קטורת, — נישקשה, אין וועג קאָן מען זיך באַגעהן אָהן קטורת — האָבען זיי אָנגעהויבען גלייך פון „אַשרי יושבי ביתך” — פיינטשיק, מיט אַ ניגון, און אַוועק־געשטעלט זיך אַלע פיער שמונה־עשרה מיט׳ן פּנים צו מזרח, צו־געמאַכט די אויגען און צעשאָקעלט זיך, ווי דער בעל־עגלה: „האל הגדול הגבור והנורא — דער גאָט דער גרויסער, דער שטאַרקער, דער מורא׳דיגער”... דאָס זעהט מען ערשט רעכט אָט דאָ, אין דעם פאַרנאַכט, אונטער דעם הימעל, אויפ׳ן ברעג פון דעם דניעפּער. און עס דאַוועגט זיך אַזוי גוט, אַזוי זיס, אַזוי געשמאַק, ווי נאָך קיינמאָל ניט פריהער!

37

# אויפ'ן פּאַראָם

א אומגעריכטע באַגעגעניש אויפ'ן פּאַראָם. — עשו, אַ קלײן גנײעצעל, אַ משומד. — זײ האָבען זיך דערקענט. — צעגעהען זיך אַהין טערטער.

די קלײנע וואָיאַזשערען־יתומים זענען נאָך ניט אויסגעשטאַנען שמונה־עשרה, אַז זײ האָבען דערזעהען פון דער ווײטען, אויפ'ן גלאַנץ פונ'ם דניעפּער, פריהער אַ שוואַרצען קנויל, וואָס באַקומט אויפ'ן שײן פון דער פאַרגעהענדיגער זון אַלע מאָל אַנדערע פאַרבען. דער דאָזיגער קנויל וואַכסט, ווערט אַלע מאָל גרעסער און גרעסער, טוקט זיך, פאַרגעהט און באַווייזט זיך ווידער אַ מאָל. דערנאָך האָבען זײ דערהערט אַ מאָדנעם געראויש און אַ גערודער, אַ קײקלען זיך פון רעדלעך און אַ קרעכץ פון אַ שטריק. האָבען זײ געמאַכט בקיצור מיט דער מנחה, אויף דער גיך אויסגעשטאַנען שמונה־עשרה און צוגעלאָפען צום ברעג, דערזעהען אַ גראָבען קאַנאַט, וואָס ציהט זיך איבער דער ברייט פונ'ם דניעפּער, צוגעקרעמפּעוועט צו אַ קלאָץ פון דער זײט וואַסער. און דער קנויל איז געוואַכסען און איז אויסגעוואַכסען אין אַ מין הילצערנע מגושמ'דיגע בריאה, אַ מין באַשעפעניש אינ'ם געשטאַלט פון אַ שטוב, וואָס ריהרט זיך און שווימט אויפ'ן וואַסער. אויבען, אויפ'ן רוקען פונ'ם באַשעפעניש, געפינט זיך עפּיס אַ מין רעדעל, וואָס דרעהט זיך, און מיט'ן כח פון אָט דעם רעדעל ריהרט זיך אָט דאָס מגושמ'דיגע באַשעפעניש איבער'ן וואַסער, פּאַמעליכען, נאָר זיכער, און אַלץ נעהענטער און נעהענטער צום ברעג, ביז מע קאָן שוין זעהען דאָס באַשעפעניש פון דער נאָהענט און באַטראַכטען עס פון אַלע זייטען,

אז דאָס איז נים קיין באַשעפעניש, ניט קיין לעבעדיגע זאַך, נאָר אַזאַ מין שיף, אַ באַרקע, אָדער אַ בערלינע, און אויף דער בערלינע שטעהען פוהרען, פערד און מענטשען — און אָט אָ דאָס איז געווען, אייגענטליך, דער „פּאַראָם", וואָס חברה האָבען אויף איהם אַזוי לאַנג אַרויסגעקוקט, און אָט אויף דעם פּאַראָם וועלען זיי דאָס איצטער זיך לאָזען פאָהרען, אַריבערפאָהרען דעם דניעפּער! איצט איז שוין אַ ביסעל גרינגער אויפ׳ן האַרצען. איצט קאָן מען זיך שוין אַ ביסעל צוזעצען אויפ׳ן זאַמד און צוואַרטען, ביז דער פּאַראָם וועט צוגעהן און זיך אָפּשטעלען. וואָרום ניט אַזוי גיך געהט אַ פּאַראָם. ער געהט זעהר, זעהר פּאַוואָלינקע, קוים־קוים וואָס ער ריהרט זיך. די זון געהט שוין אַ סך גיכער פון איהם. אָט איז זי נאָר־וואָס געווען אין עק הימעל, און אָט נידערט זי, ווי באַרג־אַראָפּ, זעצט זיך און זינקט און ווערט פאַרשוואונדען אויף יענער זייט טייך, לאָזט איבער נאָך זיך אַ ברייטען, רויטען פלעק. דאָס ווינטעלע ווערט קיהלער און קיהלער. די קינדער האָבען זיך דערווייל אַוועקגעזעצט אין זאַמד. דער עלטערער האָט דאָס קליינינטשקע, וואָס איז אַ יאָהר אַלט, אויף די הענט גענומען; דאָס עופה׳לע איז געשלאָפען.

דער פּאַראָם האָט זיך אָפּגעשטעלט. די מענטשען מיט די פוהרען מיט די פערד זענען פּאַמעליכען, אייניציגווייז און שטיל, אָהן ווערטער, אַראָפּ פונ׳ם פּאַראָם, און שמעון־וואָלף דער בעל־עגלה איז אַרויף אויפ׳ן פּאַראָם, אויך קיין איינציג וואָרט ניט אַרויסגעלאָזט, גלייך ווי אַלע וואָלטען זיך אָנגערעדט, אַז ס׳איז „אָסור לדבר". פריהער האָט ער אַרויפגעפיהרט דעם וואָגען מיט די פערדלעך, אפילו ניט אויסגעשפּאַנט זיי, ווי זיין שטייגער איז, מיט דער חלירע. דערנאָך האָט ער אַ מאַך געגעבען מיט דער האַנט צו זיינע יונגע פאַרשווינדלעך, זיי זאָלען אויך אַרויף אויפ׳ן פּאַראָם. נאָך אַ מינוט — און דער פּאַראָם, מיט׳ן ווילען פון איין מענטשען, וואָס האָט זיך אָנגעלעהענט מיט׳ן גאַנצען כח איבער׳ן

גראָבען קאַנאַט, איז אַוועק זיין וועג גאַנץ שטיל, אַזוי שטיל, אַז כמעט מע הערט גאָרניט, ווי ער געהט. עס דאַכט זיך אויס, אַז ניט דער פּאַראָם געהט אַהין, נאָר, פאַרקעהרט, דער טייך, דער דניעפּער, געהט צוריק, טרעט־אָפּ, מאַכט אַ „בּואי־בשלום", שטעהט־אויס שמונה־עשרה. און ערשט דאָ זעהט מען, ווי גרויס דער דניעפּער איז, ווי ברייט און ווי שען, גרויסאַרטיג שען. מע פאָהרט און מע פאָהרט — און מען איז נאָך ווייט פון'ם צווייטען ברעג.

די זון איז שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען אויף יענער זייט טייך, און די לבנה איז אַרויס, פריהער אַ רויטע, דערנאָך איז זי געוואָרען ווייס, אַ העל־ווייסע, אַ זילבּערנע לבנה. איינציגווייז, ווי שבת־ליכטלעך, האָבּען זיך אָנגעצונדען די שטערען אינ'ם טיעפען הימעל, און דער דניעפּער האָט אין אָוועגט בּאַקומען איין אַנדער פאַרבּ מיט איין אַנדער פּנים, מיט איין אַנדער געשטאַלט, גלייך ווי ער וואָלט זיך אייננגעהילט אין אַ טונקעל מלבּוש. און אַ נייע, פרישע, שטילע קיהלקייט האָט ער אַרויסגעגעבּען פון זיך, אַ גלאַטע, גרינגע קיהלקייט. עס האָט זיך געטראַכט טויזענטער, טויזענטער מחשבות: פון דער נאַכט, פונ'ם הימעל, פון די שטערען, וואָס האָבּען זיך אָפּגעשפּיעגעלט אינ'ם וואַסער פונ'ם רוהיגען דניעפּער. די דאָזיגע שטערען זענען דאָך יעדעס שטערענדעל אַ נשמה פון אַ מענטשען... און פונ'ם כח פונ'ם פּאַראָם האָט זיך געטראַכט, ווי אַזוי איין מענטש, סך־הכל איין גויעץ, טרייבּט איהם. ער לעהענט זיך אָן מיט איין האַנט אויפ'ן קאַנאַט, ציהט דעם קאַנאַט, דרעהט זיך דאָס רעדעל — און דער פּאַראָם געהט.

שלום איז אַ בּעלן אָנצוקוקען דעם גויעץ פון דער נאָהענט, ווי אַזוי ער אַרבּייט בּיי'ם קאַנאַט און טרייבּט דעם פּאַראָם. און ער געהט־צו נאָהענט צום גויעץ, צום פּאַראָמשטשיק. נאָך גאָר אַ יונגער גויעץ אין אַ גרויער סוויטקע, גרויסע שטיוואַלעס, און מיט אַ קוטשמע אויפ'ן קאָפּ, הערט נישט אויף מיט'ן גאַנצען כח זיך אָנצושפּאַרען אויפ'ן מורא'דיגען גראָבּען קאַנאַט. שלום קוקט זיך איין אינ'ם דאָזיגען פּאַראָמשטשיק דעם גויעץ, ווי ער אַרבּייט

דאָס אויף אַלע כּלים, מאַכט מיט דער פּלייצע אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, אַזש די ביינער טרישטשען! „עשו — טראַכט זיך שלום ביי זיך אין האַרצען — עשו!... דאָס קאָן נאָר אַ גוי, נישט קיין איד. ווי קומט אַ איד צו אַזאַ גראָבער אַרבייט? ואת אָחיך תעבוד — און דיין ברודער וועסט דו דיענען, — שטעהט אין חומש. גאַנץ גוט, וואָס איך בין יעקב׳ס איין איניקעל, ניט עשו׳ס״...

און עס טהוט איהם וועה דאָס האַרץ פון דעסטוועגען אויפ׳ן דאָזיגען יונגען גויעץ, אויפ׳ן דאָזיגען עשו׳ס איניקעל: נאָך צו אַ יונגער פאַראָמשטשיק, צו אַ יונגער עשו... און ער קוקט זיך איין אין איהם אין פּנים אַ ביסעל נעהענטער — און... ער שפּרינגט־אָפּ צוריק! עס האָט זיך איהם אויסגעדאַכט, אַז ער איז איהם קענטליך. קענטליכע אויגען!... און שלום פוילט זיך ניט, געהט־צו נאָך אַ מאָל, שוין גאָר נאָהענט, צום גויעץ: ס׳איז גאָרניט קיין גויעץ — ס׳איז נאָך גאָר אַ יונגער שייגעץ, מיט אַ מורא׳דיג פאַרשוואַרצט, פאַרגרעבּט פּנים, מיט מורא׳דיג פאַרשוואַרצטע, פאַרגרעבּטע הענט. אויגען — אידישע, און הענט גויישע... און ער דערמאַנט זיך אינ׳ם פּסוק: „והידים ידי עשו״ — עשו׳ס הענט... נאָר למאי איז ער איהם אַזוי קענטליך? וואו האָט ער איהם געזעהען?...

און ער הויבּט זיך אָן צו גראָבּען אין זיינע זכרונות, און עס קומט איהם אויפ׳ן זינען איינער פון זיינע וואָראָנקאָווער חברים, בּערעל דער אַלמנה׳ס, אַ שוואַרצער בּחור מיט מגושמ׳דיגע גרויסע צייהן. ניט שוין זשע איז דאָס ער? ניין, עס קאָן ניט זיין! עס דאַכט זיך איהם נאָר אויס!... נאָר, רבּונו־של־עולם! ס׳איז דאָך פּאָרט ער!... דאָס גויעצעל, דערזעהען, אַז מע קוקט זיך אין איהם איין, האָט נאָך מעהר אָנגערוקט דאָס היטעל, נאָר מן הצד געהאַפּט אַ קוק אויף דעם, וואָס בּאַטראַכט איהם אַזוי געשמאַק. זייערע אויגען האָבּען זיך בּאַגעגענט אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט און — זיי האָבּען זיך דערקענט...

דאס דאזיגע אומגעריכטע באגעגעניש רופט־ארויס א שלל מיט געדאנקען: בערעל א גוי? א איד א גוי?... און ער דערמאנט זיך, אז מע האט נאך דעמאלט געהאט געזאגט, אז בערעל האט זיך גע'שמד'ט... ניט אומזיסט האט מען נאך דעמאלט געזאגט אויף איהם, אז ער איז א „מומר־להכעיס"... צוגעהן צו איהם, לאזען זיך דערקענען, אויספרעגען זיך ביי איהם — דערלאזט איהם עפים ניט, שלומ'ען. עס פיהלט זיך א פרעמדקייט, א דערווייטערטקייט, א קעלט און צו גלייכער צייט — א רחמנות. א רחמנות אויף א אידען, וואס איז געווארען א גוי. צוליעב וואס? צוליעב דעם, ער זאל אנטהון א גרויע סוויטקע, א גרויס מאכנאטע היטעל און ווערען א העלפער ביי'ם פאראמשטשיק, א באטראק?... און דער „באטראק" — גארנישט! ער זאל אפילו א ריהר טהון זיך. אפנים, ער קאן ניט קוקען זיין חבר אין די אויגען אריין... ער קוקט אראפ, אין וואסער אריין, גלייך ווי מע זעהט עפים דארטען. בערעל דער גויעץ האט זיך נאך מעהר איינגעהילט אין דער סוויטקע, נאך מעהר אנגערוקט דאס היטעל, באשפיגעןביידע הענט און א נעם געגעבען זיך צו דער ארבייט נאך מיט מעהר פרישקייט, אנגעלעהענט זיך מיט אלע כחות אויפ'ן מורא'דיג גראבען קאנאט. דער קאנאט האט געקרעכצט. די רעדלעך האבען זיך געקויקעלט. דער פאראם האט זיך געגליטשט אלץ ווייטער און ווייטער — מע איז געקומען צו פאהרען.

— קריכט אין וואגען! — האט דער שווייגענדיגער בעל־עגלה אויסגעקאמאנדעוועט נאכדעם, ווי ער האט זיך ארויסגעקויקעלט מיט'ן וואגען פונ'ם פאראם, געגעבען א שמיים די פערדלעך, מכבד געווען זיי מיט די ווערטער „חלירע" און „פגירות" — און איז אוועק, איבערגעלאזט הינטער זיך דעם דניעפער מיט'ן פאראם מיט'ן באטראק פונ'ם פאראמשטשיק, וואס איז נעבאך געווען אמאל א אידיש קינד, יעקב אבינו'ס איין אייניקעל. און היינט וואס? נעבאך! נעבאך!...

38

# אין באָהסלאַוו אויף דער „טאַרהאָוויצע”

אנגעקומען קיין באַהסלאַוו גלייך אויפ'ן יאַריד. — זיי ווייסען ניט, וואַסער משה־יאַסי איז זייער זיידע. — אַ איד מיט אַ טלית־קטן נעמט זיך אונטער ברענגען די קינדער צום זיידען.

עס איז שוין געוועזען גרויסער טאָג, אַז די קליינע וואַיזשערען־יתומים זענען אריינגעפאָהרען מיעדע, הונגעריגע און שלעפעריגע אין דער שטאָדט באָהסלאַוו. פון יענער זייט וואַלד האָט זיך אויפגעהויבען די זון, אַ קלאָרע, אַ בריליאַנטענע, אַ וואַרעמע זון. צום אַלעם ערשטען זענען זיי דורכגעפאָהרען פאַרביי אַ מורא'דיג גרויסען בית־עולם, מיט אַזוי פיעל איינגעבויגענע, האַלב־איינגעפאַלענע שטיבלעך און אַלטע מצבות מיט אָפגעריבענע אותיות „ת. נ. צ. ב. ה.”, אַז לויט דעם רייכען בית־עולם האָט מען געקאָנט מיינען, אַז די שטאָדט איז מי יודע וואָס פאַר אַ כרך! פונ'ם בית־עולם איז מען אריין גלייך אין דער „טאַרהאָוויצע” — אַ מאַרק אָדער אַ מין יאַריד אַזעלכער, וואו אַלץ איז אויסגעמישט אינאיינעם: גויים, און פערד, און בהמות, און חזירים, און ציגיינער, און וועגען, און רעדער, און חאָמאָטעס, און אידען פון כל המינים: אידען מיט פעלכלעך, אידען מיט היטלען, אידען מיט „קראַסנע” סחורה, אידען מיט בולקעס, מיט אייערבייגעל, מיט קיכלעך, מיט עפעלקוואַס און מיט וואָס איהר ווילט. הײנט ווייבער! ווייבער מיט קאָשיקעס, ווייבער מיט עפעלעך, און ווייבער מיט עופות, און ווייבער מיט געפרעגעלטע פיש, און גלאַט ווייבער. און דאָס אַלץ

רעדט און קוויטשעט און גראַגערט. און די פערד מיט די בהמות מיט די חזירים העלפען־אונטער. און די בעטלערס זינגען און שפּיעלען אויף דער לירע — מע קאָן טויב ווערען. און אַ שטויב שטעהט אַזעלכער, וואָס מע זעהט קוים איינס דאָס אַנדערע. און ריחות אַזעלכע, אַז מע קאָן דערשטיקט ווערען.

חברה זענען געקומען אין אַ גוטער צייט — אין אַ מאַרק־טאָג. דער בעל־עגלה האָט זיך קוים דורכגעשלאָגען מיט זיין בויד דורכ'ן יאַריד, אָנגעווינטשעוועט דער שטאָדט מיט'ן יאַריד אַכצעהן חלירעס, ווי זיין שטייגער איז, ביז ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער רעכטער שטאָדט אַריין, וואָס חאַפּט שטאַרק דעם אָנבליק פונ'ם בית־עולם — די זעלבע איינגעפאַלענע שטיבלעך־מצבות, צווישען וועלכע עס וואַרפען זיך דורך וואו־ניט־וואו אַ פּאָר נייע הייזלעך אויך, וואָס זעהען־אויס פרעמד, ווי נגיד'ישע מחותנים איינגעלאַדען אויף איין אָרעמער חתונה, — און דאָרט האָט זיך ערשט אָנגעהויבען דער אמת'ער טומעל: שמעון־וואָלף דער בעל־עגלה האָט געוואוסט, אַז מע האָט איהם באַשטעלט, ער זאָל אָפּפיהרען זיינע יונגע פאַרשווינדלעך קיין באָהסלאוו, צו זייערען אַ זיידען מיט אַ באַבע. מע האָט איהם אפילו געהאַט אָנגערופען דעם נאָמען פון דעם זיידען מיט דער באַבע, נאָר ער האָט שוין פאַרגעסען. ווייסט זיי דער שוואַרצער יאָהר! שמעון־וואָלף האָט זיך געשוואוירען, אַז דעם גאַנצען וועג האָט ער זיי געדענקט, ווי איהר זעהט איהם אַ אידען, און ווי נאָר ער איז אַריינגעפאָהרען אין דעם דאָזיגען יאַריד, אַזוי זענען זייערע נעמען אַרויסגעפלויגען ביי איהם פונ'ם קאָפּ — אַ חלירע!... (אויף וועמען — זאָגט ער ניט).

דערווייל קומט־צו אַ איד, און נאָך אַ איד, און נאָך אַ איד, און נאָך צוויי אידען, און נאָך דריי אידען, און ווייבער פון כל המינים, ווייבער מיט קאָשיקעס און ווייבער אָהן קאָשיקעס, און עס ווערט אַ האַרמידער מיט אַ רעדעריי — אַלע רעדען זיי אינאיינעם און מע דערצעהלט איינס דאָס אַנדערע חידושים: אַז עפּים קינדער האָט אַ בעל־עגלה געבראַכט צו פיהרען. — פון

וואַנען? — פון יענער זייט דניעפּער. — פון רזשישטשעוו? — וואָס עפּיס רזשישטשעוו? פאַר וואָס ניט קאַניעוו? — ניט פון רזשישטשעוו, ניט פון קאַניעוו, נאָר פון פּערעיאַסלאַוו! — וואוהין? — איהר זעהט דאָך וואוהין — ניט קיין יעהופּעץ, קיין באָהסלאַוו האָט ער זיי געבּראַכט צו פיהרען. — צו ווענמען? — הערסט דו, מע זאָל וויסען, צו וועמען, וואָלט דאָך גוט געווען! צו אַ זיידען, זאָגט ער, צו זייערען אַ זיידען. — וואָסער זיידען? — הערסט דו, מע זאָל וויסען, צו וואָסער זיידען, וואָלט דאָך גוט געווען!...

— שאַט! ווייסט איהר וואָס? לאָז מען אַ פרעג טהון בּיי די קינדער, ווי אַזוי הייסט דער זיידע זייערער; זיי קעהרען וויסען. — פון וואַנען זאָלען זיי וויסען? — פאַר וואָס זאָלען זיי ניט וויסען?... בּיז עס רוקט זיך אַרויס איינער אַ איד, וואָס פאַרקויפט בּייגעל, מיט אַ צעשפּאָלטענעם דאַשעק אויפ׳ן קאַשקעט. מיט בּיידע עלענבּויגענס שטופּט ער פאַנאַנדער דעם עולם:

— לאָזט מיך! איך וועל זיי פרעגען. קינדער! ווי אַזוי רופט מען אייער זיידען?

די קינדער זענען פונ׳ם האַרמידער מיט׳ן געשריי שוין גאָר צעטומעלט. נאָר פון דעסטוועגען דערמאַנען זיי זיך, אַז ער הייסט משה־יאָסי. יאָ, משה־יאָסי הייסט ער. — געוויס משה־יאָסי? — געוויס!... ווייסט מען שוין, הייסט עס, אַז דער זיידע זייערער הייסט משה־יאָסי. בּלייבּט איבּער איין זאַך: וואָסער משה־יאָסי? פאַרהאַן עטליכע משה־יאָסיס. פאַרהאַן משה־יאָסי דער סטאָליר, משה־יאָסי דער בּלעכער, משה־יאָסי לאה־דוואָסי׳ס און משה־יאָסי דעם האַמאַרניק׳ס. נאָר פרעגט זיי עפּיס גרינגערס!

— שאַ, ווייסט איהר וואָס? ווי אַזוי רופט מען אייער טאַטען? — דאָס זאָגט שוין איין אַנדער איד, ניט יענער פון די בּייגעל, נאָר אַ איד מיט אַ טלית־קטן, ווייזט אויס — אַ בּית־מדרש־איד. די קינדער זאָגען, אַז זייער טאַטען רופט מען נחום. דערהערט אַזאַ זאַך, שטופּט דער איד מיט׳ן טלית־קטן אַוועק אַלע

אנדערע אידען און נעמט די קינדער גאָר אויף איין אמת'ען „דאפּראָס״:

— אייער טאַטען, זאָגט איהר, רופט מען נחום? הייסט ער ניט ראַבינאָוויטש?

— ראַבינאָוויטש.

— און אייער מאַמע האָט געהייסען חיה־אסתּר?

— חיה־אסתּר.

— איז זי געשטאָרבען?

— געשטאָרבען.

— פון דער חלירע?

— פון דער חלירע.

— אָט אזוי זשע רעדט!

דער איד מיט'ן טלית־קטן דרעהט זיך אוים צום גאַנצען עולם. דאָס פּנים שיינט איהם.

— אויב אזוי, פרעגט מיך, איך וועל אייך זאָגען אקוראַט! זייער זיידע איז משה־יאָסי דעם האמארניק'ס, זייער באָבע איז גיטעל משה־יאָסי דעם האמארניק'ס. זייער זיידע, משה־יאָסי הייסט עס, ווייסט שוין, אז זיין טאָכטער חיה־אסתּר איז געשטאָרבען פון דער חלירע, ניט דאָ געדאכט, און זייער באָבע, גיטעל משה־יאָסי'ס, ווייסט נאָך ניט. מע וויל איהר ניט אָנזאָגען די בשורה: איין אַלטע אידינע, א קאַליקע נעבאַך...

דער איד מיט'ן טלית־קטן דרעהט זיך אוים צו די קינדער מיט'ן זעלבען שיינענדיגען פּנים:

— קריכט אראָפּ, קינדער, פון וואָגען, וועט מען אייך ווייזען, וואו אייער זיידע זיצט. צופאָהרען אהין קאָן מען ניט — צו א שמאָל געסעל. סיידען פון יענער זייט? וועט מען אָבער נישט קאָנען אויסקערעווען זיך מיט'ן וואָגען. ווי מיינסט דו, מאָטעל, מע וועט קאָנען?...

דאָס איז געזאָגט געוואָרען צו א יונגענמאַן מיט איין אויס־געבוינגענער נאָז, וואָס הייסט מאָטעל. מאָטעל פאררוקט דאָס היטעל ארויף:

— פאַר וואָס זאָל מען ניט קאָנען?

— פאַר וואָס? פאַר שבת! האָסט פארגעסען, אז הערשקע איצי־ליאָבע׳ס בויעט א שטאָל פון יענער זייט?

מאָטעל טהוט זיך ניט קיין ריהר און פרעגט ווייטער:

— און אז ער בויעט א שטאָל פון יענער זייט, איז וואָס?

— וואָס הייסט איז וואָס? האָט ער אָנגעפיהרט געהילץ!

— אָנגעפיהרט געהילץ? לאָז איהם וואויל באַקומען!...

— וואָס איז צו רעדען מיט א שטיק האָלץ?!...

און וואָס מעהר מאָטעל איז רוהיג, היצט זיך יענער אַלץ מעהר, ביז ער געהט־ארויס פון די כּלים, טהוט א שפּיי אויף מאָטלען, רופט איהם אָן מיט׳ן נאָמען „שוטה בן פּיקהאָלץ”. ער נעמט די קינדער פאַר א האנט: „קומט, קומט מיט מיר — איך וועל אייך צופיהרען. מע דאַרף געהן צופוס”. און דער איד מיט׳ן טלית־קטן און מיט׳ן שיינענדיגען פּנים לאָזט זיך מיט די יונגע וואָיאַזשערען־יתומים פונ׳ם יאריד ארויס צופוס, צו זייער זיידען משה־יאָסי און צו זייער באָבע גיטעל.

## 39

# אַ שענער ברוך־הבא

די געלעהמטע באָבע גיטעל. — דער זיידע משה־יאָסי מיט דער בולבעוואַטער נאָז און געדיכטע ברעמען. — דער פעטער איצי און די מוהמע סאָסי.

די פּערעיאַסלאַווער יתומים האָבּען געהאַט דאָס רעכט פאַר־שטעלען זיך דעם זיידען משה־יאָסי'ס שטוב — אַ מין פּאַלאַץ. דער זיידע משה־יאָסי אַליין האָט זיך זיי פאָרגעשטעלט אַ פּאַט־ריאַרך אין אַ זיידענער זשופּעצע. אַ קליינינקייט — מע זאָגט, זיי זענען אַזוי רייך, אַזוי רייך! צום סוף האָט זיי דער בית־מדרש־איד מיט'ן שיינענדיגען פּנים צוגעפיהרט צו אַ גאַנץ גע־וויינליכען שטיבּעל, פּראַוודע מיט אַ גלעזערנעם גאַניק, און האָט זיי אַ זאָג געגעבּען: „אָט־אָ־דאָ זיצט אייער זיידע, משה־יאָסי האַמאַרניק'ס". אַליין איז דער איד נעלם געוואָרען. ער האָט נישט געוואָלט זיין דערבּיי. די קינדער האָבּען דורכגעשפּאַציערט דעם גלעזערנעם גאַניק, געעפענט די טיר און דערזעהען פאַר זיך אַקוראַט אַקעגען דער טיר, אויף אַ הילצערן בעט, זיצען אַ מענטשען נית קיין מענטשען, אַ באַשעפעניש נית קיין באַשעפעניש, אינ'ם געשטאַלט פון אַ נקבה, אָהן פיס, מיט עפּיס מאָדנע אויסגעדרעהטע הענט. די ערשטע מינוט האָבּען זיי געוואָלט געהן צוריק. נאָר דאָס באַשעפעניש האָט זיך שטאַרק איינגעקוקט אין זיי מיט איהרע גלאַנצענדיגע רויטע אויגען און האָט מיט אַ זעהר איינ־

גענעהמען קול א פרעג געטהאָן ביי זיי: „ווער זענט איהר, קינדער?״ עפּיס איינגענעס, נאָהענטעס, האָט זיך געלאָזט הערען אין דעם קול, און די קינדער האָבען איהר א זאָג געגעבען: „א גוט מאָרגען. מיר זענען פון פּערעיאַסלאַוו״...

דערהערט דאָס וואָרט „פּערעיאַסלאַוו״ און דערזעהען א גאַנץ רעמעל מיט קינדער, צווישען זיי א מיידעלע נאָך קיין יאָהר ניט אַלט, האָט די אַלטע באַלד ארומגעהאַפּט די גאַנצע טראַגעדיע, און זי האָט פאַרבראָכען מיט איהרע אויסגעדרעהטע הענט און אויסגעשריען אויף א קול:

— אוי, א וועהטיג איז מיר! אוי, א דונער איז מיר! מיין חיה־אסתּר איז געשטאָרבען! — און גענומען זיך שלאָגען מיט די הענט אין קאָפּ. — משה־יאָסי! משה־יאָסי! וואו ביזט דו? אהער גיה! משה־יאָסי!

אויף איהר געשריי איז געקומען צו לויפען פון א זייטיג אַלקירעל איין אַלטער, א נידעריגער, אין טלית און תּפלין, מיט א משונה מגושמ׳דיג פּנים, מיט א ברייטער בולבעוואַטער נאָז, מיט מורא׳דיג גרויסע געדיכטע ברעמען, אָנגעטהאָן אין שמאַטעס און אין שקראַבּעס. — „אָט דאָס איז דער זיידע משה־יאָסי? אָט דער איז דאָס אזוי רייך? אזוי רייך?״...

דאָס ערשטע, וואָס דער זיידע משה־יאָסי האָט געטהאָן — ער האָט גענומען שרייען אויף די קינדער, בייזערען זיך און מאַכען אויף זיי מיט די הענט. און מחמת ער האָט געהאַלטען אין מיטען דאַווענען און נישט געטאָרט, אפּנים, מפסיק זיין, האָט ער גערעדט צו זיי אויף לשון־קודש: „אי־אָ־נו, רוצחים! גזלנים!״... און צו דער אַלטער האָט ער געזאָגט אויף לשון־קודש, און דאָס קול האָט געציטערט: „אי־אָ־נו, ידעתּי... בתּי... ה׳ נתן וה׳ לקח!״...

דאָס האָט באַדאַרפט הייסען, אז ער ווייסט, אז די טאָכטער איז געשטאָרבען, און דער גאָט וואָס האָט געגעבען, דער אייגענער

גאָט האָט גענומען... האָט דאָס אָבער דער אַלטער ווינציג־וואָס באַרוהיגט, און זי האָט ניט אויפגעהערט צו וויינען און צו קלאָגען און צו שלאָגען זיך מיט די הענט אָן קאָפּ און צו שרייען: „חיה־אסתּר! מיין חיה־אסתּר איז געשטאָרבען!" — ביז עס זענען זיך צונויפגעלאָפען נאָך מענטשען, עפּיס איינער אַ איד מיט אַזעלכע לאַנגע פּאות, וואָס די קינדער האָבען אַזעלכע אין פּערעיאַסלאַוו נישט באַגעגענט. דאָס איז געווען זייער מאַמע'ס איינציגער ברודער, דער פעטער איצי. נאָכ'ן פעטער איצי איז אַריינגעלאָפען אַ אידינע מיט אַ פאַרפלאַמט פּנים, מיט פאַרקאַטשעטע אַרבעל און מיט אַ פאָלאָניק פון קיך. דאָס איז געווען זיין ווייב — די מוהמע סאָסי. און מיט איהר איז אַריינגעקומען אַ מיידעלע מיט רויטע בעקלעך און מיט קליינע ליפּעלעך — זייערע אַ בת־יחיד'קע, אַ שענינקע, נאָר אַ שעמעוודיגע, מיט'ן נאָמען חוה־ליבע. און אחוץ זיי זענען זיך צונויפגעלאָפען נאָך אידען און ווייבער, נאָהענטע שכנים, און אַלע מיט אַ מאָל האָבען גענומען רעדען, טרייסטען די באָבע גיטעל מיט ווערטער: אַז וויבאַלד די טאָכטער איז שוין טוידט, היינט וואָס וועט העלפען דער געוויין? און דאָס, וואָס די ערד דעקט צו, איז דאָך פאַרפאַלען. און די יונגע געסט האָט מען אחוץ גענומען זאָגען מוסר, אַז מע קומט ניט אַריין אָט אַזוי, הולאָם אויף דער קאַראָבקע, און מע זאָגט ניט אָן יענעם גלייך אַזאַ בשורה... האָטש גאָט איז יודע דעם אמת, אַז די קינדער האָבען, אייגענטליך, גאָר ניט אָנגעהויבען צו „זאָגען".

דערווייל האָט דער זיידע משה־יאָסי אויסגעטהאָן דעם טלית און תּפלין און האָט פון זיין זייט גענומען פירהאַלטען די אייניקלעך, למאי זיי זענען נישט אַריינגעקומען פריהער צו איהם. זיי זאָלען זיין בעלי־דרך־ארץ, וואָלטען זיי באַדאַרפט זיך זעהען פריהער מיט איהם, פאַוואָלינקע איבעררעדען, וואָלט ער, דער זיידע הייסט עס, פאַוואָלינקע איבערגערעדט מיט דער באָבע, זי צוגעגרייט ביסלעכ־ווייז, ניט אַזוי, הענדום־פּענדום! אַזוי טהוען פּרא־אָדמס, ניט קיין מענטשען...

דאָס האָט שוין, אַפּנים, די באָבע גיטעל נישט געקאָנט אַריבערטראָגען, און ווי ווייט דער בראָך איז ניט געווען פֿאַר איהר גרויס, איז זי אָנגעפֿאַלען אויפֿ'ן זיידען:

— אַלטער דאורין! וואָס האָסט דו צו די קינדער נעבאָך? וואָס זענען זיי שולדיג? פֿון וואַנען זאָלען זיי דיר וויסען, אַז דו ליגסט דאָרט ערגיץ אויף די פֿעלצען און דאַווענסט? אַ שענער ברוך־הבא! קומט אַהער, קינדערלעך, צו מיר. ווי אַזוי רופֿט מען אייך?

און איינציגווייז האָט זי צוגערופֿען צו זיך די קינדער, און איינציגווייז האָט זי זיי אויסגעפֿרעגט ביי די נעמען, געגלעט און געקושט און באַנעצט מיט איהרע געזאַלצענע טרערען, באַוויינט שוין ניט איהר טאָכטער, נאָר די קליינע עלענטע יתומים'לעך נעבאָך... זי האָט זיך געשוואָרען, אַז זי האָט כּמעט געוואוסט, אַזוי זיכער, ווי ס'איז היינט טאָג אויף דער גאַנצער וועלט, אַז איהר חיה־אסתּר איז געשטאָרבען, וואָרום ס'איז שוין עטליכע נעכט, אַז זי קומט צו איהר צו־חלום און פֿרעגט זיך אַלץ נאָך אויף איהרע קינדער, זי זאָל איהר זאָגען, ווי געפֿעלען איהר איהרע קינדער?...

— לאָז מען זיי געבען עפּיס עסען. משה־יאָסי, וואָס שטעהסט דו, ווי אַ נעכטיגער? זעהסט דאָך, אַלטער דאורין, אַז די קינדער זענען נעבאָך פֿאַרשמאַכט, אויסגעהונגערט און ניט געשלאָפֿען אַ גאַנצע נאַכט. ווינד איז מיר — אַבי ער זאָגט זיי מוסר! אַ שענער זיידע! אַ שענער ברוך־הבא!...

## 40

# צווישען פּעלצען

דעם זיידענ׳ס בוכהאַלטעריע. — זיין מוסר־זאָגען, זיינע ספרים און זיין צדקה. — וואָס וועט זיין, אַז משיח וועט קומען. — דעם זיידענ׳ס עקסטאַז.

דאָס ערשטע, וואָס דער זיידע משה־יאָסי האָט פירגענומען פאַר זיינע אייניקלעך, אַז זיי האָבען אָפּגעדאַוועט און אָפּגע־געסען, — ער האָט זיי פאַרהערט.

פאָרגעקומען איז דער עקזאַמען טאַקי ביי איהם, אין זיין חדר מיוחד, וואוהין קיין בן־אָדם האָט נישט געטאָרט אַריינקומען. נישט געטאָרט און נישט געקאָנט, וואָרום ס׳איז ניט געווען וואו.

דאָס איז געווען אַ חדר׳על עטוואָס גרעסער פון אַ שטייג, וואו מע האַלט עופות. אין דער דאָזיגער שטייג האָט זיך געפונען, ערשטענס, דער זיידע, דערנאָך זיינע ספרים, גאַנץ ש״ס און פוסקים און קבלה־ספרים, און חוץ לזה זענען דאָרטען געווען משכּנות: זילבערנע לעפעל, טעצלעך, הדס׳לעך און לעמפעלעך, קופערנע פאַהנען, סאַמאָוואַרען, אידישע קאַפּאָטעס, גויישע קאַרעלען, סוויטקעס און פעלצען, דערהויפּט פעלצען, אָהן אַ שיעור פעלצען!

דאָס איז געווען אַ מין לאָמבאַרד, געפיהרט פון דער באַבע גיטעל שוין פון יאָהרען־לאַנג. זיצענדיג אַ געלעהמטע אין בעט, האָט זי געפיהרט דאָס געשעפט ביד רמה, געהאַלטען דאָס ביסעל מזומן ביי זיך אונטער די קישענס, נישט צוגעלאָזט צו דער קאַסע

קיינעם. נאָר אויף די משכנות האָט געוועלטיגט דער זיידע. צו־נעמען אַ משכּון און אַרויסגעבּן אַ משכּון — דאָס איז געווען זיין אַרבּייט. אַנגעדענקען זיך, צו וועמען וואָסער משכּון עס געהערט — האָט מען בּאַדאַרפט האָבּן אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער. עס קאָן זיין, אַז דער זיידע משה־יאָסי האָט טאַקי געהאַט אויף זיך אפשר אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער, האָט ער זיך אָבּער ניט געוואָלט פאַרלאָזען אויף זיין מיניסטערשען קאָפּ אַליין. אַ קשיא, וואָס סע מאַכט זיך! איז ער געפאַלען אויף אַ המצאה — זיין אייגענע המצאה: אויף יעדען משכּון האָט ער צוגענייהט מיט אַ נאָדעל־פאָדעם — און דוקא אַליין — אַ שטיקעל פּאַפּיער, און אויף יעדען שטיקעל פּאַפּיער האָט ער אָנגעשריבּען מיט זיין האַנט: „זה הקאַפּאָטע שייך לבּעריל". אָדער: „זה הפּעלץ שייך להערל איוואַן". אָדער: „זה הקאַרעלען שייך להערלית יאַוודאָחע". אַי, ס׳האָט זיך געמאַכט אַמאָל, אַז בּערעל איז געקומען צו געהן אויסקויפען די קאַפּאָטע און מע האָט איהם אַרויסגעגעבּען איין אַנדערענ׳ס אַ קאַפּאָטע, וואָס יענער הייסט אויך בּערעל? — איז דאָ איין עצה: מע טראָגט־אַרויס בּיידע בּערעלס קאַפּאָטעס, און מע הייסט איהם, ער זאָל דערקענען. אַ איד וועט דאָך ניט געהן זאָגען אויף אַ פרעמדער קאַפּאָטע, אַז ס׳איז זיינע. זעהט איהר, מיט אַ גוי, אַז סע מאַכט זיך אַזאַ זאַך, איז שוין ניט אַזוי גוט. איז דערצו אויך דאָ אַ המצאה (אַ איד אַ למדן גיט זיך איין עצה): מע הייסט איוואַנען, ער זאָל זיך מטריח זיין זאָגען עפּיס אַ סימן אויף זיין פּעלץ. יעדער איוואַן קען אַזוי גוט זיין פּעלץ, אַז עפּיס אַ סימן מוז ער אויף איהם האָבּען. ס׳איז לא ימלט! פון דעסטוועגען, נישט קוקענדיג אויף די אַלע המצאות, זענען גאַנץ אָפטליך אַרויס מיאוס׳ע מחלוקת׳ען צווישען דער בּאַבּע מיט׳ן זיידען. די בּאַבּע האָט אַלץ גע׳טענה׳ט צום זיידען:

— איך פרעג דיך, אַלטער דאורין וואָס דו בּיזט, אַז דו האַלטסט שוין יאָ בּיי שרייבּען און שרייבּסט שוין יאָ „זה הקאַפּאָטע

שייך לבעריל", — וואס וועט דיך אהרען, אז דו וועסט שוין צו־שרייבען נאך איין ווארט — „בעריל זאאיקע"? אדער אז דו שרייבסט שוין יא „זה הפעלץ שייך להערל איוואן", — שרייב שוין אינגאנצען דעם נאמען זיינעם: „איוואן זלאדי". אדער: „זה הקארעלען שייך להערלית יאוודאחע די קארנאסע"...

איז אבער דער זיידע משה־יאסי — ס'זאל איהם צו קיין חרפה ניט זיין אויף יענער וועלט — געווען במחילת־כבודו א מורא'דיגער עקשן. אט דוקא ווייל זי וויל אזוי, וויל ער ניט. און ער איז געווען ניט אינגאנצען אומגערעכט: א אידינע א קאליקע, ליגט אין בעט — און פארגינט זיך אזוי צו קאמאנדעווען מיט א מאן, איהם רופען „אלטער דאורין" פאר די אייניקלעך אין די אויגען! ער איז דאך עפיס נישט קיין אבי־ווער — רב משה־יאסי דעם האמארניק'ס! א איד, וואס זיצט יומם ולילה על התורה ועל העבודה. אדער ער לערענט, אדער ער דאווענט. היינט פאסט ער אלע תעניתים און אלע מאנטאג און דאנערשטאג, און קיין שטיקעל פלייש קומט גלאט ניט אריין אין מויל אריין צו איהם א גאנצע וואך, חוץ שבת און יום־טוב. אין שוהל קומט ער פריהער פון אלעמען און געהט־ארויס שפעטער פון אלעמען. מאכט קידוש דעמאלט, ווען אלע אידען שלאפען שוין — ווארטשעט זי טאקי, די באבע גיטעל, און בייזערט זיך. מילא, פאר זיך אהרט איהר שוין ניט — זי איז שוין געוואוינט געווארען צו הונגערען. אבער אויף די קינדער נעבאך, אויף די יתומים, איז א רחמנות!

פון אלע קינדער די יתומים האט דער זיידע משה־יאסי ליעב געקריגען נאר איינעם — שלומ'ען. טאקי א שקאץ, א יונגעל א ברען, דערפאר אבער א גוט קעפעל. פון איהם וואלט געקאנט זיין א לייט, ער זאל נאר א ביסעל מעהר וועלען זיצען מיט'ן זיידען אין זיין חדר מיוחד, צווישען די פעלצען, און ניט האבען קיין טבע לויפען מיט באהסלאווער יונגלעך צום „ראס", זעהען ווי מע חאפט פיש, אדער אין וואלד אריין טרייסלען בארלעך, אדער נאך אזעלכע קונדסערייען.

— דיין טאַטע זאָל זיין אַ מענטש — אַזוי האָט דער זיידע מיט איהם איינגע׳טענה׳ט — דיין טאַטע זאָל ניט זיין אָנגעשמעקט מיט׳ן תנ״ך און מיט׳ן דקדוק און מיט משה דעסעווער און מיט די איבעריגע אפּיקורס׳ישע גענג, וואָלט ער דיך על־פּי יושר באַדאַרפט איבערלאָזען דאָ ביי מיר האַטש אויף עטליכע זמנים, וואָלט איך דיך מיט גאָט׳ס הילף געמאַכט פאַר איין עהרליכען אידען. עס וואָלט פון דיר אַרויס דער אמת׳ער חסיד מיט׳ן אמת׳ען בעל־קבלה מיט׳ן אמת׳ען בּרען. און אַזוי וואָס וועט פון דיר זיין? אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, אַ פּוסטעפּאַסניק, אַ שייגעצעל, אַ קנאַקער, אַ פייפער, אַ ימח־שמו׳ניק, אַ דער־רוח־ווייסט־וואָס, אַ הולטיי, אַ רשע־מרושע, אַ שמד׳ילניק, אַ מחלל־שבת׳ניק, אַ טריפניאַק, אַ פּושע באלקי ישראל!...

— משה־יאָסי! טאָמער וואָלט געווען גענוג מוטשען אַ קינד?

„לאַנג לעבען זאָל די באָבע גיטעל!“ — טראַכט זיך דער אויסגעלייזטער פונ׳ם זיידענ׳ס הענט, אויף וועמען עס וואַרטען שוין באַהסלאַווער יונגלעך־קונדסים אין דרויסען.

פון דעסטוועגען זענען געווען מינוטען, וואָס דער זיידע משה־יאָסי איז איהם געווען אויך צום האַרצען, ליעב און טייער. איינמאָל האָט ער איהם געטראָפען זיצענדיג מיט׳ן טלית־זאַק אונטער דער האַנט ביי דער באָבע אין בעט. ער האָט זי עפּיס זעהר שטאַרק גע׳חנפה׳ט, געריידט שטילערהייט, געדונגען זיך און געבעטען ביי איהר נאָך געלט, און זי האָט נישט געוואָלט געבען מעהר. דאָס האָט ער זיך געדונגען ניט פאַר זיך — פאַר צדקה, פאַר זיינע אָרעמע חסידים, וואָס אין קלויז, און זי האָט גע׳טענה׳ט איינס: „מע דאַרף ניט. זי האָט איהרע אייגענע יתומים — אויף זיי איז מעהר רחמנות“...

נאָך איין מאָל האָט ער געטראָפען דעם זיידען זיצען ביי זיך אין הדר מיוחד, אָנגעטהאָן אין טלית און תפלין, דעם קאָפּ פאַרוואָרפען, די אויגען צוגעמאַכט, עפּיס גאָרנישט בהאי עלמא. און אַז ער האָט זיך אויפגעחאַפּט, האָבען ביי איהם די אויגען געשיינט

און געלויכטען, און זיין מגושמ'דיג פּנים האָט אויסגעזעהען שוין נישט אַזוי מגושמ'דיג. „די שכינה האָט אויף איהם גערוהט"... און ער האָט גערעדט ווי צו זיך אַליין, און מיט אַ שמייכעל אויף די מורא'דיג גרויסע געדיכטע וואָנסעס:

— אדום וועט נישט לאַנג געוועלטיגען... די ישועה איז נאָהענט, נאָהענט, נאָהענט!... קום אַהער, מיין קינד, זיץ אַ ביסעל, וועלען מיר שמועסען פונ'ם קץ, פון משיח'ען — וואָס וועט זיין, אַז משיח וועט קומען...

און דער זיידע משה־יאָסי האָט גענומען דערצעהלען פאַר זיין אייניקעל, וואָס וועט זיין, אַז משיח וועט קומען, מיט אַזאַ התלהבות, מיט אַזוי פיעל היץ און מיט אַזעלכע פלאַמענדיגע פאַרבען, אַז דעם אייניקעל האָט זיך ניט געוואָלט אָפּטרעטען פונ'ם זיידען, און ניט ווילענדיג איז איהם געקומען אויפ'ן זינען זיין ערשטער און זיין בעסטער חבר שמואליק. דער חילוק צווישען די צוויי איז געווען דער, וואָס שמואליק האָט גערעדט פון אוצרות, מכשפים, פּרינצען און פּרינצעסינס — אַלץ פון אַזעלכע זאַכען, וואָס זענען שייך צו דער וועלט; און דער זיידע משה־יאָסי האָט מבטל געווען די וועלט לגמרי און האָט זיך אַריבערגעטראָגען אינגאַנצען, אינאיינעם מיט'ן אייניקעל, וואָס האָט איהם אויסגעהערט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג, אַהין, אויף יענער וועלט, דאָרטען, צווישען סאַמע צדיקים און מלאָכים און שרפים און כּרובים, ניט ווייט שוין פונ'ם כּסא־הכּבוד, גאָר־גאָר נאָהענט שוין טאַקי צו איהם אַליין, צום מלך מלכי המלכים הקדוש־בּרוך־הוא... דאָרטען זענען געווען דער שור־הבּר מיט'ן לויתן, און דער טייערסטער בוימעהל, וואָס הייסט „אפרסמון", און דער טייערסטער וויין, דער „יין המשומר", און צדיקים זיצען און לערנען און האָבען הנאה פון דער שכינה און פונ'ם „אור הגנוז", פון יענער ליכטיגקייט, וואָס בעת גאָט האָט באַשאַפען די וועלט, האָט ער געזעהען, אַז די מענטשען זענען ניט ראוי צו אַזאַ ליכטיגקייט, האָט ער עס איבערגעלאָזט אויף לעתיד־לבוא... און הקדוש־בּרוך־הוא אַליין,

כּביכול, בכבודו ובעצמו, שטעהט און באַדיענט זיי, די צדיקים, ווי
אַ טאַטע. און פון אויבען, פונ׳ם הימעל, לאָזט זיך אַראָפּ פּונקט
אויפ׳ן זעלבען אָרט, וואו דאָס אַמאָליגע בית־המקדש איז געשטאַנען,
אַ ניי בית־המקדש, פון סאַמע גינגאָלד און פון די טייערסטע
שטיינער, דימענטען און בריליאַנטען, און די כּהנים דוכנ׳ען, און
די לויים זינגען, און דוד המלך קומט־אַרוים אַקעגען מיט אַ פּיעדעל
און זינגט: „רננו צדיקים ביי! ביי!״...

דאָ הויבט אָן דער זיידע משה־יאָסי זינגען אויף אַ קול, צו־
קנאַקען מיט די פינגער, און די אויגען פאַרגלאַנצט ער אַרויף, און
דאָס פּנים לויכט איהם, און אַליין איז ער נישט בהאי עלמא:
ער איז דאָרטען ערגיץ, ווייט־ווייט, אויף **יענער** וועלט, אויף
**יענער** וועלט!...

## 41

# אַ איד אַ פויגעל

א מעשה פון פארצייטען. — ווי אזוי אידען האבען אמאל געלעבט צווישען פריצים. — א טראגעדיע פון איין ארעמען רענדאר.

מע באדארף אָבער ניט מיינען, אז דער זיידע משה־יאָסי איז אלע מאָל געוועזן נאָר אויף יענער וועלט, און אז ער האָט ניט געהאט פאר זיינע אייניקלעך צו דערצעהלען גאָרנישט פון דער וועלט. אָ! ער האָט געהאט זעהר א סך צו דערצעהלען פון אמאָליגע אידען, אמאָליגע חסידים, אמאָליגע בעלי־קבלה און אמאָליגע פריצים, להבדיל, ווי זיי האָבען זיך באגאנגען מיט די אידען.

איין מעשה אזעלכע, וואָס ער האָט דערצעהלט פאר זיינע אייניקלעך, א מעשה, ווי א איד איז אומגעקומען אויף קידוש־השם, געדענקט זיך גאנץ באזונדער, און די דאָזיגע מעשה ווערט דאָ איבערגעגעבען בקיצור, ווייל דער זיידע משה־יאָסי איז געווען, ער זאָל מוחל זיין, א גרויסער מאריך און האָט ליעב געהאט אָפטמאָל איבערשפּרינגען פון איין ענין אויפ'ן אנדערען און פארפאָהרען מחילה קיין בויבעריק.

די מעשה האָט זיך געטראָפען שוין לאנג, נאָך פאר זיין זיידען, עליו השלום, דעם אלטען האמארניק. פאר וואָס האָט מען איהם גערופען „האמארניק״? ווייל האמארני האָט געהייסען דאָס דאָרף, וואו ער איז געזעסען, געהאלטען א מיהל אין דער ארענדע.

אין דעם זעלבען דאָרף איז געזעסען נאָך אַ איד, מיט׳ן נאָמען נח, געהאַלטען די קרעטשמע. געווען איז דער נח אַ איד אַ תּם, איין אָדם פּשוט, נאָר אַ גרויסער ירא־שמים, טאָג ווי נאַכט געדאַווענט און געזאָגט תּהלים, אַפּנים, אַ בעל־תּשובה און אַ „נסתּר״. די גאַנצע טהועבין איז געווען זי. זיין עובדה איז געווען נאָר צאָהלען ראַטע אין הויף און דינגען די קרעטשמע פון איין יאָהר אויפ׳ן אַנדערען. כּל ימיו האָט ער מורא געהאַט, טאָמער וועט איהם עמיצער אויסדינגען די קרעטשמע, וואָרום בעלנים זענען געווען אַ סך, חאָטש פּרנסה האָט ער געהאַט פון דער קרעטשמע בצמצום, קוים־קוים דורכגעקומען, געווען אַ בעל־מטופּל מיט קינדער.

ויהי היום — קומט ער צו געהן איינמאָל צום פּריץ דינגען די אַרענדע און טרעפט אַ גוזמא געסט, אַ גאַנצע סעודה. נאָך דער סעודה קלויבט מען זיך, כּנהוג, נאַ־פּאָליוואַניע, אויף דער אַכאָטע הייסט עס. עס שטעהען שוין צוגעגרייט פערד און קאַרעטעס און בריטשקעס און ליניייקעס און הינט פון כּל המינים, און די יעגערס מיט די גרויסע פעדערען און מיט די פייפעלעך, כּיד המלך. אַלסדינג, הייסט עס, פאַרטיג אַרום און אַרום. „נישט געטראָפען די גוטע צייט, — טראַכט זיך נח — דער פּריץ וועט נישט וועלען רעדען איצט פון דער אַרענדע״. צום סוף האָט ער אַ טעות געהאַט. אויפגעשטאַנען מיט די געסט פון טיש און געוואָלט זיך שוין אַרויפזעצען אויף די פערד, האָט דער פּריץ דערזעהען דעם אידען שטעהן איינגעבויגען ביי אַ זייט, אָפּגעריסען קריעה־בליאה. מאַכט ער צו איהם מיט אַ פרייליך פּנים: „אַ? יאַק סיע מאַש פּאַן אַרענדאַרזשי? — וואָס מאַכט אַ איד אַ רענדאַר?״... זאָגט איהם נח כּך וכך: „אדוני פּריץ, איך בין געקומען וועגען דער קרעטשמע״. צעלאַכט ער זיך, דער פּריץ, ס׳איז געווען כּטוב לב המלך ביין, שטאַרק אונטער׳ן גלעזעל, און רופט זיך אָן צו איהם: „אויף וויפיעל יאָהר ווילסט דו דען די קרעטשמע?״ זאָגט ער צו איהם: „וועלען וואָלט איך געוואָלט אויף עטליכע יאָהר, נאָר אַזוי ווי דער מנהג איז ביי דיר, יאַסנאַ־

וועלמאָזשנע פּאַן חראַביע..." לאָזט איהם דער פּריץ ניט אויסרעדען און מאַכט צו איהם: „דאָבּזשע, איצטיגס מאָל געבּ איך דיר אָפּ די קרעטשמע אויף דעם אייגענעם מקח, וואָס אויף אַלע מאָל, אויף אַ זמן פון צעהן יאָהר. נאָר מיט איין תּנאי: זאָלסט מיר זיין אַ פויגעל". קוקט איהם אָן דער איד: „וואָס הייסט, איך זאָל דיר זיין אַ פויגעל?" ענטפערט איהם דער פּריץ: „גאַנץ פּשוט. דו דאַרפסט אַרויף, זאָגט ער, אויפ'ן דאַך פון אָט דער שטאַל. זעהסט דו? דאָרטען דאַרפסט דו זיך פאַרשטעלען, זאָגט ער, פאַר אַ פויגעל, און איך, זאָגט ער, וועל זיך ציעלען אין דיר און פּרובּען טרעפען גלייך אין קאָפּ אַריין. האָסט דו עס צעקייעט?" ווערט אַ געלעכטער צווישען די פּריצים, און דער איד כּלומרשט לאַכט אויך. ער טראַכט זיך: „דער פּריץ טרייבּט קאַטאָוועס, גענומען איין איבּעריג בּיסעל וויין"... „נו? — פרעגט איהם דער פּריץ. — איז דאָס געמאַכט?" טראַכט זיך נח: „וואָס ענטפערט מען איהם דערויף?" און טהוט איהם אַ פרעג אויף טשיקאַוועסט: „וויפיעל צייט גיסט דו אויף צו בּאַטראַכטען זיך?" זאָגט איהם דער פּריץ גאַנץ ערנסט: „יעדנאַ מינוטאַ" — איין מינוט הייסט עס, מעהר ניט. „די בּרירה איז בּיי דיר, זאָגט ער. אָדער דו קריכסט אַרויף אויפ'ן דאַך און פאַרשטעלסט זיך פאַר אַ פויגעל, אָדער מאָרגענדיגען טאָג, זאָגט ער, ווערסט דו אַרויסגעוואָרפען פון דער קרעטשמע". איז דאָך איהם פּרחה נשמתו געוואָרען. וואָס טהוט מען? מיט אַ פּריץ שפּיעלט מען זיך ניט. ובּפרט, אַז יענער הייסט שוין טראָגען לייטערם — אַפּנים, ס'איז גאָרניט קיין קאַטאָוועס? רופט ער זיך אָן נאָך אַ מאָל צום פּריץ: „און וואָס וועט זיין, טאָמער חלילה טרעפסט דו טאַקי?" ווערט נאָך אַ גרעסערער געלעכטער צווישען די פּריצים, און נח בּלייבּט שטעהן אַ צעטומעלטער. ער ווייסט ניט, צי דער פּריץ מאַכט חוזק, צי ער מיינט דאָס מיט איין אמת? זעהען זעהט עס אויס ווי איין אמת, וואָרום מע הייסט איהם די רגע קריכען אויפ'ן דאַך, אָדער געהן אהיים אָפּריינינגען די קרעטשמע. וויל ער שוין געהן

אהיים, דערמאַנט ער זיך, אַז ער איז אַ בעל־מטופל מיט קינדער, הויבּט ער אָן זיך בּעטען בּיי׳ם פּריץ, ער זאָל איהם געבּען האָטש עטליכע מינוט אויף אָפּצוזאָגען וידוי. זאָגט איהם דער פּריץ: „דאָבּזשע, איך געבּ דיר נאָך איין מינוט אויף זאָגען וידוי". איין מינוט? וואָס קאָן אַ איד זאָגען אין איין מינוט, אַחוץ „שמע־ישראל"? ובּפרט, אַז מע שטופּט איהם שוין אַרויף אויפ׳ן לייטער. זאָגט ער „שמע־ישראל" און „בּרוך שם כּבוד מלכותו", און נעמט קריכען אויפ׳ן לייטער, און טרערען גיסען זיך איהם. וואָס זאָל ער טהון? אַ גזירה מן השמים. אַ בּעל־מטופּל מיט קינדער. מסתּמא איז איהם בּאַשערט אומצוקומען אויף קידוש־השם. און אפשר וועט נאָך גאָט רחמנות האָבּען און טהון אַ נס? דער אויבּערשטער אַז ער וויל — קאָן ער! געווען אַ גרויסער בּעל־בּטחון. אַמאָליגע אידען!

אַרויפגעקראָכען אויפ׳ן שפּיץ דאַך, הערט ער נישט אויף צו לייענען קריאת־שמע שטילערהייט און צו וויינען, גיסען מיט טרערען, און נאָך אַלץ ניט פאַרלוירען אינגאַנצען דעם בּטחון אויף גאָט, טאָמער וועט דער אויבּערשטער פּאָרט רחמנות האָבּען. אַז דער אויבּערשטער וויל — קאָן ער! דער פּריץ דערווייל האָט קיין צייט ניט. הייסט ער איהם, ער זאָל שטעהן גלייך — שטעהט ער גלייך. דערנאָך הייסט ער איהם, ער זאָל זיך אָנבּויגען — בּויגט ער זיך אָן. ער זאָל צענעמען די הענט — צענעמט ער די הענט. ער זאָל אויסזעהען ווי אַ פויגעל — זעהט ער אויס ווי אַ פויגעל... און דער פּריץ — צי ער האָט עס טאַקי געמיינט אויף איין אמת, אָדער ער האָט נאָר געטריבּען קאַטאָוועס און דער אויבּערשטער האָט געמאַכט אַזוי, ס׳זאָל אויסקומען אויף איין אמת — ער האָט אויסגעשאָסען און געטראָפען נח׳ן גלייך אין שטערן אַריין, און נח איז אומגעפאַלען, ווי אַ געשאָסענער פויגעל, און האָט זיך אַראָפּגעקויקעלט אַראָפּ פונ׳ם דאַך. און נאָך בּאותו היום האָט מען איהם געבּראַכט צו קבר־ישראל. דער פּריץ האָט אָבּער געהאַלטען וואָרט. צעהן יאָהר כּסדר האָט ער נישט גע־

ריהרט די אַלמנה פון דער קרעטשמע, וויפיעל מע זאָל איהם ניט מוסיף זיין אויף דער ארענדע — אמאָליגע פריצים!

אזעלכע שענע מעשיות פון „אמאָליגע" אידען און פון „אמאָליגע" פריצים האָט דער זיידע געהאַט לרוב, און חברה וואָלטען זיך ניט אָפּגעזאָגט זיי אויסהערען נאָך און נאָך, ווען דער זיידע משה־יאָסי זאָל ניט האָבען קיין טבע ארויסציהען פון יעדער מעשה א מוסר־השכל, אז מע באדארף זיין איין עהרליכער איד און האָבען בטחון, און פונ'ם מוסר־השכל זאָל ער ניט ליעב האָבען אריינפאלען גלאַט אין מוסר אריין און נעמען שטראָפען די קינדער, פאר וואָס זיי געבען נאָך דעם יצר־הרע, ווילען נישט דאַווענען, נישט לערנען, נישט גאָט דיענען, וואָלטען ווען טאָג ווי נאכט נאָר חאפּען פּישלעך, אָדער רייסען בארלעך, אָדער גלאַט שקאָצעווען מיט אלע באָהסלאָווער יונגלעך, ימח שמם וזכרם זאָלען זיי ווערען!

## 42

# ימים נוראים

דער באָהסלאַוװער טייך „ראָס״. — דער באָהסלאַוװער װאַלד. — די באָהסלאַוװער אַלטע קלויז. — די באַבע גיטעל שלאָגט מיט די אייניקלעך כפרות. — דער זיידע בענטשט זיי ערב יום־כפור און זיינע אויגען זענען נאַס.

עס איז שװער צו זאָגען, װאו איז געװען מעהר לעבען, מעהר פּאָעזיע — ביי׳ם טייך „ראָס״, אָדער אין באָהסלאַוװער װאַלד, אָדער אין דער אַלטער קלויז? עס איז שװער צו זאָגען, װאָס פון די דריי האָט געהאַט אין זיך אַ גרעסערען יצר־הרע? ביי׳ם „ראָס״ — דאָרט איז אַ לעבען! דאָרט איז פריילִיך! דאָרט טרינקען־אָן בעלי־עגלות זייערע פערד; דאָרט שעפּען־אָן װאַסער־פיהרערס װאַסער אין זייערע פעסלעך; דאָרט שטעהען װייבלעך און מיידלעך, באָרװעסע, מיט רויטע פּולקעס, און װאַשען גרעט, קלאָפּען און שפּריצען מיט׳ן פּראַטש, אַזש פונקען פליהען; דאָרט באָדען זיך, פּאַליאָסקען זיך, לערנען זיך שווימען און חאַפּען פישלעך יונגלעך אָהן אַ שיעור, טהוען זיך אויס צווישען די שטיינער, שפּרינגען אין טייך אַריין — און אַלע שרייען, אַלע פילדערען: „זעה, ווי איך שווים! זעה, ווי איך ליג אויפ׳ן רוקען! זעה בעסער, ווי איך געה טריט־וואַסער! זעה, ווי איך טוק זיך! זעה, ווי איך מאַך בולבעס!״... אַלע רעדען, אַלע באַווייזען קונצען, אַלע קאָנען. די פערעיאַסלאַווער יתומים זענען זיי שרעקליך מקנא. איינער פון דער חברה געהט־צו אַ נאַקעטער, ווי די מאַמע האָט

איהם געהאַט. אברהמעל רופט מען איהם. אַ בחור׳על שוואַרץ ווי אַ טאָטער, אויגען ביינקאָוואַטע, אַ פּנים ווי אַ לאָקשען־ברעט, אַ נעזעל ווי אַ פּאַסאָלי. „ווי אַזוי רופט מען דיך?״ „שלום״. „שווימען קאָנסט דו?״ „ניין״. „וואָס זשע שטעהסט דו? קום אַהער, וועל איך דיך אויסלעהרנען״... איהר פאַרשטעהט? ניט לעהרנען, נאָר אויסלעהרנען! — דאָס איז גאָר אַנדערע ווערטער.

נישט ווינציגער פּאָעזיע איז אין וואַלד. דער באָהסלאַוער וואַלד איז רייך אין באַרלעך. די באַרלעך זענען אפילו האַרט ווי שטיינדלעך און זויער — עסיג! נאָר פּאָרט באַרלעך. און קאָסטען גאָרנישט. איהר קאָנט אייך רייסען וויפיעל איהר ווילט — הפקר! מע באַדאַרף נאָר קאָנען דערלאַנגען. וואַלד־באַרלעך וואַכסען הויך. מוז מען אַרויפקלעטערען אַרויף אויפ׳ן בוים און טרייסלען דעם בוים מיט אַלע כחות, אַניט וועלען די באַרלעך ניט פאַלען. אויסער באַרלעך זענען אין באָהסלאַווער וואַלד פאַרהאַן ניסלעך אויך. האָזענע ניסלעך. זיי ווערען שפּעט־פאַרטיג און זענען באַוואַכסען מיט אַ מין שאָלעכיץ — ביטער־גאַל. און קיין יאָדערען זענען אין די ניסלעך נישטאָ. זיי וועלען ערשט אַמאָל זיין. נאָר עס מאַכט ניט אויס. פּאָרט ניס. מע קאָן אָנלעגען פולע קעשענעס. דאָס וואָס מע רייסט אַליין — איז אָנגעלעגט. און רייסען באַרלעך און טרייסלען ניס באַדאַרף מען קאָנען. אברהמעל קאָן. אברהמעל איז אויף אַלסדינג אַ חוואַט. איז אַ גוטער בטבע, אַ מזג טוב, אַ מענטש אָהן אַ גאַל. איין חסרון נאָר, וואָס ער איז אַ קבצנ׳ס אַ יונגעל. זיין מאַמע איז איין אָרעמע אַלמנה און אַ קעכין ביי די יאַמפּאָלסקים. געוואַוירע געוואָרען דערפון איז דער פעטער איצי און האָט עס באַלד אָפּגעטראָגען דער באַבע גיטעל אין אויהער אַריין. האָט די באַבע גיטעל צוגערופען דאָס אייניקעל שלום צו איהר בעט, איהם געשענקט אַ באַר פון אונטער דעם קישען און אָנגעזאָגט עטליכע מאָל, ער זאָל זיך ניט דערוועגען מעהר באַגעגענען זיך און זיין באַקאַנט מיט אַזעלכע יונגלעך, ווי אברהמעל,

וואָרום טאָמער דערוויסט זיך דער זיידע משה־יאָסי, אַז זיינע אייניקלעך באַגעגענען זיך מיט אַ זעלכע יונגלעך, וועט זיך טהון חושך !...

זיי איז גרינג צו זאָגען „ניט באַגעגענען זיך״ — אַז מיט דעם אברהמלען מוז מען זיך באַגעגענען חאָטש צוויי מאָל אַ טאָג, אין דער פריה און אויף דער נאַכט — ביי׳ם קדיש זאָגען. אברהמעל איז אויך אַ יתום. ער זאָגט קדיש נאָך זיין טאַטען אין דער אַלטער קלויז. אַך, וויפיעל קדישים דאָרטען איז ! און אַלע זאָגען קדיש אין מזרח !... משה־יאָסי דעם האַמאַרניק׳ס אייניקלעך, אַז זיי זענען געקומען מיט׳ן זיידען דאָס ערשטע מאָל אין דער אַלטער קלויז, האָט זיי דער זיידע צוגעפיהרט גלייך צום שמש און האָט איהם אָנגעזאָגט מיט׳ן הארבען וואָרט, אַז ער וויל, אַז זייער אָרט אויף זאָגען קדיש זאָל זיין נעבען עמוד, וואָרום דאָס זענען „טאַטענ׳ס קינדער״... דער שמש, אַ זקן מיט איין אויסגעבויגענעם רוקען און מיט אַלטע טראַכאָמעדיגע אויגען, וואָס זעהען־אויס ווי אַרומגעליאַמעוועט מיט רויטען, האָט אויסגעהערט דעם זיידען מיט דרך־ארץ, נישט געענטפערט קיין וואָרט, אַריינגעחאַפּט אין נאָז אַ רעכטען שמעק טאַבּעקע, גיך אָפּגעטרייסעלט די פינגער און אונטערגעטראָגען אויך דעם זיידען דאָס פּושקעלע, אַ קלאָפּ געגעבען מיט׳ן נאָגעל איבער׳ן דעקעל און מכבד געווען איהם מיט אַ שמעק טאַבּעקע אָהן ווערטער. דאָס האָט באַדאַרפט הייסען : „גוט, וואָס איהר האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס זענען טאַטענ׳ס קינדער, זענען זיי שוין, זייט זיכער, ביי מיר דאָס שוואַרצאַפּעל פונ׳ם אויג, וואָס איז שייך !״...

די באָהסלאַווער אַלטע קלויז האָט געהאַט אין זיך אַזאַ כח, אַז די פּערעיאַסלאַווער יתומים, ווי מע האָט זיי דאָרט גערופען, האָבען זיך צוגעבונדען צו איהר, גלייך ווי זיי וואָלטען דאָרט געבוירען און אויפגעצויגען געוואָרען. אַלסדינג האָט ביי זיי אויסגעזעהען מורא׳דיג גרויס און שען און הייליג. אויף אַלסדינג

איז געלעגען אַ באַזונדער חתימה פון אַלטער שענקייט, פון פאַר־גאַנגענער גרויסקייט, פון פאַרצייטיגע הייליגקייט — אַ שטיק בית־המקדש.

נאָר אויב די באַהסלאַווער אַלטע קלויז האָט אויסגעזעהען בײַ די פּערעיאַסלאַווער יתומים אין אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָהר ווי אַ שטיק בית־המקדש, איז זי צו ימים נוראים, צו ראש־השנה און יום־כּפּור, געוואָרען פאַר זיי טאַקי אַ גאַנצער בית־המקדש. זיי האָבען נאָך קיינמאָל אַזוי פיעל אידען ניט געזעהען און האָבען נאָך קיינמאָל אַזאַ דאַוונען ניט געהערט. דאָס איז געווען אַ מיש־מאַש פון אַלערליי מינים חסידים און חב"דניקעס, וואָס האָבען בײַ'ם דאַוונען איינגעלעגט די וועלט, געפּאַטשט מיט די הענט, געקנאַקט מיט די פינגער און געזונגען מאָדנע ניגונים, געברומט און געבאָמקעט און מיט אַ מאָל פאַרגאַנגען זיך און פאַר'דבקה'ט זיך אויף עטליכע מינוט, און ווידער גענומען זינגען און ברומען און באָמקען און קנאַקען מיט די פינגער. פאַר די פּערעיאַסלאַווער יתומים איז אַזאַ מין דאַוונען געווען אַ נייעס, אַ גאַנצער ספּעקטאַקל. נאָר שענער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס דער זיידע משה־יאָסי האָט מיט זיין דאַוונען איבערגעשטיגען אַלע דאַוונער פון דער אַלטער קלויז. ער איז געווען ניט קיין חב"דניק, נאָר גלאַט אַ מאָדנער חסיד מיט אייגענע גענג, אייגענע מנהגים און אייגענע משוגעת'ען. ער האָט זיך פאַרגונען בלייבען אין קלויז שבת און יום־טוב לאַנג־לאַנג נאָך אַלעמען. דער פעטער איצי, וואָס האָט געוואוינט אין דער אַנדערער האַלבער שטוב, האָט שוין געהאַלטען אין עסען, פון אויוועז האָט זיך געלאָזט הערען אַ ריח פון געפילטע פיש און יום־טוב'דיגע מאכלים, עס האָט געקלעהמט דאָס האַרץ און אַזש דערלאַנגט ביז'ן לעפּעלע — און דער זיידע האָט נאָך אַלץ געדאַווענט, געזונגען און געבאָמקעט. די באָבע גיטעל האָט עטליכע מאָל בשתיקה אונטערגערוקט די אייניקלעך, חיה־אסתּר'ס קינדער, צו שטיקלעך לעקאַך — ס'זאָל זיי ניט איבער'חלש'ען דאָס האַרץ, און אַ זאָג געגעבען צו זיי מיט אַ געלעכטער: „איהר

וועט שוין גערענקען, ווען איהר האט זיך אריינגעחאפט צווישען משוגעים"...

דער פעטער איצי דערוויל האט שוין אפגעגעסען און אפ־געבענטשט, אריינגעשטעקט דעם קאפ פון דער אנדערער האלבער שטוב: „נישטא דער טאטע? חא־חא!" לא־די ער האט אפ־געגעסען, לאכט ער נאך!... קוים מיט צרות, גאט האט רחמנות געהאט — דער זיידע איז שוין דא! אריינגעפליגען, שלעפענדיג די רעזעוואולקע מיט די ארבעל אויף דער ערד, איז ער מיט א ברייטען גוט יום־טוב, און גלייך צום קידוש מאכען, אבער מיט אזעלכע קולות, אז די גאנצע גאס האט געמוזט הערען.

— צוליעב די קינדער, צוליעב די יתומים נעבאך, וואלסט דו, דאכט זיך, געמעגט אמאל פארבויגען דיינע משוגענע שטיק און מאכען עם בקיצור? — האט איהם די באבע פירגעהאלטען. נאר ס׳איז געווען ארויסגעווארפען. ער האט נישט געהערט. ער איז נאך אלץ געווען פאר׳דבקה׳ט און אריינגעטהאן אין די עולמות העליונים, מיט איין האנט געגעסען, מיט דער אנדערער געמישט עפים איין אלטען ספר, און, שאקלענדיג זיך פון דער גרינג, אריינ־געקוקט אהין מיט איין אויג, מיט׳ן אנדערען אויג געחאפט א קוק אויף די אייניקלעך און געזיפצט, שטארק געזיפצט. דאס זיפצען איז געווען טאקי אויף די אייניקלעך די יתומים, וואס זייערע נשמות ליגען אין גשמיות, האבען אין זינען די אכילה, געבען־נאך דעם יצר־הרע מיט אלע זיינע תאוות... נאכ׳ן עסען האט ער זיי דאס פירגעהאלטען, געזאגט א היבשע ביסעל מוסר, געזעהען, ס׳זאל זיי אויספאלען באקאם דער פרישער קוילעטש מיט די געפילטע פיש מיט׳ן זיסען פאסטערנאק־צימעס מיט די אלע איבעריגע יום־טוב׳־דיגע מאכלים, וואס די באבע גיטעל האט, ליגענדיג אין בעט א גע־לעהמטע, נאר מיט איהר שכל געקאנט צוגרייטען על צד היותר טוב.

דאס איז געווען ראש־השנה. ערב יום־כפור איז געווען נאך שענער. דער ערב יום־כפור האט זיך אויסגעפיינט אין באהסלאוו ביי׳ם זיידען משה־יאסי מיט צוויי זעלטענע צערעמאניעס, וואס

האָבּען געמאַכט אויף די יתומים אַ באַזונדערען איינדרוק. די ערשטע צערעמאָניע איז געווען דאָס שלאָגען כפּרות מיט אַ נאַכט פריהער פאַר ערב יום־כּפּור. שלאָגען כפּרות האָבּען זיי געשלאָגען אין דער היים אויך, נאָר דאָ, אין באָהסלאַוו, איז געווען איין אַנדער מין כּפּרות שלאָגען. די באַבּע גיטעל האָט גענומען די דאָזיגע מצוה אויף זיך. זי, הייסט עס, האָט געשלאָגען מיט איהר חיה־אסתּר׳ס יתומים כּפּרות. זיצענדיג אַ געלעהמטע אין בעט, האָט זי צוגערופען די גאַנצע חאַליאַסטרע צו זיך, געגעבּען יעדען זיין כּפּרה, די יונגלעך צו העהנער און די מיידלעך צו היהנער, געעפענט איהר גרויסען סידור און אָנגעוויזען מיט איהרע אויסגעדרעהטע פינגער אויפ׳ן „בּני־אָדם". די עלטערע האָבּען דעם „בּני־אָדם" געזאָגט אַליין, און מיט די קלענערע, מיט די מיידלעך, האָט די באַבּע געזאָגט דעם „בּני־אָדם" וואָרט בּיי וואָרט און הויך אויף אַ קול און מיט אַ ניגון: „בּני־אָדם יושבי חושך וצלמות! אסירי עני וברזל!"... און געוויינט בּעת מעשה אַזוי, ווי מע קאָן וויינען נאָר סיידען אויף אַ טוידטען. און ווער שמועסט, אַז ס׳איז געקומען צו דער יונגסטער פון די יתומה׳לעך, צום מיידעלע, וואָס איז אַלט קוים אַ יאָהר, האָט די באַבּע שיער גע׳חלש׳ט פאַר געוויין! אויף איהר קוקענדיג, האָבּען זיך די קינדער אויך צעוויינט, און אויף זיי קוקענדיג — אויך די עלטערע, און ס׳איז געוואָרען אַ יללה מיט סכּנת־נפשות. אין יענעם בּיטערען שבּת, בּעת די מאַמע זייערע איז געלעגען מיט שוואַרצען איבּערגעדעקט אויף דער ערד, האָבּען די יתומים קיין צעהנט־חלק אפילו ניט געוויינט, ווי אַצינד, בּיי דער באַבּע׳ס „בּני־אָדם".

די צווייטע צערעמאָניע איז געווען אויף מאָרגען, ערב יום־כּפּור, נאָכ׳ן קומען פון דער אַלטער קלויז, וואו חברה האָבּען באַקומען לעקאַך פונ׳ם גבּאי ראשון פולע קעשענעס. דער זיידע משה־יאָסי האָט נאָך נעכטען אָנגעזאָגט, באַלד נאָך כּפּרות שלאָגען, אַז די קינדער זאָלען נאָכ׳ן דאַווענען אין דער פריה, למען השם, קומען צו איהם זיך בּענטשען.

מאָדנע יום־טוב׳דיג אָנגעטהאָן און יום־טוב׳דיג געשטימט איז געווען דער זיידע משה־יאָסי. אויף דער אַלטער צעהאַקטער אַטלעסענער קאַפּאָטע האָט ער געטראָגען אַ מאָדנע מין טיזליק פון אַ מאָדנע מין האַרטען שרייענדיגען שטאָף, וואָס מע קריגט שוין ניט היינטיגע צייטען אין ערגיץ, מע זאָל וועלען באַצאָהלען דערפאַר מי יודע וויפיעל. אויפ׳ן קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ שטריימעל מיט אַ סך עקען, און אויפ׳ן אָפּענעם האַלז — אַ ברייטען קלאָר־ווייסען קאָלנער מיט צוויי שפּיצען. אויף דער קאַפּאָטע — אַ בייגאַרטעל אַ ברייטען מיט לאַנגע קאָטעסען מיט באָמבעלעך. די מורא׳דיג ברייטע וואָנסעס מיט די מורא׳דיג געדיכטע גרויסע ברעמען האָבען איצטיגס מאָל אויסגעזעהען ניט אַזוי בייז, ווי אַלע מאָל, און דאָס גאַנצע פּנים האָט אויסגעזעהען ביי איהם איצטיגס מאָל ווייך, מוחל׳דיג־ווייך, און גאָר פריינטליך.

— קומט אַהער, קינדער, וועל איך אייך בענטשען! — האָט ער יום־טוב׳דיג־ברייט אַריינגערופען די יתומים צו זיך אין זיין ענגען פינסטערען חדר׳על מיט די פּעלצען, אַרויפגעלעגט אויף יעדען פון זיי ביידע הענט מיט די ברייטע אַרבעל פון זיין אַטלעסענער קאַפּאָטע, צוגעמאַכט די אויגען, פאַרריסען דעם קאָפּ אַרויף און געזאָגט, און געזאָגט, און געזאָגט עפּיס שטילערהייט, און שטאַרק געזיפצט און געקרעכצט. און אַז ער האָט אָפּגעזאָגט, האָבען די יתומים איהם אַ קוק געגעבען אין פּנים, האָבען זיי דערזעהען זיינע אויגען לויכטען, נאָר זיי זענען רויט, די ברעמען נאַס, און די וואָנסעס נאַס, און די באָרד נאַס — נאַס פון טרערען.

43

# סוכות

א בשותּפות'דיגע סוכּה. — דער זיידע דאַווענט, און די קינדער װילען עסען. — שׂמחת־תּורה איז דער זיידע זיך משׂמח מיט דער שכינה.

דאָס ערשטע פּלעקעל פון דעם זיידען משה־יאָסי'ס סוכּה איז אַריינגעשלאָגען געװאָרען, פאַרשטעהט זיך, מוצאי יום־כּפּור, תּיכּף נאָכ'ן אָפּפאַסטען זיך. געבױעט האָט די סוכּה דער פעטער איצי, און די יתומים האָבען איהם אונטערגעהאָלפען. נאָר געקאָמאַנדעװעט האָט דער זיידע, געגעבען עצות, װ'י איין אױבעראַרכיטעקטאָר: „דאָס אַהער!” „דאָס אַהין!” „דאָס װעט אַריין!” „דאָס װעט ניט געהן!” נאָך מעהר קונץ — װאָס דער זיידע מיט'ן פעטער רעדען ניט צװישען זיך קיין װאָרט. ברוגז. די באַבע האָט דער־פון יסורים: אַ בן־יחיד, דער איינציגער קדיש איבער הונדערט און צװאַנציג יאָהר, און רעדט ניט מיט'ן טאַטען — װאו האָט מען געהערט אַזאַ רציחה?...

אין דער בשותּפות'דיגער סוכּה זענען געשטאַנען גרייט צװײ טישען, פאַר'ן זיידען באַזונדער און פאַר'ן פעטער באַזונדער. אויף יעדען טיש איז געװען צוגעגרייט באַזונדער װיין אויף קידוש, באַזונדערע חלה, באַזונדערע לייכטער מיט ליכט. די מוהמע סאָסי האָט זיך געבענטשט ליכט ביי איהר טיש, און די באַבע גיטעל האָט מען אַרויסגעטראָגען מיט'ן בעטעל, זי זאָל בענטשען ליכט ביי איהר טיש. דערנאָך איז געקומען צו געהן דער פעטער איצי

פון קלויז און געמוזט ווארטען ביז דער זיידע וועט אמאל דער־מאנען זיך קומען און מאכען דעם ערשטען קידוש. מע קאן דאך ניט זיין אזוי גראב קעגען א טאטען — כבוד־אב! אלע ווייל איז דער פעטער איצי ארויסגעגאנגען פון שטוב און אריינגעקוקט אין סוכה אריין, און אלע מאל מיט איין אנדער אויסרעד: „ניטא נאך?"... „היינטיגס יאהר שפעטער ווי אלע יאהר ביי די חסידים!"... „המ... אט באלד געהען־אוים די ליכט און מע וועט דארפען עסען אין דער פינסטער"... אויפ׳ן פעטער איצי האבען די קינדער דערלעבט א נקמה: א הארטער איד, אהן א נשמה — לאז ער אויך וויסען, וואס הייסט זיין הונגעריג!...

נאר אט איז געקומען דער זיידע מיט׳ן טיזליק, אפגעגעבען דעם ברייטען גוט־יום־טוב, ארויסגעקריגען רב יעקב עמדינ׳ס סידור, א קורצער סידור, נאר א גראבער, א געפאקטער, און אוועקגעזעצט זיך זאגען די אושפיזין, און האט געזאגט און געזאגט, און געזאגט און געזאגט... און פון קיך האבען, ווי אויף צו־להכעיס, זיך געלאזט הערען די פיש מיט זייער געפעפערטען געפילעכטס, און די פרישע צוגעברוינטע חלות האבען זיך גערייצט: „אונז אז איהר׳ט איינ־טונקען אין דער הייסער פיש־יויך, וועט איהר פיהלען דעם אמת׳ען טעם גן־עדן"... און דער זיידע, משה־יאסי דעם האמארניק׳ס, טהוט זיך זיינס: ער זאגט! די ליכט אין סוכה לעשען זיך — און ער זאגט! די קינדער חלש׳ען עסען, געהען־אוים שלאפען — און ער זאגט! מיט א מאל האט דער זיידע זיך געגעבען א חאפ־אויף, צוגעלאפען צום טיש און געגעבען א לעג־אוועק דעם יום־טוב׳דיגען קידוש, איז געווארען א ליכט אין די אויגען. נאך איהם — דער פעטער איצי ביי זיין טיש. נאכ׳ן פעטער איצין — חיה־אסתר׳ס יתומים, איינציגווייז, און די באבע גיטעל בעת מעשה האט געלאזט א טרער — הקיצור, עס האט נאך לאנג גענומען, ביז מע האט דערלעבט איינטונקען די המוציא אין האניג און דערזעהען זיך מיט׳ן שטיקעל פיש און דערפיהלען דעם פעפער אויפ׳ן שפיץ צונג...

דאָס איז געווען די ערשטע טעג סוכּות. די אַנדערע טעג סוכּות איז געווען נאָך ערגער. אַזוי אַז שמחת־תּורה אויף דער נאַכט האָט שוין דער פעטער איצי נישט געקאָנט אויסהאַלטען. ער האָט אַריינגערופען די פּרעיאַסלאַווער יתומים צו זיך און האָט זיי געזאָגט:

— קינדער, איהר ווילט זעהען אַ שענע זאַך? טאָ געהט זיך דורך אין קלויז אַריין, וועט איהר עפּיס אָנקוקען...

לאַנג בעטען האָט מען זיי ניט באַדאַרפט. מע האָט זיך גענומען פאַר די הענט און מע איז אַוועק. אין גאַס איז געווען חושך־פינסטער. אַלע אידען זענען געזעסען אין די הייזער און געגעסען. אַלע שוהלען זענען שוין געווען געשלאָסען און שטאָק־פינסטער. נאָר אין דער אַלטער קלויז האָט זיך נאָך געלייכט. שטיל האָבען חברה אויפגעעפענט אַ שטיקעל טיר, אַריינגעקוקט און דערזעהען אַזעלכעס, וואָס זיי האָבען נישט געגלויבט זייערע אויגען. אין דער גאַנצער קלויז איז געווען מעהר ניט ווי איין מענטש — דער זיידע משה־יאָסי, אין אַ טלית, מיט רב יעקב עמדינ׳ס סידור אין איין האַנט און מיט אַ ספר־תּורה אין דער אַנדערער האַנט. צוגעטוליעט די ספר־תּורה צום האַרצען, איז ער אַרומגעגאַנגען אַרום באַלעמער מיט פּאַוואָלידיגע טריט, געזאָגט אויף אַ קול, ווי אַ חזן, די הקפות: „עוזר דלים, הושיעה־נא!״...

אויף די קינדער איז אָנגעפאַלען אַ פּחד מיט אַ געלעכטער אינאיינעם, און זיי האָבען זיך גענומען ביי די הענט און זיך געלאָזט לויפען אין איין אָטעם צוריק אַהיים.

— נו? וואָס׳ט איהר געזעהען? איאָ, אַ שענס?...

מיט די ווערטער האָט זיי באַגעגענט דער פעטער איצי, און בעת מעשה האָט ער געלאַכט, נאָר די אויגען האָבען געטרערט. און די קינדער האָבען געוואָרפען איין אומחן. ניט אויפ׳ן זיידען — ניין, נאָר אויפ׳ן פעטער איצי.

דערפאַר אָבער האָט זיך אויף מאָרגען, שמחת־תּורה, די דעקאָראַציע אינגאַנצען איבערגעביטען. דעם זיידען משה־יאָסי איז געווען ניט צו דערקענען. די קינדער געדענקען נאָך פון דער אַלטער היים, פון וואָראָנקאָ, וואָס פאַר אַ שמחה ס׳איז געווען, אַז ס׳איז געקומען שמחת־תּורה. דאָס גאַנצע שטעדטעל איז געווען שכּור־לוט. פונ׳ם רב ביז׳ן פּריסטאַוו, להבדיל, האָבען אַלע געטרונקען בראָנפען, געהוליעט, געטאַנצט און געמאַכט אַזעלכע אָנשטעלען, וואָס מע האָט באַדאַרפט שטאַרבען פאַר געלעכטער.

אויך אינ׳ם האַלב־גוישען פּערעיאַסלאַוו איז שמחת־תּורה געווען שמחת־תּורה׳דיג. אפילו אַזאַ איד, ווי דער פעטער פּיני, איז געווען שכּור־לוט און געטאַנצט אַ קאָזאַק. מע האָט באַדאַרפט געהן אויף חידושים קוקען, ווי אַ איד אַ חסיד מיט אַ לאַנגען טלית־קטן טאַנצט אַ קאָזאַק! פון דאָדי כּהנאָווען שמועסט מען ניט. דאָדי, אַז ער האָט זיך אָנגע׳שכּור׳ט, האָט ער געזידעלט די גוטע פריינט, אויסגעוואָרפען זיי וואָס אין דער קאָרט, כּלומרשט אין גוטען מוטה, קושענדיג. מע האָט זיך אַריינגעריסען צו יענעם אין שטוב מיט אַ גוט־יום־טוב, אַרויסגעשלעפּט פון אויווען וואָס ס׳איז געווען, פון קעלער אַרויסגעטראָגען די זויערע אוגערקעס, און בראָנפען האָט זיך געגאָסען אַזוי ווי וואַסער. נאָר וואָס פאַר אַ ווערטה האָבען יענע אַלע שמחת־תּורהס געהאַט אַקעגען דעם שמחת־תּורה, וואָס די פּערעיאַסלאַוער יתומים האָבען בייגעוואוינט דאָ, אין דער אידישער שטאָדט באָהסלאַוו? די הייזער, די גאַסען, די שטיינער פון די גאַסען — אַלץ, אַלץ האָט געזונגען, געפּליעסקעט, געטאַנצט און געפרעהט זיך. נישט נאָר עלטערע אידען — יונגלעך זענען געווען שכּור, געוואַלגערט זיך פון די פיס. מע דאַרף נישט מעהר ווי דער פעטער איצי, אַ איד אַ שטילער, אַ ווילדער בעל־מרה־שחורה, — איז ער אויך געווען בגילופין, פאַרלעגט די פּאות אויף יענער זייט אויהערען, פאַרקאַטשעט די פּאָלעס און געגאַנגען אַ דייטש! נאָר דאָס אַלץ איז געווען אַ גאָרנישט אַקעגען דעם, וואָס עס האָט אַרויסגעוויזען אין יענעם טאָג דער זיידע משה־יאָסי.

אויסגעטרונקען האָט ער בסך־הכל איין גלעזעל בראָנפען מיט א האַלב גלעזעל ווײַן. נאָר שכּור איז ער געווען, ווי אכציג שכּורים מיט א מאָל קאָנען אַזוי ניט זײַן שכּור, און ארויסבאַווייזען אַזעלכע גבורות, אַז די גאַנצע שטאָדט האָט מיט איהם געקלונגען:

— וואָס זאָגט איהר צו משה־יאָסי דעם האמארניק'ס!

— געהט, וועט איהר זעהען, וואָס משה־יאָסי דעם האמארניק'ס טהוט!

און משה־יאָסי דעם האמארניק'ס האָט נישט געטהאָן גאָר־נישט. ער איז נאָר ארומגעגאַנגען אין די גאַסען און געטאַנצט. און נאָך ווי אַזוי געטאַנצט! געטאַנצט און געשפּרונגען, גע־פּליעסקעט און געזונגען. און נישט אַליין האָט ער געטאַנצט, נאָר אינצווייען — מיט דער „שכינה", מיט הקדוש־ברוך־הוא... צענומען א פּעטשיילע און געהאַלטען בײַ איין עק — בײַ'ם אַנדערען עק האָט באַדאַרפט האַלטען די „שכינה" — און געדרעהט זיך, ווי מע דרעהט זיך מיט א כּלה, געמאַכט פאַרשיידענע טריט: אַהין און צוריק, רעכטס און לינקס, און ווידער אַהין און צוריק, און ווידער רעכטס און לינקס, און אַזוי כּסדר, דעם קאָפּ פאַרריסען ארויף, די אויגען געהאַלטען צו, אויפ'ן פּנים אויסגעגאָסען א גליקליך שמייכעל, צוגעקנאַקט זיך מיט די פינגער, געהעפּעט און געזונגען אַלע מאָל שטאַרקער און שטאַרקער:

— משה שמח בשמחת־תּורה
לאַמטעדרידאָם, היי־דאַ!
— שישו ושמחו בשמחת־תּורה
לאַמטעדרידאָם, דאָם־דאָם־דאָם!
היי־דאַ, דרי־דאַ־דאַ!
תּורת משה, הא!...

וואָס ווייטער איז דער עולם געוואָרען אַלץ גרעסער און ענגער. וויפיעל יונגלעך ס'איז געווען אין שטאָדט זענען זיי ארוים אויף דער גאַס מקבל־פּנים זײַן משה־יאָסי דעם האמארניק'ס, זעהען, ווי ער טאַנצט און דרעהט זיך, זינגט און פּליעסקעט. יונגלעך שקצים

האָבּען איהם געמאַכט אַ הורראַ, געהאָלפען איהם זינגען זיין שמחת־תּורה׳דיגען ניגון, און די פּנים׳ער פון זיינע פּערעיאַסלאַווער אייניקלעך האָבּען געפלאַמט פאַר בושה. און ער, דער זיידע משה־יאָסי, זאָל דאָס אויף עמיצען אפילו אַ קוק טהון! ער טהוט זיך זיינס: ער געהט מיט זיין געליעבּטער שכינה אַ פריילינבס. איין עק פעטשיילע האַלט ער, דעם אַנדערען האַלט הקדוש־ברוך־הוא, און ער שמייכעלט און קנאַקט מיט די פינגער, טאַנצט און העפּעט און זינגט שטאַרקער און שטאַרקער:

משה שמח בשמחת־תּורה —
לאַמטעדרידאָם, היי־דאַ!
שישו ושמחו בשמחת־תּורה —
לאַמטעדרידאָם, דאָם־דאָם־דאָם!
היי־דאַ, דרי־דאַ־דאַ —
תּורת משה, האַ!...

## 44

# אוים יום־טוב — צוריק אַהיים

אינטריגעס און פּליאַטקעס צווישען דער משפּחה. — די קינדער ווערען אוים מיוחסים אין באַהסלאַוו. — עס ציהט זיי צוריק אַהיים.

שווער אויפ׳ן האַרצען, אומעטיג אויף דער נשמה און שטאַרק־שטאַרק וואַכעדיג איז געוואָרען די קינדער אויף מאָרגען נאָך יום־טוב, אַז מע האָט גענומען צעוואַלגערען די סוכּה. אָהן אַ טראָפּען רחמנות האָט דער פעטער איצי (אַ מענטש אָהן אַ האַרץ!) קודם־כּל אַרומגעריסען די ווענט, אַראָפּגעריסען דעם סכך, צענומען די בּרעטער, מיט איין אומגעהייערער רציחה אַרויסגעשלעפּט די צוויעקעס (וואָס האָט ער געהאַט צו די צוויעקעס?). נאָר די פיער סטויפּעס האָט ער געלאָזט שטעהן — און דאָס איז געווען אַ סך ערגער, וואָרום די פיער הוילע סטויפּעס האָבען געזאָגט עדות אויפ׳ן חורבּן, געקלאָגט און באַקלאָגט זיך: „זעהט, אידישע קינדער, וואָס פון אַ אידישער סוכּה קאָן ווערען!”... די אידען, וואָס ערשט נעכטען זענען זיי געווען שכּור־לוט, געטאַנצט און געפּליעסקעט און געמאַכט זיך נאַריש ווי קינדער, זענען מיט אַ מאָל געוואָרען אַלע ניכטער, סטאַטעטשנע און כּמעט זיך געשעמט קוקען איינס דאָס אַנדערע אין די אויגען אַריין. אַ מאָדנער אומעט האָט אַרומגענומען די שטאָדט, אַ זעלטענע מרה־שחורה האָט זיך אָנגע־רוקט אויף באָהסלאַוו. און אומעטיגער און טרויעריגער פון אַלע זענען געוואָרען די קינדער, די פערעיאַסלאַווער יתומים. וואָרום

כּל־זמן די קינדער זענען נאָך געווען געסט, האָבּען זיי זיך געפיהלט ניט שלעכט אין דעם באָהסלאוו, נאָר וואָס ווייטער האָבּען זיי אָנגעהויבּען אַלץ מעהר געוואוירע ווערען, אַז זיי זענען דאָ איבּעריג. דער זיידע משה־יאָסי איז זיך געזעסען בּיחידות אין טלית און תּפילין אויף די פּעלצען, אָדער גערּאַווענט, אָדער געלערענט, אָדער נעבּאָמקעט, צוגעקנאַקט מיט׳ן פינגער, אָדער געזיפצט און שטילער־הייט גערעדט מיט גאָט, אָדער דערצעהלט פאַר די קינדער זיינע שענע מעשיות פון אַמאָל, אָדער געזאָגט מוסר, פאַר וואָס זיי זענען ניט פרום, ווילען נישט גאָט דיענען, פאַרלענגערען דערמיט דעם קץ, דורך זיי קומט ניט משיח און דורך זיי לײדען נעבּאַך אידען אין גיהנם און טויזענטער־טויזענטער נשמות קאָנען ניט געלייטערט ווערען... דאָס אַלסדינג האָבּען די קינדער שוין געהערט וויפיעל מאָל אין חדר פון זייער רבּין, אין דער היים פון דער בּאַבּע מינדי און פון גלאַט אידען, וואָס האָבּען ליעב זאָגען מוסר און סטראַשען מיט׳ן גיהנם, און דאָס אַלסדינג האָט זיך זיי שוין לאַנג צוגעגעסען. זיי איז געווען אַ סך מעהר אינטערעסאַנט צו זעהען די פּאָליטיקע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיעלט דאָ בּיי זייער זיידען משה־יאָסי מיט דער בּאַבּע גיטעל אין שטוב.

טאָג ווי נאַכט זענען דאָרטען געווען אינטריגעס מיט סודות, מיט שושקערייען מיט רכילות׳ען. דער פעטער איצי מיט דער מוהמע סאָסי האָבּען געהאַלטען אין איין קלאָגען זיך אויף דער בּאַבּע גיטעל, אַז ס׳איז שווער בּיי איהר אַ גראָשען אַרויסצובּאַקומען פון אונטער די קישענס, און אויפ׳ן זיידען, אַז ער איז שוין צו פרום, אַזוי פרום, אַז ער איז שוין עובר־בּטל... „שוין צו אַלט" — האָבּען זיי גע׳טענה׳ט שטילערהייט, מאָדנע דערבּיי געשמייכעלט און צונויפגענומען די ליפּען... און די בּאַבּע גיטעל האָט זיך בּאַקלאָגט אויף איהר שנור און אויף איהר בּן־יחיד, אַז זיי געבּען איהר ניט אָפּ קיין כּבוד, ווי אַ מאַמען, און אַז זיי קוקען שוין אַרויס — זי ווייסט עס גאַנץ גוט, — זי זאָל צומאַכען מיט איין אויג; אויף דער ירושה, אויף דער ירושה קוקען זיי אַרויס!...

זיי אויף צו־להכעיס, וועט זי אָבער נאָך לעבען און לעבען, האָטש דער טוידט איז איהר טויזענט מאָל מעהר ניחא, וואָרום וואָס טויג איהר דאָס לעבען, משטיינס געזאָגט, א קאַליקע, באַגראָבען אַזא טאָכטער, אַזא חיה־אסתר, א מאַמע פון אַזוי פיעל קינדער, ווינד איז איהר און וועה!... מיט די אויסגעדרעהטע עלענבויגענס קוועטשט זי אַרויס א טרער פון איהרע קאַלי אויגען, רופט־צו די קינדער, שאַרט מיט די אויסגעדרעהטע הענט אונטער די קישענס, נעמט־אַרויס און שענקט זיי איטליכען באַזונדער א פאָר גראָשענס. דערזעהט דאָס די קליינע חוה־ליבע מיט די רויטע בעקלעך און מיט די קליינע ליפעלעך און טראָגט עס אָפ באַלד צו דער מוהמע סאָסי. און די מוהמע סאָסי גיט עס באַלד איבער דעם פעטער איציז, און ביידע שושקען זיי זיך, אַז פאַר איהרע א י י ג ע נ ע קינדער זשאַלעוועט מען א קאָפיקע, און די פ ר ע מ ד ע קינדער צעטיילט מען מאַיאָנטקעס גאַנצע!... און די קינדער הערען דאָס, און עס געהט זיי ניט אַיין. עס שלאָגט זיי צו דער גאַל.

וואָס ווייטער אַלץ ערגער. די קינדער פיהלען, אַז זיי זענען דאָ איבעריג. זיי זעהען, ווי מע קוקט אויף זיי בעת זיי עסען, זיי הערען הינטער די פּלייצעס, אַז מע רעדט פון זייערע „אַפּעטיטלעך”. עס שטעלט זיך זיי שוין דער ביסען אין האַלז. עס איז זיי שוין דאָרט אַלסדינג נמאס און טריפה. זיי קוקען שוין אַרויס אויף א בריוועל פונ׳ם טאַטען, ווי אויף משיח׳ן, — ווען וועלען זיי שוין פאָהרען אַהיים?...

דער גוטער גאָט האָט זיי געהאָלפען, דאָס גוטע בריוועל איז שוין דאָ: דורך א פערעיאַסלאַווער בעל־עגלה אָנגעקומען מיט א צושריפט, אַז מיט׳ן דאָזיגען בעל־עגלה טאַקי — ער הייסט נח — זאָלען די קינדער זיך אויפזעצען און פאָהרען אַהיים. לאָזט זיך אויס, אַז דער בעל־עגלה איז טאַקי א בעל־עגלה מיט א בויד און מיט סוסים, ווי עס געהער צו זיין, און הייסען הייסט ער טאַקי נח, האָטש ער אַליין זאָגט אויף זיך, אַז ער הייסט רב נח; האָט ער אָבער א חסרון — ער איז א הייזעריגער און האָט א פליך.

וואָלט דאָס אויך ניט אויסגעמאַכט. הייזעריג איז ער, זאָגט ער, געוואָרען פון שמחת־תּורה. היינטיגען שמחת־תּורה האָט ער גע־טרונקען בּראָנפען. דאָס הייסט, בּראָנפען טרינקט ער אַלע מאָל. נאָר צוליעב שמחת־תּורה האָט ער געמאַכט גאָר־גאָר אַ היבּשע כּוסה! אַ סברה, אַז מע האָט איהם געמינטערט... און דאָס, וואָס ער האָט אַ פּליך אויפ׳ן קאָפּ, איז איבּער דעם, וואָס קינדווייז פּלעגט ער זיך ניט לאָזען ניט צוואָגען, ניט קעמען. געווען איין עקשן. האָט מען איהם מיט גוואַלד געמוזט רייסען די האָר איינציג־ווייז. נאָר די אַלע זאַכען, זאָג איך נאָך אַ מאָל, האָבּען זיך מיט דער נסיעה גאָרניט אָנגעקעהרט. געשאָדט האָט צו דער נסיעה איין אַנדער זאַך: חאָטש נח איז געשיקט געוואָרען פון פּערע־יאַסלאַוו קיין בּאָהסלאַוו ספּעציעל, ער זאָל בּרענגען צו פיהרען פון דאָרטען נחום ראַבּינאָוויטש׳עס קינדער, פון דעסטוועגען האָט ער ניט געקאָנט בּיישטעהן דעם נסיון — טאָמער וועט איהם גאָט צושיקען אויף צוריקוועגס חאָטש אַ פּאָר פּאַרשווינדלעך, וועט דאָס זיין ווי געפונען. האָט ער זיך אַרומגעדרעהט אין מאַרק מיט דער בּייטש אַ טאָג און צוויי און דריי, די פּערדלעך האָבּען גע־חראָמקעט דעם האָבּער — און פּאַרשווינדלעך ניט אַ לעק! די קינדער איז דאָס וואַרטען געווען על אַפּם ועל חמתם! און אָט זאָגט מען זיי אָן די גוטע בּשורה — זיי פאָהרען! אַ סימן: נח האָט שוין אפילו אַרויסגעקאַטשעט דעם וואָגען און שמירט שוין די רעדער. „איצט מעגען שוין קומען כּל מלכי מזרח ומערב — פּאַרפאַלען! איצט מעג מען איהם אָנשיטען אָט אָ די בּויד מיט גאָלד, ער זאָל בּלייבּען איין איבּעריגע שעה אין בּאָהסלאַוו, מעג די שטאָדט פּאַרבּרענט ווערען, אָדער איינגעזונקען ווערען! אַז איהר קענט ניט רבּ נח׳ן!“... די קינדער חאַפּען זיך אַריין אין שטוב אַריין. זיי קלויבּען זיך אין וועג אַריין, געזעגענען זיך אָפּ מיט די בּאָהסלאַווער חברים, מיט דער אַלטער קלויז און מיט׳ן געלען קלייזעל און מיט׳ן „ראָס“ און מיט׳ן זיידען און מיט דער באָבּען. דער זיידע משה־יאָסי בּעת מעשה זאָגט זיי מוסר, פּאַר־

שטעהט זיך, און הייסט זיי זיין עהרליכע אידען, און די באבע גיטעל ווישט די אויגען מיט איהרע אויסגעדרעהטע הענט. נאָר פונ'ם פעטער איצי מיט דער מוהמע סאָסי הערען זיי א קאַלטען „פאָהרט־געזונט". די צוויי וואָלטען דוקא געווען צופריעדען, וואָס די „פרעמדע קינדער" פאָהרען אוועק, איז זיי פארשטעהרט געווען די שמחה, וואָס ניט אַלע פאָהרען זיי אוועק. עס פאָהרען נאָר די יונגלעך. די צוויי מיידלעך זענען געבליבען אין באָהסלאוו. וואָס איז די מעשה? א פראָסטע מעשה. די באבע גיטעל האָט געזאָגט: זי וועט זיי ניט לאָזען. זי וויל ניט, איהר חיה־אסתר'ס קינדער זאָלען ארייַנפאַלען צו א שטיפמאַמע.

טענה'ט דער פעטער איצי מיט א שמייכעלע, גלעט זיך די פאות און קוקט אויף די קישענס, וואו עס ליגט דער באבע'ס פארמעגען:

— נו, און אז די יונגלעך פאַלען־אריין צו א שטיפ־מאַמע, איז גוט? חע־חע!

— וואָס גלייכסט דו יונגלעך צו מיידלעך? וואָס האָרכט א יונגעל א שטיפמאַמען? א יונגעל געהט־אוועק אויף א גאַנצען טאָג אין חדר אריין. און א מיידעל וואָס? א מיידעל בלייבט אין דער היים ניאַנטשען דער שטיפמאַמע'ס קינדער...

דער פעטער איצי איז מיט דעם נאָך אַלץ ניט באַפריעדינט. ער גלעט זיך די פאות, קוקט אויף די קישענס און שמייכעלט און רעדט טיעף דיפּלאָמאַטיש, קוים וואָס מע שטויסט זיך:

— און ווי וואָלט געווען, למשל, ווען אַלע קינדער זאָלען זיין מיידלעך? חע־חע!

— וואָלט איך אַלע מיידלעך — ענטפערט איהם די באבע — געלאָזט ביי זיך.

דער פעטער איצי רעדט ווייטער, נאָר אָהן א שמייכעלע, און אַלץ פארשטעלט:

— וואו וואָלסט דו גענומען געלט, למשל, אויף אויסצוהאַלטען אזוי פיעל מיידלעך? (שוין אָהן א חע־חע).

— גאָט וואָלט מיר געהאָלפען. — ענטפערט די באָבע רוהיג. — אָט האָט דאָך מיר גאָט געהאָלפען אויסהאָדעווען אַזאַ קדיש ווי דו, וואָס קוקט־אַרוים אויף מיין ירושה, האָט מורא, ס׳וועט איהם ניט קלעקען...

— איצי! — רופט איהם די מוהמע סאָסי פון איהר חדר׳על. — איצי! קום אַהער, איך דאַרף דיר עפּים זאָגען!...

די קינדער קווענעלען־אָן פון דער באָבע גיטעל, וואָס זי האָט אַזוי קונציג אָפּגעשניטען דעם פעטער איצין, און זענען זיך מחיה, וואָס זיי פאָהרען שוין צוריק אַהיים.

אַ ביסעל איז זיי נאָר אַריין אין נאָז דאָס וואָרט „שטיפּ־מאַמע", וואָס זיי האָבען דאָ דערהערט צום ערשטען מאָל. זיי וועלען, הייסט עס, האָבען אַ שטיפמאַמע? וואָס איז דאָס אַזעלכעס „שטיפמאַמע"? און מיט וואָס איז אַ שטיפמאַמע אַזוי ביטער, וואָס די באָבע גיטעל האָט שוין באַצייטענס אויף זיי רחמנות?... ס׳איז כדאי, כלעבען, אָנצוקוקען די שטיפמאַמע. ס׳איז כדאי שוין צו פאָהרען אַהיים.

אַהיים! אַהיים! אַהיים!

# פונ׳ם יאַריד

לעבענסבאשרייבונגען

צווייטעס בוך

געשריבען אין די יאָהרען 1913—1916.

# אינהאלט

## 45

# אַ מענה־לשון פון אַ שטיפמאַמע

א שטיפמאַמע. — קללות נאָכ'ן אלף־בית. — דאָס ערשטע ווערק — אַ לעקסיקאָן פון קללות.

וואָס האָבען זיך מענטשען אָנגעחאַפּט — „שטיפמאַמע" ? ווערליג די קינדער האָבען זיך אָנגעהערט „שטיפמאַמע" און „שטיפמאַמע", האָבען זיי געמעגט מיינען, אַז אַ שטיפמאַמע איז טאַקי באמת מיט הערנער. אַז אויף יעדען טריט און יעדען שריט האָט מען זיי געסטראַשעט מיט דער שטיפמאַמע : „וואַרט־אויס, שקצים, אָט וועט דער טאַטע אַרויספאָהרען אויף דער וועלט און וועט אייך ברענגען אַ שטיפמאַמע, וועט איהר וויסען, וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבען !"... וואָס דאַרפט איהר מעהר — טאָמער וואַרעמט די זון ניט אַזוי פויגעלדיג, זאָגט מען : „די זון וואַרעמט, ווי אַ שטיפמאַמע"... עס מוז דאָך עפּיס זיין אין דעם. אַ וועלט איז דען משוגע ?

מיט אַ מאָל איז דער טאַטע נעלם געוואָרען. ס'איז אַוועק אַ וואָך, און אַ וואָך, און נאָך אַ וואָך. וואו איז אַהינגעקומען דער טאַטע ? מע זאָגט ניט ! עלטערע רעדען צווישען זיך, נאָר שטילערהייט, די קינדער זאָלען ניט הערען, און מעהר אויפ'ן וואונק. נאָר איין מאָל האָט אין חדר דער רבּי זיך אַרויסגעחאַפּט מיט אַ וואָרט. ער האָט אַ פרעג געגעבען ביי די קינדער : „נישטאָ נאָך דער טאַטע פון באַרדיטשעוו ?" צו דער דאָזיגער דיפּלאָמאַטישער

פראַגע האָט די רביצין צוגעזעצט פון איהר זייט נאָך מעהר דיפּלאָמאַטיש: „וואָס זשע? אַזוי גרינג קומט עס אָן איין אַלמן אראָפּצובּרענגען אַ שטיפמאַמע פאַר די יתומים?”... ווייסען מיר שוין, הייסט עס, אַז דער טאַטע איז אין באַרדיטשעוו, און אַז ער זוכט אַ שטיפמאַמע צו זיינע קינדער. וואָס זשע, פרעגט זיך, באַדאַרף מען זיך דאָ באַהאַלטען? וואָס איז דאָ דער סוד? והראיה: אַז ער האָט באַדאַרפט צו קומען אַהיים מיט דער סחורה פון באַרדיטשעוו, האָט ער פריהער צוגעשיקט אַ „שטאַפּעט”, אַז גאָט האָט איהם מזכּה געווען זיין גליקען, וואָס איז אַ מציאה אין אַלע אופנים, הן אין יחוס, הן אין געלט, און אַז ער וועט אין גיכען, אם ירצה השם, קומען מיט דער מציאה, און ער בעט, מע זאָל איהר ניט זאָגען אַזוי גיך, וויפיעל קינדער ער האָט — צו וואָס זאָל זי דאָס וויסען מיט אַ מאָל? מיט דער צייט וועט זי דאָס אַליין געוואוירע ווערען. סאַי־ווי־סאַי זענען ניט אַלע קינדער חל אויף איהר: די עלטערע זענען דאָך עלטערע, און די צוויי מיידלעך — די זענען דאָך ביי זייער באַבע. ער וואַשט זיך ניט אָפּ די הענט חלילה פון זיי. קינדער זענען קינדער. נאָר ביי אָט אַזעלכע ביטערע אָבסטאָיאַטעלסטוועס איז געזינטער, אַז מע פאַררוקט עטליכע קינדער אויף אַ קורצע צייט. „יותר אין לחדש רק חיים ושלום. השם יתברך זאָל העלפען, מע זאָל זיך זעהען אין גיכען בשלום. ממני...”

דער דאָזיגער בריעף וואָלט געמאַכט אַ גוטען איינדרוק, ווען ניט דער קנייטש מיט די קינדער. ערגער פון אַלץ איז דאָס געווען פאַר די קינדער גופא. אמת, זיי האָבען געפיהלט, אַז דער טאַטע האָט זיי ליעב, אַז זיי זענען איהם טייער איטליכס קינד באַזונדער, נאָר וואָס זיי זענען אויף אַ ווײַלע געוואָרען אַ מין קאָנטראַבּאַנדע־סחורה — דאָס האָט זיי אַ ביסעל אַ פּאָרקע געגעבען און אַרויסגערופען מאָדנע מחשבות און געדאַנקען. אָבער ניט אויף לאַנג, וואָרום אָט איז מען געקומען צו זיי אין חדר אַריין און מע האָט זיי אָנגעזאָגט אַ בשורה: „דער טאַטע איז געקומען און געבּראַכט

צו פיהרען פון באַרדיטשעוו אַ שטיפמאַמע״. „מזל טוב! — האָט זיך אַריינגעמישט די רביצין. — איהר זאָלט דערלעבען אָנזאָגען בעסערע בשורות!״... און דער רבי האָט אָפּגעלאָזט די קינדער אַהיים פאַר דער צייט.

געקומען אַהיים, האָבען די קינדער געטראָפען די גאַנצע משפחה: דעם פעטער פיני מיט זיינע זיהן, די מוהמע חנה מיט איהרע טעכטער, אַלע אַרום טיש. מע האָט געטרונקען טיי, בלומרשט געגעסען לעקאַך און איינגעמאַכטס און גערויכערט פּאַפּיראָסען, און גערעדט פוסטע רעד, וואָס אַ וואָרט צו אַ וואָרט האָט זיך ניט געקלעפּט, וואָרום קיינער האָט נישט געהערט וואָס דער אַנדערער זאָגט. יעדער איז געוועזן אַריינגעטהאָן אין זיינע אייגענע געדאַנקען, און אַלע אינאיינעם האָבען געהאַלטען אין איין קוקען אויף דער שטיפמאַמע און אין איין באַטראַכטען און אָפּשאַצען די מציאה, וואָס דער טאַטע האָט איינגעהאַנדעלט אין באַרדיטשעוו — און, דאַכט זיך, מע איז געוועזן צופריעדען מיט׳ן אָנקוק. אַ אידינע אַ בכבוד׳ע, ניט קיין נאַרישע, און דער עיקר — אַ ליעבליכע, אַ צוגעלאָזטע, אַ גוטע, אַ מענטש אָהן אַ גאַל! היינט וואָס האָבען זיי דאָ געפּילדערט, געמאַכט אָנשטעלען — „שטיפמאַמע״?...

ערשט העט־שפּעטער, אין אַ וואָך אַרום אָדער אין צוויי, האָט זיך די שטיפמאַמע אַרויסגעוויזען מיט איהר היציגען טעמפּעראַמענט און קודם כל אַרוים מיט איהר שפּראַך, מיט איהר אמת באַרדיטשעווער שטיפמאַמע־לשון, אַ שפּראַך אַ גלאַטע, אַ רייכע, אַ בלומענדיגע. אויף איטליכס וואָרט אַ קללה, און צום גראַם, און דוקא אין גוטען מוט. למשל: עסען — עסען זאָלען דיך ווערעם! טרינקען — טרינקען זאָלען דיך פּיאַווקעס! שרייען — שרייען זאָלסט דו אויף די צייהן! פאַרנייהען — נייהען זאָל מען אייך תכריכים! געהן — געהן זאָלסט דו אין דער ערד! שטעהן — שטעהן זאָלסט דו פּראַווצעס! זיצען — זיצען זאָלט איהר אין געהאַקטע וואונדען! ליגען — ליגען זאָלט איהר אין דער ערד!

רעדען — רעדען זאָלט איהר פון היץ! שווייגען — אנשוויגען זאָלט איהר ווערען אויף אייביג! זאָגען — געזאָגט זאָל אייך ווערען אלדאָס בייז! האָבען — האָבען זאָלסט דו מכּות בכורות! ניט האָבען — ניט האָבען זאָלסט דו קיין גוטס ווייל דו לעבסט! טראָגען — טראָגען זאָל דיך דער רוח אויף די פּלייצעס! אריינ־טראָגען — אריינטראָגען זאָל מען דיך א קראנקען! ארויס־טראָגען — ארויסטראָגען זאָל מען דיך א טוידטען! ארומ־טראָגען — ארומטראָגען זאָל מען דיך אויף די הענט! אוועק־טראָגען — אוועקטראָגען זאָל מען דיך אויפ'ן בית־עולם! צי, אשטייגער, למשל, נעמט אזא אומשולדיג וואָרט, ווי שרייבען? איז שרייבען זאָל מען דיר רעצעפּטען! פארשרייבען — פאר־שריבען זאָלסט דו ווערען צום טוידט! אָפּשרייבען — אָפּשרייבען זאָל מען דיך פון קדחת! אריינשרייבען — א משוגענעם אויס־מעקען און דיך אריינשרייבען!... און אמאָל איז זי געווען אויפ־געלעגט און א וואָרט האָט זיך אריינגעכאפּט איהר אין מויל אריין — האָט זיך עס געדרעהט און געפלאָכטען און געגאָסען זיך און געצויגען זיך, ווי א גוטער בוימעהל, גאָר אָהן איין אָפּשטעל, און אין איין אָטעם, ווי ביי א גוטען חזן די עשרת בני המן: „ס'זאָל דיך אָנכאפּען, רבונו של עולם, א שטעכעניש און א ברע־כעניש, א רייסעניש און א בייסעניש, א טריקעניש, א פארטרי־קעניש, איין אויסטריקעניש, איין איינטריקעניש, א דארעניש, א פארדארעניש, איין איינדארעניש, א שרימפּעניש, איין איינשרימ־פּעניש, ליעבער גאָט! הארציגער פאָטער, געטרייער!"...

דער העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראפיע איז זיך מודה, אז א היבש ביסעל קללות און שלאָגווערטער אין זיינע שפּעטערדיגע ווערק האָט ער גענאשט פון דער שטיפמאמע און פון איהר מענה־לשון. נאָך גאָר־גאָר אין די יונגע יאָהרען, ער האָט נאָך גאָר־ניט געוואוסט, וואָס שרייבען באטייט, און האָט נאָך גאָר אפילו ניט נע'חלומ'ט, אז ער וועט אמאָל זיין א שרייבער, האָט זיך איהם, אלס קוריאָז, פארוואָלט פארשרייבען אלע קללות, וואָס ער האָט

# 11

## פונ'ם יאריד

זיך אָנגעהערט פון זיין שטיפמאַמע, צונויפזאַמלען זיי אינאיינעם, מאַכען אַ מין ווערטערביכעל. האָט ער זיך ניט געפוילט, געזאַמעלט און געזאַמעלט, און אַז ער האָט זיי אָנגעזאַמעלט אַ היבש ביסעל, האָט ער זיי גענומען סאָרטירען נאָכ'ן אלף־בית, אָפּגעשוויצט אַ פּאָר גוטע נעכט און צונויפגעשטעלט אַ גאַנץ פיינעם לעקסיקאָן, על־פּי אלף־בית, וועלכער עס ווערט דאָ געגעבען נאָר אויפ'ן זכרון:

א — אביון, אומגליק, אידיאָט, אייזעל, איינגעגעסענע בריאה, אָפּגעריסענער נאַר, אשמדאי.

ב — באָלוואַן, באָדיונג, בטלן, בייטעלשניידער, בלינדערהאָז, בעדער, בעזעם, בעטלער, בערענטרייבער, בעל־עגלה, באַשעפעניש.

ג — גוי, גולם, גדלן, גזלן, גנב, געשלייערטע האָנזי.

ד — דאָנאָשטשיק, דבר־אחר, דלות, דערקאַטש.

ה — האָלעדראַנצים, האָצמאַך, האָצעקלאָץ, הולטיי, הינטשלעגער, הינקעדיגער שניידער, המן, הפקר־יונג.

ו — וואַנץ, וויסטע קאַליקע, וועוורוק, ווערעמיגער, וצדקתך.

ז — זאַאיקע, זאַק פּאַלאָווע, זויערע קיסליצע, זומערפויגעל, זויפער, זיצפלייש.

ח — חאַליפּוסניק, חאַפּער, חוזק, חזיר, חיים־יענקעל, חכם־בלילה, חלירע.

ט — טאָטער, טאָרבע, טויגעניכטס, טפּש, טערקישער פעפער, טריפה קישקע.

י — יאַטקעהונט, יונגאַטש, יורקע, ימח־שמו'ניק, ים־קאָטער.

כ — כזבן, כל־בו'ניק, כלב שבכלבים.

ל — לאָבוס, לאַבאַזניק, לאָדער, לא־יוצלח, לאַמטערנשיסער, ליגנער, למדן־ואו'ניק, לעדיגגעהער.

מ — מאַלפּע, מאַמעטליווע בחור, מאָנדריש, מגיד, מלמד, משומד.

נ — נאַריש פּנים, נאַפּודעלע, נאַשער, נודניק, נכפה'ניק.

ס — סאַוואולע, סוואָלעטש, סווישטשון, סמאַרקאַטש.

ע — עזות־פּנים, עני ואביון, עפּוש, עקדיש, עקשן.

פּ — פּאַסקודניאַק, פּאַציאָרע, פּאַרטאַטש, פּאַרך, פּוסטע־פּאַסניק, פּופּיק, פּיפּערנאָטער, פּלעצל, פּעטעלעלע, פּעמפּיק, פּראַ־אָדם, פּריטשעפּע.

פ — פֿאָנפֿאַטש, פֿאַלשער מענטש, פֿאַרשלעפּטע קרענק, פֿויליאַק, פֿייפֿער, פֿליאַסקעדריגע, פֿלאָכט, פֿלאָקענשיסער, פֿער־דאַטש, פֿרעסער.

צ — צבועק, צדיק־אין־פּעלץ, צורה־מלוכה, צלם־קאָפּ, צע־בראָכענער שאַרבן, צרעת.

ק — קאַטאָרזשניק, קאָכלעפֿל, קאַליקע, קאַרטאָפֿלישלינגער, קאָרטענשפּיעלער, קאַפּעלישמאַכער, קבצן, קוימענקעהרער, קישקע־אָהן־אַ־דנאָ, קלעק, קריכער, קשקשת.

ר — רויטער, רוצח, רכילות'ניק, רעטאַך, רשע מרושע.

ש — שאַרלאַטאַן, שבת־גוי, שוטה בן פּיקהאָלץ, שוסטער, שייגעץ, שליאַטעטש, שיקסע, שלאַנג, שלים־מזל, שמאַטע, שמד־קאָפּ, שמינדער־בגעץ, שמענדריק, שנויץ מיט ברויט, שקראַב.

ת — תּרח.

דאָס איז געווען, קאָן מען זאָגען, דאָס ערשטע ווערק, וואָס דער קומענדיגער שלום-עליכם האָט פאַרפאַסט, און אַ נאָמען גע־געבען האָט ער עס: „אַ מענה-לשון פון אַ שטיפמאַמע"... מיט דעם ווערק האָט זיך געטראָפען אַ מעשה, וואָס האָט זיך געקאָנט ענדיגען מיט גאָר אַ מיאוס'ער קאַטאַסטראָפע.

מחמת עס האָט געמוזט זיין אויסגעשטעלט שטרענג נאָכ'ן אַלף־בית, האָט דער פאַרפאַסער שטאַרק געשוויצט, עטליכע מאָל איבערגעשריבען דאָס ווערטערבוך. האָט דער טאַטע, אפנים, באַמערקט, אַז דער חברה־מאַן אַרבייט עפּיס זעהר געשמאַק. איז ער אונטערגעגאַנגען איינמאָל ביינאַכט פון הינטען, אַריינגעקוקט אינוועניג און אַ נעם געגעבען צו זיך דעם כּתב־יד און איבער־געלייענט פון אַלף ביז תּיו. און לא־די, וואָס ער האָט עס אַליין געלייענט, האָט ער עס נאָך דורכגעלייענט פאַר דער שטיפמאַמע. און עס איז געשעהען אַ נס: ס'איז שווער צו וויסען, צי וייל

13

## פונ׳ם יאריד

ס׳איז גראַד געווען אין אַ גוטער מינוט, ווען זי איז געווען אויפ־געלעגט, צי ווייל זי האָט זיך געשעמט צו זיין אין כּעס, — נאָר ס׳איז אָנגעפאַלען אויף איהר אַ מאָדנער בייזער געלעכטער. יענע האָט אַזוי געלאַכט, אַזש געקוויטשעט. מע האָט געמיינט, אַז זי וועט דעם שלאַק באַקומען! מעהר פון אַלץ זענען איהר געפעלען די ווערטער „פופיק" און „קשקשת". „פופיק" האָט ביי איהר געהייסען טאַקי דער העלד פון דער דאָזיגער באַשרייבונג. און „קשקשת" (קאַשקעט) — מיט דעם נאָמען האָט זי געקרוינט איין עלטערען בחור׳על דערפאַר, וואָס ער האָט געטראָגען אַ נייעם קאַשקעט.

נו, געהט זייט אַ נביא, אַז ס׳וועט זיך ענדיגען גאָר מיט אַ געלעכטער! אודאי האָט דער מחבר פונ׳ם לעקסיקאָן ביי זיך אין הארצען געבענטשט גומל, וואָס ס׳האָט זיך אַזוי גוט אויסגעלאָזט.

# אויפ׳ן בענקעלע ביי׳ם טויער

דער „איינפאהר“. — דאס פאררופעז אורחים. — ווידער חלומות וועגעז אוצר.

ווייסט איהר, וואָס הייסט איין „איינפאָהר“? — איין „איינ־פאָהר“ איז ניט קיין אכסניה און ניט קיין האָטעל, נאָר עפּים אזעלכעס, וואָס געפינט זיך צווישען די דאָזיגע צוויי מינים, אָדער —ביידע מינים אינאיינעם. די אכסניה, אָדער דער טיפּ האָטעל, וואָס נחום ראבינאָוויטש האָט געהאלטען אין דער שטאָדט פּערעיאסלאוו און געלעבט דערפון, איז געווען דער אמת׳ער „איינ־פאָהר“. א גרויסער הויף מיט גרויסע שטאלען פאר פערד און וואָגענס און מיט גרויסע חדרים מיט בעטלעך פאר די אורחים. מיינסטענס זענען אין די חדרים געשטאנען צו עטליכע בעטלעך, און דער אורח, וואָס איז פארפאָהרען, האָט נאָר אָפּגעדונגען א בעטעל, ניט קיין גאנצען חדר. סיידען א נגיד, איין אָפּגעפּוצטער, א מיוחס. אזעלכע זענען אָבער געווען זעלטען, און די האָבען געהייסען „פעטע“ אורחים. דאָס רוב אורחים זענען געווען „בעטלעך“. די האָבען נישט באדארפט באזונדער קיין סאמאָווארען מיט קיין באדיענערס. איין סאמאָוואר א גרויסער איז אריינגע־טראָגען געוואָרען אין „זאל“, און יעדער פון די „בעטעל־אורחים“ האָט זיך געהאט זיין טשייניק מיט זיין ביסעל טיי — גיסט אייך, אידישע קינדער, און טרינקט אייך וויפיעל אייער הארץ גלוסט!... א מחיה געווען אָנצוקוקען אין דער פריה, אָדער אויף דער נאכט,

16

# פונ'ם יאריד

ביי ראבינאוויטשען אין איינפאהר. א גאנץ בינטעל אידען ארום טיש, מע טרינקט און מע רעדט אלע אינאיינעם און מע גרעגערט און מע רויכערט — דעם רויך האטש שניידט מיט א מעסער! און רעדען רעדט מען פון וואס איהר ווילט. דער רעדט פונ'ם יאריד — א יאריד־מענטש. דער רעדט פון ווייץ — א איד, וואס האנדעלט מיט ברויט. דער רעדט פון דאקטוירים — א איד א קראנקער, וואס הוסט. און דער רעדט גאר פון חזנים — א איד, וואס האט ליעב נגינה, און טהוט איהם עפּיס. און יענער זיצט זיך אין א ווינקעל, שאקעלט זיך און דאווענט דערווייל פון פארענט מיט א קול פון א נקבה. און דער בעל־הבית אליין, רב נחום ראבינאוויטש, א איד א חלוש, ווי אייך איז שוין באקאנט, מיט א קעצען האלאטעל, מיט א קיילעכיג יארמעלקעלע אויפ'ן קאפּ און מיט א גראבען פּאפּיראס, זיצט צווישען די אורחים אויבענאן, ווי א מלך, און הערט זיי אויס אלעמען אין איין צייט, אבער נאר מיט איין אויהער, ווייל מיט'ן אנדערען אויהער הערט ער זיך צו, אפשר ניט ווילענדיג, צו דער שטיפמאמע'ס מענה־לשון, וואס גיסט זיך אזוי ווי בוימעהל און ציהט זיך אזוי ווי האניג. דאס רעכענט זי זיך מיט איהרע שטיפקינדער אויפ'ן ניכטערען הארצען, טיילט זיי אויס ברכות יעדען באזונדער מיט דער פולער האנט. דערלאנגט דעם א זעץ אין זייט אריין, דעם א סטוסאק אין האלז־און־נאקען, און יענעם איז זי מכבד מיט'ן רעכטען פוס אין בויך אריין. זי וויל, אז איינער זאל געהן פארוויעגען איהר דאס קינד, אז דער אנדערער זאל געהן אין מארק אריין איהר העלפען טראגען דעם קויש, און אז דער דריטער זאל געהן גלאט אין דער ערד אריין... און די קינדער פאלגען, טהוען אלץ וואס מע הייסט זיי, ווארום די צייט איז שלעכט, פרנסה איז געשלאגען, אין חדר געהט מען נאר א האלבען טאג, דעם אנדערען האלבען טאג העלפט מען אויס דעם טאטען ווי ווייט מע קאן. ווער אין שטוב ארום די אורחים, און ווער אין דרויסען אויפ'ן בענקעלע ביי'ם טויער — צו פאררופען די דורכפאהרענדיגע בעלי־עגלות: „אהער פארפאהרט, אהער!"...

אודאי איז אין דרויסען אויפ'ן בענקעלע ביי'ם טויער שוין בעסער, ווי אויסצושטעהן דעם הו־הא, מיט'ן גיהנום, מיט'ן גלות־שטיפמאמע אינוועניג אין שטוב. דאָס זיצען ביי'ם טויער אויפ'ן בענקעלע איז גאָר קיין ארבייט ניט. דאָס איז א שפיעלכעל, א פארגעניגען. ווער שמועסט זומער, אז די בעלי־עגלות פליהען מיט א הוק און מיט א פייף און מיט א קנאק. דאָס פאָהרען זיי פונ'ם פאראחאָד מיט פארשוינדלעך, ווילען איבעריאָגען איינס דאָס אנדערע, הויבען זיי אויף אזא שטויב, אז מע זעהט ניט ארויס די פאסאזשירען, וואָס פאר א פנים זיי האָבען. נאָר אז אין וואָגען געפינען זיך פאסאזשירען — דאָס זעהט מען. און אלע יונגלעך מיט אלע משרתים פון די איינפאָהר־הייזער טהוען זיך א לאָז אקעגען דעם בעל־עגלה מיט א פרייליכען געפילדער: „אהער, פעטער! אהער פארפאָהרט!" און דער בעל־עגלה ענטפערט זיי אָפּ מיט דער בייטש, פליהט־דורך פארביי און ווערט פארשוואונדען אינ'ם געדיכטען שטויב, לאָזט־איבער די יונגלעך און די משרתים מיט א נאָז.

דאָס איז אָבער נאָר זומער־צייט, בעת נאוויגאציע, ווען דער דניעפער געהט. ווינטער, אז דער דניעפער שטעלט זיך אוועק, לעבט דער איינפאָהר פון איין אנדער סאָרט אורחים. ווינטער פאָהרען אריין גרויסע בוכטעס, אָדער בוידען, געפאקט מיט א מין סחורה, וואָס איז איינגעוויקעלט אין ציגאָווקעס און שטינקט מיט טאראן. דאָס זענען שוין ניט קיין אורחים אויף צו עסען שבתים און פארנעמען בעטלעך. זיי זענען ניט קליין צו ליגען אלע אינ־איינעם אויף דער ערד, אָדער אין הויף ביי די וועגען, און זיי געבען צו לייזען נאָר פאר היי און האָבער. פון אזעלכע פארשוינען האָט מען ווייניג נחת, און פרנסה נאָך ווייניגער. הייגט דאָס זיצען אליין אויפ'ן בענקעלע ביי'ם טויער אויפ'ן פראָסט איז אויך עפּיס ניט אזוי זיס. דער העלד פון די דאָזיגע באשרייבונגען געדענקט גאנץ גוט יענע צייט, ווען ער איז געזעסען אויפ'ן בענקעלע ביי'ם טויער. זומער אין דער גרעסטער היץ געבראָטען זיך אויף דער

17

# יונ׳ם יאריד

איינזון, און ווינטער אויף דער קעלט געפרוירען ווי א הונט, איינ־געהילט אין א צעריסען פעלצעל מיט אזעלכע שטיוועלעך, וואס האבען זיך געבעטען צום שוסטער, און ער האט געקלאפט א פוס אן א פוס און ארויסגעקוקט, טאמער וועט זיך באווייזען א בעל־עגלה, אדער א בוכטע מיט אורחים, וועט ער אויפשטעהן, זיך לאזען אקעגען: „אהער פאהרט! פארפאהרט אהער!” זענען אבער בעלי־עגלות, ווי אויף צו־להכעיס, דורכגעפליגען פארביי און זענען גאר פארפאהרען אין א צווייטען, א רייכערען איינפאהר, טאקי אקעגען, צו ראובן יאסנעגראדסקי. דארט זענען, זאגט מען, פארהאן חדרים גרויסע, מיט ווייכע בענקלעך, מיט שפיגלען, מיט נאך און נאך זאכען, וואס די ראבינאוויטשעס פארמעגען דאס ניט. דערפאר איז דארט תמיד פול געפאקט מיט פעטע אורחים, און ביי זיי, ביי די ראבינאוויטשעס אין איינפאהר, איז פוסט, האטש הינט צו פארטרייבען. און דאס פארדריסט שלומ׳ען זעהר שטארק — אויף וועמען? אויף גאט! פאר וואס האט גאט ניט געמאכט אזוי, אז ער זאל בעסער געבוירען ווערען ביי ראובן יאסנעגראדסקי, איידער ביי נחום ראבינאוויטשען פאר א זוהן?...

און ראובן יאסנעגראדסקי ווערט ביי איהם א סימבאל פון מזל, פון עשירות און פון אלדאס גוטס. און א סך פעטע אורחים ווערט ביי איהם א אידעאל, א צווייטער „אוצר”, פון וועלכען ער חלומ׳ט אצינד, ווי ער האט גע׳חלומ׳ט אמאל, אין שמואליק׳ס צייטען. און עס שטעלט זיך איהם פאר אין יעדען פוהרעל, וואס פאהרט־דורך פארביי, אז דאס פאהרט א בעל־עגלה מיט בכבוד׳ע פארשוינען, פעטע אורחים אין בערענע פעלצען. עס פאהרט־דורך דער בעל־עגלה אקוראט נעבען זייער איינפאהר, און איידער שלום באווייזט ארויסצורעדען דאס ווארט: „אהער!” האט דער בעל־עגלה שוין אליין אפגעשטעלט די פערדלעך: „טפררררו!” — און עס קריכען־ארויס פון דארטען איינס נאך דאס אנדערע די בכבוד׳ע פארשוינען אין זייערע בערענע פעלצען. און מע טראגט־אראפ נאך זיי געלע לעדערנע טשעמאדאנעס, אנגעפאקט מיט כל טוב, יעדער

משעמאָדאַן וועגט אַ פּוד! און זיי מאַרשירען־אַריין אין שטוב אַריין, און זיי הייסען זיך געבען איטליכען באַזונדער אַ נומער, און בעטען, מע זאָל זיי דערלאַנגען סאַמאָוואַרען, און הייסען קאָכען וואַרעמעס און וועטשערע. און עס קומט־אַריין צו זיי דער טאַטע אין דער יאַרמעלקע, מיט אַ שמייכלענדיג פּנים, און שטעקט זיי אָפּ אַ ברייטען שלום־עליכם און פרעגט זיי, צי רעכענען זיי דאָ שבת האַלטען? צעלאַכען זיי זיך און זאָגען: „וואָס עפּיס איין שבת? פאַר וואָס ניט דריי שבתים? און לאָזען לאָזט זיך אויס, אַז דאָס זענען גאָר סוחרים, וואָס זענען געקומען קויפען ווייץ, און ביי קויפען ווייץ וועט דער טאַטע קאָנען חאַפּען אַ שען פּאַרדיענסטעל קאָמיסיע, און טאַקי פאַר וואָס ניט אָפּלעקען אַ ביינדעל?... אין דעם קומט־אָן די שטיפמאַמע, אַרויפגעחאַפּט אויף זיך די שבת׳דיגע זיידענע פּעטשיילע; דאָס פּנים פלאַקערט איהר פאַר פרייד, און זי קוקט מיט איין אויג אויף די פעטע אורחים און טהוט אַ פרעג שטילערהייט: „ווער האָט דאָס זיי געבראַכט צו פיהרען?” „ס׳איך האָב זיי פאַררופען, איך!” — ענטפערט איהר שלום מיט גדלות, און איז גליקליך מיט׳ן ליגען, וואָס ער האָט דאָ נאָר־וואָס אָפּגעטאָקט. גליקליך, וואָס אויך ביי זיי וועט אַמאָל זיין אַ גוטער טאָג, חאָטש איין טאָג אַ גוטער. און אַ שבת אַ גוטער — אַך! וואָס פאַר אַ פרייליכער שבת ביי זיי וועט זיין! און פאַר וואָס עפּיס נאָר איין שבת? פאַר וואָס ניט אַלע דריי שבתים?...

דאָס אַלסדינג וואָלט געווען זעהר גוט, ווען ס׳זאָל ניט זיין קיין דמיון, קיין חלום. די דאָזיגע פעטע אורחים אין די בערענע פּעלצען מיט די געלע טשעמאָדאַנעס זענען טאַקי צוגעפאָהרען און טאַקי אָפּגעשטעלט זיך, נאָר ניט ביי זייער איינפאָהר — אַקוראַט אַקעגען האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט, ביי ראובן יאַסנעגראַדסקי׳ס איינפאָהר... „אַך! וואָסערע שלעכטע, שלעכטע אורחים! וואָס וואָלט זיי געאַהרט, זיי זאָלען בעסער געווען פאַרפאָהרען צו אונז?” — טראַכט זיך דער שטענדיגער בעל־דמיון און קומט־אַריין

# 19

## פונ׳ם יאריד

אין שטוב א דורכגעפרוירענער דורך און דורך, און טרעפט דעם טאטען אינ׳ם קעצענעם חאלאטעל, איינגעבויגען אין דרייען איבער א ספר, און די שטיפמאמע גליהט ווי אויף פאקען: „נישט געקומען קיינער? וואס וועט זי טהון מיט׳ן ברויט, וואס זי האט אנגעבאקען, און מיט די פיש, וואס זי האט אנגעקאכט? חאטש נעם ווארף זיי ארויס פאר די הינט! ציי איהר מיינט אפשר, אז ס׳וועט זיין פון אייערטוועגען? — ווענדט זי זיך צו די שטיפקינדער. — איהר זענט גאר נעבאך קראנק צו עסען אלטגעבאקען ברויט! ס׳וועט זיך אייך אודאי שטעלען פאפעריק אין האלז, אדער אייער מאגען וועט עס חלילה ניט פארדייען! א קלייניגקייט, אזעלכע איבערגעוואשענע קינדערלעך, א גאנצע חאליאסטרע, קיין גאר־עין־הרע, און אלע אזוי איידעל געפאצקעט! מע האט זיי ניט געקאנט איבערלאזען, ווי די מיידלעך, אין באהסלאוו ביי׳ם זיידען מיט דער באבע, זיי זאלען בעסער דארטען קרענקען, איידער נעמען זיי אהער, נעמען זאל אייך דער רוח, זיי זאלען העלפען עסען, עסען זאלען אייך ווערעם און טאטשען אייער לייב לעבעסען דיגערהייט, ס׳זאל פאלען פון אייך שטיקער, ווי סע פאלט פון מיר, אז עס קומט דער ווינטער, קומען זאל אויף אייך איין אויסחאפעניש מיט איין איינדארעניש מיט איין איינשרימפעניש״...

דא געהט אוועק א באקאנטער מענה־לשון, און שלום דער בעל־החלומות פארגעסט, אז ס׳איז איהם קאלט, און ער לויפט־ארויס צוריק אויף דער קעלט, צוריק צום טויער אויפ׳ן בענקעלע. דארט איז בעסער. דארט קאן מען חאטש זיצען רוהיג און חלומ׳ען וועגען דעם, טאמער וועט גאט פארט צושיקען עפיס פעטע אורחים מיט בערענע פעלצען, מיט געלע לעדערנע טשעמאדאנעס, וואס וועלען זיך אפשר פארט אפשטעלען ביי זיי אין איינפאהר, ניט אקעגען ביי ראובן יאסנעגראדסקי?... גאט, אז ער וויל, קאן ער!

## 47

# דער קאָלעקטאָר

זאַקסישע און ברוינשווייגער לאָטעריי־צעטלען. — גרויסע האָפע־נונגען, נישטיגע געווינסען. — ער שרייבט אַ ראָמאַן אויפ׳ן שניט פון מאַפו׳ס „אהבת ציון“.

צו באַוואונדערען, וואָס פאַר אַ שטאַרקער מענטש אָט דער שוואַכער איד, דער שטילער און פאַרטראַכטער נחום ראַבינאָוויטש, האָט באַדאַרפט צו זיין, אַז ער האָט געקאָנט אַריבערטראָגען דעם גלות פון דער שטיפמאַמע, אויסהערען איהר מענה־לשון מיט איהרע ברכות, צוזעהען, ווי זי פייניגט זיינע קינדער, און נישט אַרויס־טרעטען מיט אַ וואָרט אפילו! וואָס דער מענטש האָט איבער־געטראָגען אינוועניג ביי זיך אין האַרצען — קאָן מען נישט וויסען. אַרויסבאַוויזען האָט ער עס אָבער קיינמאָל ניט און אַרויסגעזאָגט האָט ער עס קיינעם ניט. און דערפאַר, אפנים, האָט זי געלעגט אויף איהם כבוד, געעהרט, רעספּעקטירט, נישט באַגאַנגען זיך קעגען איהם אַזוי גראָב, ווי צו זיינע קינדער, למשל, און געשעצט איהם אַזוי הויך, ווי ס׳איז נאָר מעגליך געווען פאַר אַזאַ אידינע, וואָס האָט אַליין אויך קיין האָניג ניט געלעקט, נעבאַך גוט אויס־געריסען געוואָרען, געהאָרעוועט ווי איין אָכס אויף אַזאַ גרויסער שטוב מיט אַ חאַליאַסטרע קינדער, אייגענע און פרעמדע.

און אפשר האָט זיך איהר רעספּעקט גענומען דערפון, וואָס זי האָט געזעהען, מיט וואָס פאַר אַ כבוד מע האַלט איהר מאַן אין שטאָדט, חאָטש אַלע וויסען, אַז ער איז ווייט פון אַ נגיד,

פארדיענט קוים דאס שטיקעל ברויט. קיין נארישע אידינע, ווי געזאגט, איז זי ניט געווען, נאר א פארביטערטע נשמה, נישט קיין איינגעהאלטענע בשעת כעס און בטבע איין אפענטליכער מענטש: וואס אויף דער לונג, דאס אויף דער צונג. דערפאר, וואס דער טאטע האט איהר קיינמאל ניט געשטעהרט אין איהר מענה־לשון, האט זי איהם ניט געשטעהרט אין זיינע זאכען — ארייננקוקען אין א בוך, שפיעלען א שאך אדער אזוי פארברענגען מיט א מענטשען. און די מענטשען, מיט וועלכע דער טאטע האט פאר־בראכט, זענען געווען לויטער משכילים, אויפגעקלערטע יונגעלייט און גלאט „קאפמענטשען", מע קאן זאגען, די סמעטענע פון דער דעמאלטיגער שטאדט־אינטעליגענץ. דאס איז געווען א גאנץ בינטעל משכילים, וואס פארדיענען אויסגערעכענט צו ווערען ביי די נעמען און אפגעמאהלט צו ווערען, ווי זיי שטעהען און געהען, מיט זייער גאנצער פיגור.

דער ערשטער באדארף באשריבען ווערען „דער קאלעקטאר", א איד א בעל־בשר, א שווערער איד, נאר א „קאפמענטש" און — ווי מע האט אונטערגעשמועסט — א שטיקעל אפיקורס, חאטש ער האט געטראגען א לאנגע קאפאטע און גערדיכטע פאות. נחום ראבינאוויטש האט געזאגט אויף איהם, אז דער איד איז „עמוק" און אז ער „ווייסט א שלל". גאנצע טעג האבען זיי געקאנט אוועקזיצען אינצווייען און רעדען און רעדען אהן א שיעור. פון וואנען האט זיך גענומען ביי זיי אזוי פיעל רעד? אפטמאל פלעגט דער קאלעקטאר קומען מיט א ביכעל, אפטמאל נעמען א ביכעל. ביי דער שטיפמאמע האט ער געהאט א צונעמעניש: „דער קאלטון" — דערפאר, וואס ער האט געהאט א קאלטונעוואטע בארד. נאר אין שטאדט האט ער געהייסען „דער קאלעקטאר". געהאנדעלט מיט צעטלען, זאקסישע און ברוינשווייגער צעטלען. געטראגען האט ער שווארצע ברילען (געהאט קאלי אויגען), זומער און ווינטער איז ער געגאנגען אין טיפע קאלאשען. קיין שטיוועל ניט, נאר קאלאשען, ווייסע זאקען און קאלאשען. א

גרויסער אביון, נאָר אַ מורא׳דיגער בעל־בטחון. געווען זיכער, אַז זיינע קונדען מוזען אַמאָל אויסנעמען דאָס גרויסע געווינס, און דורך דעם וועט ער שוין אַליין אויך געהאָלפען ווערען. און געווינען, האָט ער געזאָגט, וועט ניט קיין אַנדערער, נאָר נחום ראַבינאָוויטש. ער איז איהם מבטיח, וואָרום קיינער באַדאַרף ניט אַזוי נויטיג דאָס גרויסע געווינס, האָט ער געזאָגט מיט אַ טעם, ווי רב נחום ראַבינאָוויטש... עס קאָן זיין, אַז דאָס אייגענע האָט ער מבטיח געווען אויך זיינע אַנדערע קונדען. ער האָט זיי געהאַט אַ סך, כמעט די גאַנצע שטאָדט אידען האָבען געשפּיעלט לאָטעריי. נאָר נחום ראַבינאָוויטש האָט אין איהם געגלויבט, ווי אין אַ רבין, און גלייך מיט איהם אַרויסגעקוקט אויפ׳ן גרויסען געווינס, ווי אויף משיח׳ען, געזיפצט און געבענקט אוז געוואַרט, אַז אָט־אָט קומט דער קאָלעקטאָר מיט דער גוטער בשורה: „מזל־טוב, רב נחום, איהר האָט געוואונען די פינף און צוואַנציג טויזענט"...

דער העלד פון דער באַשרייבונג געדענקט, אַז אַלע מאָל, ווען ס׳האָט געהאַלטען ביי דער לעצטער ציהונג פון דער לעצטער קלאַס, האָט דער טאַטע ניט געקאָנט איינזיצען אויף איין אָרט, געזיפצט מעהר ווי אַלע מאָל, שטאַרק געגעהניצט און געצויגען זיך, ווי אין אַ פיעבער. גלייך מיט׳ן טאַטען האָט אויך שלום געפיעבערט און אַרויסגעקוקט אויף דעם גליקליכען טאָג, אפשר נאָך מעהר ווי דער טאַטע. ער איז געווען זיכער, אַז ניט קיינער, נאָר זיין טאַטע איז דער קאַנדידאַט אויפ׳ן גרויסען געווינס. דאָ האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט ווידער אַ מאָל דער אוצר פון זיין חבר שמואליק. ער האָט געטראַכט וועגען דעם גאַנצע טעג. ער האָט געקאָנט אויסוועניג די נומערען פונ׳ם טאַטענ׳ס צעטלען. ער האָט זיי געזעהען אין חלום. ער האָט זיך גאָר ניט געקאָנט פאָרשטעלען, אַז גאָט זאָל זיין אַזאַ שלעכטער. וואָס וועט איהם אַהרען, דעם רבונו־של־עולם, אַז ס׳וועט אַרויס דעם טאַטענ׳ס נומער? דאָס איז דאָך שוין ביי גאָט אַזוי גרינג, וואָס גרינגער קאָן שוין גאָר ניט זיין...

שלום, זיצענדיג אין דרויסען אויפ׳ן בענקעלע בײ׳ם טויער, דערזעהט פון ווייטען דעם קאָלעקטאָר, ווי ער שפּרייזט מיט די טיעפע קאַלאָשען גלייך צו זיי, — לויפט ער אַנזאָגען דעם טאַטען אַ בשורה: „ער געהט!“ — „ווער?“ — „דער קאָלעקטאָר“. — „און אַז דער קאָלעקטאָר, איז וואָס?“ — „וואָס הייסט? היינט איז דאָך דער לעצטער טאָג פון דער ציהונג!“...

אזוי זאָגט שלום צום טאַטען, און ער באַמערקט, ווי דעם טאַטענ׳ס געל־געקנייטשט פּנים איז בלאַס געוואָרען. אין זיינע פאַרזאָרגטע אויגען האָט זיך באַוויזען אַ פייערל און איז באַלד פאַרלאָשען געוואָרען.

דער קאָלעקטאָר קומט־אַריין אַ פאַרסאַפּעטער — ער האָט איין אַסטמאַ. „ביי איהם בלייב עס“, זאָגט די שטיפמאַמע. מוז ער פריהער איבערחאַפּען דעם אָטעם און זאָגט אַ גוט־מאָרגען. דער טאַטע פרעגט נישט ביי איהם גאָרנישט. ס׳זאָל עפּיס זיין, וואָלט ער דאָך אַליין געזאָגט... יענער זעצט זיך אַוועק, פאַרשאַרט דאָס היטעל, ווישט זיך מיט דער פּאָלע דעם פאַרשוויצטען שטערן און דערצעהלט אַ נייעס, אַז ס׳איז היים מיט סכנת־נפשות! ממש עס ברענט! עס ברענט!... אַ פויזע. ביידע שווייגען. דערנאָך בינדט ער אויף די פּעטשיילע, אַ פאַרסמאָלצעוועטע, אַ רויטע, מיט גרינע פּליאַמעס און שמעקט מיט הערינג. דאָרט ליגען ביי איהם אַלע לאָטעריי־צעטלען. ער נעמט־אַרויס מיט ציטערענדיגע באַוואַכסענע הענט אַ גרויסען בויגען פּאַפּיער מיט אַ סך ציפערען פון אויבען ביז אַראָפּ, זוכט און זוכט מיט די שוואַרצע ברילען. שאַט! ער האָט געפונען! ער שטעלט־אָן די שוואַרצע ברילען אויפ׳ן טאַטען:

— אייער נומער, רב נחום, איז, דאַכט זיך, אויב איך האָב קיין טעות ניט, זעכצעהן טויזענט דריי הונדערט פיער און אַכציג?

— איך פאַרשטעה ניט, וואָס איהר פרעגט ביי מיר. — ענטפערט איהם דער טאַטע מיט אַ שמייכעל. — מיר דאַכט, אַז

איהר האָט אַ גוטען זכּרון: איהר ווייסט אַלעמענ׳ס נומערען אויף אויסווענדיג.

— אויף אויסווענדיג — זאָגט איהר? סע קאָן זיין. הכּלל, זעכצעהן טויזענט, זאָגט איהר, דריי הונדערט מיט פיער און אַכציג.

ער קוקט דורך די שווארצע ברילען און טאַפּט מיט די פינגער אינ׳ם ציפּערדיגען פּאַפּיער. שלום פיהלט, אַז אָט־אָט שפּרינגט איהם אַרויס דאָס הארץ. נו? לאָמיר שוין הערען!... נאָר דער קאָלעקטאָר האָט צייט. ער רעדט זיך פּאַוואָלי:

— אייער נומער, רב נחום, האָט געוואונען... יאָ, ער האָט געוואונען...

שלום זעהט, ווי אויפ׳ן טאַטענ׳ס פּנים פליהט דורך אַ געל חמאַרעלע און ווערט פאַרשוואונדען. און אַליין גלוסט זיך איהם אויסשרייען מיט אַ קוויטש: קוקוריקו! — נאָר ער האַלט זיך איין און שלינגט איטליכס וואָרט, וואָס געהט־אַרויס פונ׳ם קאָלעקטאָר׳ם מויל:

— געוואונען... אָבער אַ קליין געווינסעל. גאָר אַ קליין געווינסעל! עס וועט זיך אָננעמען, אחר נכיון פּעט און כּל ההוצאות, אַזוי גרויס... אַזוי גרויס...

דער קליינער חלש׳ט שיער!

— אַזוי גרויס, ווי אַכט רובעל מיט זעכציג. קומט פון אייך, אַפּנים, אויב איך בין מיך ניט טועה, צוועלף מיט פופציג, און פון פריהער, אויב איהר געדענקט, דריי מיט אַכציג. האָבען מיר, הייסט עס, אַ קיימא־לן פון זעכצעהן מיט דרייסיג? נמצא, אַז איהר בלייבט מיר שולדיג אויף להבא אַזוי גרויס, אַפּנים, ווי זיעבען מיט זיעבעציג. האַ? איז דאָס אַזוי, צי ניין? אַצינד ווילט איהר דאָך מסתמא אַ ניי צעטעל? וועל איך אייך געבען. נעמט, רב נחום, קלויבט אייך אויס אַ נומער. היינטיגס מאָל, אם ירצה השם, וועט איהר שוין געווים געווינען. דאָס איז אַזוי זיכער, הערט איהר, ווי מיר האָבען היינט יום גימל אויף דער גאַנצער וועלט! שוין? האָט איהר שוין אויסגעקלויבען? וואָס פאַר אַ

נומער? אַכט טויזענט זעכּס הונדערט דרייצעהן? לאָז גאָט געבּען מיט גליק, אין אַ גוטער שעה זאָל זיין!... וואָס קוקסט דו זיך אַזוי איין, — זאָגט ער צו שלומ׳ען — דו קונדאַס איינער? (אַ קוועטש דעם „אַס"). וואו האַלסט דו אינ׳ם „שירי־תפארת", דו שייגאַץ איינער? (אַ קוועטש דעם „אַץ").

דער „שירי־תפארת" פון נפתלי הערץ וויזעל — דאָס איז אַ בּיכעל, וואָס דער קאָלעקטאָר האָט געהאַט געבּראַכט צו טראָגען דעם „שייגאַץ", ער זאָל לייענען, מיט נאָך בּיכלעך פון אָדם הכהן לעבּענזאָהן און פון קלמן שולמאַן און פון רבּ יצחק בּער לעווינזאָהן. און דער שייגאַץ (שלום) האָט זיי געשלונגען, זיצענדיג אין דרויסען אויפ׳ן בּענקעלע בּיי׳ם טויער. און דער טאַטע האָט אָנגעקוואָלען, וואָס זיין זוהן לייענט שוין אַזעלכע בּיכלעך, און גע־פרעגט בּיי איהם, צי פאַרשטעהט ער חאָטש וואָס ער לייענט? שעמט זיך שלום זאָגען, אַז ער פאַרשטעהט, וואָרום ווי אַזוי רעדט מען דאָס מיט אַ טאַטען? ענטפערט פאַר איהם דער קאָלעקטאָר, אַז ער פאַרשטעהט זעהר גוט, דער „שייגאַץ", פאַר וואָס זאָל ער ניט פאַרשטעהן? זעהט איהר, מאַפּו און סמאָלענסקין איז פאַר איהם נאָך אַ בּיסעל פריה, פאַר אַזאַ ווערוריק, נאָך צו פריה! — אַזוי לאָזט אויס דער קאָלעקטאָר, און מהאי טעמא, ווייל דער קאָלעקטאָר האָט געזאָגט, אַז ס׳איז נאָך צו פריה, האָט דער ווערוריק בּאַקומען ערשט רעכט חשק צו אָט די דאָזיגע בּיכלעך, און ער האָט בּגנבה זיך צוגעחאַפּט צו מאַפּון און צו סמאָלענסקינען און אַ נאַש געגעבּען בּסוד, אַז קיינער זאָל ניט זעהען, אַ בּיסעל מאַפּו און אַ בּיסעל סמאָלענסקין.

דאָס ערשטע, וואָס איז איהם געקומען צו דער האַנט, איז געוועזן דער ערשטער אידישער ראָמאַן „אהבת ציון" פון אַברהם מאַפּו. מאַפּו׳ס „אהבת ציון" האָט ער איינגעשלונגען אין איין שבּת, פון אָנהויבּ בּיז׳ן סוף, ליגענדיג אויפ׳ן בּוידעם און בּרענענדיג ווי אַ שטרויענער דאַך. ער האָט געוויינט מיט בּיטערע טרערען אויפ׳ן אומגליקליכען אַמנון, געוויינט און געחליפּעט! און האָט

זיך שטערבליך פאַרליעבט אין דער שענער געטליכער תּמר׳ען גלייך מיט דעם העלד פון׳ם ראָמאַן, מיט אמנון׳ען, אויב ניט מעהר נאָך פון אמנון׳ען, געזעהען זי אין חלום און גערעדט מיט איהר אויף שיר־השירים שפּראַך, ארומגענומען זי און געהאַלזט זי און געקושט זי...

. . . . . . . . . . . . . . . .

אויף מאָרגען איז דער פאַרליעבטער שלום אַ גאַנצען טאָג ארומגעגאַנגען, ווי אַ שאָטען, מיט אַ מורא׳דיגען קאָפּוועהטיג, פאַרלוירען דעם אַפּעטיט צום עסען, אָבער טאַקי לחלוטין, — וואָס ס׳איז געווען פאַר דער שטיפמאַמע אַ רעטעניש: „גע׳פּגר׳ט אַ בער אין וואַלד! ניט אַנדערש!" — אַזוי האָט די שטיפמאַמע געזאָגט און גענומען נאָכקוקען און נאָכפאָרשען, וואָס איז די מעשה, וואָס דער בחור האָט אויפגעהערט צו עסען?...

דער סוף פון׳ם „אהבת ציון" איז געווען אָט וואָס פאַר אַ סוף. פון די אורחים, וואָס האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביי זיי אין איינפאָהר, זענען אַריינגעפאַלען איהם אָפּטמאָל עטליכע גראָשענס פאַר פאָלגען אַ גאַנג. אָט די גראָשענס האָט שלום אויסגעגעבען אויף פּאַפּיער, צונויפגענייהט דאָס פּאַפּיער אין אַ ביכעל, צעווירעט אַלע בלעטלעך פון ביידע זייטען, און האָט זיך אַוועקגעזעצט צו דער אַרבייט — שרייבען אַ ראָמאַן אויפ׳ן שניט פון מאַפּו׳ס „אהבת ציון", איין אייגענעם ראָמאַן, נאָכגעגאַנגען מאַפּון פּיס־טריט, מיט׳ן לשון און מיט׳ן סטיל און מיט׳ן גאַנצען פּלאַן, נאָר אונטער איין אַנדער נאָמען: ניט „אהבת ציון", נאָר „בת־ציון", און די העלדען האָבען ניט געהייסען ניט אמנון און ניט תּמר, נאָר שלמה און שולמית. און אַזוי ווי בייטאָג איז ניט געווען קיין סך צייט צו שרייבען — אַ האַלבען טאָג דאַרף מען געהן אין חדר און אַ האַלבען טאָג העלפען אין איינפאָהר, — לכן האָט ער געמיינט אויסנוצען דערצו אויך די נאַכט, אַוועקגעזעצט זיך ביי אַ לאָמפּ און געשריבען מיט קליינע אותיות׳לעך, און געשריבען און גע־

שריבען, ביז... ביז די שטיפמאַמע האָט דערהערט, סע סקריפּעט עפּיס, און דערזעהען, אַז עס לייכט זיך, האָט זי זיך ניט געפוילט און איז אַראָפּ פון בעט אַ באָרוויסע, זיך אונטערגע'גנבה'ט און דערזעהען דעם חברה־מאַן זיצען און שרייבען, האָט זי אויפגעהויבען אַזאַ גוואַלד, אַז די גאַנצע שטוב האָט זיך אויפגעהאַפּט אין איין שרעק, געמיינט, אַז סע ברענט. דער גאַנצער גוואַלד איז אָבער געווען נאָר איבער'ן קעראָסין, וואָס איז אויסגעברענט. „גאָז וועלען זיי ברענען, ברענען און שרפה'נען זאָלט איהר, ליעבער גאָט! אַ מיתה משונה! אַ חלירע! אַ שרפה! אַ מגפה!"...

אודאי האָט דער טאַטע דעם ניט־געענדיגטען ראָמאַן „בת־ציון" צוגענומען צו זיך, אינאיינעם מיט'ן גע'גנבה'טען „אהבת ציון", און דער מחבר פון דער „בת־ציון" האָט שוין געוואַרט אויף אַ רעכטען פּסק. צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז דער טאַטע האָט דעם „בת־ציון" באַוויזען, צום אַלעם ערשטען, דעם קאָלעקטאָר. האָט דער קאָלעקטאָר זיך גאָר ניט געקאָנט אָנקוקען אינ'ם כּתב און אינ'ם לשון און אין דער מליצה! און ער האָט געשענקט דעם „קונדאַס" אַזאַ קניפּ אין באַק, אַז ס'איז געבליבען שטעהן אַ בלויער סימן.

— איהר ווייסט גאָר ניט, רב נחום, וואָס פאַר אַ פּרי דאָס איז! שטראָף מיך גאָט, אויב איהר ווייסט! פון איהם וועט עפּיס אויסוואַכּסען! אָט וועט איהר זעהען, וואָס פון איהם וועט אויסוואַכּסען!... קום נאָר אַהער, דו שייגאַץ איינער, לאָם איך דיר שענקען האָטש נאָך אַ רעכטען קניפּ אין דיינע רויטע פּאַמ־פּעשקעס, אַ רוח אין דיין פּאָרענט און מיטען אריין!

## 48

# די געראָטענע איידעמס

דער „מיראַוואַי סודיאַ", אַ גוי, זאָגט מוסר די אידען. — לייזער־יאָסעל און מאַגידאָוו — צאַצקעוואַטע איידעמס. — טויזענט בלאַט גמרא אויסוועניג.

נאָכ'ן „קאָלעקטאָר" זענען אָפטע אַריינגעהערס צו נחום ראַבינאָוויטשען געווען די „געראָטענע איידעמס", די אמת'ע זיידענע יונגעלייט, די צאַצקעס, די אינטעליגענץ פון שטאָדט.

איטליכע שטאָדט מיט איהרע השגות און מיט איהרע מאָדעס. אין פּערעיאַסלאַוו איז געווען אין יענער צייט אַ מאָדע — איידעמס. ביי די דאָרטיגע בעלי־בתים איז דאָס געווען אַ מין ספּאָרט, וואָס מע האָט זיך דערויף אויסגעבראַכט, זיך געלאָזט קאָסטען געלט, אַבי צו קריגען אַ רעכטען איידעם. באַצויגען האָט מען די סחורה, מיינסטענס, פון דער פרעמד. זעלטען ווער עס האָט אַ שידוך געטהאָן אין דער היים. סיידען אַזעלכער, וואָס האָט ניט צו באַצאָהלען. ווער אָבער עס האָט געקאָנט און געוואָלט געבען נדן, דער האָט זיך געבראַכט צו פיהרען פון דער ליטא אָדער פון פּוילען איין איידעמעל אַ צאַצקע, יעדער נאָך זיין גוסט, נאָך זיין פאַסאָן, נאָך זיין השגה און נאָך זיין פאַרמעגען.

למשל, דער פעטער פּיני האָט זיך געבראַכט איין איידעמעל דוקא ניט פון ווייט, פון לובען, אַ יונגערמאַן אַ בן־תורה, אַ רוחניות, וואָס האָט ניט געוואוסט קיין צורת מטבע. די מוהמע חנה פאַר

איהר שענער טאָכטער האָט אַראָפּגעבראַכט איין אײדעם פון יאַגאָטין, אַ פּאַרשוין, וואָס מע האָט געמעגט איהם אָנקוקען אויף בּילעטען! ניט קיין איבעריגער חכם און ניט קיין גרויסער למדן, דערפאַר אַ פּאַרשוין! שבת נאָך דער חתונה, אַז מע האָט געפיהרט דאָס פּאָרעל אין שוהל און פון שוהל, האָבען אידען און ווייבער זיך געשטופּט קאָפּ אויף קאָפּ, איינגעקוקט זיך און באַוואונדערט און געשאַצט, ווער פון די צוויי איז שענער? און דוקא הויך אויף אַ קול. אייניגע האָבען געזאָגט, אַז ז י איז שענער, אַנדערע האָבען געדרונגען, אַז ע ר איז שענער. דער „ער" מיט דער „זי" האָבען דאָס ביידע געהערט, זיך פאַררויטעלט און דערפון געוואָרען נאָך שענער. מעהר האָבען די עלטערען ניט געדאַרפט, אַבּי זיי האָבען אויסגענומען, זייער סחורה איז געפעלען, און די שטאָדט רעדט פון זיי. וואָס נאָך דאַרף מען האָבען צו פּאָפּולאַריטעט?... אָפטמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז מע האָט זיך געשלאָגען פאַר איידעמס. דאָס הייסט, מע מיינט ניט, חלילה, זיך געשלאָגען מיט שטעקענס. געשלאָגען הייסט — מחותּנים האָבען זיך געקריעגט און געזידעלט, ווער עס האָט אַ שענערען איידעם. מחותּנת׳טעס האָבען זיך געשטעלט פּייגען, און עס איז טאַקי דערגאַנגען אַמאָל צו פּעטש אויך, און ראָמאַנאָווסקי דער „מיראָוואָי סודיא", אַ גוי אַ חרוץ, וואָס פאַרשטעהט אידיש, האָט זיי געזאָגט מוסר... פּאָרט אַ גוי! ווי קאָן אַ גוי פאַרשטעהן דעם תּענוג פון פיהרען איין איידעם שבת אין שוהל אַריין, אָוועקזעצען איהם אין זיינע נייע בגדים פון קאָפּ ביז פיס גאַנץ אויבענאָן אין מזרח, אויף דער אויסשטעלונג, איהם אָפּגעבען מפטיר, און ער זאָל אַרויפגעהן אויף דער בימה און אָפּקלינגען אַ הפטרה׳לע, אַז ס׳זאָל קנאַקען, און די ווייבער פון עזרת־נשים זאָלען זיך שטופּען דורך די פענסטערלעך: „וואו איז ער? וואו?"... ניין, דאָס וועט אַ גוי קיינמאָל ניט פאַרשטעהן, ער מעג זיין דער גרעסטער חכם אין דער וועלט!

מעהרסטענטיילס אָבער איז דער דאָזיגער אַרטיקעל געוועזן אַזאַ מין, וואָס ווערט גיך אָפּגענוצט, טהוט אַ גלאַנץ און ווערט

וואַכעדיג, ווי יעדער מין סחורה, וואָס הויבט־אָן ווערען אַלט, אָדער געהט־אַרויס פון דער מאָדע. אַ יאָהר, צוויי יאָהר — און דער געוועזענער איידעם, די צאַצקע, דער נעכטיגער פּרינץ, ווערט אַ איד גלייך מיט אַלע אידען, עס הויבט זיך איהם אָן אויסשיטען אַ בערדעל, און ס׳איז צו זעהען, ווי ער הויבט־אָן צו טראָגען אויף זיך דעם עול פון פּרנסה. אַ רחמנות צו קוקען, ווי אַזוי דער געוועזענער איידעם, דער נעכטיגער פּרינץ, וואָס איז, דאַכט זיך, ערשט פאַראַכטאָגען שבת געשטאַנען אין בית־מדרש אין מזרח אויף דער אויסשטעלונג, האָט אָפּגעטראָטען מחילה דעם אויבענאָן אַ נייעם איידעם אַ צאַצקע, אַ נייעם פּרינץ, און ער קוקט אויף איהם און איז איהם מקנא, און זיין יונג ווייבעל, וואָס איז ערשט אָט דאָ ניט לאַנג געווען אַ קעניגין, שטופּט זיך מיט אַלע ווייבער גלייך פון עזרת־נשים אַהין, צום פענסטערל: „וואו איז ער? וואו?”... אָט אַזוי איז אַלסדינג אויף דער וועלט. מיר וואָלטען דאָ באַדאַרפט זאָגען: דור הולך ודור בא, און עס וואָלט געווען אַ יושר אַריינצולאָזען זיך אַ ביסעל אין לעבענס־פילאָזאָפיע, נאָר מיר האַלטען ביי די גראָטענע איידעמס, געהען מיר דעריבער אונזער וועג.

צוויי אַזעלכע גראָטענע איידעמס זענען געווען, קאָן מען זאָגען, איין אויסנאַם פון׳ם כלל איידעמס, און זיי זענען דעריבער פאַרבליבען אין דער שטאָדט פּערעיאַסלאַוו מיט׳ן גאַנצען גלאַנץ אויף אַ לאַנגער־לאַנגער צייט נאָך זייער חתונה, ניט אָפּגעבליאַקעוועט, ווי אַלע אַנדערע איידעמס, און ניט אַרויס אַזוי גיך פון דער מאָדע. איינער האָט געהייסען לייזער־יאָסעל, דער אַנדערער — מאַגידאָוו. דעם ערשטען האָט אַראָפּגעבראַכט פון קאָרסון אַ נגיד אַ לעדער־הענדלער, וואָס האָט געהאַט ניט קיין איבעריג שענע טאָכטער און האָט אָבער געקאָנט רעכט באַצאָהלען. דעם אַנדערען האָט אויסגעשריבען פון דער ליטאַ ערגיץ אַ נגיד אַ ליוועראַנט, וואָס שטעלט־צו פערד אין „קאַזנאַ”, איהם געגעבען ביידע זאַכען: אי אַ שענע טאָכטער, אַ געזונטע שטיק, אי היבשליך נדן, אַ חוץ

מתּנות און קעסט און וואָס איהר ווילט. און אז מע האָט זיי אראָפּגעבּראַכט, האָט געקלונגען די שטאָדט, ממש געגאַנגען „חאָדאָראָם"! חתונות זענען געווען אזעלכע, וואָס ליגען עד היום אין טעם און זענען א לאַנגע צייט ניט פאַרגעסען געוואָרען. מע האָט גערעדט פון זיי נאָכדעם אין שטאָדט און אויסער דער שטאָדט און אין אנדערע שטעדט ארום און ארום אין דער גאַנצער סביבה. א קלייניגקייט, וואָס די צוויי חתונות האָבּען אָפּגעקאָסט!... אויבּ די טעכטער זענען געווען גליקליך, אָדער ניט — דאָס איז זיך א באַזונדערע זאַך. אויף וויפיעל אונז איז בּאַוואוסט, האָט איינע פון זיי זיך געג'גט מיט איהר מאַן שוין דערנאָכדעם, אז זי האָט געהאַט פון איהם א מתּנה — עטליכע קינדערלעך, — און זי איז אוועק קיין אמעריקע... די אנדערע — דער מאַן איהרער איז, דאַכט זיך, אָדער א מלמד, אָדער א שדכן, אָדער בּיידע זאַכען אינאיינעם, פאַר זיכער איז שווער צו זאָגען, נאָר אז ער איז איין אָרעמאַן — דאָס איז געוויס. מיר רעדען אָבּער נישט פון איצט. מיר רעדען פון דעם, וואָס איז געווען אמאָל, מיר רעדען פון דעמאָלט! דעמאָלט זענען די פאָטער און מוטער, די שווער און שוויגער, הייסט עס, געווען אויפ'ן זיבּעטען הימעל! איינע פאַר דער אנדערער האָבּען זיך די שוויגערס בּאַריהמט מיט די „מציאות", וואָס זיי האָבּען איינגעהאַנדעלט. איינע האָט זיך ארויסגערעדט פאַר די ווייבּער, אז זי האָט געבּראַכט א פּרוכת'על אין שוהל אריין. האָט די אנדערע זיך אויסגעדריקט נאָך שאַרפער, אז זי האָט אריינגעבּראַכט א ספר־תּורה'לע אין אָרון־קודש'על אריין (צוליעבּ'ן פּרוכת'על מיט'ן ספר־תּורה'לע איז שוין דער אָרון־קודש בּיי איהר געוואָרען איין „אָרון־קודש'על"...).

און בּאַריהמען זיך האָבּען זיי געמעגט. זיי האָבּען געהאַט מיט וואָס. לייזער־יאָסעל איז געווען א עלוי: א יונגערמאַנטשיק, וואָס האָט געקענט — אזוי האָט מען געשמועסט — טויזענט בּלאַט גמרא בּעל־פּה; 1,000 — ניט קיין 999! פון תּנ"ך שמועסט מען ניט. היינט א בּעל־לשון־קודש, און א בּעל־מליץ, און א כּתבא רבּה,

און אַ ברען, אַ לץ, אַ פאַרשלעפּטע קרענק.... בסוד האָט מען אפילו אונטערגעשמועסט, אַז ער איז אַ ביסעל „געחאַפּט״: פאַרקנייטשט דאָס דאַוונען, האַלט ניט פון תעניתים, טראָגט דאָס נאָזטיכעל אים שבת, שרעקט זיך ניט איבער פאַר אַ נקבה — און נאָך אַזעלכע זאַכען האָט מען געקאָנט האָרכען, בײַ׳ם פעטער פּיני אין שטוב, למשל. דאָס איז אָבער אַלסדינג געווען בטל אַקעגען די טויזענט בלאַט גמרא אויסווענינג.

דער צווייטער איידעם, מאַגידאָוו, איז אויך געווען אַ עלוי, אויך טויזענט בלאַט גמרא אויסווענינג — 1,000 — ניט קיין 999 — און אויך אַ בעל־תנ״ך און אַ בעל־דקדוק און אַ בעל־לשון־קודש און אַ שענער בעל־דברן, נאָר שוין נישט קיין לץ און נישט קיין פאַרשלעפּטע קרענק, ווי לייזער־יאָסעל. אדרבה, שוין אַ ביסעל צו אַ חקרן, צו אַ טיעפער, פאַרדרעהטער מח. אַלסדינג, וואָס איהר זאָלט ניט זאָגען, איז פּונקט קאַפּויר. אַ שטיק עקשן — אַ „ליטוואַק״!

פאַרשטעהט זיך, אַז נחום ראַבינאָוויטש האָט ניט דורכגעלאָזט אַזאַ טייערע געלעגענהייט, אַז די דאָזיגע געראָטענע איידעמס זאָלען פאַרהערען זיין קליינעם בעל־תנ״ך און זעהען, ווי דער ימח־שמו׳ניק שלום שרייבט לשון־קודש. ביידע איידעמס האָבען געפונען, אַז דער ימח־שמו׳ניק איז טאַקי אַ ימח־שמו׳ניק, און מע טאָר איהם ניט לאָזען געהן לאבוד. מע דאַרף זעהען פאַר איהם עפּיס אַ „תכלית״, מאַכען דאָס קינד פאַר אַ „מענטשען״. איינער פאַר׳ן אַנדערען האָבען זיי איהם אָפּגעלויבט אין טאָג אַריין, געזאָגט, אַז „מע קאָן גאָר ניט וויסען, הערט איהר, וואָס פון דעם ימח־שמו׳ניק קאָן אַמאָל זיין״... און דער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילען, וואָס רייבט זיך אַרום יונגעלייט, האָט אויך צוגעבאָמקעט, אַז ער זאָגט שוין לאַנג, אַז מע קאָן גאָר ניט וויסען, וואָס פון דעם „שייגאַץ״ (אַ קוועטש אויף דער „אַץ״) קאָן אַמאָל זיין... און דער ימח־שמו׳ניק, אָדער דער שייגאַץ, וואָס איז געשטאַנען דערביי, האָט דאָס אַלסדינג געהערט, און די נשמה האָט

איהם געצאפעלט, און דאס הארץ איז איהם געוואכסען, און דער קאפ האט זיך איהם געדרעהט, ווי ביי איינעם, וואס קלעטערט אויף א גאנץ הויכען לייטער, און מענטשען שטעהען ארום איהם און זעהען, ווי ער קלעטערט גוט, און געבען איהם אונטער היץ און מאכען איהם קוראזש. א קלייניגקייט, אזעלכע מענטשען לויבען איהם, זאגען, אז „מע ווייסט ניט, וואס פון איהם קאן אמאל זיין!"... און דער טאטע — שמועסט מען ניט. יענער איז געוועזן אויפ'ן זיעבעטען הימעל! יעדער זיפץ פון דעסטוועגען האט אויסגעריסען א שטיק הארץ. דאס זיפצען האט באדארפט זאגען: „איך ווייס אליין, אז מע קאן גאר ניט וויסען, וואס פון דעם ימח־שמו'ניק קאן אמאל זיין; נאר גיט מיר איין עצה, אידישע קינדער, וואס טהוט מען מיט איהם? ווי אזוי מאכט מען איהם פאר א „מענטשען"? אדרבה, גיט עפּיס איין עצה?"...

און עס האט זיך געפונען איינער, וואס האט איהם געגעבען איין עצה, א שארפע, א ראדיקאלע, נאר א רעכטע עצה — און איהם האט דער טאטע געפאלגט. דאס איז געוועזן איינער פון די גרעסטע פערעיאסלאווער אינטעליגענטען מיט'ן נאמען „ארנאלד", א יונגערמאן א פילאזאף פון הינטער דער שטאדט, פון די אזוי־גערופענע „פידווארקעס". איהם שענקען מיר א באזונדער קאפיטעל.

# אַרנאָלד פון די פידוואָרקעס

די פאַרשטאָדט פון פערעיאַסלאַוו. — אַרנאָלד איין אַפיקורס. — יציאת־מצרים אַ לעגענדע. — וואָס דרעפּער זאָגט אויפ'ן רמב"ם. — ראַבינער־שול און גימנאַזיע.

כמעט יעדע שטאָדט פון דער געבענטשטער „טשערטאַ" האָט זיך איהר פאַרשטאָדט, איהר „סלאָבאָדקע", וואָס איהר באַפעל־קערונג באַשטעהט מעהר פון גויים איידער פון אידען, און די אידען, וואָס זיצען דאָרט, זענען ניט די אידען, וואָס אין שטאָדט. איין אַנדער טיפּ אידען. זיי זעהען־אויס מעהר דאָרפיש, זענען ניט אַזוי פּיפּיג, ווי די שטאָדט־אידען, אַ ביסעל פאַרגרעבט, טראָגען גרויסע שטיוועל, שמעקען מיט פעלץ. אַנשטאָט „גענוג" זאָגען זיי „האָדי". לאַכען לאַכען זיי הויך און מיט אַ קמץ: חאָ־חאָ! און די רי"ש רעדען זיי אַרויס האַרט, ווי צוויי רי"שען, אָדער נאָך מעהר: „רבּי! דערר פעטערר מרדכי האָט אייך גערופען אויפ'ן בּרית"...

אין דער געגענט פון פערעיאַסלאַוו געפינט זיך אַזאַ מין סלאָבאָדקע, וואָס איז אָפּגעטיילט פון דער שטאָדט מיט אַ הילצערנער בּריק און מיט אַ טייכעל, און רופען רופט זיך עס מיט'ן נאָמען אויף אידיש: „די פידוואָרקעס". דאָס איז איין ערטעל מיט איין אַנדער אויסזעהען, מיט איין אַנדער אַטמאָספערע. אַהין געהט מען זיך דורך אַמאָל, אַז מע האָט צייט, חאַפּען פרישע לופט, ווייל דאָרטען זענען דאָ סעדער, דאָרט וואַכסט גראָז. אַהין געהען

שפּאַציערען שבת בייטאָג יונגלעך און מיידלעך. דאָס הייסט, ניט חלילה יונגלעך מיט מיידלעך אינאיינעם — יונגלעך באַזונדער און מיידלעך באַזונדער, נאָר ס׳איז שוין במילא, אַז מע באַגעגענט זיך איבער דער בריק געהענדיג, שטעלט מען זיך אָפּ, חאַפּט מען אַ קוק, וואַרפט מען זיך דורך מיט אַ וואָרט. אַמאָל טהוט מען זיך אַ שאַר אויך, אַ ריהר־אָן איינס דאָס אַנדערע מיט׳ן עלענבויגען, און דער בחור מיט׳ן מיידעל ווערען רויטליך, יונגע הערצלעך קלאַפּען... פון עטליכע מאָל אַזוי באַגעגענען זיך אויף די „פּיד־וואָרקעס" הויבט מען אָן זיך איבערשרייבען בסוד־סודות מיט בריוועלעך, און עס פּיקט זיך אויס אַמאָל אַ ראָמאַן. מיט וואָס אָט אַזאַ ראָמאַן ענדיגט זיך — דאָס וועלען מיר האָבען אַ געלע־גענהייט זעהען ווייטער. דערווייל האַלטען מיר נאָך ביי „אַרנאָלדען פון די פּידוואָרקעס", און אָט מיט איהם ווילען מיר זיך דאָס באַקענען.

דאָרט, אויף די „פּידוואָרקעס", האָט נחום ראַבינאָוויטש געהאַט אַ באַקאַנטען און אַ גוטען פריינט מיט׳ן נאָמען „בנימין־קלמן פון די פּידוואָרקעס". אַמאָל, שוין גאַנץ לאַנג, האָט בנימין־קלמן פון די פּידוואָרקעס געהאַנדעלט תבואה בשותפות מיט נחום ראַבינאָוויטש, אינאיינעם „געגרוזעט" באַרקעס און בערלינעס קיין קעניגסבערג און קיין דאַנציג. די לעצטע צייט איז ער אַ ביסעל אַראָפּ, אָנגעוואַוירען דעם גלאַנץ, געהאַנדעלט קליין, געגאַנגען האַרט ביי די ווענט. נאָר די גוטפריינטשאַפט פון די געוועזענע שותפים איז פאַרבליבען די זעלבע, וואָס אַמאָל. ער איז אָפט אַריינגע־קומען אַ ביסעל זיצען און שמועסען. געשמועסט האָט, אייגענטליך, בנימין־קלמן. ער האָט ליעב געהאַט רעדען. צום מיינסטען — דערצעהלען מעשיות פון זיין יונגערען ברודער אַרנאָלד. „מיין אַרנאָלד! וואו האָט איהר נאָך אַזאַ קאָפּמענטש, ווי מיין אַרנאָלד? אַזאַ קענער, ווי מיין אַרנאָלד? אַזאַ עהרליכען מאַן, ווי מיין אַרנאָלד? וואָס ווייסט איהר, וואָס פאַר איין אַרנאָלד דאָס איז! שוין איין מאָל איין אַרנאָלד!"... און אַזוי ווייטער.

נישט נאָר דער ברודער בנימין־קלמן — אַלע האָבען געערדט פון אַרנאָלדען. „אַרנאָלד פון די פּידוואָרקעס" איז געווען אַ מין העלד אין שטאָדט. ערשטענס, אַ באַיאָהרטער בחור, אָדער איין אַלמן, און אפשר אַ גרוש, נאָר סאַי־ווי־סאַי — אָהן אַ ווייב. אַ איד אָהן אַ ווייב איז דאָך גלאַט אַ זעלטענהייט. אַ חוץ דעם, איז ער אַ נאָטאַריוס. אַ א י ד  אַ  נ אָ ט אַ ר י ו ס — דאָס איז דאָך שוין אודאי אַ זעלטענהייט! איהר האָט עפּיס אַ סך געזעהען אידישע נאָטאַריוסען ביי אונז? דאָס הייסט, ער איז נאָך דער־וויילע נישט קיין נאָטאַריוס, נאָר ער וועט זיין אַ נאָטאַריוס. וואָרום ער שטודיערט אויף נאָטאַריוס. ער שטודיערט שוין פון לאַנג. ער דאַרף נאָר אָפּגעבען „עקזאַמענט", אַזוי ווערט ער באַלד אַ נאָטאַריוס. סיידען ער וועט ניט אָפּגעבען דעם „עקזאַמענט". נאָר פאַר וואָס זאָל ער ניט אָפּגעבען? „ער וועט געוויס אָפּגעבען, — אַזוי זאָגט בנימין־קלמן — און ער וועט געוויס זיין נאָטאַריוס, ס'איז גאָר ניטאָ וואָס צו רעדען. איהר שפּיעלט זיך מיט מיין אַרנאָלדען?"...

וואָס אַ נאָטאַריוס איז — דאָס ווייסען אַלע, און שלום אויך. פאַרהאַן אין פּערעיאַסלאַוו אַ נאָטאַריוס, איז ער אַ גוי און הייסט נאָוואָוו. נאָוואָוו דער נאָטאַריוס. נאָר וואָס הייסט „אָפּגעבען עקזאַמענט" — דאָס ווייסט ער שוין ניט. וו אָ ס  דאַרף ער אָפּגעבען, און  ו ו ע מ ע ן  דאַרף ער אָפּגעבען, און  ו ו י  אַ ז ו י גיט מען דאָס אָפּ „עקזאַמענט"? — דאָס זענען פון די זאַכען, וואָס מע הערט פון זיי און מע רעדט זיי נאָך, נאָר מע זאָל פאַרשטעהן וואָס דאָס איז — דאָס ניט. למשל, אויף אַרנאָלדען פון די פּיד־וואָרקעס זאָגט מען, אַז ער שרייבט אין די גאַזעטען, און אַז די גאַנצע שטאָדט, סאַי אידען, סאַי כּריסטען, האָבען מורא פאַר איהם, ער זאָל זיי ניט באַשרייבען אין „קיעווליאַנין". פאַרשטעהט ניט שלום, ערשטענס, וואָס האָבען זיי מורא? און צווייטענס, ווער איז געווען דער „קיעווליאַנין"? ער הערט אַלע זאָגען, זאָגט ער נאָך, אַז אַלע ציטערען פאַר אַרנאָלדען, פאַר זיין מויל און פאַר

זיין פען, ווי פאר׳ן מלאך־המות. אויסבאהאלטען זיך פאר איהם
איז אוממעגליך, און אונטערקויפען איהם — פארמאגט קיינער ניט
אזוי פיעל געלט. „זיי וועלען זיך דערשפיעלען ! — אזוי פלעגט
בנימין־קלמן זאגען מיט א שמייכעלע. — לאז מיין ארנאלד נאר
וועלען זיך פאצקען די הענט, אזוי באשרייבט ער זיי אין „קיעוו־
ליאנין" פון קאפ ביז פיס אלעמען, לאזט ניט איבער איינעם ניט
קיין באשריבענעם ! איהר שפיעלט זיך מיט מיין ארנאלדען ?"...

שענער פון אלץ איז דאס — און זעהר כאראקטעריסטיש, —
וואס ארנאלד איז געזעסען מיט זיין ברודער בנימין־קלמן אויף די
פידוואָרקעס אונטער איין דאך ימים ושנים ברוגז׳ע, ניט אויס־
גערעדט א וואָרט צווישען זיך, נאָר איינער פאר׳ן אנדערען האָבען
זיי זיך געלאָזט די פינגער שניידען ! „מיין ארנאלד"... „מיין בנימין־
קלמן"... קיינער, ניט אויף די פידוואָרקעס, ניט אין שטאָדט, האָט
געזעהען אמאל ביידע ברידער געהן אינאיינעם, אָדער געהערט אויס־
רעדען זיי א וואָרט. אפילו ביי איין טיש ניט געזעסען. ארנאלד
האָט זיך געהאט ביי בנימין־קלמנ׳ען אין שטוב זיין חדר׳על, פול
מיט ספרים און ביכער ביז דער סטעלי, און געלעבט זיך גאנץ
אליין — א מין פרוש. מאָדנע ברידער ! א מאָדנער מענטש אָט
דער ארנאלד ! און דער איז דאס געוועען פון די אָפטע ארייננעהער
צו נחום ראבינאָוויטשען. זיין ארייננעהן איז אָבער געוועען ניט
ווי דאס ארייננעהן פון די איבעריגע משכילים. ער איז אריינ־
געקומען ניט גלאט פלאפלען, רעדען דברים בטלים, נאָר אָדער מיט
א בוך, וואס קיינער האָט דאס נאָך ניט געזעהען, אָדער מיט א
בלאט „קיעווליאנין", אָדער מיט א טענה צו דער שטאָדט און צו
איהרע רעדעלפיהרער. שלום האָט פאר איהם געהאט מעהר
רעספעקט, ווי פאר אלע אנדערע. ער איז ניט אָפגעטראָטען פון
איהם, געקוקט איהם גלייך אין מויל אריין און איינגעהערט זיך,
ווי ארנאלד פון די פידוואָרקעס רעדט. אָט דאס איז דער ארנאלד,
וואס וועט א פ ג ע ב ע ן דעם „עקזאמענט" און וועט זיין א
נאָטאריוס ? אָט דאס איז דער ארנאלד, וואס שרייבט אין „קיעוו־

ליאנין", נאָר ער וויל זיך ניט פּאַצקען די הענט ? צו וואָס דאַרף מען זיך פּאַצקען די הענט, אַז מע שרייבט אין „קיעווליאַנין" ?... און ער לאָזט קיין אויג ניט אַראָפּ פון אַרנאָלדען. דער אַרנאָלד איז איהם געפעלען. זעהר אַ סימפּאַטישער, אַיין אַיינגענומענער פּאַרשוין. נישט קיין גרויסער, אַ דאַרינקער, נאָר אַ פעסטער, ווי פון שטאָל אויסגעגאָסען. אַ געל בערדעלע, און דוקא גוט אונטערגעשוירען, קיין סימן פון קיין פּאות. אַ קורץ רעקעלע, אַ דין שטעקעלע, און אַ ציגעלע — שאַרף ווי אַ גאָלמעסער! פּעך און שוועבעל! רעדט על ה' ועל משיחו! לאַכט־אָפּ פון די חסידים, מאַכט אַ תל פון די „פּאַנאַטיקער". „עהרליך דאַרף מען זיין — וואָס טויג מיר פרומקייט ? מען איז אַייך מוחל אַייער פרומקייט, זייט בעסער עהרליך!" — און זיין שאַרפער גיפטיגער געלעכטער הילכט־אָפּ ווייט־ווייט!

וואונדערט זיך שלום, ווי אַזוי שטעלט זיך אַיין אַ איד אַזוי צו רעדען און אַזעלכעס צו זאָגען ? אַפנים, אַז ער מעג. אַרנאָלד פון די פידוואָרקעס מעג אַלסדינג, וואָרום ער הייסט אַרנאָלד און איז אַ נאָטאַריוס, דאָס הייסט, ער וועט זיין אַ נאָטאַריוס.

מאַכט זיך אַמאָל, אַז דער פעטער פיני זיצט אויך דערביי און הערט, ווי אַרנאָלד פון די פידוואָרקעס דרשנ'ט. קאַטשעט ער זיך פאַר געלעכטער און זאָגט: „אַרנאָלד! אוי, אַרנאָלד, אַרנאָלד!" דער פּשט דערפון, אַפנים, דאַרף זיין: „ווי טראָגט אויף זיך די ערד אַזאַ רשע, ווי דו ביזט ?!"... פון דעסטוועגען האַלט אפילו דער פעטער פיני אויך פון אַרנאָלדען. איבער זיין עהרליכקייט. זיין עהרליכקייט האָט אַ שם אין שטאָדט. אַ משוגענער עהרליכער! אַ מענטש, וואָס האָט פאַר קיינעם קיין מורא ניט, זאָגט אַלעמען דעם ריינעם אמת, און גלייך אין די אויגען, און דער עיקר, ער לאַכט זיך אויס פון די גבירים, שפּייט אויף געלט! נו, זאָגט שוין איהר אַליין, ווי אַזוי האַלט מען ניט פון אַזאַ מענטשען ? האַלט אָבער אַרנאָלד ניט פון אַייך, ניט פון קיינעם. למשל, פונ'ם פעטער פינין איז ער אויך ניט נתפעל. טאַקי

אַ שענער איד מיט אַ שענער באָרד, נאָר אַרנאָלד האַלט ניט פונ׳ם פעטער פיניַ. ער האַלט פון זיין ברודער נחומ׳ען אַ סך מעהר. דערפאַר, זאָגט ער, וואָס נחום ראַבינאָוויטש איז אַ איד אָהן אַ מאַסקע און נישט קיין פאַרנאַרישטער חסיד; איהם קאָן מען זאָגען וואָס מע וויל, רעדען נישט נאָר אויפ׳ן רבין, אפילו אויף משה־רבינו׳ן. שלום אַליין האָט געהערט אַרנאָלדען זאָגען דעם טאַטען, אַז ער, אַרנאָלד פון די פידוואָרקעס, גלויבט ניט אין יציאת־מצרים! ס׳איז אַ „לעגענדע", האָט ער געזאָגט. די גאַנצע מעשה איז אַ „לעגענדע". שלום האָט אָפּגעשאַצט דאָס וואָרט „לעגענדע", אַז עס נעמט זיך מסתמא פונ׳ם וואָרט „ליגען". אַ „לעגענדע" הייסט, אַפּנים, אַ קליין ליגענדעל. נאָך גוט, וואָס ניט קיין גרויסער ליגען... הערט אַ שענס: איינמאָל איז אַרנאָלד פון די פידוואָרקעס געקומען צו לויפען מיט אַ גראָבען בוך: „נאַט זעהט, וואָס דרעפּער זאָגט אויף אייער רמב"ם! דער רמב"ם איז געווען הויף־דאָקטאָר ביי׳ם טערקישען סולטאַן דרייצעהן יאָהר. האָט ער זיך צוליעב דעם גע׳שמד׳ט. דרייצעהן יאָהר געווען אַ טערק. אייער רמב"ם, אייער „מורה־נבוכים" — וואָס וועט איהר היינט זאָגען?"...

אַ גליק, וואָס דער פעטער פיני איז דערביי ניט געווען! וועה־וועה, וואָס וואָלט געווען, אַשטייגער, ווען דער פעטער פיני זיצט דערביי?...

פאַר אָט דעם חברה־מאַן האָט זיך, אַפּנים, שלומ׳ס פאָטער באַריהמט מיט זיין זוהנ׳ס שרייבעכצען און מיט איהם, אַפּנים, זיך איין עצה געהאַלטען, וואָס טהוט מען מיט׳ן קינד, ווי אַזוי מאַכט מען איהם פאַר אַ „מענטשען"? שלום איז אָנגעקומען אויף די דאָזיגע רעד פון אַרנאָלדען:

— די שרייבערייעכצען זיינע בין איך אייך מוחל. נעמט וואַרפט זיי אַרויס אויפ׳ן מיסט. אַזעלכע שרייבערייעכצען זענען ניט ווערטה דאָס פאַפּיער. און דעם קליינעם, אויב איהר ווילט

איהם מאכען פאר א מענטשען, נעמט און גיט איהם אוועק אין דער „אויעזדנע". פון דער „אויעזדנע" זענען פאר איהם דערנאך אלע וועגען אָפען: ווילט איהר אין ראבינער־שול — איז אין ראבינער־שול. ווילט איהר אין גימנאזיע — איז אין גימנאזיע...

מיט שלום'ס אריינקומען איז דער שמועס איבערגעריסען געוואָרען. און הגם ארנאָלד'ס קריטיק איבער זיינע „שרייבערייעכצען" איז געווען פאר'ן יונגען שריפטשטעלער עפּיס ניט אזוי פריגעלדיג, און איין אָרט האָט מען זיי אוועקגעגעבען עפּיס ניט אזא בכבוד'יגען (אויפ'ן מיסט), פון דעסטוועגען איז שלום געוואָרען אָט דעם ארנאָלדען פון די פּידוואָרקעס דער גרעסטער גוטער פריינט — נאָר פאר'ן וואָרט „גימנאזיע", וואָס האָט געקלונגען אין זיינע אויהערען ווי די שענסטע מוזיק און געהאט דעם זיעבעטען חן ביי איהם אין די אויגען. ניט אזוי נאָך דאָס וואָרט „גימנאזיע", וואָס ער האָט נאָך, אייגענטליך, ניט געוואוסט מיט וואָס מע עסט דאָס, ווי דאָס, וואָס ער וועט זיין א „גימנאזיסט"! א קלייניגקייט, א גימנאזיסט? א גימנאזיסט האָט ער געוואוסט, געקענט, געזעהען מיט זיינע אויגען. דאָס איז געווען דער איינציגער אידישער גימנאזיסט אין פּערעיאסלאוו. און ניט קיין גימנאזיסט, נאָר א „גימנאזיסטעל", מיט ווייסע זילבערנע קנעפּלעך און מיט א זילבערנער צאצקע אויפ'ן קאשקעטעל. און געהייסען האָט ער אויך שלום, נאָר גערופען האָט מען איהם סאָלאָמאָן — א יונגעל גלייך מיט אלע יונגלעך, נאָר פאָרט ניט גלייך, פאָרט א „גימנאזיסטעל", גאָר איין אנדער מין באשעפעניש, ווי מיר ווילען דאָס באלד ארויסזעהען. דערווייל האלטען מיר נאָך ביי דער עצה, וואָס ארנאָלד פון די פּידוואָרקעס האָט אויפגעגעבען. ער האָט מיט זיין אידעע אריינגעלאָזט א גריל, און פון דעמאָלט אָן האָבען די ווערטער „קלאסען", „עקזאמענט", „ראבינער־שול", „גימנאזיע", „דאָקטאָר" זיך באזעצט ביי די ראבינאָוויטשעס אין שטוב. פון וואָס מע זאָל ניט רעדען, איז מען ארויף אויף איינע פון די אויבענדערמאנטע ווערטער. איטליכער האָט געהאט וואָס צו דערצעהלען

אַ שענס: ווי אַזוי איין אָרעם־בחור פון דער ישיבה האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַ באַרוויסער קיין זשיטאָמיר אין דער ראַבינער־שול... ווי אַזוי אַ מלמד׳ס אַ יונגעל, אַ ליטוואַק, איז פאַרפאַלען געוואָרען אויף עטליכע יאָהר, געמיינט, ער איז אין אַמעריקע. צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז ער האָט אָפּגעגעבען „עקזאַמענט" אויף אַלע אַכט קלאַסען גימנאַזיע, און איצט שטודירט ער, זאָגט מען, אויף דאָקטאָר. דאָס קאָן נאָר אַ ליטוואַק!

— שאַט! וואָס דאַרפט איהר אַ סך? אַמעהר נעמט אונזער יענקעל דעם רופא׳ס זוהנדעל. וויפיעל, מיינט איהר, געהט איהם אָפּ צו ווערען אַ דאָקטאָר?

— פאָלג מיך אַ גאַנג! עס דאַרף נאָך אַוועקגעהן אַ יאָהר מיט אַ מיטוואָך, ביז יענקעל דעם רופא׳ס זוהנדעל וועט אַמאָל זיין אַ דאָקטאָר...

יענקעל דעם רופא׳ס זוהנדעל — דאָס איז דער גימנאַזיסט, אָדער „גימנאַזיסטעל סאַלאָמאָן", וואָס איז דערמאָנט ביי אונז אויבען, און פון איהם געהען מיר דערצעהלען אין קומענדיגען קאַפּיטעל.

## 50

# גימנאַזיסטעל סאָלאָמאָן

יענקעל דעם דאָקטאָר׳ס זוהנדעל אַ גימנאַזיסטעל. — ער איז איהם שרעקליך מקנא. — דער ווינקעלער „יוזשנאַהאַ בערעגאַ“. — ווימאַראַזיג פון ראַזינקעס. — „צערקאָוונע כשר לפסח“.

עס זענען געווען אין פערעיאַסלאַוו עטליכע דאָקטוירים, און יעדער מיט זיין צונעמעניש: דער גראָבער דאָקטאָר, דער האָר־באַטער דאָקטאָר, דער שוואַרצער דאָקטאָר. די אַלע דאָקטוירים זענען געווען כריסטען, און נאָר איין דאָקטאָר איז געווען אַ איד, אי דאָס — ניט קיין גאַנצער דאָקטאָר, אַ האַלבער דאָקטאָר — י ע נ ק ע ל ד ע ר ר ו פ א. געהאַלטען האָט ער זיך אָבער, ווי אַ גאַנצער דאָקטאָר. געטראָגען אַ טענדעווערענדע, פאַרשריבען אַ רעצעפּט און אָנגערופען איהם דוקא הויך און דוקא אויף לאַטיין:

— איהר וועט מוחל זיין איינגעמען אַלע צוויי שעה איין עסלעפעל „קאַלי בראָמאַלי“, און אַלע דריי שעה אַ טיילעפעלע „נאַטרי בראָמאַטרי“, וועט אייך מאָרגען ווערען בעסער. און אַז ס׳וועט ניט ווערען בעסער, וועט אייך ווערען ערגער, וועט איהר מיך רופען, וועל איך קומען נאָך אַ מאָל...

די שטאָדט האָט ליעב געהאַט יענקעל דעם רופא אַ סך בעסער, ווי אַלע דאָקטוירים. דערפאַר, ווייל מיט יענקעל דעם רופא קאָן מען זיך דורכשמועסען, געוואוירע ווערען, פון וואַנען נעמט זיך דאָס, וואָס סע שפּאַרט אונטער׳ן לעפעלע? און וואָס איז דער

שכל, אז מע האָט אַ רעמאַטיז אין אַ פוס, זאָל מען טרינקען טראָן? וואָס פאַר אַ שייכות האָט אַ מאָגען מיט אַ פוס? — און נאָך אַזעלכע זאַכען. הײַנט האָט ער אייך אַ מעלה — ער דינגט זיך ניט. ער נעמט וויפיעל מע גיט איהם. קוקט גאָר אפילו נישט. ער שאַרט נאָר מיט די פינגער עטליכע מינוט און טרעפט שוין אין דער פינסטער, וואָס פאַר אַ מטבע מע האָט איהם אַריינגערוקט. אויב ס׳איז איין אָפּגעריבענער דרייער, וואָס האָט ניט קיין שום ווערטה, גיט ער אייך אָפּ צוריק און זאָגט, אַז מע דאַרף גאָרניט. ווערט אייך איבער דער טבע, גיט איהר איהם שוין איין אַנדער מטבע.

און נאָך אַ מעלה האָט ער: ער לאָזט זיך רעדען און האָט אַליין אויך ליעב רעדען. רעדען, דערצעהלען מעשיות, און צום מיינסטען — פון זיינע קינדער, וואָסערע געראָטענע קינדער ער האָט. איינער, דער עלטערער, שלום הייסט ער — סאָלאָמאָן — איז ער שוין אַ גימנאַזיסט. ער וועט, אם ירצה השם, ענדיגען די גימנאַזיע און וועט אַריין אין אוניווערסיטעט און וועט אַרויס פון דאָרטען אַ דאָקטאָר, אַ פאַרטיגער דאָקטאָר. טאַקי אַ גאַנצער דאָקטאָר!

— כ׳וואָלט שוין געהרעז, ס׳זאָל שוין זיין יום־טוב! — זאָגט יענקעל דער רופא מיט אַ זיפץ. — אם ירצה השם, אויף יום־טוב קומט ער צו פאָהרען, מיין סאָלאָמאָן, וועט איהר זעהען אַ גימנאַזיסטעל!...

שלום וואָלט שוין אויך געהרען, ס׳זאָל שוין זיין יום־טוב, און ער זאָל אָנקוקען דאָס גימנאַזיסטעל, וואָס פאַר אַ פנים האָט דאָס אַ גימנאַזיסטעל.

קוים דערלעבט יום־טוב, פסח. אָט דאָ וועט ער שוין זעהען, וואָס הייסט אַ „גימנאַזיסטעל״.

יענקעל דער רופא איז ניט אַזאַ גרויסער דאַוונער, וואָס זאָל לויפען יום־טוב אין שוהל אַריין. ער איז דאָך עפּיס אַ דאָקטאָר!

טאַקי נאָר אַ האַלבער דאָקטאָר, און דאָך אַ דאָקטאָר. פון דעסטוועגן צוליעבּ'ן זוהנדעל, דעם גימנאַזיסטעל, איז ער שוין אויך געקומען אין שוהל אריין. איין אויסגעצוואָגענער, איין אָנגעפּאָמאַדעטער און אַ גליקליכער. ער זיצט אין שפּיעגעלבּאַנק, אַקוראַט אַקעגען מזרח. נעבּען איהם שטעהט זיין זוהנדעל שלום, אָדער סאָלאָמאָן, אָנגעטהאָן אין אַ מונדירעל מיט זילבּערנע קנעפּלעך פון אויבּען בּיז אראָפּ, מיט אַ מאָדנע היטעלע אויפ'ן קאָפּ, אַ היטעלע מיט אַ צאַצקע. אין די הענט האַלט ער אַ קליין סידור'על און דאַוונט, ווי אַ געוויינליכער מענטש, און אַלע בּעלי־בּתים און אַלע קינדער לאָזען ניט אראָפּ קיין אויג פונ'ם גימנאַזיסטעל מיט די זילבּערנע קנעפּלעך. דאַכט זיך, אַ מענטש גלייך מיט אַלע מענטשען, אַ יונגעל גלייך מיט אַלע יונגלעך — און פּאָרט ניט גלייך: אַ גימנאַזיסטעל! און עס רייסט זיך אַרויס אַ טיעפער זיפץ פון הארצען.

אָפּגעדאַוונט, חאַפּט זיך יענקעל דער רופא נאָך ניט אוועקצוגעהן פון שוהל. ווענען ער דאַרף נאָך זאָגען אַ גוט יום־טוב, ווער עס דאַרף איהם זאָגען אַ גוט יום־טוב. און דער עיקר וועט דאָך ווערען אַ שמועס מסתּמא פון זיין זוהנדעל דעם גימנאַזיסטעל. און כּך הוה.

— אָט דאָס איז ער, אייער גימנאַזיסטעל, רבּ יענקעל? נאַ דיר אָפּ שלום.

און מע שטעקט איהם אָפּ שלום פון אַלע זייטען. דאַכט זיך, אַ יונגעל — און אידען מיט בּערד געבּען איהם שלום־עליכם! אַנדערע שטעלען זיך אָפּ אַ בּיסעל שמועסען מיט יענקעל דעם רופא טאַקי פון זיין זוהנדעל: וואו לערענט ער? און וואָס לערענט ער? און וואָס וועט זיין, אַז ער וועט שוין אויסלערנען? צו וואָס וועט ער זיך דערלערנען?...

— צו וואָס וועט ער זיך דערלערנען? — זאָגט יענקעל דער רופא מיט אַ געלעכטערעל. — ער וועט זיך שוין דערלערנען,

העֿ־העֿ־העֿ. ער וועט שוין זיין אַ דאָקטאָר. טאַקי אַ גאַנצער דאָקטאָר, העֿ־העֿ־העֿ.

יענקעל דעם רופא׳ס זוהנדעל וועט זיין אַ דאָקטאָר? אַ גאַנצער דאָקטאָר?! — וואָס־וואָס, נאָר מיט פּרנסה וועט ער שוין זיין באַוואָהרענט... אפילו גרויסע, אַלטע אידען וואונדערען זיך, האָטש מע פאַרשטעהט ניט, און זיי אַליין פאַרשטעהען ניט, ווער שטעהרט זיי, למשל, אַז ז י י ע ר ע קינדער זאָלען זיין דאָקטוירים? קיינער שטעהרט זיי ניט. נאָר אַז זייערע טאַטעס האָבען ז י י ניט געוואָלט מאַכען פאַר דאָקטוירים, ווילען זיי ניט, אַז ז י י ע ר ע קינדער זאָלען זיין דאָקטוירים. טרייסטען זיי זיך דערמיט, וואָס זייערע קינדער וועלען דערפאַר זיין א י ד ע ן. אי וואָס — פּרנסה? עט! „מאן דיהיב חיי יהיב מזוני״. דער פּשט איז: ווער עס גיט לעבען, דער וועט געבען צום לעבען, און גליק איז ביי גאָט... אַט האָט יוזי פינקעלשטיין ניט געענדיגט אויף דאָקטאָר און איז, פון דעסטוועגען, חוץ זיין שאַדען אויף אונז אַלעמען גע־זאָגט געוואָרען האָטש האַלב!...

— איז וויפיעל, זאָגט איהר, רב יענקעל, דאַרף ער נאָך לערנען, אייער דאָס, אייער גימנאַזיסטעל? — פרעגען איהם די אידען, קוקענדיג פון אויבען אַראָפּ.

— מיין סאָלאָמאָן? — זאָגט יענקעל דער רופא און גלעט זיך דאָס בערדעל און טאַנצט־אונטער אויף איין פוס. — אָ! ער דאַרף נאָך לאַנג־לאַנג שטודירען! — און ער רעכענט־אויס אויף די פינגער, וויפיעל יאָהר ער דאַרף נאָך שטודירען אין גימנאַזיע, וויפיעל יאָהר אין אוניווערסיטעט, און דערנאָך אַרבייטען אין אַ שפּיטאָל, אָדער גאָר אַריין אין וואָיענע האָספּיטאַל, ווערען וואָיענע דאָקטאָר, דאָס הייסט, כּמעט אַליין אָפיציר, מיט פּאַלעטען, העֿ־העֿ־העֿ...

און ס׳איז ניטאָ קיין מעהר גליקליכער מענטש אויף דער וועלט, דאַכט זיך, ווי יענקעל דער רופא, — אַ קליין אידעלע מיט איין איינגעפאַלענער נאָז, נאָר מיט געגרייזעלטע שטאַרק־אָנגעפּאָ־

מאַדעטע האָר און מיט אַ טענדעווערענדע, ווי אַיין אמת'ער דאָקטאָר. און ס'איז ניטאָ קיין מעהר גליקליכער אויף דער וועלט, ווי אָט דאָס גימנאַזיסטעל מיט די רויטע בעקלעך און מיט די זילבערנע קנעפּלעך און מיט'ן מאָדנעם היטעלע מיט דער צאַצקע. בּיידע געהען זיי פון שוהל, אַרומגערינגעלט פון אַ סך בּעלי־בּתּים. אידען רייבּען זיך אַרום יענקעל דעם רופא. יונגלעך רייבּען זיך אַרום זיין גימנאַזיסטעל, ווילען זיין וואָס נעהענטער, וואָס נעהענטער. עס דאַכט זיך אויס, אַז ער איז עפּיס גאָר אַיין אַנדער מין באַשעפעניש. ע ר ש מ ע ק ט ג אָ ר אַ נ ד ע ר ש...

ניין, שלום האָט נאָך אויף זיין לעבּען קיינעם אַזוי ניט מקנא געווען, ווי אָט דעם גליקליכען גימנאַזיסטעל. „פאַר וואָס איז ער ניט אויף זיין אָרט? פאַר וואָס איז ער בּעסער ניט יענקעל דעם רופא'ס זוהן? ער הייסט דאָך אויך שלום... דאַכט זיך, וואָס וואָלט גאָט געאַהרט, אַז נחום ראַבּינאָוויטש זאָל זיין יענקעל דער רופא און יענקעל דער רופא זאָל זיין נחום ראַבּינאָוויטש?"... ער האָט איהם געזעהען נאָכדעם אין חלום. ער האָט פון איהם גע־חלומ'ט אויף דער וואָהר. ער איז איהם ניט אַרויסגעקראָכען פון קאָפּ אויף אַ מינוט. ער איז געוואָרען בּיי איהם אַ משוגעת, אַ „אידעע־פיקס", דער צווייטער חיים פּרוכשטיין... ער האָט איהם מקנא געווען, שטאַרק מקנא געווען! צוגעהן צו איהם און רעדען האָט ער נישט געהאַט קיין מוט. ווי אַזוי רעדט מען דאָס מיט אַ גימנאַזיסטעל?... ווי אַזוי טרעט מען צו צו אַ יונגעל, וואָס הייסען הייסט ער שלום און רופען רופט מען איהם סאָלאָמאָן?... נאָר פאָרגעשטעלט האָט ער זיך אין דער פאַנטאַזיע, אַז ער איז אַליין אַ גימנאַזיסטעל, און הייסט שוין אַליין אויך ניט שלום, נאָר סאָלאָמאָן, און אַז ער טראָגט אַ מונדירעל מיט זילבּערנע קנעפּלעך און אַ צאַצקע אויפ'ן היטעלע, און אַלע יונגלעך זענען איהם מקנא, און אַלע אידען חידוש'ען זיך: „אָט דאָס איז נחום ראַבּינאָוויטש'עס זוהנדעל, ד ע ר ג י מ נ אַ ז י ס ט ע ל?... אָט דער האָט אַמאָל געהייסען שלום?"...

מע קאָן זיך פאָרשטעלען, וואָס פאַר א גדולה, וואָס פאַר א יום־טוב ס׳איז געוואָרען ביי שלומ׳ען אין הארצען יענעם טאָג, אז דער טאַטע האָט איהם געגעבען צו וויסען, אז מאָרגען, אם ירצה השם, הויבט ער אָן געהן אין די קלאַסען. ער איז שוין געווען, זאָגט ער, ביי׳ם דירעקטער, איינגעגעבען א „פּראָשעניע", דערוויל אין „פּריגאָטאָוויטעלנע".

— אין זעקס וואָכען וועסט דו ענדיגען די „פּריגאָטאָוויטעלנע", וועסט דו אריין, אם ירצה השם, אין דער „אויעזדנע", און פון דאָרטען, אז גאָט וועט וועלען, אין גימנאזיע, און פון דאָרטען נאָך ווייטער... ביי גאָט איז אלץ מעגליך, אבי זאָלסט נאָר וועלען זיך צוסטאַרען א ביסעלע.

שלום האָט שיער ניט ארויסגעלאָזט קיין קוויטש — ער זאָל זיך ניט שעמען פאַר׳ן טאַטען. א שאלה, אויב ער וועט זיך צוסטאַרען! ער האָט נאָר ניט געוואוסט אקוראט, וואָס איז „אויעזדנע", ווער איז דער דירעקטער און וואָס הייסט „פּריגאָטאָ־וויטעלנע"? ער האָט גוט געדענקט, וואָס ארנאָלד האָט געזאָגט, ארנאָלד פון די פּידוואָרקעס. און פאַר די אויגען איז איהם גע־קומען יענקעל דעם רופא׳ס גימנאזיסטעל מיט די זילבערנע קנעפּלעך און מיט׳ן מאָדנעם היטעלע מיט דער צאַצקע, — און דאָס הארץ איז איהם געוואָרען פול, און דער קאָפּ האָט זיך איהם געדרעהט, און טרערען, טרערען פון פרייד האָבען זיך איהם געשטעלט אין די אויגען. נאָר ער איז געבליבען שטעהן ווי א סטאַטיק, א נעבאַכעל, וואָס קאָן קיין צוויי ניט צעהלען. דער סטאַטיק האָט אָבער ארויס־געקוקט אויף דער מינוט, ווען ער וועט קאָנען בלייבען אליין, וועט ער זיך שוין ראַסקאַשעווען: ער וועט שענקען זיך אליין צוויי פּעטש אין ביידע באַקען, אָדער אין ביידע ליטקעס, אָדער גאָר געבען זיך א וואָרף אויף דער ערד און איבערקוליען זיך דריי מאָל

היין־און־צוריק, אָדער אַוועקשפּרינגען אויף איין פוס ווייט־ווייט און אויסרופען מיט אַ ניגון:

סאַלאָמאָן! סאַלאָמאָן!
גימנאַזיסטעל סאַלאָמאָן!...

— און דערווייל געה, זיי מוחל, פאַרוויעגען דאָס קינד, דער־נאָך וועסט דו זיך זעצען העלפען האַקען ראָזינקעס...

דאָס, פאַרשטעהט זיך, זאָגט די שטיפמאַמע. און בכדי דעם לעזער זאָל ניט זיין קשה, וואָס איז פאַר ראָזינקעס, וואָס מע דאַרף זיי האַקען, באַדאַרף מען איהם דאָ געבען צו וויסען, אַז ווייל פונ'ם איינפאָהר אַליין קאָן מען נישט לעבען, האָט נחום ראַבינאָוויטש געעפענט אַ קעלער, אַ וויין־קעלער, און אויפגעהאַנגען אַ שילד:

„פּראָדאַזשאַ ראַזניך ווין יוזשנאַהאָ בערעגאַ".

ער אַליין טאַקי האָט געמאַכט די וויינען פון געהאַקטע ראָזינקעס אונטער אַלערליי נעמען, פון וועלכע עס געדענקט זיך „ווימאָראָזיג", „חערעס", „מאַדעראַ" און נאָך אַ סאָרט רויטער וויין מיט'ן נאָמען „צערקאָווניע כשר לפסח". דעם סאָרט וויין האָבען די קינדער ליעב געהאַט מעהר פון אַלע וויינען — איבער דעם, וואָס דער „צערקאָוונע כשר לפסח" איז געוועזן זיס און טערפּקע. זיין זיסקייט האָט זיך גענומען פון אַזאַ מין סיראָפּ, וואָס מע האָט אין איהם אַריינגעטהאָן, און זיין טערפּקייט האָט געשטאַמט פון די קערלעך פון די ראָזינקעס. און פון וואַנען האָט זיך גענומען זיין רויטקייט — דאָס האָט דער טאַטע געהאַלטען בסוד... אַלע מאָל, ווען מע האָט די קינדער געשיקט אין קעלער נאָך אַ קוואָרט וויין, האָבען זיי זיך צוגעחאַפּט צום „צערקאָוונע כשר לפסח" און אויסגעזשליאָקעט צוויי מאָל אַזוי פיעל — און פון דעסטוועגען האָט זיך געצויגען פונ'ם וויין דאָס שטיקעל ברויט גאָר נישקשה'דיג, מעהר פון אַלע אַנדערע פרנסות.

## 51

# די „פענסיע"

דער טאטע שטאהל און אייזען פאר'ן „קלאסניק". — דער העלד באקומט א סטיפענדיע. — א רעש אין שטאדט. — די חלומות וועגען אוצר הויבען־אן מקוים צו ווערען.

נישט אזוי גיך טהוט זיך עס, ווי סע רעדט זיך. דאס אריינטרעטען אין דער „אויעזדנע" איז ניט אנגעקומען אזוי גרינג און ניט אפגעלאפען גלאט. דער ערשטער שטיין אין וועג איז געוועזן דער פעטער פיני. ער האט געארבייט מעשים: סטייטש, נעמען קינדער און מאכען זיי פאר גויים בידים! — האט ער גע'טענה'ט, זיך שטארק געערגערט, און האט זיך ניט בארוהיגט, ביז ער האט ניט גענומען ביי'ם ברודער דאס ווארט, אז ער וועט חאטש ניט לאזען זיינע קינדער שרייבען אים שבת. דעם תנאי האט טאקי נחום ראבינאוויטש אויסגענומען מיט'ן דירעקטאר (סמאטריטעל) פון דער „אויעזדנע" בפירוש, אז שבת באדארפען זיינע, ראבינאוויטש'עס, קינדער זיין פריי. נאך א תנאי האט ראבינאוויטש אויסגענומען מיט'ן דירעקטאר (דאס איז געוועזן א צייט, וואס אידען האבען דיקטירט תנאים), אז זיינע קינדער זאלען ניט זיין אין קלאס, ווען דער גלח גיט־אפ זיין שטונדע — און אויסגעפיהרט האט ראבינאוויטש.

די צווייטע שווערינקייט פאר די קינדער איז געוועזן די שפראך. זיי האבען ביי'ם אריינטרעטען אין קלאס פארשטאנען

אזוי ווינציג רוסיש, אז אלע האָבען פון זיי געמאַכט חוזק — סאַי דער לעהרער, סאַי די חברים. עס האָט זיך אויסגעוויזען, אז די בענק לאַכען. און דאָס האָט דעם ציקאַווען שלומ'ען פאַרדראָסען. ער איז געוואוינט געווען אָפּצולאַכען פון דער גאַנצער וועלט, צום סוף לאַכט מען גאָר פון איהם!... און די חברים, די שקצים'לעך, האָבען אויך ניט געשוויגען. קוים האָט זיך געענדיגט דאָס לערנען אין קלאַס און די אידישע קינדער, די „זשידעניאַטיעס", האָבען זיך באַוויזען אין הויף, אַזוי האָט מען זיי, במחילת כבודם, אַוועקגעלעגט אויף דער ערד, און דוקא אין גוטען מוט, צוגעהאַלטען די הענט מיט די פיס, און גוט אָנגעשמירט זיי די אידישע פּיסקעס מיט גוויישען חזיר... געקומען דערנאָך אהיים מיט באַטריבטע הערצער, האָבען זיי מורא געהאַט צו דערצעהלען דעם אמת, מע זאָל זיי ניט אָפּנעמען פון די קלאַסען. די שטיפמאַמע האָט אַזוי אויך געקאָכט און געגראַבען אויף די „קלאַסניקעס" (אזוי האָבען גע-הייסען ביי איהר די קינדער נאָכ'ן אריין אין דער אויעזדנע). און וויל שלום איז געווען מעהר מתמיד פון אַלע, האָט זי איהם גע-רודפ'ט מעהר פון אַלעמען. האָט זיך אָבער געטראָפען א מעשה און מע האָט איהר אָפּגעהאַקט די פליגעל, איז זי געוואָרען שטיל. וכך היה מעשה:

איינמאָל, אין א שענעם פריהמאָרגען, האָט שלום געלערענט, אַרומגעשפּאַנט איבער דער שטוב און איינגע'חזר'ט דעם „אוראָק" אויף אויסוועניג, און דער טאַטע איז געשטאַנען אין טלית און תפלין און האָט געדאַווענט. און די שטיפמאַמע האָט זיך געטהאָן איהר אַרבייט: זי האָט געיאָדעט דעם טאַטען, אויפגעוואָרפען איהם די אַלטע עבירה, וואָס ער האָט אַמאָל פאַרלייקענט פון איהר די עלטערע און די קלענערע קינדער, די מיידלעך, זיך דורכגעשמועסט וועגען דעם, וואָס פאַר א גוטען אַפּעטיט, קיין עין-הרע, זיינע קינדער האָבען צום עסען און וואָסערע גוטע מאָגענס זיי פאַר-מאָגען. נישט פאַרגעסען אָנריהרען אויך די „משפח'טערע" זיינע... דאָס אַלסדינג האָט דעם טאַטען נישט געריהרט. ער איז געשטאַנען

## 51

# פונ'ם יאַריד

מיט'ן פנים צו דער וואַנט און האָט געדאַווענט, גלייך ווי ניט איהם מיינט מען. נאָר אָט האָט זי זיך צעלאָזט מיט איהר מענה־לשון אויף שלומ'ען, למאי ער געהט אַרום און לערענט:

— ער מיינט, דער שענער קלאָסניק, אַז חריין איז זיין פעטער און אַז ער איז שוין אַ גאַנצער פּריץ און איז שוין פּטור פון אַלס־דינג, אַ חוץ עסען! די סך משרתים, וואָס מע האָט דאָ, מיט די דיענסטען! נישקשה, עס מעג דיר נאָך אָנשטעהן, דו שענער קלאָסניק מיט די אויסגעדרעהטע שטיוועלעך, זיך מטריח זיין אַריינטראָגען דעם אורח דעם סאַמאָוואַר, עס וועט חלילה ניט אָפּפאַלען פון דיר קיין האָר אפילו, און צום אַפּעטיט וועט דאָס דיר ניט שאָדטען, און צום שידוך אודאי ניט...

דער „קלאָסניק" איז שוין גרייט געווען אַוועקלעגען דעם „אוראָק" און לאָזען זיך אין קיך אַריין נאָכ'ן סאַמאָוואַר, אַז עס טהוט זיך ניט אַ וואָרף דער טאַטע און חאַפּט איהם ניט אָן פאַר אַ האַנט און צעלאָזט זיך ניט מיט אימפּעט אויף לשון־קודש (נישט געוואָלט אין דאַוונען מפסיק זיין):

— אי־אָ־נו־פּע — לא! לא! בשום אופן! מע דאַרף ניט! איך הייס ניט! איך וויל ניט! — האָט ער אויסגעלאָזט אויף אידיש און איז אָנגעפאַלען אויף דער שטיפמאַמע מיט אַ פייער, אפשר דאָס ערשטע מאָל זינט זי איז זיין ווייב, אַז זי זאָל זיך ניט דערוועגען מעהר שאַפען מיט איהם פון דאַנען אהין! מיט אַלע קינדער קאָן זי זיך שאַפען, נאָר ניט מיט שלומ'ען! שלום איז ניט גלייך צו אַנדערע! שלום באַדאַרף לערנען!

— איין מאָל פאַר אַלע מאָל! אָט אַזוי וויל איך, און אָט אַזוי איז דאָס, און אָט אַזוי וועט דאָס זיין!

צי דערפאַר, וואָס יעדער דעספּאָט, יעדער שלאַק־פּורעניות, אַז ער דערהערט אַ הויך וואָרט, דערשרעקט ער זיך און ווערט אַנשוויגען, אָדער דערפאַר, וואָס דאָס איז געווען דעם טאַטענ'ס

ערשטער וויעדערשטאנד זינט זיי קענען זיך און פיהרען אזא זים לעבען, — נאָר ס'איז געשעהן א נס: די שטיפמאמע האָט צור־געביסען די צונג און איז אנשוויגען געוואָרען, ווי א קעצעלע. פון דעמאָלט אָן איז זי צו שלומ'ען געוואָרען גאָר איין אנדער מענטש. דאָס הייסט, שטעכווערטלעך און קללות האָט זי ניט געזשאלעוועט, אלע מינוט איהם אויפגעוואָרפען די „קלאָסען", געגעבען אָנצור־הערעניש בדרך גוזמה, אז עס געהט אוועק א פוד פאפיער א וואָך און דריי בוטעלקעס טינט א טאָג, און זי פלעגט פארגעסען מיט א כיון אָנצוגיסען דאָס לעמפעל אויף ביינאכט, אָנצוגרייטען אָנ־בייסען, און נאָך אזעלכע זאכען. דערפאר אָבער שאפען זיך האָט זי מיט איהם מעהר ניט געשאפט. סיידען אזוי, אין גוטען מוט, אז ער האָט געוואָלט פאָלגען א גאנג, אָדער א קוק טהון צום סאמאָוואר, אָדער פארוויעגען דאָס קינד — מהכתיתי.

— שלום? — זאָגט צו איהם די שטיפמאמע ווייך און מיט א ניגון, ווי מע רעדט אין בארדיטשעוו. — וואָס איז דאָס, וואָס דו, אז דו טהוסט נאָר א קוק צום סאמאָוואר, אזוי הויבט ער אָן זידען?

אָדער:

— שלום? קום נאָר אהער! פאר וואָס ווערט דאָס קינד ביי דיר אנשלאָפען מיט דער מינוט?

אָדער:

— שלום? וואָס גדויערט ביי דיר א שפרונג אין מארק הין און צוריק? א האלבע מינוט! קיין האלבע מינוט אויך ניט!...

און דערצו האָט איהם צוגעשפיעלט די הצלחה אויך א ביסעל. אז עס הויבט אָן געהן א מענטשען, געהט עס. איינמאָל אין קלאס האָט דער „סמאָטריטעל" פון דער „אויעזדנע", א גאנץ וואוילער גוי, אנגענומען שלומ'ען ביי'ם אויהער און געהייסען, אז דער טאטע זאָל קומען צו איהם צו געהן אין דער קאנצעליאריע. ער דארף איהם עפּיס זאָגען. דערהערט, אז דער „אָדון דער דירעקטאָר"

## פונ׳ם יאָריד

רופט איהם, האָט זיך נחום ראַבינאָוויטש ניט געלאָזט לאַנג בעטען, אָנגעטהאָן די שבת׳דיגע קאַפּאָטע, נאָך שטאַרקער אונטערגע־קאַטשעט די אונטערגעקאַטשעטע פּאות און איז אַוועק צום דירעק־טאָר הערען, וואָס וועט ער זאָגען. לאָזט זיך אויס אַזאַ געשיכטע: אַזוי ווי זיין זוהן שלום לערענט זיך אויסגעצייכענט גוט, וואָלט ער, אייגענטליך, „פּאָ־זאַקאָנו", באַדאַרפט איהם צונעמען אויף „קאַזיאָנע שטשאָט". נאָר אַזוי ווי ער איז אַ איד, קאָן ער איהם שענקען אַ פּענסיע (דאַכט זיך, אויב ניט הונדערט צוואַנציג רובעל אַ יאָהר, אָדער הונדערט צוואַנציג רובעל אַ האַלב יאָהר).

דאָס האָט אָנגעמאַכט אַ מאָדנעם רעש און אַ טומעל אין שטאָדט. איינער נאָכ׳ן אַנדערען איז מען געקומען געוואוירע ווערען, צי ס׳איז אמת?

— וואָס זשע? אַ ליגען?

— פּענסיע?

— פּענסיע.

— נאַזנאַטשעט פון קאַזנאַ?

— ניט פון קאַזנאַ, נאָר פון נאַראָדנע פּראָסוויעשטשעניע.

אַ מענטש, וואָס געהער זיך אָן מיט „נאַראָדנע פּראָסוויע־שטשעניע" — אַ קאַטאָוועס אַ ביסעל?!... פאַרנאַכט קלויבען זיך צונויף די משפּחה — אָנקוקען וואָס פאַר אַ פּנים ער האָט, „דער בעל הפּענסיע"?... אך! ווער עס האָט ניט געזעהען דעמאָלט דעם טאַטען, ווי ער האָט געשיינט און געלויכטען, דער האָט גאָר קיין גליקליכען מענטשען אויף זיין לעבען נישט געזעהען! אַפילו די שטיפמאַמע, וואָס האָט זיך משמח געווען גלייך מיט אַלע און איז דעם דאָזיגען טאָג געווען מאָדנע גוט, מכבד געווען די משפּחה מיט טיי און מיט איינגעמאַכטס, האָט באַקומען חן אין די אויגען פונ׳ם בעל הפּענסיע, וואָס האָט איהר פאַרגעסען און מוחל געווען אַלסדינג. „וואָס ס׳איז געווען — איז געווען"... איצט איז ער אַ העלד. אַלע קוקען אויף איהם. אַלע רעדען פון איהם. אַלע לאַכען און פרעהען זיך. דער מוהמע חנה׳ס קינדער, וואָס

האָבען ליעב טרייבען מיט איהם קאַטאָוועס, פרעגען איהם: „וואָס רעכענט ער צו טהון מיט אזוי פיעל געלט?" גלייך ווי זיי ווייסען ניט, אז פונ'ם געלט וועט ער ניט זעהען א גראָשען אין די אויגען. גלייך ווי זיי ווייסען ניט, אז דאָס געלט וועט צונויף קומען דעם טאַטען אין געשעפט אריין, אינ'ם ווײנקעלער „יוזשנאַהאָ בערעגאַ"...

שאַט! אָט איז ער אויך דאָ — דער גראָבער קאָלעקטאָר מיט די שווארצע ברילען און מיט די טיעפע קאַלאָשען. ער וויל נאָר א קוק טהון מיט זיינע בלינדע אויגען דעם קונדאַס (א קוועטש אויפ'ן אַס) און געבען איהם, דעם שייגאַץ (א קוועטש אויפ'ן אַץ), א קניפּ אין בעקעל, ארויסרייסען א שטיק פלייש! אויך די „איידעמס", לייזער־יאָסעל און מאַגידאָוו, זענען אריינגעקומען צום טאַטען אָפּגעבען מזל־טוב און א ביסעל זיצען און שמועסען פון השכלה און פון ליכטיגקייט, פון פּראָגרעס' און פון ציוויליזאַציע... און נאָך זיי איז געקומען ארנאָלד פון די פּידוואָרקעס און האָט א ביסעל פארשטעהרט שלומ'ען די שמחה. ערשטענס, האָט ער באַוויזען די אידען, אז זיי זענען בהמות, זיי ווייסען ניט וואָס זיי רעדען. די פּענסיע איז ניט קיין פּענסיע, נאָר א סטיפּענדיע. פּענסיע איז פּענסיע, און סטיפּענדיע איז סטיפּענדיע... והשנית, איז שלום ניט דער איינציגער — ס'איז דאָ נאָך איינער אין דער אויעזדנע, וואָס האָט באַקומען א סטיפּענדיע, אויך אויף הונדערט צוואַנציג רובעל, און דאָס איז געווען שלומ'ס נייער חבר פון דער אויעזדנע. אלי האָט ער געהייסען. נאָר וועגען איהם שפּעטער. דערווייל איז דער העלד פון אונזער באַשרייבונג געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל. ער האָט ארויסגעזעהען בחוש, אז זיינע אַמאָליגע חלומות וועגען זיין חבר שמואליק'ס „אוצר" הויבען־אָן פאַוואָלינקע מקוים צו ווערען... און זיין פאַנטאַזיע חאַפּט איהם אויף אויף איהרע פליגלען און פארטראָגט איהם ווייט־ווייט, אין עולם־הדמיון אריין. און ער זעהט זיך ארומגערינגעלט מיט זיינע חברים, וואָס קוקען אויף איהם מיט שטראַהלענדיגע אויגען און זענען איהם מקנא. און דעם טאַטען זעהט ער, נאָך גאָר א יונגערמאַנטשיק עפּיס.

## 55

# פונ'ם יאריד

וואו איז אהינגעקומען דער אויסגעבויגענער רוסען? די טועפע קנייטשען אויפ'ן שטערן? דאס געלע פארזארגטע פנים? גאר איין אנדער מענטש געווארען! און ער זיפצט שוין גאר ניט מעהר. און די גאנצע משפחה — שטעלט זיך איהם פאר — רינגעלט איהם ארום, גיט איהם אפ גרויס כבוד, איהם און זיין זוהן שלומ'ען, דעם אויסדערוועהלטען, דעם גליקליכען, וואס פון איהם ווייסען היינט אלע, אפילו „קאזנא” און אפילו די „נאראדנע פראסוויעשטשעניע” — אלע, אלע, אפשר טאקי ביז'ן קיסר — ווער ווייסט?...

# חבר אלי

אלי דאדי'ס. — די ערשטע באקאנטשאפט אויף א שרפה. — שמועסן וועגן קאסמאגראפיע מיט'ן פעטער פיני. — דער העלד איז מחלל שבת בפרהסיה. — ער ווערט געקרוינט מיט'ן נאמען „פיסאטעל".

א פנים א וויס, א קיילעכיגס, א ביסעלע א געשטופעלטס. האר שטעהענדיגע, הארטע, שווארצע, געדיכטע, שטעכעדיגע — א גאנצע גריווע. אויגען לאכענדיגע, צייהן געזונטע, ווייסע. פינגער קורצע. א געלעכטער א הילכיגער, א שיסענדיגער. א טעמפעראמענט א פייעריגער. — אט דאס איז דער פארטרעט פון שלום'ס חבר אלי, פון דער ערשטער קלאס אויעזדנע ביז'ן סוף.

זייער ערשטע באקאנטשאפט איז געשלאסען געווארען ביי־נאכט אויף א שרפה.

א שרפה — דאס איז א ספעקטאקל, איין אומזיסטיגע פאר־שטעלונג, א העכסט־אינטערעסאנטע פארזאמלונג פון אלערליי טיפען אידען און ווייבער, איין אפשפיעגלונג פון אלערליי סצענעס, טרויעריגע און פרייליכע — מע דארף נישט קיין טעאטער. די נאכט איז שטיל, דער הימעל איז טיעף, שטערן פינקלען. וואר־ניט־וואו לאזט זיך הערען דאס בילען פון א הונט. און דאס שטיבעל ברענט זיך ווי א ליכטעל, רוהיג, פאמעליך. ס'האט צייט. פון אלע גאסען ציהען זיך מענטשען. פריהער שלעפעריג, דערנאך

# פונ'ם יאריד

לעבעדיגער און האמעטנער. פריהער איינציגווייז, דערנאך מחנות־ווייז, און אידישע קינדער — א גאנצע חאליאסטרע. אידען מיט ארבע־כנפות'ען ווארפען זיך אין פייער אריין ראטעווען, ווייבער קוויטשען, קליינע קינדער וויינען, בחורים זאגען ווערטלעך, אונטערגעוואכסענע מיידלעך לאכען. ראבינאוויטש'עס קינדער זענען אויך דא. פלוצים דערהערט שלום עמיצענ'ם קול, א קול פון א יונגעל, און גלייך צו איהם אויפ'ן אויהער:

— זיי פאהרען!

— ווער?

— די „פאזשארנע קאמאנדע". קום, וועלען מיר העלפען לעשען.

און ביידע יונגלעך נעמען זיך פאר די הענט און מע לאזט זיך לויפען איבער'ן גאנצען מארק צו באגעגנען די „פאזשארנע קאמאנדע". לויפענדיג, ווערט שלום געוואוירע, אז זיין חבר רופט מען אלי און אז ער איז דאדי דעם שרייבער'ס א יונגעל. און אלי ווערט געוואוירע, אז זיין חבר הייסט שלום און אז ער איז נחום ראבינאוויטש'עס א יונגעל.

זייער צווייטע באגעגעניש איז פארגעקומען א ביסעל שפעטער, שוין דוקא בייטאג, אויך אין גאס און אויך אויף איין אומזיסטיגער פארשטעלונג. עפּים א שווארצער מיט ווייסע צייהן ווייזט א מאלפּע, און די גאנצע שטאדט מיט יונגלעך לויפען איהם נאך. דאס איז איינס פון די חידושים, וואס מע זעהט זעלטען אין פערע־יאסלאוו. אדער מע פיהרט ארום א בער מיט אויסגעברענטע אויגען, וואס טאנצט אויף א שטעקען. אדער א וואנקא רוטוטיו מיט רויטע הויזען, וואס מאכט אנשטעלען. אדער א ציגיינער ווייזט א מאלפּע. דער ציגיינער און די מאלפּע האבען ביידע איין פנים, גלייך ווי איין מאמע האט זיי געהאט. ביידע האבען אלץ איינע געקנייטשטע באוואכסענע פנימ'ער, אלץ איינע אויסגעקראכענע קעפּ, און קוקען ביידע מיט אלץ איינע רחמנות'דיגע אויגען און ציהען־אויס די באוואכסענע ברודיגע דארע הענט, מע זאל זיי עפּיס

געבען. און רעדען רעדט דער ציגיינער מיט אזא מאָדנע קול און אויף אזא מאָדנע שפּראַך, שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און מאַכט אזא מאָדנע גרימאַסע דערבּיי, אז מע מוז לאַכען: „דאַי, בּאַרין! חאַראָש אָבּעזשיאַן! אַמעריקאַנסקו!״... און חברה שיסען־אויס א געלעכטער. די דאָזיגע צוויי בּאַגעגענישען זענען שוין גאַנץ גענוג, אז אזעלכע צוויי יונגלעך, שקצים, ווי שלום נחום ראַבּי־נאָוויטש׳עס און אלי דאָדי דעם שרייבּער׳ס, זאָלען ווערען חברים. דאַרף נאָך גאָט פיהרען אזוי, אז זיי טרעפען זיך בּיידע אין איין קלאַס אין דער אויעזדנע, א בּאַנק נעבּען א בּאַנק, און אַקוראַט דעמאָלט, ווען דער לעהרער האַלט־אָפּ זיין ערשטע לעקציע פאַר׳ן גאַנצען קלאַס. דערזעהט שלום זיין נייעם חבר אלי, ווי ער ציהט־אויס די האַנט, שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, מאַכט דעם ציגיינער׳ס גרי־מאַסע: „דאַי, בּאַרין! חאַראָש אָבּעזשיאַן! אַמעריקאַנסקו!״ — זייט א בּריה, האַלט זיך איין און צעלאַכט זיך ניט. אודאי בּאַ־קומען בּיידע חברים א מיאוס׳ען פּסק, בּלייבּען בּיידע איבּער „אָהן וואַרעמעס״, און זייער פריינטשאַפט ווערט געשלאָסען אויף שטענדיג, אויף אייבּיג.

פון דעמאָלט־אָן ווערען זיי נפש אחת, איין זעל, איין נשמה. וואו איינער, דאָרט איז דער צווייטער. בּיידע אינאיינעם לערנען, און לערנען גוט. מע האָט זיך דאָס וואָרט געגעבּען, אז מע זאָל איבּערשטייגען אלע גויים, מע זאָל זיין די ערשטע, די בּעסטע תּלמידים אין קלאַס. און מע האָט אויסגעפיהרט. מע האָט ווייט־ווייט איבּערגעשטיגען אלע גויים און מע איז געגאַנגען פון קלאַס צו קלאַס די ערשטע בּעסטע תּלמידים, אָבּער אויך די ערשטע און די גרעסטע שקצים אין שטאָדט. וואָס די צוויי האָבּען זיך דער־לויבּט אָפּצוטהון אין שטאָדט האָבּען דאָס אנדערע יונגלעך נישט געוואַגט. די בּעסטע יונגלעך, פּענסיאָנערען, סטיפּענדיאַנטען — א קלייניגקייט? היינט זייער קענען רוסישע גראַמאַטיקע! וואָס פאַר א וואָרט מע זאָל ניט אַרויסרעדען, איז בּאַלד צו דער גראַ־מאַטיקע. למשל, א טיש איז סטאָל. און סטאָל איז: סטאָל,

# פונ'ם יאריד

סטאַלאַ, סטאָלו, סטאָל, סטאָלאָם, אָ סטאָליע, א מעסער איז נאָזש. און נאָזש איז: נאָזש, נאָזשאַ, נאָזשו, נאָזש, נאָזשאָם, אָ נאָזשיע. היינט געאָגראַפיע! ווער נאָך ווייסט אזוי ווי זיי, פאַר וואָס איז די ערד קיילעכיג? ווער דרעהט זיך אַרום וועמען — די ערד אַרום דער זון, צי די זון אַרום דער ערד? און פון וואַנען נעמט זיך אַ ווינט? און וואָס איז פריהער — דער דונער, אָדער דער בליץ? און פון וואַנען נעמט זיך אַ רעגען?

פון אַלע לערנעכצען, וואָס מע לערענט אין די קלאַסען, געפעלט שלום'ם טאַטען נאָר געאָגראַפיע. מחמת פון געאָגראַפיע ווערט מען געבילדעט, אויפגעקלערט. חשבונ'ען איז אויך אַ גוטע זאַך. מאַטעמאַטיקע שאַרפט־אויס דעם מוח. אָבער נישט מעהר. אָט איז יאָסי פּרוכשטיין אַ פּראָסטער איד, ניט געלערענט אין ערגיץ, פון דעסטוועגען גיט איהם די שווערסטע „זאַדאַטשע", וועט ער זי אייך מאַכען אויפ'ן קאָפּ. צי, אַשטייגער, נעמט דעם קאַלעקטאָר. וואו האָט ער שטודירט? ערגיץ אין דער ישיבה. נו, קען ער נישט, מיינט איהר, קיין אַלגעברע? פון לייזער־יאָסלען שמועסט מען ניט, און אַרנאָלד פון די פּידוואָרקעס — פון יענעם איז אָפּגערעדט. אַרנאָלד איז דאָך גרייט אָפּגעבען „עקזאַמענט". ניין, זאָגט אייך וואָס איהר ווילט, געאָגראַפיע איז ניט מאַטעמאַטיקע. געאָגראַפיע דאַרף מען לערנען. געאָגראַפיע דאַרף מען קענען. און שלום קען געאָגראַפיע. זיין פאָטער האָט ליעב מיט איהם צו פאַרברענגען נאָר וועגען געאָגראַפיע. און איז צופריעדען, און איז גליקליך, אַז עס זיצט דערביי אַ דריטער.

אַ קאָמעדיע איז, אַז דער פעטער פיני זיצט דערביי. דער פעטער פיני גלעט די באָרד, שמייכעלט, מאַכט חוזק פון דעם קליינעם פילאָזאָף, ווי ער צעשפּרייט זיך דאָס אַ ביסעל מיט זיין געאָגראַפיע. אַ יונגעל אַ שנעק האָט אַ העזה צו זאָגען פאַר איין עלטערען אידען, פאַר אַ פעטער, אַז די ערד דרעהט זיך, ניט די זון. אַי, עס שטעהט בפירוש: „שמש בגבעון דום"? — דו, זון, איז נבטון. בלייב שטעהן? בלייבט אַ קשיא... „צי, אַשטייגער,

האָבּען איהם בּאַדאַרפט אַרויסרופען אין קלאַס צו דעם בּרעט, האָבּען זיי ניט געזאָגט, ווי בּיז אַהער: ראַבּינאָוויטש! זיי האָבּען איהם אַרויסגערופען אָדער „חודאָזשניק" (מאָהלער), אָדער „פּיסאַטעל" (שריפטשטעלער). און צעצויגען האָט מען דאָס וואָרט אויף דריי קלאַפּטער די לענג:

— פּי־סאַ־טעל!...

אָט דער נאָמען איז איהם פאַרבּליבּען אויף לאַנג, שוין בּיז'ן סוף.

53

# צווישען חזנים און כלי־זמרים

א מעשה מיט א אידיש ביכעל, וואס רופט־ארויס געלעכטער. — חזנים מיט א „קאלאווראטור". — יהושע־העשעל דער כלי־זמר מיט זיין חאליאסטרע. — דער יצר־הרע פון פיעדעל.

צו „שרייבעריי" האָט דער העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראפיע געהאט א נייגונג פון תמיד אָן. זיין אידעאל איז געוועזן צו זיין א מחבר, א שרייבער, ניט נאָר מיט'ן קריידעל אויף די ווענט, נאָר טאקי באמת א שרייבער, א פארפאסער פון א בוך. אויף איהם האָט נביאות געזאָגט נאָך זיין אלטער פריינט דער קאָלעקטאָר, אז ער וועט אמאָל זיין א שריפטשטעלער און וועט שרייבען העברעאיש, אזוי ווי צעדערבוים, גאָטלויבער, יהל"ל און נאָך א סך אנדערע „גדולים". האָט אָבער ארנאָלד פון די פידוואָרקעס גערעדט פארקעהרט: אז אויב אָט דער חברה־מאן וועט אמאָל שרייבען, וועט ער שוין זיין בעסער א רוסישער שרייבער, ניט קיין העברע־אישער. אין „המליץ", האָט ער געזאָגט, זענען פארהאן אָהן איהם גענוג דילעטאנטען, איגנאָראנטען, מלמדים און בטלנים! ניט צעדערבוים, ניט גאָטלויבער, ניט יהל"ל, נאָר טורגעניעוו און גאָגאָל, פושקין און לערמאָנטאָוו — אָט ווער עס באדארף איהם שטעהן פאר די אויגען!...

מיט איינעם וואָרט, אָדער העברעאיש, אָדער רוסיש. אז דער „חברה־מאן" וועט אמאָל שרייבען אידיש — דאָס איז קיינעם אויף די געדאנקען ניט געקומען, וואָרום אידיש איז דען אויך א

אזוי טענה'ט נחום ראבינאָוויטש און איז פון זיין שטאַנד־פונקט אפשר גערעכט. הערט זשע אָבער, וואָס זאָגט דערויף יהושע־העשעל דער כלי־זמר? יהושע־העשעל דער כלי־זמר איז אַ איד איין עהרליכער, איין איידעלער איד, מיט צוויי גראָבע געדיכטע פאות. זאָגט ער בפירוש: „וואָס געהער זיך אָן דאָס מיט דעם? ער האָט, זאָגט ער, אויך קינדער, ניט ערגער פון אַלע אַנדערע אידישע קינדער, און שקצים אויך גוטע, דער רוח האָט זיי ניט גענומען! אלא דעריבער איז וואָס? האָט איהר מורא, אַז זיי שפּיעלען ניט ביי איהם אויף אַלע אינסטרומענטען?... און בנציון דער כלי־זמר וואָס זאָגט? אָט דער בנציון, וואָס האָט אויסגעלעהרענט די אַלע אויסגערעכענטע בחורים'לעך פּיעדעל שפּיעלען, איז אַליין אַ איד מיט איין איינגעפאַלענער נאָז, און דעריבער פאָנפעט ער אַ ביסעל אונטער. האָט ער אויסגעפּרובט נחום ראבינאָוויטש'עס יונגעל, געגעבען איהם די ערשטע פּאָר לעקציעס פון ערשטען חלק „בעריאָט", האָט ער אַליין געזאָגט פאַר אַלע יונגלעך, אַז אָט דאָס בחור'על איז אַ „פאַלאַנף". אויף בנציונ'ס פאָנפעוואַטע לשון האָט דאָס באַדאַרפט הייסען אַ „טאַלאַנט"... צי ער האָט טאַקי געהאַט אַ טאַלאַנט אָדער ניט — דאָס ווייסט ניט שלום. ער ווייסט נאָר, אַז פון קינדווייז־אָן געהט ער אוים שפּיעלען און איז די כפּרה נאָך אַ פּיעדעל, און ווי אויף צו־להכעיס, גלייך ווי מע וואָלט זיך וועלען רייצען מיט איהם, האָט ער זיך שטענדיג געפונען אין אַ וועלט פון געזאַנג און מוזיק, צווישען חזנים און כלי־זמר.

חזנים און משוררים זענען כמעט קיינמאָל ניט אַרוים פון זייער שטוב, ווייל נחום ראבינאָוויטש איז אַליין געווען אַ בעל־תפילה און אַ יודע־נגן, און דערצו איז זייער איינפאָהר געווען, קאָן מען זאָגען, די איינציגע סטאַנציע פאַר חזנים. עס איז ניט אַוועק קיין שבת־מברכים, ס'זאָל ניט קומען צו פאָהרען אַ בויד, אָנגעפּאַקט מיט מאָדנע פּאַרשוינען, לעבעדיגע, ריהרעוודיגע, אַלע הונגעריגע. געגאַנגען זענען זיי, מעהרסטענטייל, אָפּגעריסען און

אָפּגעשליסען, כמעט נאַקעט און באָרוויס, נאָר די העלזער אַרומ־ געוויקעלט מיט שאַרפעס, וואָלענע, וואַרעמע שאַרפעס. אַזוי ווי די היישעריקען האָבען זיי באַפאַלען די אכסניה, געגעסען אַלסדינג, וואָס מע האָט זיי געגעבען. דאָס איז שוין געווען אַ כּלל, אַז ווי־ באַלד הונגעריגע — זענען דאָס געווען משוררים מיט אַ וועלט־ באַריהמטען חזן. גאַנצע טעג האָט זיך דער וועלט־באַריהמטער חזן געקאַטשעט אויפ'ן האַלז, אויסגעפּרובט זיין „קאָלאַוראַטור" און געשלונגען רויהע אייער, און די זינגערלעך האָבען זיך געריסען אויף די גלייכע ווענט, מעהרסטענטייל געהאַט שוואַכע קולות, נאָר שטאַרקע אַפּעטיטען צום עסען, האָבען זיי דעריבער מיט זייער דאַווגען עפּים ניט אַזוי שטאַרק אויסגענומען, נאָר אָנגעגעסען און אָנגעטרונקען זיך און אָוועקגעפאָהרען אומבאַצאָהלטערהייט. דאָס האָט דער שטיפמאַמע, פאַרשטעהט זיך, שטאַרק ניט געשמעקט. האָט זי בּיסלעכווייז אָטלענטשעט די וועלט־באַריהמטע חזנים, גע־ בעטען, זיי זאָלען שוין מוחל זיין פאַרפאָהרען בעסער צו ראובן יאַסנעגראַדסקי, מחמת עסערם האָט זי, קיין עין־הרע, אַליין גענוג, און שרייערם איז ביי איהר אויך דאָ אַ היבש ביסעל, ניט צו פאַר־ זינדיגען... דער פּועל־יוצא איז געווען, וואָס ראַבינאָוויטש'עס קינדער האָבען זיך אָנגעהערט אַזוי פיעל נגינה, אַז זיי זענען געווען קלאָר אויף אויסוועניג, וועמען געהער אָט די און די קדושה, און וועמען געהער דער און דער „תּכנת־שבת": צי פּיצי דעם חזן, אָדער מיצי דעם חזן, אָדער דעם קאַשטאַנער חזן, אָדער דעם שעדליצער, אָדער דעם קאָלוואַריער חזן, אָדער גאָר ניסי בעלזער? עס זענען געווען צייטען, וואָס געזאַנגען האָבען זיך, אַזוי צו זאָגען, געטראָגען אַליין פון זיך אין דער לופטען, און אין קאָפּ האָט זיך געפלאָכטען אַ געדאַנק, און אין האַלז האָט זיך געקייקעלט און געקייקעלט עפּים אַ ניגונ'דעל און ניט געלאָזט שלאָפען.

דאָס איז געווען מיט נגינה. און וואָס אָנבאַלאַנגט מוזיק, האָט דער העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראַפיע געהאַט די זעלבע געלעגענהייט צו הערען כּלי־זמר נאָך מעהר ווי חזנים, וואָרום סאַי

יהושע-העשעל דער כּלי-זמר מיט די גראָבע פּאות, סאַי בּנציון מיט דער איינגעפאַלענער נאָז האָבּען געוואוינט ניט ווייט פון חדר, אזוי, אַז מע איז געגאַנגען אין חדר אריין, האָט מען בּאַ־דאַרפט דורכגעהן פאַרבּיי יהושע-העשלען און פאַרבּיי בּנציונען. דאָס הייסט, קיין מוז איז דערבּיי ניט געווען: מע האָט זעהר שען געקאָנט אויסמיידען, און ווען מע מיידט זיי אויס, וואָלט געווען אַ סך נעהענטער. האָט אָבּער שלום ליעבּ געהאַט דוקא געהן פאַרבּיי זיי און דוקא בּלייבּען שטעהן אונטער'ן פענסטער און הערען, ווי בּנציון דער כּלי-זמר לעהרענט די יונגלעך פּיעדעל שפּיעלען, אָדער ווי יהושע-העשעל דער כּלי-זמר מאַכט רעפּעטיציע מיט זיינע בּנים, וואָס שפּיעלען אויף אַלערליי אינסטרומענטען. און דעמאָלט איז געווען איהם ניט אָפּצורייסען און ניט אָפּצו־טרייבּען. יהושע-העשעל'ס בּנים האָבּען דאָס בּאַמערקט, האָט דער עלטערער, העמעלע, איהם מכבּד געווען איין מאָל מיט'ן סמיטשיק, דאָס אַנדערע מאָל מיט אַ קוואָרט וואַסער — עס האָט אָבּער ניט געהאָלפען. דורך איין ציגאַר טיטון איז מען מיט העמעלען געוואָרען חבר, און שלום איז געוואָרען אַ בּן-בּית בּיי יהושע-העשעל דעם כּלי-זמר, נישט דורכגעלאָזט קיין איין רעפּע־טיציע — און רעפּעטיציעס זענען געווען דאָרט אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, — און דורך זיי האָט ער זיך בּאַקענט מיט'ן גאַנצען בּינטעל מוזיקאַנטען, מיט דער גאַנצער כּלי-זמר'שער משפּחה, מיט זייערע ווייבּער און קינדער, מיט אַלע זייערע זיטען און מנהגים, מיט זייער אַרטיסטיש ציגיינער-לעבּען, און אפילו מיט זייער שפּראַך, „כּלי-זמר-לשון", וועלכעס ער האָט דערנאָכדעם, שוין אַלס שלום-עליכם, טיילווייז אויסגענוצט אין זיינע ווערק: „אויפ'ן פּיעדעל", „סטעמפּעניו", „בּלאָנזענדע שטערען" און אַנדערע.

אַלזאָ, ווי איהר זעהט, איז אין לערנען פּיעדעל שפּיעלען ניט געווען קיין מניעה. געהערט האָט ער געהאַט גענוג. אַ טאַלאַנט, זאָגט בּנציון דער כּלי-זמר, האָט ער אויך געהאַט. וואָס זשע נאָך

פעהלט? איין אינסטרומענט, א פיעדעל. און א פיעדעל קאָסט געלט, און קיין געלט איז נישטאָ! וואָס טהוט מען? — דאַרף מען, הייסט דאָס, קריגען געלט... אָט דאָ, בּיי דעם געלט קריגען, האָט זיך געטראָפען א מעשה, א קאָמישע, נאָר א טרויעריגע. א מין טראגי־קאָמעדיע.

54

# לא תגנוב!

דעם אורח'ס בײטעלע מיט קלײנגעלט. — ער באגעהט א גנבה און האָט חרטה. — װי אזוי װערט מען פּטור פונ'ם בײטעלע?

צװישען די אורחים, װאָס האָבען זיך אָפּגעשטעלט בײ די ראבינאָװיטשעס אין „אײנפאָהר", איז געװען אײנער א באשטענדיגער אורח, א איד א ליטװאַק, א תבואה־הענדלער פון פּינסק, מיט'ן נאָמען װאָלפסאָהן. דער װאָלפסאָהן פלעגט אײנשטעהן חדשים־לאנג און האָט זיך געהאַט זײן שטענדיגען חדר, װאָס מע האָט איהם גערופען „װאָלפסאָהנ'ס חדר" (אפילו דעמאָלט, װען װאָלפסאָהן אלײן איז גאָר געװען אין פּינסק). און אויך א סאמאָװאר א באזונדערען האָט ער געהאַט — „װאָלפסאָהנ'ס סאמאָװארעל". און געװען איז דער װאָלפסאָהן בײ די ראבינאָװיטשעס א מענטש א הײמישער, גענעסען דאָס, װאָס אלע עסען, און אז די בעל־הבית'טע (די שטיפמאַמע) איז געװען עפּים ניט אזוי אויפגעלעגט, האָט ער געחאַפּט פון איהר א פּסק גלײך מיט אלעמען, װי אײן אײגענער... געטראָגען האָט ער אין שטוב א קורץ חאלאטעל, און אמאָל איז ער געגאנגען גאָר אָהן א חאלאט, און געראויכערט האָט ער מורא'דיג גראָבע געבלעטערטע ציגארען, און ליעב געהאַט צו רעדען, האלטענדיג די געבלעטערטע ציגארען אין מויל, די הענט אין די הויזען, און גערעדט, און גערעדט — נײעס מאָס רעד! דער חדר איז געװען אָפען, דאָס סאמאָװארעל בײ'ם

טיש, דאָס טישקעסטעל צוגעשלאָסען, נאָר די שליסעלעך הענגען דערבײַ — אַ דרעה מיט׳ן שליסעל, און דאָס טישקעסטעל איז אָפען. וואָס אין טישקעסטעל טהוט זיך — ווייסען אַלע. דאָרט געפינען זיך ביכער, בריעף, חשבונות און געלט. איין טייסטער אַ גרויסער, אַ גראָבער, אָנגעשטאָפּט מיט אַסיגנאַציעס — ווער ווייסט, וויפיעל דאָרט איז! און אַ חוץ דעם טייסטער — אַ לעדערן בייטעלע, איין אַלטס, איין אָפּגעקראָכענס, נאָר שטענדיג פול מיט קליינגעלט, זילבערנע און קופּערנע מטבעות, אויך היבשליך — הלואי פאַרמאָגט דאָס אַזאַ יונגעל, ווי שלום, האָטש האַלב, וואָלט איהם אויך גענוג געווען אויף צו קויפען די בעסטע פיעדעל אין דער וועלט...

ניט איין מאָל האָט וואָלפּסאָהן געהאַט געעפענט דאָס טיש־קעסטעל פאַר איטליכען אין די אויגען, און, ניט ווילענדיג, האָט שלום געחאַפּט אַ קוק אויפ׳ן אָנגעפּאַקטען טייסטער מיט אַסיג־נאַציעס, און דערהויפּט — אויפ׳ן לעדערן בייטעלע מיט מינץ, און זיין גרעסטער וואונש איז געווען, אַז וואָלפסאָהן זאָל אַמאָל פאַר־לירען אָט דאָס בייטעלע און ער, שלום, זאָל דאָס געפינען. דאָס וואָלט געווען, ווי מע זאָגט, אַ כשר׳ער טאָפּ מיט אַ כשר׳ען לעפעל... „השבת אבידה״ איז טאַקי איינע פון די גרויסע מצוות. נאָר פאַר־מאָגען אָט אַזאַ בייטעלע מיט קליינגעלט איז נאָך מעהר מצוה... וויל ער אָבער ניט פאַרלירען, דער ליטוואַק!... פּועל׳ט ביי זיך שלום און איז זיך מתיר נדר, אַז ווען וואָלפסאָהן גיט איהם, למשל, די הויזען אויספּוצען און פאַרגעסט דאָרטען דאָס בייטעלע, וואָלט ער עס איהם אַ מכה אָפּגעגעבען צוריק! ס׳האָט זיך אַרויסגע־גליטש פון קעשענע בשעת רייניגען — וואָס איז ער שולדיג?... איז אָבער וואָלפסאָהן אויך ניט קיין נאַר. אַלע מאָל, ווען ער גיט די קינדער פּוצען די מלבושים, לעדיגט ער פריהער אויס אַלע קעשענעס — אַ ליטוואַק בלייבט אַ ליטוואַק! פאַרדריסט דאָס שוין שלום׳ען. איז ער זיך מיישב איינמאָל, אַז ס׳איז יאָ אַזוי, אַז פאַרלירען ניט און פאַרגעסען אויך ניט, באַדאַרף מען געבען

אַ קוק אַריין אין בייטעלע, חאַטש וויסען, וויפיעל קליינגעלט דאָרט געפינט זיך... און מיט דער דעה, ניט חלילה אויף צו באַגעהן אַ גנבה, נאָר גלאַט אַזוי אויס נייגיעריגקייט, האָט שלום איינמאָל אין אַ פריהמאָרגען אַריינגעחאַפּט זיך צו וואָלפסאָהנען אין חדר'על אַריין, זיך אַרומגעדרעהט אַ ווײלע, כּלומרשט אויפגערוימט ביי'ם טיש, בשעת דער ליטוואַק איז געשטאַנען אין זאַל מיט דער גראָבער בלעטערנער ציגאַר אין מויל און געגראַגערט. פונ'ם דאָזיגען אַרומדרעהען זיך איז אָבער נישט אַרויסגעקומען גאָרנישט. ביי'ם אָנריהרען מיט דער האַנט די קאַלטע שליסעלעך, האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז דאָס בינטעל שליסעלעך האָט אויפגעהויבען אַ גוואַלד עד לב השמים, און עס האָבען איהם אָנגעהויבען ציטערען הענט און פיס. האָט ער זיך געגעבען אַ דרעה־אויס און אַוועק פון וואָלפסאָהנ'ס חדר'על מיט לעדיגע הענט.

דער ערשטער סעאַנס איז איהם ניט געראָטען, האָט ער גע־וואַרט אויף אַ צווייטען מאָל, זיך אַליין אויסגעוואָרפען, אַז ער איז אַ גנב. „ביזט אַ גנב, שלום! האָסט דו נאָר געהאַט איין מחשבה אַ שלעכטע, ביזט דו שוין אַ גנב... אַ גנב! אַ גנב!"...

דער צווייטער סעאַנס האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג וואַרטען. וואָלפסאָהן האָט פיינט געהאַט זיצען איינער אַליין ביי זיך מיט די פיער ווענט. אין זאַל זענען געווען נאָך אורחים. האָט ער בעסער פאַרבראַכט אין זאַל, געראויכערט און גערעדט, ווי אַלע מאָל. שלום האָט זיך ווידער אַ מאָל אַריינגעחאַפּט אין וואָלפסאָהנ'ס חדר'על. איצטיגס מאָל שוין מיט דער דעה ניט אַ קוק צו טהון, נאָר טאַקי עפּיס געניסען אויך. סאַי־ווי־סאַי אַ גנב... אַריינגעחאַפּט זיך, האָט ער זיך איבערגעבויגען מיט'ן גאַנצען גוף איבער'ן טיש, גלייך ווי ער וואָלט וועלען עפּיס דערלאַנגען פונ'ם אַנדערען ברעג טיש, מיט דער לינקער האַנט געגעבען אַ נעם דעם קאַלטען שליסעל, אַ דרעה רעכטס — דער שלאָס האָט זיך געעפענט מיט אַ שטילען קלאַנג — דזין! — און אַנשוויגען געוואָרען. ער האָט געגעבען אַ קוק אַריין אינוועניג און איז געבליבען אַ פאַרציטערטער. צו־

ערשט האָט ער דערזעהען פאַר זיך דעם גראָבען טייסטער איין אָפענעם, פול און פול געפאַקט מיט פּאַפּיער־געלט: צעהנערלעך רויטע, פינפערלעך בלויע, דרייערלעך גרינע, און איינערלעך געלע — ווער ווייסט, וואָס דאָס האָט געקאָנט באַטרעפען ? ! איין פּאַפּיערעל א רויטינקס ווען ער טהוט נאָר א שלעפּ־אַרויס פון דאָרטען — איז ער דאָך שוין א געהאָלפענער! ווער וועט זיך אַרומקוקען ? נעם זשע, שוטה, און שלעפּ־אַרויס — ניין! קאָן ער ניט! עס טרייסלען זיך איהם די הענט, עס קלאָפּט איהם א צאָהן אויף א צאָהן און עס פאַרציהט איהם דער אָטעם. ער חאַפּט בעסער א קוק אויפ׳ן לעדערנעם בייטעלע — ס׳איז געפּאַקט! ער וויל דאָס א נעם טהון — פאָלגט איהם ניט די רעכטע האַנט. עפענען דאָס בייטעלע און אַרויסנעמען פון דאָרט עטליכע זילבערנע מטבעות וואָלט אויך געווען נישקשה — איז צופיעל אַרבייט. נעמען דאָס בייטעלע און אַריינרוקען דאָס אין קעשענע — וועט מען זיך באַלד אַרומקוקען. דערווייל די צייט שטעהט ניט און די מינוטען ציהען זיך. א מינוט א יאָהר... און דאָ דערהערט זיך א שאָראָך — אהא, ער שקראַבעט שוין, דער ליטוואַק, מיט די אויסגעטראָטענע שטעק־שיך... א דרעה דעם שלאָס מיט דער רעכטער האַנט צוריק — און לאָזט זיך געהן פון חדר וויעדער מיט לעדיגע הענט, רעכענט באַגעגענען זיך מיט עמיצען, צום סוף — ווער? וואָס? ניטאָ קיינער! געהן נאָך א מאָל צוריק — שוין צו שפּעט. באַדאַרפט פריהער! דורכגעלאָזט אזא געלעגענהייט!... „ביזט א אידיאָט, שלום! דו ביזט ביידע זאַכען — אי א גנב, אי א אידיאָט!"...

דער דריטער סעאַנס, אין א צייט אַרום, איז שוין גאָר אָפּ־געלאָפען גלאַט. ער האָט אויסגעמידען די פריהעריגע הכנות, ניט געמאַכט קיין שיהות, נאָר גלייך צום טיש, אויפגעעפענט דעם שלאָס, אַריינגעשטעקט די האַנט אין שיפלאָד, געגעבען א נעם דאָס בייטעלע, געגעבען דאָס א לאָז אין קעשענע, צוגעמאַכט צוריק דעם שיפלאָד און אַוועק מיט די ביכלעך אין קלאַס אַריין, דוקא ניט געחאַפּט זיך, דוקא פּאַוואָלי, און, דאַכט זיך, אזוי קאַלט־

בלוטיג, כמעט שלעפעריג. נאָר ארויסגעהענדיג פון שטוב האָט ער דערפיהלט, אז דאָס בייטעלע בריהט איהם דורך דער קעשענע דאָס לייב, און אז ער דארף עס ביי זיך ניט האלטען בשום אופן ואופן! ווער שמועסט, דעם ערשטען טאָג — אודאי און אודאי ניט! און אָנשטאָט דעם, ער זאָל געהן אין קלאס, חאפט ער זיך אריין אין שטאל אריין, דאָרט, וואו מע האלט האָלץ, אָנגעהאקט האָלץ, בויגט זיך אָן און טהוט א רוק אריין דאָס בייטעלע אין ווייטען, פינסטערען ווינקעל אריין, צווישען האָלץ און צווישען דער וואנט, מאכט א סימן מיט'ן אויג, ער זאָל געדענקען דעם אָרט אקוראט — און מארש אין קלאס אריין.

האָט זיך אייך געטראָפען ווען באגעגענען איינעם מיט א פלאמענדיג פנים, מיט ברענענדיגע אויגען, וואָס איז מאָדנע אויפ־גערוימט און איז גרייט פאר אייך אין פייער און אין וואסער, נאָר ער איז עפּיס צעטראָגען, ארייננגעטהאָן אין זיך — זאָלט איהר וויסען, אז דער חברה־מאן ווייסט עפּיס א זאך, וואָס נאָר ער ווייסט און גאָט, און ווייטער קיינער ניט. אָט אזוי האָט אויס־געזעהען יענעם פריהמאָרגען דער העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראפיע. ער האָט אלעמען געקוקט אין די אויגען אריין, ווי א זינדיגער מענטש. עס האָט זיך איהם אויסגעדאכט, אז אלע זעהען, אז ער ווייסט עפּיס זעהר־זעהר א הייליגען סוד... זיין חבר אלי, וואָס האָט איהם געקענט מעהר ווי אלע, האָט איהם א פרעג געגעבען: „שלומאָנטשיק! וואָס איז מיט דיר? האָסט שוין ווידער עפּיס אויסגעמאָהלט א צאצקע מיט א קריידעל אויפ'ן פארקאן?"...

„האלט'ס מויל, אליק, וואָרום אָט מאָהל איך דיר אויס א צאצקע אויף דער פיזיאָנאָמיע, וועסט דו פארגעסען, ווי מע רופט דיך!"

„טאקי? אנו, פרוב, לאָמיר זעהען, ווער ווען!" — און אלי האָט שוין פארקאטשעט די ארבעל, גרייט געוועזן צו געבען אויס־גאָב, ווי ער קאָן. זיין חבר איז אָבער ניט געלעגען אין זינען שלאָגען זיך. זיין קאָפּ און אלע זיינע געדאנקען און אלע זיינע חושים זענען געווען דאָרטען, אין שטאל פון געהאקטען האָלץ,

ביי'ם בייטעלע... פאַר גרויס אימפעט האָט ער אפילו פאַרגעסען געבען אַ קוק אַריין, וואָס אין בייטעלע טהוט זיך... ער האָט קוים דערלעבט, די לעקציעס זאָלען זיך ענדיגען און ער זאָל שוין קומען אַהיים, וועט ער זיך אַריינחאַפּען אויף אַ רגע'לע אין שטאַל, אַ קוק טהון חאָטש פון אויבען־אויף — וויפיעל? וואָס פֿאַרמאָגט ער איצטער?...

געקומען אַהיים, האָט ער געטראָפען אַ חורבן, איין איבער־קעהרעניש! דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט איז צעוואָרפען, די קיך — מיט'ן קאָפּ אַראָפּ. די שיקסע וויינט, שווערט, חאַפּט די ערד, אז זי ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגען. דער טאַטע איז אויס מענטש, שוואַרץ ווי די ערד. אַזש איינגעבויגען אין דרייען. די שטיפ־מאַמע פייערט, שעלט, לעגט די תוכחה — אויף וועמען? שווער צו וויסען. וואָרום די קללות געהען ביי איהר מיט אַ לשון־רבים, אין אַ מעהרצאָהל: „פון אונטער דער נאָז זאָל מען צונעמען — נעמען זאָל אַ י י ך דער שוואַרצער יאָהר!" „אַריין אַ בייטעל מיט געלט אין דער ערד אַריין — אין דער ערד זאָלט א י ה ר אַריין!" „קיינער האָט ניט געזעהען דאָס בייטעלע — ניט זעהען זאָלט א י ה ר די וועלט!" „וואָסער אורח וועט דאָ וועלען שטעהן — שטעהן זאָלט א י ה ר פּראַווצעס!"... און דער אורח אַליין, וואָלפסאָהן מיט'ן חאַלאַטעל, שטעהט מיט דער גראָבער בלעטערנער ציגאַר אין מויל, האַלט די הענט אין די קעשענעס, קוקט אויף די קינדער, שמייכעלט און רעדט צו זיך אַליין: „ערשט היינט אין דער פריה געהאַלטען די בייטעלע, פון שטוב ניט אַרויס־געגאַנגען"...

— האָט איהר ניט געזעהען דאָס בייטעלע? — פרעגט דער טאַטע ביי די קינדער, און שלום שטעלט זיך אַרויס פאַר אַלע:

— וואָסער בייטעלע?...

זעלטען־ווען דער טאַטע איז אין כעס. איצט קאָן ער שוין ניט איינהאַלטען זיך און פאַלט־אָן אויף זיין ליעבלינג און קרימט איהם איבער:

— „וואָסער בייטעלע?“ וואָס זאָגט איהר אויף דעם תּם? אַ גאַנץ פריהמאָרגען הערט ער „בייטעלע־בייטעלע! בייטעלע־בייטעלע!“ — פרעגט ער גאָר: וואָסער בייטעלע!...

און צום אורח זאָגט דער טאַטע:

— וויפיעל פאָרט איז דאָרט געווען געלט ביי אייך אין בייטעלע?

— עס האַנדעלט זיך ניט אום געלט, — ענטפערט וואָלפסאָהן אויף זיין ליטוויש לשון — דאָ האַנדעלט זיך אום די בייטעלע! ערשט היינט אין דער פריה געהאַלטען די בייטעלע, ניט אַרויס־געגאַנגען פון שטוב ניט אַרויסגעגאַנגען!...

ניין, איצט איז ניט די צייט אויף געוואָוירע צו ווערען, וויפיעל געלט עס געפינט זיך אין בייטעלע. שלום איז ניט אַזאַ אידיאָט, ער זאָל איצטער, אויף דער הייסער שעה, געהן אין שטאַל אַריין טרויבערען דאָס בייטעלע. ער קאָן באַשטעהן אָפּ־לעגען די אַרבייט אויף מאָרגען, אָדער אויף איבערמאָרגען. דער־ווייל דאַרף מען זיך נעמען צו די ביכלעך, חזר'ען די געאָגראַפיע מיט דער היסטאָריע אויף אויסווענינ, מאַכען אַ פּאָר טעאָרעמעס פון געאָמעטריע... נעבאַך גאָט די נשמה שולדיג. און דאָ אין שטוב קאָכט זיך! די שיקסע האָט מען שוין אָפּגעשאַפּט. די שטיפמאַמע פּייערט. דאָס גאַנצע הויז איז אויף רעדלעך. אַלע זוכען דאָס בייטעלע, און שלום זוכט גלייך מיט אַלעמען, טהוט אַ קוק אויפ'ן טאַטענ'ס פּנים, און עס פאַרגעהט איהם דאָס האַרץ, קאָן ניט זעהען, ווי ער געהט איינגעבויגען, קאָן ניט הערען, ווי ער זיפצט און ווי ער קרעכצט. און ערשט דאָ דערפיהלט דער גנב, וואָס פאַר אַ מיאוס'ע זאַך ער האָט אָפּגעטהאָן, און ער האָט חרטה אויף דער מעשה, איז אויפגעטראָגען אויפ'ן יצר־הרע, וואָס האָט איהם אָנגערעדט אויף אַזאַ עבירה, אַרויפגעפיהרט אויף אַ גליטש...

ווי אַ יאָהר האָט זיך געצויגען יעדע שעה, ווי איין אייביגקייט האָט אויסגעוויזען דער טאָג. קוים דערלעבט דעם פאַרנאַכט, ווען

דער רעש מיט׳ן טאַרעראַם האָבן זיך אַ ביסעל איינגעשטילט און די שטוב־צרות מיט די דאגות־פּרנסה האָבן אַרויסגעשטויסן אויף אַ ווײַלע דעם האַרמידער פון דער גנבה. האָט זיך דער קליינער גנב אַרייַנגעכאַפּט אין הויף, אַרייַנגעכאַפּט זיך אין שטאַל פון האָלץ, פּאַוואָלי זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, אַרויסגעצויגן פון צווישן וואַנט דאָס בייטעלע, אויפגעעפענט דאָס, געגעבן אַ קוק אַרייַן — און... דאָרטען איז געלעגן איין אַלטע, אָפּגעריבענע מטבע פון פאַרצייטען, וואָס האָט אַמאָל געדאַרפט באַטרעפען צעהן קאָפּיקעס, נאָר הייַנט איז זי ניט ווערטה גאָרניט, וואָרום קיינער נעמט זי ניט!... און דאָס בייטעלע אַליין איז אויך ניט ווערטה גאָרניט. אַ בייטעלע אַ פאַרזעהעניש, אַ שלעסעל דער רוח ווייסט וואָסערס, דאָס לעדער אָפּגעבאַרעט און פעט־פאַרסמאָלצעוועט, ביי די ברעגעס אייַנגעקאָרטשעט און פאַרגעלט, ווי ביי איין אַלטער באַביצע די הויט פון פּנים — אַזאַ בייטעלע האַלטען אין די הענט איז מוקצה מחמת מיאוס!... טאַקי כּדאַי געווען צוליעב אַזאַ פּאַסקודסטווע אָפּטהון אַזאַ מיאוס׳ע זאַך, עובר זיין אויף אַ לאו פון די עשרת הדברות: „לא תגנוב״!...

אַרייַנגעקומען אין שטוב אַרייַן, איז איהם די שטיפמאַמע מכבּד מיט אַרייַנטראָגען דעם אורח דעם סאַמאָוואַר. דער אורח (וואָלפסאָהן) האָט אַ טבע איטליכם מאָל, ווען מע טראָגט איהם אַרייַן דעם סאַמאָוואַר, רייַבט ער אַ האַנט אָן אַ האַנט און טהוט אַ זאָג מיט אַ ניגון און מיט אַ גראַם: „אָט אַזוי! אַצינד וועלען מיר טרינקען טיי!״... איצטיגס מאָל האָט ער צוגעלעגט אויך די ווערטער: „וואָס זשע הערט זיך — ניטאָ די בייטעלע?״... און האָט געגעבן בעת מעשה אַ קוק אַרייַן דעם בחור׳על אין די אויגען אַרייַן, און עס האָט זיך געלאָזט הערען אַ פאַרבאָרגענע איראָניע סאַי אין די ווערטער, סאַי אינ׳ם קוק... און אפשר האָט זיך עס נאָר אויסגעוויזען אַזוי? ווי זאָגט מען דאָס: „עס ווייסט די קאַץ וועמענ׳ס פלייש זי האָט אויפגעגעסען״... אָדער: „אויפ׳ן גנב ברענט דאָס היטעל״... יעדענפאַלס, האָט דער גנב אין דער

מינוט פֿיינט געהאַט דעם אורח וואָלפֿסאָהן מיט סכּנות, נישט געקאָנט אָנקוקען זיין ליטוויש פּנים מיט זיין ליטווישען לשון: „ד י בּייטעלע", און ער האָט זיי בּיידען בּיי זיך אין הארצען געשאָלטען מיט קללות נמרצות!... וואָס טהוט מען מיט'ן פאַרשאָלטענעם בּייטעלע? ס'איז ניט קיין תּכלית, טאָמער געפֿינט מען דאָס אין שטאַל צווישען האָלץ! וואָלט מען זיך ניט צוגעאײַלט אזוי אָפּצושאַפּען די שיקסע, וואָלט געווען דער בּעסטער פּלאַן אונטערוואַרפֿען דאָס בּייטעלע. איצט אָבּער, אַז די שיקסע האָט מען שוין לאַנג דורכגעטריבּען, קאָן דאָך ערשט פֿאַלען דער חשד אויף די קינדער — שלעכט!...

בּיינאַכט האָט ער לאַנג ניט געקאָנט אַנשלאָפֿען ווערען. ער האָט בּיי זיך אַליין ניט געקאָנט פּועל'ען, אַז דאָס איז ניט קיין חלום, קיין בּייזער חלום. ניט שוין זשע איז דאָס אמת? ניט שוין זשע איז ער אַ גנב? אַ פּשוט'ער גנב?!... און עס באַשלאָגט איהם אַזש אַ שווייס, ווי אַזוי אַ מענטש קאָן פֿאַלען!... און וואָס וועט זיין ווייטער?... ווייטער ווערט ער אַנשלאָפֿען און עס פּלאָנטען זיך איהם בּייטעלעך, און די בּייטעלעך זענען ניט קיין בּייטעלעך, נאָר לעבּעדיגע מיאוס'ע באַשעפֿענישען, אָפּגעקראָכענע, געלע און איינגעקנייטשטע, און קאַלטע און נאַסע, אַזוי ווי שרצים, זשאַבּעס... און זיי ריהרען זיך און זיי קריכען איהם איבּער'ן לייבּ, פֿאַרקריכען אונטער'ן קאָלנער, אונטער די פּאַכוועס — בּררר!... ער חאַפּט זיך אויף, קוקט אונטער דער קאָלדרע, טאַפּט זיך דאָס לייבּ — דאַנקען און לויבּען גאָט, ס'איז נאָר אַ חלום... יאָ, אָבּער ווי אַזוי ווערט מען פּאָרט פּטור פֿונ'ם בּייטעלע? ס'איז ניטאָ קיין אַנדער עצה, סיידען פֿאַרוואַרפֿען דאָס ערגיץ אין אַזאַ אָרט, אַז קיין פֿויגעל זאָל ניט וויסען. פֿרעגט זיך: וואוהין? צום גויישען שכן אין גאָרטען אריין? ערגיץ ווייט אויפֿ'ן הייליגען אָרט? אין דער ווייבּערשער שוהל? ניין. דאָס בּעסטע וועט זיין — פֿון דער בּריק אין טייך אַריין. און די בּעסטע צייט דערויף איז שבּת. און אַזוי איז דאָס געבּליבּען.

שבת בייטאָג. סוף זומער. אין דרויסען איז נאָך וואַרעם. אידישע קינדער שפּאַציערען נאָך אָהן אויבערשטע מלבושים. מיידלעך געהען נאָך מיט זאָנטיקלעך. צווישען די, וואָס האָבען שפּאַציערט, האָט זיך געפונען אויך דער העלד מיט'ן בייטעלע. ס'איז געלעגען פאַרבאָרגען ביי איהם ווייט אין אַ קעשענע, אָנ־געפילט מיט שטיינדלעך, בכדי אַז ער וועט דאָס אַראָפּלאָזען פון בריק אין טייך אַריין, זאָל עס מיט זיכערקייט אַראָפּ טיעף אויפ'ן אָפּגרונט פונ'ם וואַסער. איז אָבער די צרה, וואָס די בריק איז פאַרפלייצט מיט מענטשען — און ער דאַרף, אַז קיינער זאָל ניט זעהען, ווי אַזוי ער וועט מאַכען די אָפּעראַציע. דרעהט ער זיך אַרום הין און צוריק, פאַרקוקט איטליכען אין די אויגען, און ער וואָלט געמעגט שווערען, אַז אַלע קוקען אויף איהם עפּיס מאָדנע... און אפשר ווייזט זיך איהם נאָר אויס אַזוי? אַלץ די אייגענע מעשה: „אויפ'ן גנב ברענט דאָס היטעל”... נאָר אָט האָט איהם גאָט געהאָלפען — ער האָט זיך פאַרשלאָגען אין אַ ווינקעל אונטער אַ גרויסען סלופּ פון די סוואַיעס, אויף וועלכע עס האַלט זיך די בריק, אַריבערגעבויגען זיך מיט'ן גאַנצען קערפּער איבער דער פּאַרענטשע, אײַנגעקוקט זיך פלומרשט אין וואַסער אַריין, גלייך ווי דאָרטען וואָלט ער דערזעהען גאָט ווייסט וואָס פאַר חידושים, אָנגעטאַפּט מיט דער האַנט זיין קעשענע, וואו דאָס פאַרשאָלטענע בייטעלע ליגט, דערפיהלט אין האַנט אַ מיאוס'קייט, אַ לעבעדיגע זאַך, אַ מין שרץ... אַרויסגעצויגען דאָס פּאַוואָלינקע פון קעשענע און צענומען די פינגער און אַרויסגעלאָזט דאָס פון דער האַנט. פליוך — אויס בייטעלע! אויפ'ן אָרט, וואו דאָס בייטעלע איז געפאַלען, האָט זיך באַוויזען אַ רעדעל. דאָס רעדעל איז געוואַכסען ברייטער און ברייטער, און פון דעם רעדעל איז באַשאַפען געוואָרען נאָך אַ רעדעל און נאָך אַ רעדעל. ער האָט גאָר ניט געקאָנט אָפּרייסען די אויגען פון דעם אָרט, וואו זיין עבירה איז געווען

דערטרונקען און זיין סוד איז געווען באַגראָבען אויף אייביג. נאָר אַ שענע שטימע האָט איהם אויפגעוועקט פון זיינע מחשבות, און אַ זיסער געלעכטער האָט איהם אָפּגעקלונגען אין די אויהערען.

— פישעלעך שווימען? חאַ־חאַ, וואָס דען שטעהט מען אַזוי לאַנג און מע קוקט?

ער דרעהט־אויס דעם קאָפּ און דערזעהט דעם חזנ׳ס מיידעל מיט איהרער אַ חבר׳טאָרין.

— איהר זענט שוין דאָ לאַנג? — טהוט ער אַ פרעג ביי׳ם חזנ׳ס מיידעל מיט דער חבר׳טאָרין.

— די גאַנצע צייט, חאַ־חאַ! — ענטפערען זיי איהם ביידע מיט אַ געלעכטער. ביי זיי איז דאָס אַ געלעכטער, און איהם ווערט איינגעפאַלען אינווענינ, טאָמער האָבען זיי געזעהען וואָס ער האָט געטהאָן...

נאַרישער בחור׳על! אומזיסט געווען זיין מורא. איהם האָט אָפּגעוואַרט איין אַנדער צרה, וואָס דערויף האָט ער זיך גאָר ניט געריכט. איהם איז באַשערט געווען איבערצולעבען, ווי מיר וועלען דאָס באַלד זעהען, אַ נייע דראַמע מיט׳ן נאָמען „דעם חזנ׳ס מיידעל“.

55

# דעם חזנ׳ס מיידעל

צאלי דעם חזנ׳ס טאכטער. — א פלאם־פייעריג פארליעבעניש. — איין איבערשרייבעניש צווישען צוויי יונגע הערצער. — זיין בריעף פאלט־אריין אין פרעמדע הענט.

די זעלבע ראָלע, וואָס אין דער גרויסער שטאָדט שפּיעלען איצט גימנאַזיסטען און סטודענטען, האָבען אין דער קלענערער שטאָדט אין יענער צייט געשפּיעלט די תּלמידים פון דער „אויעזדנע". איין זאַך האָט זיי נאָר געפעהלט — א באַזונדערע אוניפאָרם. ווייטער זענען דאָס געווען העלדען אין פולען זין פון וואָרט. זיי איז געווען דערלויבט אַלסדינג, וואָס פאַר סתּם חדר־יונגלעך איז ניט געווען דערלויבט. אשטייגער, אָפּצוטהון א שפּיצעל דעם שמשׁ פון שוהל, באָדען זיך אין טייך אויסער דער „קופּאַלני", פּראַווען ליצנות מיט וועמען זייער האַרץ געלוסט, און אפילו רעדען מיט א מיידעל, נאָר אַבי פון לייטישען שטאַנד, פון בעל־הבתּישען גראַד. און מיידלעך זענען געווען נאָך זיי די כּפּרה! איך מוז מיך אָבער פאַרחאַפּען באַלד אויפ׳ן אָרט און מאַכען א באַמערקונג, אז דאָס איז ניט געווען קיין „פלירט" און ניט קיין ראָמאַנען. דאָס זענען געווען די ריינסטע און סאַמע הייליגסטע באַציהונגען, וועלכע זענען נאָר מעגליך צווישען יונגע קינדער פון ביידע מינים. עס וועט ניט זיין איבערטריבען אויף א האָר, ווען איך וועל זאָגען, אז די באַציהונגען צווישען מלאָכים קאָנען ניט זיין ריינער און אומ־

שולדיגער, ווי יענע באַציהונגען, וואָס זענען געווען צווישען דעם חזנ'ס מיידעל און צווישען דעם יונגען העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראַפיע. וואו, ווען און ביי וועלכע אומשטענדען זייער ערשטע באַקאַנטשאַפט איז פאָרגעקומען — איז שווער צו געדענקען אַקוראַט, און ס'איז אויך ניט אַזוי וויכטיג. קיין אַנדער צייט און קיין אַנדער פּלאַץ אויף צו באַגעגענען זיך איז אין שטאָדט ניט געווען, אויסער שבת ביי טאָג אויף דער בריק, וואָס פיהרט צו די „פיד־וואָרקעס". ווער פון די צוויי האָט אָנגעהויבען פריהער צו רעדען, דער בחור אָדער דאָס מיידעל, און וואָס איז צום ערשטען מאָל גערעדט געוואָרען — איז אויך ניט מעגליך פעסטצושטעלען. אָנ־געהויבען האָט זיך עס זיכער פון אַ שאַרפען קוק. דערנאָך אַ שמייכעל. דערנאָך אָנגעריהרט זיך כּלומרשט אומגעהרען מיט די עלענבויגענס. דערנאָך אַ נעם געגעבען זיך צום היטעלע: „זדראַסטי" (גוט מאָרגען). דערנאָך שוין אָהן אַ נעם־געבען זיך צום היטעלע: „קאַק פּאָזשיוואַיעטיע?" (וואָס מאַכט מען?). דערנאָך, ביי שפּעטערע באַגעגעענישען, שטעלט מען זיך אָפּ אויף אַ פּאָר מינוט אַ רעד טהון וועגען גאַנץ אומבאַדייטענדע זאַכען און מע טהוט אַ שמועס וועגען אַ צווייטער באַגעגעניש:

ע ר: אויף ווידערזעהען.
ז י: ווען? ווידער שבת?
ע ר: ווען זשע, אַז ניט שבת?
ז י: וואו? ווידער אָט דאָ, אויף דער בריק?
ע ר: וואו דען זשע?
ז י: אפשר איין אַנדער אָרט?
ע ר: דהיינו?
ז י: וואו וועט איהר זיין שמחת־תּורה צו הקפות?
ע ר: וואָס הייסט וואו? אין גרויסען בית־המדרש.
ז י: פאר וואָס ניט אין דער קאַלטער שוהל?
ע ר: דאָרט, וואו אייער טאַטע דאַוונט?
ז י: וואָס מאַכט דאָס אויס?

ע ר: מיין טאַטע וועט זיך חאַפּען, וואו בין איך.

ז י: אויב איהר זענט אַ יונגעלע, וואָס האָט מורא פאַר'ן טאַטען...

ווייטער לאָזט ער זי ניט ענדיגען, וואָרום עס דערלאַנגט איהם ביי דער זיעבעטער ריפּ. סטייטש — מע זאָגט איהם, אַז ער איז אַ יונגעלע, וואָס האָט מורא פאַר'ן טאַטען! און ו ו ע ר זאָגט דאָס איהם?!... ער געפינט איין אויסרעד אויף אַרויסצודרעהען זיך אָבער קונציג, ווי אַ מזיק. ער האָט איהר וואָס צו זאָגען אַ נויטיגע זאַך. נאָר אַזוי ווי זי איז ניט אַליין, זי איז מיט איהר חבר'טאָרין, קאָן ער עס איהר ניט זאָגען. דעם חזנ'ס מיידעל ווערט רויט און טהוט אַ וואונק צו איהר חבר'טאָרין, זי זאָל אָפּגעהן אַ פּאָר טריט ווייטער. יענע פאָלגט, און זיי בלייבען איינצווייען. זי איז גרייט אויסצוהערען דעם סוד. ער לאָזט זיך ניט לאַנג ווארטען און, פּלאָנטענדיג מיט דער צונג, גיט ער איהר איבער אָט וואָס: „ער האָט איהר שוין לאַנג געוואָלט זאָגען, אַז ער וואָלט אַ בעלן געווען זעהען זיך אַמאָל מיט איהר אַליין, אָהן באַגלייטערינס, אָהן חבר'טאָרינס". „מאַלע וואָס! און זי וואָלט דען ניט געוואָלט רעדען מיט איהם אונטער פיער אויגען, אָהן באַגלייטערינס און אָהן חבר'טאָרינס? — קאָן זי אָבער ניט. מע לאָזט זי ניט אָפּ אַליין. די מאַמע גיט אַכטונג, זי זאָל ניט זיין אַליין. נאָר ער באַדאַרף ניט מורא האָבען פאַר איהר חבר'טאָרין. זי איז אַ מיידעל אַ שטילע, איין עהרליכע, און האָט אַליין אויך געהרען, אַ בחור זאָל מיט איהר רעדען, און אויב ער וויל וויסען, איז אָט דאָס מיידעל אויך פאַרליעבט אין אַ בחור"... „א ו י ך פאַרליעבט? איז די משמעות, אַז זי, דעם חזנ'ס מיידעל, איז אַ ו ד א י פאַרליעבט? וואָלט ער וועלען וויסען, ווער איז יענער גליקליכער?"... „אַז ער וועט אַלסדינג וויסען, וועט ער גיך אַלט ווערען"...

דאַרף מען נאָך האָבען אַ ווייטערען פּירוש אויף די דאָזיגע ווערטער? פאַרשטעהט מען דען ניט, אַז דער דאָזיגער גליקליכער —

דאָס איז ניט קיין אַנדערער, נאָר ער אַליין טאַקי? און טאָמער איז נאָך פאַרהאַן אַ שטיקעל ספק אין דעם, איז געגוג איין קוק אויף איהר ליכטיג־שיינענדיג פנים און אויף איהרע מיט גליק שטראַהלענדיגע אויגען. אַ באַקאַנט פנים. באַקאַנטע אויגען. וואו האָט ער געזעהען אָט דאָס ווייסע מיידעל מיט די בלאָנדע געקרייזעלטע האָר? אפילו די האַנט איהרע איז איהם קענטליך. אַ ווייס הענטעל מיט דינע לאַנגע פינגער. אַ ווייס הענטעל, אַ גלאַטס און אַ וואַרעמס. דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען בכלל, אַז ער האַלט אַ מיידעל'ס האַנט...

ווי איין עהרליכער איד, וואָס קוקט־אַרויס אויף משיח'ען, אזוי האָט ער גענומען אַרויסקוקען אויף דעם גליקליכען יום־טוב שמחת־תורה. די צייט איז איהם אָבער געווען צו לאַנג צו וואַרטען. ווי פון פעך האָבען זיך געצויגען די טעג. ער איז שיער ניט משוגע געוואָרען. און ער האָט זיך אַנטשלאָסען אויסגיסען דאָס האַרץ אויף פאַפּיער אין דער פאָרם פון אַ בריעף, אַליין נישט צו וויסען, צוליעב ווען און צוליעב וואָס? אַ טאָג מיט אַ נאַכט האָט דאָס שרייבען צוגענומען, און געשריבען האָט זיך עס ווי אַ וואַסער, וואָס לויפט אומגעשטעהרט, ווי אַ פאָנטאַן, וואָס מע האָט אָפּגעלאָזט אַלע זיינע קראַנען. דאָס שרייבען וואָלט קיינמאָל קיין עק ניט געהאַט, ווען ס'זאָל ניט געווען אויסגעהן פאַפּיער. ווי דער פּאַרפאַסער זאָל זיין ניט קיין גביר, וואָלט ער היינט אַ סך, אַ סך באַצאָהלט פאַר'ן דאָזיגען דאָקומענט!...

אַצינד איז געבליבען נאָר איין זאַך: ווי אזוי קומט די קאַ'ז איבער'ן וואַסער? ווי אזוי וועט זי באַקומען דעם דאָזיגען בריעף? איין עצה נאָר איז פאַרהאַן: איבערשיקען איהר דעם בריעף דורך איהר חבר'טאָרין. דאָס וועט הייסען אזוי גוט, ווי אַריינצונעמען אינ'ם סוד אַ דריטע פערזאָן, פאַרטרויען זיך פאַר אַ זייטיג מיידעל, וואָס מע קען זי ניט און מע ווייסט זי ניט. וואָלט אפשר אין דעם אויך ניט געווען קיין מניעה, איז אָבער אַ חסרון: ווי אזוי קומט מען צו צו אָט דער דריטער פערזאָן?

איז דערצו אויך דאָ אַ רפואה: מע וועט מוזען אריינשלעפּען נאָך אַ פּערטע פּערזאָן. דאָס איז דער בחור, וואָס דעם חזנ׳ס מיידעל׳ס חבר׳טאָרין איז אין איהם פאַרליעבט. אַ בחור מיט אַ בחור — איז גאָר אַנדערע ווערטער. אַ בחור מיט אַ בחור קאָנען אומגעשטעהרט זיך צונויפרעדען און אָפּהאַנדלען צווישען זיך די גרעסטע סודות. איצט איז געבליבען נאָר איין קלייניגקייט — אויפזוכען דעם בחור און פאַרבינדען מיט איהם ברודערשאַפט. דאָס איז, דאַכט זיך, גאָר אַ גרינגע זאַך. נאָר נישט אזוי גיך טהוט זיך עס, ווי סע רעדט זיך.

דער בחור איז געווען אַ יונג אַ פּריקאַזשציק אין איין אייזען־געשעפט („זאַליאַז"), אַ גאַנץ שענער אויפ׳ן פּנים, נאָר הענט האָט ער געהאַט אַ פּאָר — דאָס, וואָס מע רופט־אָן „ידים". צו־טרעטען צום בחור איז ניט אזוי שווער, ווי ס׳איז שווער געווען צו זאָגען איהם, אויף וואָס מע דאַרף איהם האָבען. שוין ביי׳ם ערשטען ארויסטרעט איז שיער אויסגעפּאַלען אַ שטיקעל סקאַנדאַל. דער בעל־הבית׳טע פונ׳ם אייזען־געשעפט, אַ אידינע איין אָנגע־פּעלצטע, גאָרניט נאָכ׳ן סעזאָן, מיט שווארצע הענט און מיט איין אונטערגעשווארצטער נאָז (פון דעם, וואָס זי וועגט שרויט און צוויעקעס מיט די הויל׳ע הענט און שנייצט מיט די זעלבע הענט די נאָז), איז ניט געפעלען געווען די מעשה, וואָס איהר פּרי־קאַזשציק קען זיך מיט ראַבינאָוויטש׳עס יונגעל. וואָס פאַר „דאָ־טשיניעניעס" קאָן האָבען אַ בחור אַ פּריקאַזשציק מיט רב נחום ראַבינאָוויטש׳עס אַ יונגעל? איז איין מאָל אוועק. דאָס אַנדערע, אַז ס׳איז געקומען צום רעכטען שפּיץ, און שלום האָט איהם אַ זאָג געגעבען, אַז ער האָט אַ בקשה צו זיין כלה, האָט זיך דער פּרי־קאַזשציק אויפגעבלאָזען, ווי אַ האָהן אויף אַ קאַץ, ווען זי חאַפּט זיך אריין צו זיינע היהנער: „פון וואַנען ווייסט דו, אַז איך האָב אַ כלה?" „איך בין באַקענט מיט איהר חבר׳טאָרין". „מיט׳ן חזנ׳ס מיידעל? ע! דאָרט וועסט דו האָבען אַ ביינברעכער"... שלום פאַרשטעהט ניט, וואָס הייסט דאָס, אייגענטליך, אַ „ביינ־

בּרעכער״. נאָר נאָכ׳ן פֿריקאַזשציק׳ס געלעכטערעל שטויסט ער זיך, אַז דאָס דאַרף זיין ניט פֿון די אָנגענעהמע זאַכען. טהוט ער איהם אַ פֿרעג: „ווער איז דער ביינבּרעכער?״... „דאָס איז שוין מיין עסק... נאָר לאָמיר האָרכען, וואָס איז די בּקשה?״ שלום ציהט־אַרויס דעם געפּאַקטען בּריעף פֿון קעשענע און גיט איהם איבּער דעם פֿריקאַזשציק: „אָט דאָס דאַרף אייער כּלה איבּערגעבּען דעם חזנ׳ס מיידעל און איבּערשיקען מיר דורך אייך טאַקי איין ענטפֿער״. דער פֿריקאַזשציק נעמט־צו דעם בּריעף, בּאַטראַכט דעם קאָנווערט פֿון אַלע זייטען: „אָט דאָס איז גאָר? קום צו געהן מאָרגען, וועסט דו מסתּמא בּאַקומען איין ענטפֿער״.

אַראָפּ אַ שטיין פֿונ׳ם האַרצען. אויף מאָרגען אין דער אָפּגעשטעלטער צייט האָט שלום בּאַקומען פֿונ׳ם פֿריקאַזשציק איין ענטפֿער, אַז ער האָט נאָך ניט קיין ענטפֿער. „קום צו געהן מאָרגען, וועט געוויס זיין איין ענטפֿער״. אויף מאָרגען ווידער דאָס אייגענע — נישטאָ נאָך קיין ענטפֿער! דאָ האָט שלום בּאַמערקט — און אפשר האָט זיך איהם נאָר אויסגעוויזען אַזוי, — אַז דער פֿריקאַזשציק שמייכעלט עפּיס מאָדנע אונטער. צו דעם חשד איז צוגעקומען נאָך אַ חשד: דער פֿריקאַזשציק האָט איהם אַ זאָג געגעבּען מיט אַ זיפּצעל: „ווען איך זאָל קאָנען שרייבּען, אַזוי ווי דו!״... „פֿון וואַנען ווייסט דו, ווי אַזוי איך שרייבּ?״ „מיין כּלה האָט מיר דערצעהלט״. „פֿון וואַנען ווייסט דיין כּלה?״ „זי ווייסט עס פֿונ׳ם חזנ׳ס מיידעל״.

אַ תּירוץ איז דאָס אפילו אַ נישקשה׳דיגער, און ס׳איז אַודאי זעהר אָנגעלעגט צו הערען אַזאַ קאָמפּלימענט פֿון אַ מיידעל, וואָס מע האָט זי ליעבּ. נאָר פֿון דעסטוועגען און ניט ווילענדיג גנבה׳ט זיך אַריין אַ מחשבה זרה: טאָמער האָט דער פֿריקאַזשציק ניט איבּערגעגעבּען דעם בּריעף און האָט איהם בּעסער אַליין געלייענט?... דער דאָזיגער געדאַנק לאָזט ניט שלאָפֿען. קוים דערוואַרט זיך אויף איין ענטפֿער! דאָס איז געווען שוין ערב יום־טוב. דער פֿריקאַזשציק איז איהם געלאָפֿען אַקעגען און אַריינ־

גערוקט אין האַנט אַריין אַ געל שטיקעל פּאַפּיער, צונויפגעלעגט אין פיערען, אָהן אַ קאָנווערט, נאָר מיט טריוואַכּס פאַרזיגעלט און צוגעקוועטשט מיט אַ מטבע. דאָס איז געווען דאָס לאַנג־ערך־וואַרטעטע בּריוועל פונ׳ם חזנ׳ס מיידעל, געשריבּען מיט דינע לאַנגע אותיות, וואָס האָבּען דערמאַנט איהרע דינע לאַנגע פינגער. דאָרט איז געשטאַנען, אַז זי האָט זיין בּריעף מיט טרערען אין די אויגען געלייענט עטליכע מאָל, און עס טהוט איהר בּאַנג, וואָס זי קאָן ניט אַזוי שרייבּען, ווי ער. „זי זאָל האָבּען פליגעל, וואָלט זי צו איהם געפלויגען. זי זאָל קאָנען שווימען, וואָלט זי אַלע ימים איבּערגעשוואומען, אַבּי צו איהם צו קומען. און אויבּ ער מיינט, אַז זי קאָן יאָ שלאָפען רוהיג, האָט ער אַ טעות. און זי קוקט שוין אַרויס אויף דעם שמחת־תּורה מיט אַלע אויגען, וואָרום אַ האַרץ פיהלט אַ האַרץ!“... צום סוף האָט זי איהם געוואָהרענט, ער זאָל צו איהר מעהר קיין בּריעף דורך אַזאַ וועג ניט שרייבּען, וואָרום זי איז זיכער, אַז דעם בּריעף האָבּען געהאַלטען פרעמדע הענט... דאָ קומען איהם אָקעגען דעם פריקאַזשציק׳ס „ידים“, און עס וואַרפט איהם אַריין אין אַ קעלט מיט אַ היץ, אַז ער שטעלט זיך פאָר, ווי אַזוי דער פריקאַזשציק האָט געעפענט דעם קאָנווערט און געלייענט זיין בּריעף, וואָס ער האָט אויסגעגאָסען פאַר׳ן חזנ׳ס מיידעל!... נאָר ער עסט זיך ניט אָפּ לאַנג דאָס האַרץ, וואָרום אָט־אָט איז שמחת־תּורה און אָט בּאַלד וועט ער זי זעהען, שטעהן נעבּען איהר, רעדען מיט איהר — מיט׳ן חזנ׳ס מיידעל...

56

# שמחת־תורה צו הקפות

די נאַכט פֿון שמחת־תורה. — די פּאָעזיע וואָס פֿאַר הקפות. — אידען האַפּען אַ טענצעל. — ווייבלעך און מיידלעך קושען די רייניגקייטען. — די הימלען עפענען זיך און מלאכים זינגען שירה.

ווען איך בין געטהע — אָסור אויב איך וואָלט באַשריבען די צרות פֿון אַ יונגען ו ו ע ר ט ע ר. איך וואָלט שוין בעסער באַשריבען די צרות פֿון איין אָרעם בחור׳על, וואָס איז געפֿעהרליך פֿאַרליעבט אין אַ חזנ׳ס אַ מיידעל. אָדער ווען איך בין היינע — אָסור אויב איך וואָלט באַזונגען די „פֿלאָרענטינישע נעכט". איך וואָלט שוין בעסער באַזונגען די נאַכט פֿון שמחת־תורה, בעת אידען געהען צו הקפות און יונגע ווייבלעך און שענע מיידלעך קלויבען זיך צונויף אין שוהל, מישען זיך אוים מיט די מאַנסבילען — שמחת־תורה מעג מען. זיי קושען די תורה, שפּרינגען און רופען און קוויטשען אויף אַלערליי טענער: „דערלעבט איבער אַ יאָהר!" און באַקומען צוריק איין ענטפֿער: „גם אתם! גם אתם!"...

נאָך מיט אַ שעה אָדער צוויי פֿאַר די הקפות קומען זיך צו־נויף די קליינע קינדער, יונגלעך און מיידלעך, קלעטערען־אַרויף אויף די בענק, די פּאָהנען פֿלאַטערען, די עפּעל זענען רויט, די ליכטלעך ברענען, און די בעקלעך זייערע זענען ניט ווינציגער רויט ווי די עפּעל, און די אויגען לויכטען ניט ערגער ווי די ליכטלעך. דאָס איז קליינוואַרג. די עלטערע בחורימ׳לעך, די גמרא־יונגלעך

אָדער תּלמידים פון די קלאַסען — די שפּאַציערען נאָך דערווייל אַרום אין דרויסען אויפ׳ן שוהל־הויף. די לופט איז נאָך לינד און שיטער. דער הימעל איז אויסגעשטערענט. עס פיהלט זיך יום־טוב אין דער גאַנצער וועלט. אפילו די שטילקייט איז אַ יום־טוב׳דיגע. קיין זאַך איז ניט אימשטאַנד צו שטעהרען די הייליגקייט פון דער דאָזיגער נאַכט פון שמחת־תּורה, ווען דאָס אויסדערוועהלטע פאָלק איבּער דער גאַנצער וועלט פרעהט זיך מיט זיין הימעלשער מתּנה. און טאָמער פאָהרט־דורך דערבּיי אַ גויישע פוהר און הויבּט־אויף אַ געדיכטען שטיקענדיגען שטויבּ; טאָמער פליהט־דורך אַ פּאָטשטאָווע גלעקעל — דזין, דזין, דזין, עס פאָהרט אַ „קנעפּעל" — ווער הערט זיי? דער שטויבּ וועט זיך אָפּלעגען, דאָס גלעקעל וועט פאַרלוירען געהן ערגיץ ווייט־ווייט — און די נאַכט בּלייבּט אַלץ הייליג, אַלץ יום־טוב׳דיג, וואָרום ס׳איז דאָך שמחת־תּורה אויף דער וועלט! אַ שוואַרצע קאַץ לויפט־דורך פאַרבּיי מיט איהרע גלאַט־סאַמעטענע טריט און שניידט־דורך דעם גאַנצען שוהל־הויף אין דער בּרייט און ווערט פאַרשוואונדען. אַ הונט רופט זיך אָפּ ערגיץ פון אַ ווייטער גויישער גאַס מיט אַ בּילען אין אַ לאַנגען מינאָרנעם טאָן און ווערט אַנשוויגען — און די נאַכט בּלייבּט אַלץ הייליג, אַלץ יום־טוב׳דיג, וואָרום ס׳איז דאָך שמחת־תּורה אויף דער וועלט. און עס אָטעמט זיך אַזוי גרינג. און אויפ׳ן הארצען איז אַזוי גוט, אויף דער נשמה אַזוי אויפגעלעגט. אַזוי גדול׳דיג איז מען בּיי זיך. אַ קלייניגקייט — דאָס בּין איך, און דאָס איז די נאַכט פון שמחת־תּורה, און דאָס איז אַ הימעל, און דאָרט איז גאָט — מ י י ן גאָט, מ י י ן הימעל, מ י י ן יום־טוב!

— קינדער! מע געהט שוין מיט די הקפות!

מע חאַפּט זיך אַריין אינוועניג אין שוהל — ווער? וואָס? עס הויבּט זיך גאָרניט אָן. דערווייל דאַווענט מען ערשט מעריב. צאַלי דער חזן פון דער קאַלטער שוהל שטעהט בּיי׳ם עמוד מיט זיינע צוויי משוררים. איינער, אַ שוואַרצער בּחור׳עץ מיט גראָבּע

ליפען — א באס. דער אנדערער, איין אויסגעדארט יונגעלע מיט א ווייס פנימ׳על — א סאפראנא. און דער חזן אליין, רב צאלי, מיט זיין גאלדענעם האלז — א איד א הויכער, א געלער, מיט איין אויסגעבויגענער נאז, ווי א שופר, מיט דינע געגרייזעלטע פאה׳לעך און מיט א געלער געגרייזעלטער בארד, וואס זעהט־אויס, ווי א צוגעבונדענע — ווער וועט דאס גלויבען, אז אזא פארזעהעניש וועט האבען אזא שענע צארטע איידעלע ליעבע טאכטער?... „דעם חזנ׳ס מיידעל" — דאס איז זיין טאכטער, און צאלי דער חזן — דאס איז איהר פאטער, וואס באריהמט זיך פאר איטליכען, אז ער האט א מיידעל — איז זי איינע ביי גאט, די אנדערע ביי איהם. איין חסרון נאר — זי וויל ניט א כלה ווערען. „ווען מע זאל איהר ניט רעדען — איז איין מאל ניין. נאר ס׳וועט איהר העלפען, ווי א טוידטען באנקעס. אז ס׳וועט קומען דער רעכטער זיווג, וועט זי שוין מוזען זאגען יא. אניט, נעמט מען זי פאר די צעפ. און פאר נויט איז דא א שטעקען!"... אזוי זאגט ער אליין, צאלי דער חזן, געוויינליך אין א שפאס, און באווייזט זיין יאמשאווע שטעקען מיט דער אלטער פארגעלטער עלפאנט־ביינעריגער גאלקע.

מע האט שוין אפגעדאווענט מעריב אין דער קאלטער שוהל, און צו הקפות איז נאך ווייט: מע האלט ערשט ביי „אתה הראית לדעת" און מע טיילט־אויס צווישען די מזרח־וואנט־בעלי־בתים די פסוקים פון „אתה הראית", וועלכע יעדער זאגט זיך אפ שטעהענדיג אויף זיין פלאץ, און איטליכער באזונדער מיט איין אנדער קול און מיט איין אנדער נוסח. דאס הייסט, דער נוסח איז איין און דער זעלבער נוסח אויף דער גאנצער וועלט, נאר מחמת יעדער האט זיך זיין שטימע מיט זיין טעמבר און מע שרעקט זיך א ביסעל איבער פאר דעם אייגענעם קול, קוממט־אויס ניט דאס, וואס מע וואלט אליין געוואלט, און דאס דריידעל, וואס מע לאזט איבער אויפ׳ן סוף פסוק, געהט אינגאנצען פארלוירען...

די קאַלטע שוהל איז גענוג גרויס און ברייט און הויך און אָהן אַ סטעלי, נאָר מיט אַ דאַך — און דערפאַר רופט מען זי די „קאַלטע" שוהל. דער דאַך איז צעמאָהלט ווי אַ הימעל — בלוי, שוין אַ ביסעל צו בלוי, אַזש גרין. דער פאַרבער האָט אַריבערגעהאַפּט די מאָס. און די גלאַנצענדיגע שטערען זענען אַ ביסעל צו גרויס. יעדער שטערען איז אַ ביסעלע קלענער פון איין עפּעל און האַפּט דעם אָפּבליק פון אַ קאַרטאָפעל, אַרום און אַרום באַגילט מיט גאָלד. אויסגעלעגט זענען די קאַרטאָפעל, דאָס הייסט די שטערען, ניט אַזוי, ווי די שטערען אין הימעל, אָהן אַ שום אָרדענונג — ניין! נאָר אויסגעלעגט שורות־ווייז, נאָהענט און געדיכט איינס נעבען דאָס אַנדערע. פון אין מיטען צענטער, אויף לאַנגע מעשענע שטריק, הענגען־אַראָפּ אַלטע פאַרצייטיגע ענגלייכטער פון אַלטען געלען פאַרגרינטען מעש. פון דעם זעלבען אַלטען פאַרגרינטען מעש זענען אויך די העסעם, וואָס אויף די ווענט — און אַלץ איז אָנגעפּאַקט מיט ליכט. אַלע ליכט ברענען. ס'איז אַזוי ליכטיג, אַז עס דאַכט זיך, אַז ליכטיגער קאָן שוין גאָר ניט זיין.

פון וואַנען האָבען זיך גענומען אַזוי פיעל אידען, קיין עין־הרע, און ווייבער, און ווייבלעך, און בחורים, און מיידלעך, און קליינע קינדער? שלום איז דאָס דעם ערשטען מאָל אין דער קאַלטער שוהל, און ניט ווילענדיג קומט איהם אויפ'ן זינען דער פסוק: מה טובו אוהליך יעקב — ווי שען זענען דיינע געצעלטען, יעקב!... עס קומט איהם אָן ניט גרינג צו באַקומען איין אָרט אויף צו זיצען. אַ גליק, וואָס דער שמש האָט איהם דערקענט — ס'איז דאָך רב נחום ראַבינאָוויטש'עס אַ זוהנדעל, דאַרף מען איהם מאַכען איין אָרט, און דוקא אין שפּיעגעלבאַנק, צווישען בעלי־בתים.

וואו האַלט מען? דער רעש מיט'ן טומעל זענען אַזוי גרויס, אַז מע הערט נישט דעם חזן, נישט זיינע משוררים. אומזיסט איז דעם עולמ'ס שרייען „שאַ!" אומזיסט איז דעם שמש'ס קלאָפּען

אין טיש. ווייבלעך גראַגערען, מיידלעך לאַכען, קינדער פּישטשען. אָט שטעהט אַ יונגעלע מיט ביטערע טרערען. „וואָס וויינסט דו, יונגעלע?" — מע האָט איהם אַראָפּגעוואָרפען דעם עפּעל פון דער פאָהן אומגעהרען און צעטראָטען מיט די פיס. וואָס וועט ער איצטער טהון אָהן איין עפּעל?... און נעבען יונגעלע זיצט אַ בחור און שטשירעט די ציינער, לאַכט פון'ם יונגעלע'ס טראַגעדיע. פאַרדריסט דאָס שלומ'ען, לאָזט ער זיך אריין מיט'ן בחור אין אַ דיסקוסיע: „וואָס איז דער געלעכטער?" — ענטפערט איהם אָפּ דער בחור און הערט ניט אויף צו באַווייזען די ציינער: „אַ יונגעלע אַ שוטה!" פאַרדריסט דאָס שלומ'ען נאָך מעהר: „נו, און דו אין זיינע יאָהרען האָסט געהאַט מעהר שכל?" דאָ הערט דער בחור אויף צו לאַכען און ענטפערט־אָפּ שוין ווי אַ שייגעץ: „וויפיעל שכל איך האָב געהאַט אין זיינע יאָהרען געדענק איך ניט, נאָר אַז איצט האָב איך מעהר שכל אין פּיאַטע, וויפיעל דו אין קאָפּ — דאָס איז זיכער, חאָטש דו געהסט אין די קלאַסען און חאָטש דו ביזט נחום ראַבינאָוויטש'עס זוהן"... וואָלט דאָס ניט געווען אין דער קאַלטער שוהל צווישען פרעמדע, וואָלט נחום ראַבינאָוויטש'עס זוהן זיך אַנדערש אָפּגערעכענט מיט איהם. דאָ האָט ער אָבער געמוזט חאַפּען אַ שוויג, וואָרום צווישען יאָ און ניין וואָלט ער געקאָנט זיין אַ געפּאַטשטער פון'ם דאָזיגען בחור דעם עזות־פּנים. און אַגב האָט ער שוין דערהערט אינ'ם גרויסען טומעל מיט'ן גרויסען רעש די ליעבע ווערטער: „התורני רב שמשון־זאב ברב חיים־צבי הכהן, תן כבוד לתורה!" „התורני רב משה־יעקב ברב נחמן־דוב הלוי, תן כבוד לתורה!"... די משמעות, אַז די הקפות האָבען זיך שוין אָנגעהויבען. וואו זשע איז דעם חזנ'ס מיידעל?...

„אָנא ה' הושיעה נא!" — דער ערשטער טור האָט זיך געענדיגט מיט אַ ניגון, מיט'ן גראָבען ניגון „היידאַ", און מיט אַ טענצעל. און עד כאן הקפה א'! און דער שמש רופט שוין ווידער אויס מיט זיין הייזעריגען קול און מיט'ן זעלבען נוסח:

„התּורני דער און דער, תּן כּבוד לתּורה!“ „התּורני דער און דער, תּן כּבוד לתּורה!“ און אָט אַזוי האָט זיך געענדיגט די צווייטע הקפה, די דריטע, די פערטע. נאָך יעדער הקפה דער זעלבער גראָבער ניגון מיט׳ן זעלביגען טענצעל — און דעם חזנ׳ס מיידעל זעהט מען ניט.

שלום רוהט ניט, קוקט אויף אַלע זייטען, טאָמער וועט ער זי פּאָרט אַמאָל דערזעהען — נישטאָ זי! ניט זי, ניט איהר חבר׳טאָרין! ניט שוין זשע האָט זי איהם אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט?... אָדער אפשר האָט זי ניט געקאָנט קומען? אפשר האָט זיך מיט איהר עפּיס געטראָפען? אפשר איז מען זיך דערגאַנגען פון זייער אָפּרעדען און מע האָט זי איבערגעלאָזט אין שטוב אונטער׳ן שלאָס? אויף צאַלי דעם חזן איז צו גלויבען! אַ מענטש, וואָס שלעפּט פאַר די צעפּ און גיט מיט אַ שטעקען!... און די שוואַרצע געדאַנקען און פינסטערע מחשבות האָבען גאָר קיין גרעניץ...

אַפּנים, דעם שמש האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס, וואָס נחום ראַבּינאָוויטש׳עס בחור׳על דרעהט זיך, קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען, זיצט ניט אַיין אויף אַיין אָרט, איז אַ סימן, אַז ער גאַהרט, ער געהט־אויס נאָך אַ הקפה. און אפשר האָט איהם איינער פון די גבּאים אַ וואונק געגעבען, ער זאָל ראַבּינאָוויטש׳עס זוהנדעל אויך מכבּד זיין מיט אַ הקפה? יעדענפאַלס, האָט זיך צווישען אַנדערע נעמען פּלוצים דערהערט אויך זיין נאָמען: „הבּחור שלום בּרבּ מנחם־נחום, תּן כּבוד לתּורה!“... דאָס גאַנצע בּלוט איז איהם אַריין אין פּנים, נישט געקאָנט אַריבּערטראָגען די בּעל־הבּתּישע אויגען, וואָס האָבען אויף איהם געקוקט. ער האָט זיך געפּיהלט, ווי עס פיהלט זיך יעדער בּחור, אַז מע רופט איהם אויף מפטיר. און איידער ער האָט זיך אַרומגעקוקט, וואו ער איז אין דער וועלט, האָט איהם שוין דער שמש אונטערגעטראָגען אַ ריינינקייט, און ער שטעהט שוין אין דער רייהע מיט אַ בּינטעל אידען און מיט אַ גרויסער ספר־תּורה אין די הענט, און די פּראָצעסיע געהט שוין אָן: דער חזן רבּ צאַלי געהט אויף צו פריהער

און זינגט: „עוזר דלים, הושיעה נא!" וווייבלעך און מיידלעך רייסען זיך, קושען די ספר־תורה און ווינטשען איהם: „דערלעבט איבער א יאהר!" ער פיהלט זיך מאדנע, וואס מע זאגט איהם „איהר", און איז צעטומעלט פונ'ם אומגעריכטען כבוד, און איז גרויס ביי זיך, וואס ער געהט אין דער רייהע, איין בחור צווישען אזוי פיעל אידען — און נאר דערפאר, וואס ער איז ניט קיין אבי־ווער, רב נחום ראבינאוויטש'עס א זוהנדעל, פארט א „טאטענ'ס א קינד"!... נאר סאמע אין רעכטען טומעל דערפיהלט ער א קוש אין האנט אריין: „דערלעבט איבער א יאהר!" ער הויבט־אויף די אויגען, דערזעהט ער — ס'איז זי, דעם חזנ'ס מיידעל, און איהר חבר'טארין, פארשטעהט זיך, נעבען איהר.

. . . . . . . . . . . . . . . .

אלע הימלען עפענען זיך און מלאכים נידערען־אראפ און זינגען שירה. זיי באזינגען די וועלט, וואס גאט האט באהערשט — אזא גוטע, זיסע, שענע, ליעבע וועלט! זיי באזינגען די מענטשען, וואס גאט האט באשאפען — אזעלכע גוטע, זיסע, שענע, ליעבע מענטשען! ס'איז אזוי גוט, אז עס ווילט זיך ווײנען פאר גוטס־קייט. און אין הארצען זינגט זיך איהם צו די מלאכים: „שלום עליכם, מלאכי השרת!"...

אמת, די ערשטע מינוט איז איהם געווען פריקרע און וואונ־דערליך. אנשטאט דעם זי זאל קושען די ספר־תורה, האט זי א קוש געגעבען זיין האנט! איז דאס אפשר געווען אומגעריכט? ניין, נישט אומגעריכט. ער האט דאס ארויסגעזעהען פון איהרע שמייכלענדיגע אויגען. ער איז געווען אזוי איבערראשט, אז ס'איז אפגעגאנגען א האר, ער זאל ארויסלאזען די רייניגקייט פון די הענט. ער האט חשק געהאט זיך אפשטעלען, נאך א מאל א קוק טהון איהר אין די שענע אויגען אריין, אויב ניט זאגען א צוויי ווערטער — לאזט מען איהם אבער ניט. די אידען, וואס געהען איהם נאך פון הינטען, לאזען איהם ניט. מע דארף געהן ווייטער.

מע דאַרף איבערגעבען די רייניגקייטען צו אַנדערע. די הקפות האָבען זיך נאָך ניט געענדיגט. ערשט דאָ, ביי׳ם אָרון־קודש, איבערגעגעבען דעם שמש די ספר־תורה, קוקט ער זיך אום צוריק, טאָמער וועט ער זי דערזעהען נאָך א מאָל, חאָטש פון דער ווייטען. מע זעהט זי ניט. לאָזט ער זיך מיט דער ווייטעריגער הקפה, געהט־נאָך נאָך די אידען גלאַט אַזוי, מאַכט אַ טור, זוכט זי מיט די אויגען — ניטאָ דעם חזנ׳ס מיידעל, נעלם געוואָרען! לויפט ער אַרויס אין דרויסען, זוכט זי אויפ׳ן שוהל־הויף — ניטאָ זי אין ערגיץ ניט!... אפשר איז דאָס געווען אַ חלום? אפשר איז דאָס געווען אַ דמיון? ניין. ס׳איז נישט געווען קיין חלום, ס׳איז נישט געווען קיין דמיון. ער פיהלט נאָך איצט אויך דעם קוש פון איהרע ליפּען אויף זיינע הענט. ער געהט ווייטער און ער ביהלט ניט די ערד אונטער זיך. עס ווייזט זיך איהם אויס, אַז ער האָט פליגלען און אַז ער פליהט, ער שוועבט, און די מלאָכים שוועבען מיט איהם, טראָגען זיך אין דער לופטען, באַגלייטען איהם גלייך ביז׳ן גרויסען בית־המדרש.

דאָרט האַלט מען נאָך אין מיטען די הקפות. דער טאַטע איז מאָדנע אויפגעלעגט, יום־טוב׳דיג געשטימט און זעהט־אויס אין דער אַלטער צעהאַקטער זיידענער קאַפּאָטע, פון וועלכער עס קוקט־אַרויס ערטערווייז דער געלער אונטערשלאַק, אַזוי שען, אַזוי גרויסאַרטיג, ווי קיינמאָל ניט. נעבען איהם שטעהען ביידע גע־ראָטענע איידעמס, פון איין זייט לייזער־יאָסעל, פון דער אַנדערער זייט מאַגידאָוו. ביידע וויצלען זיך, און דער טאַטע הערט זיך איין, ווי זיין שטייגער איז, און לאַכט. „וואו ביזט דו געווען אַזוי שפּעט?" — טהוט דער טאַטע אַ פרעג, חלילה ניט אויף צו באַ־שטראָפען, נאָר גלאַט אַזוי, אויס נייגיעריגקייט. „אין דער קאַלטער שוהל" — ענטפערט איהם שלום און באַריהמט זיך, אַז מע האָט איהם מכבד געווען דאָרט מיט אַ הקפה. איז דאָס דעם טאַטען געפעלען און ער זאָגט: „ס׳איז זעהר שען פון זיי". און די געראָטענע איידעמס וויצלען זיך איבער ראַבינאָוויטש׳עס בחור׳על.

איינער פרעגט איהם: צי האָט ער זיך באַקענט אין דער קאַלטער שוהל מיט'ן „עוזר־דלים״? און דער אַנדערער באַמערקט: ווי קומט אַהין דער „עוזר־דלים״? דאָרט איז דאָך נאָר דעם „עוזר־דלימ'ס״ איין איינציקעל! און אַלע דריי לאַכען זיי פון דער חכמה, און שלום העלפט זיי לאַכען. עס גיט זיך אויס אַ נאַכט! אַזאַ נאַכט קאָן געמאָהלט זיין נאָר שמחת־תורה צו הקפות.

## 57

# דער קריזיס

זיך מיאוס אפגענארט אין די הייליגסטע געפיהלען. — ווערט קראנק אויף טיפוס. — שטעהט־אויף איין אנדער מענטש. — געזעגענט זיך אפ מיט זיינע קינדערשע יאהרען.

אלע מאל, ווען דער פארפאסער פון די דאזיגע באשרייבונגען לאזט זיך אראפ אין די טיעפע קאטאקאמבען פון זיין ווייטער קינדהייט, טראגט־ארוים אויף גאט'ס וועלט און לופטערט־דורך זיינע זכרונות פון די אויף אייביג פארגאנגענע יונגעלשע יאהרען, פארטיעפט זיך אין זיינע שפעטעריגע ערפאהרונגען פונ'ם גרויסען וועלט־יאריד, וואס מע רופט דאס „לעבען", און באטראכט דאס אלסדינג מיט א קלארען קאפ און מיט א קאלטען מח, באוואונדערט ער, ווי ער האט געקאנט אריבערטראגען אזעלכע אומדערבארעמיגע קלעפ, מיאוס'ע אפנארעכטסען און ביטערע אנטוישונגען, און בלייבען גאנץ אויף צו חאפען פרישע קלעפ מיט נייע אפנארעכטסען מיט נאך גרעסערע אנטוישונגען? די קלעפ אליין זענען נאך ניט אזוי מסוכן, ווי די אנטוישונגען, ווי דאס, וואס מע בלייבט אפגענארט. א קלאפ פארהיילט זיך, אבער איין אנטוישונג לאזט־איבער נאך זיך א קרעל אין דער נשמה אויף אייביג.

דער העלד פון דער דאזיגער ביאגראפיע האט שוין געפרובט געשלאגען ווערען מאראליש און באנומען ווערען מאטעריעל פון קאפ ביז פיס. ער האט פארזוכט דעם טעם, ווי דער לעזער וועט

דאָס זעהען פון די ווייטערינע קאַפּיטלעך, פון צו פאַרלירען אַ ריעזיגען קאַפּיטאַל אין אַ קורצער צייט דורך פאַרשיידענע ספּעקולאַציעס, וואָס אַלערליי מנחם־מענדעלס האָבען איהם אין זיי אַריינגעפיהרט, און ער קאָן זאָגען מיט אַ ריינעם געוויסען, אַז איהם האָט ניט אַזוי געגומען דער פאַרלוסט פון געלט, ווי דאָס, וואָס מענטשען האָבען איהם אָפּגענאַרט און וואָס ער האָט זיך אָפּגענאַרט אין מענטשען. די אַנטוישונג — אָט וואָס איהם האָט מקצר־ימים געווען אַלע מאָל, אָט וואָס איהם האָט געטריבען אין דער ערד אַריין.

שוין אין יענער עפּאָכע, ווען ער איז געווען נאָך גאָר אַ שנעק און האָט זיך נאַריש פאַרליעבט אין׳ם חזנ׳ס מיידעל, האָט ער שוין געחאַפּט דעם ערשטען קלאַפּ פון שרעקליכער אַנטוישונג — אַזאַ קלאַפּ, וואָס ניט ער, ניט קיינער האָט זיך געקאָנט דערויף ריכטען. מע האָט געקאָנט ערוואַרטען, למשל, אַז די עלטערען זאָלען געוואוירע ווערען פון דעם אומגעלומפּערטען ראָמאַן און צעשטעהרען דעם נאַרישען שידוך. מע האָט געקאָנט ערוואַרטען, אַז צאַלי דער חזן זאָל נעמען די טאָכטער פאַר די צעפּ, אָדער דערלאַנגען איהר מיט׳ן שטעקען ניט אויף קאַטאָוועס, נאָר טאַקי אויף דער רעכטער אמת. נאָר ווער וואָלט דאָס געקאָנט צולאָזען, אַז דעם חזנ׳ס מיידעל זאָל אין דער זעלבער צייט, וואָס זי האָט געשפּיעלט אַ ראָמאַן מיט נחום ראַבינאָוויטש׳עס בחור׳על, גאָר זיין פאַרליעבט אין אַ גוי, אַ פּריקאַזשציק ביי קאָטיעלניקאָווען אינ׳ם גרויסען אייזען־געשעפט, און זאָל מיט איהם איינמאָל אין אַ שבת־צו־נאַכטס, ניט ווייט פון יענעם שמחת־תורה, וואָס איז באַשריבען אויבען, אַנטלויפען, אַריינגעבען זיך אין אַ פּרויען־מאָנאַסטיר, צווישען מאָנאַשקעס, זיך דערנאָכדעם אָפּ׳שמד׳ען און חתונה האָבען טאַקי פאַר דעם זעלבען קאָטיעלניקאָוו׳ס פּריקאַזשציק ?! ...

קיין פאַנטאַזיע פון אַ שרייבער וועט ניט צוטראַכטען דאָס, וואָס דאָס לעבען אַליין קאָן צוטראַכטען. אודאי איז נעבאַך צאַלי דער חזן אַרומגעלאָפען, געזוכט זכות־אָבות, פּראָטעקציעס צום

אַרכימאַנדריט, צו דער איהומענשע פונ׳ם מאָנאַסטיר און אַליין צום גובערנאַטאָר — עס האָט ניט געהאָלפען קיין שמע-ישראל. די שטאָדט האָט געקאָכט, ווי אַ קעסעל. די „גאַנצע וועלט" האָט געוויעגט זיך. וואָלט דאָס האָטש געווען גלאַט אַ מיידעל, אַ אידישע טאָכטער — עס מאַכט זיך איין אומגליק, וואָס זאָל מען טהון? איז ניין. דאַרף זיך עס טרעפען מיט אַ חזן, אַ כּלי-קודש! ווער ווייס איהם איצט צולאָזען צום עמוד? פרעגט זיך אַ קשיא: פון וואַנען וועט ער לעבען? הײנט דער בזיון פאַר די בעלי-בתּים פון דער קאַלטער שוהל איז אויך עפּיס ווערטה. וואָרום פאַר וואָס האָט זיך עס געטראָפען גראָד מיט זייער חזן פון זייער שוהל?...

וואָס פאַר אַ ווערטה האָבען אָבער געהאַט די אַלע אויס-געדעכענטע צרות, בזיונות און יסורים קעגען דעם גיהנם, וואָס האָט זיך אָפּגעטהאָן אין דער נשמה פון יענעם בחור׳על, וואָס איז געווען מיט סכּנות פאַרליעבט אינ׳ם חזנ׳ם מיידעל און וועלכען דאָס מיידעל האָט אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט, פאַרביטען איהם, אַ טאַטענ׳ס אַ קינד, אויף אַ גוי אַ פּריקאַזשציק ביי קאָטיעלניקאָווען?! צוליעב וואָס האָט זי באַדאַרפט נאַרען איין אומשולדיגען בחור׳על, שרייבען איהם אַזעלכע בריוועלעך? קושען אין דער האַנט שמחת-תּורה צו הקפות? שווערען איהם אייביגע ליעבע און נאָך אַזעלכע זאַכען? דאָס אַנטלויפען מיט׳ן פּריקאַזשציק איז דאָך ניט געווען קיין פּלוצליכע, אומגעריכטע פאַרליעבעניש. דאָס איז געווען איין אָפּגערעדטע זאַך שוין פון לאַנג. און ער דערמאַנט זיך, וואָס איהר חבר׳טאָרינ׳ס חזן, דער פּריקאַזשציק מיט די „ידים", האָט איהם געהאַט אַ זאָג געגעבען, אַז ביי׳ם חזנ׳ם מיידעל וועט ער זיך באַ-געגענען מיט אַ ביינברעכער. איצט ווייסט ער שוין, ווער דער ביינברעכער איז... און דאָס וואַרפט איהם אריין אין אַזאַ פייער, אַז ער פאַרשעלט זיך זיין געביין. ער שעלט דעם טאָג, וואָס ער האָט זיך באַקענט מיט׳ן חזנ׳ם מיידעל. ער שעלט דעם בחור, דעם פּריקאַזשציק פון דער „זאַליאַזנע" קראָם, און קאָטיעלניקאָוו׳ם

פריקאזשציק, און אלע פריקאזשציקעס פון דער גאנצער וועלט.
אך! ווי גוט ס'וואלט געווען, ווען א פייער ברעכט־אוים און פארברענט אלע „זאליאזנע" קראמען פון שטאדט, אדער ווען א שטורעם־ווינט הויבט זיך אויף און טראגט־אראפ אלע קראמען מיט אלע הייזער פון שטאדט, אדער די ערד עפענט זיך אויף און די גאנצע שטאדט פערעיאסלאוו מיט דער בריק און מיט די פיד־ווארקעס ווערען איינגעזונקען, אזוי ווי קורח! נישטא ביי איהם קיין טראפען רחמנות אויף אייגענע, אויף פרעמדע, אויף אלטע לייט, אויף קליינע קינדער, עופה'לעך — אלע און אלץ זאל געהן צו אלדי שווארצע יאהר!... און ער פארשעלט די וועלט, וואס גאט האט באהערשט — אזא פאלשע, אזא מיאוס'ע, פאסקודנע וועלט! און ער פארשעלט די מענטשען, וואס גאט האט באשאפען — אזעלכע פאלשע, מיאוס'ע, פאסקודנע מענטשען!...

פארטיעפט אין אזעלכע מיזאנטראפישע געדאנקען, קומט ער איינמאל פון קלאס אהיים און פיהלט, אז דער קאפ איז איהם עפיס ווי אנגעגאסען מיט בליי. פאר די אויגען שוועבען איהם רעדלעך מיט עפיס מאדנע פיגורען. די רעדלעך ברייטלען זיך, די פיגורען ווערען צעגאנגען, אזוי ווי שניי אויף דער זון, און אויף זייער ארט קומען־אן אנדערע פיגורען. קיין וואראמעס עסען וויל ער נים. די שטיפמאמע חידוש'ט זיך: „גע'פגר'ט א בער אין וואלד" — זאגט זי מיט איהר געוויינליכען גיפט. ער קאן זיך ניט האלטען אויף די פיס. ער לעגט זיך אויף דער קאנאפע. דער טאטע געהט־צו, טאפט איהם ביי'ם קאפ. עפיס פרעגט ביי איהם דער טאטע, און ער ענטפערט, נאר וואס מע האט איהם געפרעגט און וואס ער האט געענטפערט — ווייסט ער ניט. ער געדענקט ניט. דאכט זיך, עפיס האט מען גערעדט וועגען „מאגען"... „דאקטאר"... „אפטייק"... און עפיס ביטערס פיהלט ער, ווי מע גיט איהם איין דורך א טיי־לעפעל, און סע שמעקט מיט מאנדלען... און דער קאפ, אוי דער קאפ!... און עס וויקלען זיך קנוילען פאר די אויגען, און זיי שפארען זיך דורך די אויהערען ארוים און געהען־אוועק מיט

א לאנגען־לאנגען פייף. און ווי קליינע מורעשקעס גראבלען זיי זיך אינוועניג אונטער דער הויט, אין די אדערען, קיצלען, זידען, בולבען זיך אינוועניג אין לייב, און ביימעלעך, ביימעלעך קאטשען זיך אראפ א בארג, אהן א שיעור ביימעלעך... און מענטשען ווילען האפען די ביימעלעך — און קאנען ניט... דער אנטיק איז אבער דאס, וואס ער האלט, דאכט זיך, צוגעמאכט די אויגען, און זעהט פון דעסטוועגען אלץ, וואס סע טהוט זיך! ער הערט ניט — איבער׳ן פייפען, וואס פייפט איהם אין די אויהערען, קאן ער ניט הערען, נאר זעהען זעהט ער אלעמען. אלע זענען דא. א מיש־מאש פון אמאליגע און היינטיגע חברים און גלאט מענטשען. זיין חבר שמואליק, פינעלע שימעלע׳ס, אלי דאדי׳ס, איצעל דעם פעטער פיני׳ס, דער אורח וואלפסאהן... שענער פון אלץ איז דאס, וואס קאטיעלניקאוו׳ס פריקאזשציק דאווענט פאר׳ן עמוד, זינגט „אתה־הראית”, און דעם חזנ׳ס מיידעל שלאגט זיך „על חטא”... און עפים א קול, א פארדומפענע שטימע, הערט זיך פון דער קאלטער שוהל ארוים — מאדנע וויינענדיגע שטימען מיט א חליפען. דאס דאווענען די מתים. מתים דאווענען אלע שבת־צו־נאכטס אין דער קאלטער שוהל. מיט א מנין דאווענען זיי. ווער ווייסט עס ניט? און ס׳איז איהם קיין זאך ניט קשה, אפילו דאס, וואס קאטיעל־ניקאוו׳ס פריקאזשציק, א גוי, זינגט „אתה הראית לדעת” מיט׳ן אידישען ניגון... איין זאך נאר איז איהם יא קשה: ווי קומט דאס, וואס אט איז דא נאר־וואס געווען זיין חבר שמואליק, שמואליק דער יתום, — פאר וואס האט ער איהם ניט געפרעגט, וואס הערט זיך מיט׳ן „אוצר”? ווי קומט דאס, ער זאל פאר־געסען אזא וואזשנע זאך? ער עפענט־אויף די אויגען און זוכט שמואליקען, און קאן איהם נישט געפינען. ניטא קיין שמואליק, ניט קיינער פון די, וואס זענען דא נאר־וואס געשטאנען. וואו האבען זיי געקאנט אהינקומען אלע? און ער מאכט־צו צוריק די אויגען, און ער הערט זיך צו צום הארצען, ווי עס קלאפט, און צו די שלייפען, ווי זיי שלאגען. און ער פיהלט, אז ער איז אפ־

געגאַסען מיט שווייס, ער שווימט אין אַ טייך פון שווייס. די שפּיץ־פינגער זענען אויפגעבלעזעלט, ווי נאָך אַ שוויץ־באָד, און די האָר פון קאָפּ זענען נאַס און קלעפּען זיך צום שטערן. און ער פיהלט אַ קאַלטע האַנט אויף זיך. און ער דערהערט אַ באַ־קאַנטען זיפץ. עפענט ער אויף די אויגען — ס'איז דער טאַטע! און נעבען איהם דער אורח וואָלפסאָהן, און דער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילען, און נאָך און נאָך מענטשען. און ער זעהט, אַז אַלע קוקען אויף איהם מיט רחמנות. און ער הערט און פאַר־שטעהט, אַז מע רעדט פון איהם. „קריזיס", הערט ער, זאָגט מען. און ער פאַרשטעהט נאָך ניט, וואָס פאַר אַ „קריזיס"? און ער איז גאַנץ צופריעדען, וואָס ער איז מיט איין מאָל געוואָרען אַזאַ מיוחס ביי אַלעמען, וואָס אַלע אינטערעסירען זיך מיט איהם אַזוי. מעהר פון אַלע אינטערעסירט זיך דער טאַטע. ער בויגט זיך אָן איבער איהם און פרעגט איהם: וואָס וואָלט ער געוואָלט? ער ענטפערט נישט באַלד. ער וויל זיך פריהער גוט באַטראַכטען, וואו ער איז אין דער וועלט און וואָס טהוט זיך דאָ מיט איהם? עס נעמט היבשע עטליכע מינוט, ביז ער קומט צו זיך און פאַר־שטעהט, וואָס מיט איהם איז, — אַז ער איז קראַנק געווען, אַפנים, זעהר קראַנק, און אַז איצט איז איהם בעסער. בעסער? אויס־געצייכענט גוט. ערשט דעמאָלט, אַז ער האָט שוין כמעט אַלץ באַגריפען, באַנעצט ער מיט דער צונג די פאַרטריקענטע ליפּען און לאָזט־אַרויס אַ וואָרט, מעהר ניט אַז איין וואָרט:

— אַגרעסען!...

קוקט זיך דער טאַטע איבער מיט די איבעריגע מענטשען, וואָס שטעהען אַרום קראַנקען, און טהוט איהם אַ פרעג־איבער:

— אַגרעסען? וואָסערע אַגרעסען?

— איינגעמאַכטס! — ענטפערט דער קראַנקער מיט אַ מאָדנער גראָבער שטימע, וואָס הויבען הויבט זי זיך אָן דין, סאָפּראַנעדיג, און לאָזט זיך אויס גראָב, מיט אַ באַס. דער קראַנקער האָט זיך אַזש אַליין איבערגעשראָקען, ניט דערקענט זיין קול. אין

דער צייט, וואָס ער איז קראַנק געווען, האָט ער זיך אַזוי פאַרענדערט, אַז ווען ער איז אין אַ פּאָר וואָכען אַרום אַראָפּ פון בעט, קוים דערשלעפּט זיך אין זאַל אַריין, אַ קוק געטהאָן אויף זיך אין שפּיעגעל, האָט ער זיך קוים דערקענט. פאַר איהם איז איצט געשטאַנען שוין גאָר איין אַנדער מענטשעל. פריהער איז דאָס געווען אַ ציקאַווע יונגעל מיט רויטע פּוכקע בעקלעך, אַ ריהרעוודיגס, אַ לעבעדיגס, מיט שמייכלענדיגע אויגלעך, קיילעכיג אונטערגעשערען, מיט אַ געגרייזעלט טשובעקעל פון בלאָנדע האָר פון פאָרענט אויפ׳ן שטערן. איצט האָט זיך דאָס פּנים אויסגעבלייכט, די בעקלעך זענען אָפּגעפאַלען, די אויגען זענען גרעסער געוואָרען, דער קוק פאַרטראַכט, און אַליין האָט ער זיך אויסגעצויגען אין דער לענג. די בלאָנדע געגרייזעלטע האָר האָט מען איהם אָפּגעשאָרען ביז דער הויט, ווי אַ טאָטער. גאָר איין אַנדער בחור׳על איז דאָס געווען אַצינד.

אָבער ניט נאָר אין זיין אויסזעהען אַליין האָט ער זיך פאַרענדערט. ער האָט זיך אינגאַנצען איבערגעאַנדערשט. ער האָט דערפיהלט, אינווענינ ביי זיך, אין דער נשמה, איז פאָרגעקומען אַ קריזיס. און עס טהוט איהם באַנג, הארצעדיג באַנג, זיין נאַרישע נאַאיווע פאַרגאַנגענהייט, וועלכע וועט זיך שוין ניט אומקעהרען און ניט איבער׳חזר׳ען קיינמאָל, קיינמאָל!... און אויך איצט, איבערלעבענדיג אין דעם זכרון נאָך אַ מאָל יענע גליקליכע יאָהרען און אַריבערגעהענדיג צו די ווייטעריגע באַשרייבונגען, קוקט ער זיך אום צוריק מיט אַ שטילער בענקשאַפט און געזעגענט זיך אָפּ שוין אויף אייביג מיט זיינע גוטע יונגעלשע יאָהרען:

— זיי געזעגענט, קינדהייט!

# 1

## ער גיט שטונדען

דער פּשט פון „געבען שטונדען“. — יונגע און אַלטע לעהרערס. — דער כח פון „גראַמאַטיקע“. — מע געהט צו איהם מיט פּראַקטעקציעס. — אין פּערעיאַסלאַווער שטאַדט־גאַרטען און ביי דער שטיפמאַמע אין דער היים. — דעם קאַלעקטאַר׳ס פּשרה. — ער באַקומט אַ שטעלע און פּאַקט זיינע ביכער.

איצט איז שווער צו זאָגען, צו וועמען האָט געהערט די איניציאַטיווע, דאָס הייסט, וועמען איז דאָס איינגעפאַלען צום ערשטען, אַז אַ בחור׳על, נאָך קיין פולע זיעבעצעהן יאָהר ניט אַלט, נאָך קיין סימן פון וואָנסילעך אויף דער אויבערשטער ליפּ, נאָך נישט געענדיגט דעם גאַנצען קורס פון דער „אויעזדנע“, — זאָל ער שוין נעמען דאָס שטעקעלע אין האַנט, אַרויפוואַרפען דאָס אויבעררעקעל אויף די פּלייצעס אָהן די אַרבעל און שוין מאַרשירען פון שטוב צו שטוב „געבען שטונדען“? „געבען שטונדען“ האָט געהייסען — לעהרנען מיט יונגלעך און מיט מיידלעך אַלץ, וואָס מע לערענט אין די קלאַסען, אונטערנעמען זיך דורכגעהן מיט זיי אַ געוויסען קורס און צוגרייטען זיי צו אַ געוויסער צייט, זיי זאָלען קאָנען אריין אין די קלאַסען, אָדער אָפּגעבען עקזאַמען.

אָפּגעבען עקזאַמען איז געוואָרען אַ גאַנג, ס׳איז אַריין אין דער מאָדע. אַלע און אַלץ האָט זיך געגרייט צום עקזאַמען. יונגלעך און מיידלעך, חתנים און יונגעלייט, בעל־הבית׳לעך, אידען מיט בערד שוין — האָבען זיך אַ נעם געגעבען צו גאָוואָראָוו׳ס גראַמאַטיקע, צו יעווטושעווסקי׳ס אַריפמעטיקע, צו סמירנאָוו׳ס

געאָגראַפיע, צו דיסטערוועג׳ס געאָמעטריע, און גענומען לערנען אויף אויסווענינג „באַסני קרילאָוואַ״, שטודירען דאָס ווערטערבוך. ס׳איז געוואָרען אַ מין עפּידעמיע — עקזאַמענעס! פאַרשטעהט זיך, אַז ביי אַזאַ עפּידעמיע איז ניט געווען גענוג לעהרערס אין שטאָדט. פּראָפעסיאָנעלע אידישע לעהרערס זענען געווען איינגאַנצען צוויי: דער אַלטער מאָניסאָוו — איז ער געווען אָהן צייהן, געשפּיגען ניט גערעדט, און דערצו נאָך טויב, ווי די וואַנט; און דער יונגערער, נח בוסעל — דער האָט געלעהרענט פראַנצויז, געטראָגען אַ בלויען מונדיר, גלאַנצענדיגע שטיוועל, און איז געווען אַ יקרן, גענומען צו־טייער. און ווייטער איז געווען איצי דער שרייבער און זיין ברודער, אברהם דער שרייבער — ביידע אויסגעפּוצטע אידלעך מיט רויטע בעקלעך־פּאַמפּעשקעס. די האָבען שוין גענומען צו־וואָלוועל, זענען זיי אָבער געווען צעקריעגט מיט דער רוסישער גראַמאַטיקע אויף מעסערשטעך און האָבען ניט געוואוסט, ווי אַזוי עס לעגט זיך אויס דאָס וואָרט „פּעטשעניעגי״. דאָס הייסט, זיי האָבען געוואוסט, אַז אינ׳ם וואָרט „פּעטשעניעגי״ באַדאַרף ערגיץ זיין אַ „יאַט״, נאָר זיי האָבען ניט געקאָנט טרעפען, וואו אַוועקצושטעלען די „יאַט״: נאָך דער פּע? נאָך דער טשע? נאָך דער ניע? אָדער גאָר נאָך דער גי? דאָס אייגענע איז געווען מיט אַ „עס״ און מיט אַ „שאַ״. אַז ס׳איז געקומען, למשל, צו סושאַ (טריקעניש) אָדער סאַשאַ (אַלכּסנדר), איז רעכט געווען ביי זיי צו שרייבען: סושאַ, שוסאַ, אָדער שושאַ; סאַשאַ, שאַסאַ, אָדער שאַשאַ. אין שטאָדט, צווישען יונגוואַרג, איז געגאַנגען איין אַנעקדאָט, אַז מע האָט פאָרגעלעגט די ברידער, זיי זאָלען מוחל זיין איבערזעצען אויף רוסיש די ווערטער: „סאַשאַ האָט זיך געטריקענט אויף דער טריקעניש״, — האָט איינער אָנגעשריבען: „שאַסאַ שוסילסאַ נאַ שוסיע״, און דער אַנדערער האָט אַוועקגעשטעלט: „שאַשאַ שושילשאַ נאַ שושיע״.

פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס איז נאָר געווען איין אַנעקדאָט. נאָר ווי אַזוי האָט דאָס נעבאַך זיי געקרענקט, אַז דער אַנעקדאָט

איז דערגאנגען צו זיי! און ס'איז טאקי געווען א פארדראסיגע זאך: סטייטש, זיי האבען אויסגעלעהרענט שרייבען א גאנצע שטאדט, מיט קינדער און קינדס־קינדער, — קומען צו געהן יונגע צוציקעס, וואס די מילך איז זיי נאך ניט אפגעטריקענט אויף די ליפען, און דערצעהלען אנעקדאטען!... עס האבען אבער ניט געהאלפען קיין חכמות — גראמאטיקע איז געווארען א גאנגבארער ארטיקעל. אהן גראמאטיקע האט מען זיך ניט געקאנט געבען א ריהר. עס איז דערגאנגען אזוי וויט, אז אפילו דער פעטער פיני, וואס האט, ווי איהר ווייסט, פיינט געהאט די קלאסען, ווי א כשר'ער איד האט פיינט חזיר, האט אויך מודה געווען, אז גראמאטיקע איז א גוטע זאך. ער איז א איד, וואס קאטארע ער פאהרט אויף יארידים, האנדעלט מיט מאסקווע, איז א חשוב ביי פאנין און רעדט רוסיש אויסגעצייכענט, נאר ער פיהלט, אז עס פעהלט איהם גראמאטיקע (דאס ווארט „גראמאטיקע" האט ער באוויזען מיט צונויפגעלעגטע פינף פינגער).

פון דעסטוועגען, זיין פלימעניק שלום זאל זיך ניט אזוי שטארק איבערנעמען, האט דער פעטער פיני געפונען פאר נויטיג צוזעצען, אז ער פארשטעהט ניט, צו וואס מע דארף נאך דערצו געהן אהן א היטעל, עסען אומגעוואשען און שרייבען אים שבת? איהם דאכט זיך אויס, אז מהכתיתי — מע קאן קענען גראמאטיקע און דוקא געהן אין א היטעל, און דוקא וואשען זיך צום עסען, און דוקא ניט שרייבען אים שבת! דער פעטער פיני איז, אפנים, געווען א נוקם ונוטר, ווי איין אמת'ער תלמיד־חכם. ער וויל ניט פארגעסען יענע אלטע עבירה פון שרייבען אים שבת אויפ'ן פארקאן... נאר ווער רעכענט זיך מיט איהם? א בחור'על, וואס נעמט סטיפענדיעס, גיט שטונדען, פארדיענט גאלד — מע צער־רייסט איהם אויף שטיקער, מע שלאגט זיך גאר פאר איהם: אלע ווילען, אז דוקא ער זאל גרייטען זייערע קינדער אין די קלאסען, ניט קיין אנדערער — ווי אזוי זאל ער זיך ניט איבערנעמען? אידען געהען צו איהם מיט א פראטעקציע דורכ'ן קאלעקטאר מיט

די שווארצע ברילען, וואָס איז אַ גוטער ברודער מיט רב נחום ראַבינאָוויטש, אַז ער זאָל זיין אַזוי גוט און זאָל פּועל'ען ביי דעם פּאָטער, אַז דער פּאָטער זאָל פּועל'ען ביי זיין זוהן חאָטש איין האַלבע שעה אין טאָג: „מע זאָגט, אַז זיין שלום האָט אַ גרינגע האַנט, און אַז דורך איהם גיט מען אָפּ עקזאַמען בעסער, ווי דורך אַלע אַנדערע"... און דעם טאַטענ'ס האַרץ וואַכּסט, די נשמה קוועלט — אַ קלייניגקייט, אַזאַ כּבוד דערלעבט זיך, חאָטש נחת ווינציג, זעהר ווינציג! וואָס פאַר אַ נחת, איך בעט אייך, אַז מע קוקט נישט אָן קיין קינד אין די אויגען? דעם ערשטען האַלבען טאָג איז ער אין קלאַס, דעם אַנדערען האַלבען טאָג ביז אין דער נאַכט — פאַרנומען מיט די שטונדען. און קומט פאַר־נאַכט, שפּאַציערט מען אַרום מיט חברים אין שטאָדט־גאָרטען. זומער איז דער פּערעיאַסלאַווער שטאָדט־גאָרטען אַ גן־עדן. דאָרט שפּיעלט מוזיק — די מיליטער־מוזיק — מיט'ן פּאָלקאָוואָי קאַפּעל־מייסטער, אַ איד מיט אַ שוואַרצער באָרד און שוואַרצע אויגען, ווי די קאַרשען, און מיט גראָבע ליפּען. אַלע מיידלעך זענען פאַרליעבט אין זיין שטעקעלע, און ער האָט זיי ליעב אַלע גלייך, שמייכעלט צו זיי פון דער ווייטען מיט זיינע שוואַרצע קאַרשען־אויגען און מיט זיינע גראָבע ליפּען און מאַכט מיט'ן שטעקעלע נאָך שטאַרקער. און די טרובעס טרובען, און דער קעסעלפּויק באַראַבאַנעט, און דער שטויב פון די שפּאַציערענדיגע פּאָרלעך צווישען די אַלעען קאָנקורירט מיט'ן שמעקענדיגען ריח פון דער נאָר־וואָס אָפּגעצוויטעטער בוזינע, וואָס פילט־אָן די לופט מיט אַ געדיכטער זיסקייט. דאָס איז דער ריח און דאָס איז די זיסקייט, וואָס נאָר דער דאָרטיגער, פון יענע מקומות, פון מאַלאָראָסיע, — דער ווייסט עס, דער געדענקט עס און דער קאָן אָפּשאַצען, וואָס הייסט אַ זומער־אָוועגט און אַ שפּאַציערגאַנג אין שטאָדט־גאָרטען. באַלייכט איז דער גאָרטען זעהר געמיין. אינגאַנצען געפינען זיך דאָרט אַ דריי־פיער לאַנטערנעס מיט גאַז־לעמפּלעך, אי דאָס פאַר־רויכערטע, פאַר'חושכ'טע, מיט צעבראָכענע גלעזלעך, אַזוי אַז עס

הויבט זיך אויף צו אַ שטאַרק ווינטעל, בלאָזען זיך די לעמפּלעך אָן און ווערען גאָר פאַרלאָשען. נאָר ווער קוקט דערויף? אדרבה, אויב איהר ווילט, איז נאָך גלייכער, וואָס ס׳איז פינסטער. קאָן מען דעמאָלט אָפּשטעלען זיך, בחורים׳לעך און מיידלעך, און אַ שמועס טהון, אַ לאַך טהון און געבען אַ רעד־אָפּ אויף מאָרגען אין דער צייט נאָך אַ מאָל זיך באַגעגענען אָט דאָ, אין דער אַלעע, אונטער דער נאָר־וואָס אָפּגעצוויטעטער שמעקענדיגער בוזינע...

און מע קומט אַהיים אַ פאַרפאַליוועטער, אַ צעהיצטער און אַ הונגעריגער און מע עסט וואָס גאָט גיט — אַ שטיקעל הערינג, אַ טאַראַנקע, אַ גרינע אוגערקע, אַ ציבעלקע מיט ברויט. איין אַפּעטיט איז, קיין עין־הרע, דאָ אַ פיינער. ווער וואַשען זיך? וואָס בענטשען? דער טאַטע פרעגט שוין אפילו ניט וועגען מעריב דאַווגען... קרענקען קרענקט דאָס איהם, נאָר ער מאַכט זיך ניט וויסענדיג. רעדען מיט די קינדער אַ וואָרט — איז קיין צייט ניטאָ. אָפּגעגעסען, דאַרף מען זיך זעצען לערנען, צוגרייטען די אוראָקען אויף מאָרגען. זעצט זיך אַוועק שלום ביי אַ לאָמפּ לערנען, ברענט קעראָסין — וויל די שטיפמאַמע ניט ליידען, בורטשעט זי. פאַרדריסט עס דעם טאַטען. זאָגט שלום, אַז ער וועט זיך קויפען קעראָסין פאַר זיין געלט, און אַ לאָמפּ איין אייגענע וועט ער זיך איינפיהרען. זאָגט דער טאַטע, ער זאָל זיך ניט דערוועגען טהון אַזאַ זאַך און זאָל איהם ניט מקצר־ימים זיין. דערהערט דער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילען און זאָגט, אַז ער האָט פיינט מחלוקת. מישט ער זיך אריין און מאַכט אַ פשרה. באשר בכן, אַזוי ווי דאָס בחור׳על איז שוין אַ מענטש פאַר זיך, פאַרדיענט שוין, קיין עין־הרע, אַ קערבעל, און לערנען דאַרף ער אויך, עס שטעהט איהם פאָר אָפּגעבען דעם לעצטען עקזאַמען, איז אַ יושר, מע זאָל דעם קונדם (שוין אוים „קונדאַס“, נאָר „קונדעס“) לאָזען צו־רוה. און ער לאָזט־אוים: „עצתי, אַז ער זאָל זיך ערגיץ אָנדינגען אַ קוואַרטיר מיט קעסט ביז איבער די עקזאַמענעס, און לאָז ער זיך לערנען געזונטערהייט“. און

טאָמער איז איהם שווער צו געפינען, נעמט ער, דער קאָלעקטאָר, אויף זיך די דאָזיגע טרחה.

פארשטעהט זיך, אז תחילת האָט דער טאטע ניט געוואָלט הערען, ניט זעהען פון אזא משוגענעם פלאַן. דער קאָלעקטאָר האָט אָבער געהאט אין זיך' א כח, אז ער האָט געקאָנט איבעררעדען א וואנט. און דערצו האָט ער פיינט געהאט רעדען. ער האָט ליעב געהאט טהון. איז ער אוועק און איז געקומען מיט א גדולה — ס'איז איהם אָפּגעראָטען על צד היותר טוב! ער האָט געקראָגען איינעם א בעלן, וואָס גיט־אָפּ א חדר מיט קעסט מיט אלעם גרייטען אומזיסט, נאָר מיט דעם תנאי, אז דער קונדס זאָל לעהרנען סך־הכל איין האלבע שעה אין טאָג אין דער פריה און איין האלבע שעה בייטאָג מיט די עלטערע קינדער, און אמאָל נאָך א האלבע שעה אָדער א שעה פארנאכט מיט די קלענערע קינדער.

— וויפיעל־זשע זענען פארהאַן קינדער ארום און ארום? — פרעגט דער טאטע.

— וואָס מאכט אייך אוים וויפיעל? ער דארף זיי דען געבען עסען? ער דארף דאָך נאָר לעהרנען. וואָס זשע איז איהם די נפקא־מינה, צי דריי קינדער, צי פינף קינדער, צי זיעבען קינדער? דאכט זיך, איהר ווייסט גאנץ גוט, אז איך בין אייך א גוטער פריינט און וועל אייך ניט פארפיהרען — וואָס איז שייך? עצתי, אז דער קונדס זאָל זיך צונויפפאקען און זאָל זיך אריבער־פעקלען גלייך מיט מיר, און טאקי באלד, און טאקי שוין, ווארום בעלנים אויף אזא שטעלע וועלען זיך געפינען א סך. היידא!

דער קונדס נעמט זיך פאקען. קיין סך צייט דארף עס ביי איהם ניט נעמען. זיין גאנצער גארדעראָב באשטעהט פון א פּאָר העמדער, איין פּאָר זאָקען, א תפלין־זעקעל, א סידור'על און ביכער, ביכער. פּאקענדיג, חאפּט ער א קוק אויפ'ן טאטען — זיין פּנים איז געל, אזוי ווי וואקס. ער דרעהט דאָס שיטערע בערדעל און קייעט עס מיט די צייהן. ער האָט נישט קיין ווערטער, נאָר יעדער זיפץ רייסט־ארוים א שטיק הארץ. דערפאר האָט זיך

:בער די שטיפמאַמע צערעדט, גענומען באַדויערען, זאָגען, אַז עס עפעלט איהר ניט דער בּלאַן. ערשטענס, וואָס וועט די וועלט אָגען? די וועלט וועט זאָגען, געזאָגט זאָל זיי ווערען פּרעה׳ס זכות, אַז שולדיג איז די שטיפמאַמע. איז איין מאָל אַוועק. און ויעדער — ווענען מאַכט קאַלי אַ קינד, אַז ער איז ביי זיין טאַטען? מעהר מיט אַ מויל, ווינציגער מיט אַ מויל — מע וועט שוין דער־ מיט די יויך ניט פעט מאַכען... און אַז ס׳איז געקומען צום געזעגענען זיך, האָט זי געלאָזט אַ טרער.

אַרויסבאַגלייט דעם קונדס, האָט דער טאַטע גענומען ביי איהם תקיעת־כּף, אַז שבת איז ער אַ היימישער. מילא, אַ גאַנצע וואָך — ווי די מעשה איז. אָבער שבת — אין גאָטעס ווילען, שבת!... דאָס שטיקעל נחת פאַר וואָס זאָל ער איהם ניט צו־ טיילען? ובפרט, אַז ס׳איז פאַר איהם אַליין אַ גענוס און אַ פאַרגעניגען. וואָרום וואו ריכט מען אָפּ אַזאַ שבת, ווי ביי זיין טאַטען? ווער זאָגט אַזוי די „שלום־עליכמם", ווי זיין טאַטע? ביי וועמען קלינגט אַזוי שען דער „אשת־חיל־מי־ימצא", ווי ביי איהם? ווער קאָן אַזוי זינגען זמירות, ווי זיין טאַטע? און דער קידוש? אַלע אידען מאַכען קידוש. נאָר ניט אויף אַלע אידען רוהט די שכינה. אין אַלע אידישע הייזער פּראַוועט מען שבת. אָבער ניט אין אַלע אידישע הייזער נידערען־אַראָפּ די מלאכי־השלום, מלאכי־עליון, שוועבען, טראָגען זיך אין דער לופטען און פילען־אָן די שטוב מיט אַ שטילער הייליגקייט, אָדער מיט אַ הייליגער שטילקייט פונ׳ם הייליגען גרויסען ליעבען טאָג שבת...

## 2

# אַ אידיליע

אורחים אויף שבת. — אַ העברעאישער משורר בנימינזאהן. — דאַנטע'ס גיהנם און בנימינזאהנ'ס „עמק יהושפט או החלירע". — ווי אַזוי אַ דיכטער בראַט אַ שטיקעל הערינג אויף קויהלען. — שבת ביי'ם טיש. — „פייגה־לאה די גבאי'טע" קוקט־אַרוים אויף שבת.

האָבּען איין אורח אויף שבּת איז געווען ניט נאָר אַ מצוה — עס איז אַריין אין דער טבע, עס איז געוואָרען אַ מין רגילות. אַזוי איז דאָס געווען בּיי בּעל־הבּתישע אידען אין יענער צייט. אַזאַ איד אַ בּעל־הבּית, ווי נחום ראַבּינאָוויטש, למשל, האָט ניט געקאָנט פאַרשטעהן, וואָס הייסט זעצען זיך שבּת צום טיש אָהן איין אורח? דאָס וואָלט געווען בּיי איהם אַ פאַרשטעהרטער שבּת.

אַלע מאָל האָט איהם גאָט צוגעשיקט איין אַנדער אורח. איצטיגס מאָל איז דער זוהן געווען איין „אורח". אויך גוט. ער איז אָבּער געווען ניט איינער. אַ חוץ איהם זענען געווען נאָך צוויי. דער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע בּרילען — איהם קענט איהר. דער אַנדערער האָט געהייסען בּנימינזאָהן — מיט איהם וועל איך אייך בּאַקאַנט מאַכען.

אַ משורר. ניט קיין משורר בּיי אַ חזן, נאָר אַ פּאָעט, אַ דיכטער. אַ העבּרעאישער שרייבּער. ער האָט געמאַכט אַ בּוך מיט'ן נאָמען: „עמק יהושפט או החלירע".

אין זעהר אַ שענער מליצה־שפּראַך שילדערט דער מחבר, ווי אַזוי גאָט האָט זיך צעבייזערט אויף דער פאַרדאָרבענער מענטשהייט און האָט אַראָפּגעשיקט אויף דער ערד די חלירע, נאַטירליך, אין דעם געשטאַלט פון אַ נקבה, אַ מיאוס׳ע, אַ שרעקליכע, אַ „חלירע", מיט אַ גרויסען חלף אין די הענט, און זי שניידט רעכטס און לינקס. פאַרשטעהט זיך, אַז דער גיהנם פון דאַנטע איז באַשריבען מיט מעהר שרעקליכע פאַרבען און מאַכט אויפ׳ן לעזער אַ מעהר טיעפען איינדרוק, ווי די „חלירע". נאָר ניט דאָס איז דער עיקר. די הויפּטזאַך איז דאָ די שפּראַך. דאָס איז געווען אַ מין פיעל־פאַרביגע, גרויסאַרטיגע, זיס־צוקערדיגע מליצה־שפּראַך, וואָס די חלירע האָט אַזעלכעס זיכער ניט פאַרדיענט. דאָס איז, וואָס ס׳איז שייך צום ווערק. אַצינד קומט דער מחבר אַליין.

אַ טרוקענער, נאָר אַ ברייטביינעריגער, מיט אַ ברייט פיער־עקעכיג גלאַנצענדיג פּנים, שיטער באַוואַכסען, אַזוי שיטער, אַז בעת ער עסט, קאָן מען זעהען יעדען שלונג, וואָס געהט־אַראָפּ אין האַלז, ווי ביי אַ הונגעריגער גאַנז. ביי יעדען שלונג טהוט ער אַ מאַך מיט׳ן קאָפּ אַרויף און אַראָפּ, אויך ווי אַ הונגעריגע גאַנז. די האָר, וואָס אויפ׳ן קאָפּ, זענען אויך שיטער, דערפאַר זענען זיי לאַנג און הענגען אַראָפּ מיט פאַרגרייזעלטע קוטשערלעך, אַלע מאָל מיט עפּיס אַ פעטער זאַך אָנגעשמירט, ס׳זאָל גלאַנצען. אָנגעטהאָן געהט ער, ווי אַ דייטש, מיט אַ הויכען האַרטען קאַפּעליש. אַלץ וואָס אויף איהם איז שרעקליך אַלט, נאָר מיט סכנות ריין, ציכטיג, אויסגעבערשטעלט און צוגעפּרעסט. און אַלסדינג אַליין. אַליין געריייניגט, אַליין געפּרעסט, אַליין פאַרריכט, אַליין אַ קנעפּעל איינגעניהט. אַ סברה, אַז ער וואַשט זיך אַליין ביינאַכט אויס דאָס העמד, וואָס ער טראָגט בייטאָג, און אפילו דער שניפּס, וואָס ביי איהם אויפ׳ן האַלז, איז אויך זיין אייגענע מלאכה. אַז ער רעדט, רעדט ער מיט אַלע איברים, מיט אַ האַרציג קול, מיט אַ רחמנות־פּנים, און די אויגען האַלב־צוגעמאַכט, פאַרגלאַנצט אַרויף. קוקענדיג אויף דעם פאַרשויין, האָט דער העלד פון דער דאָזיגער

ביאָגראַפיע ניט איין מאָל געטראַכט בײַ זיך: „טשיקאַווע צו וויסען, ווי אַזוי האָט אויסגעזעהען אָט דער בנימינזאָהן מיט אַ יאָהר דרייסיג אָדער פערציג צוריק, ווען ער איז געווען נאָך גאָר אַ יונגעל?"...

פון וואַנען האָט ער זיך גענומען אַהער — ווייסט קיינער ניט. אויסדריקענדיג זיך מיט דעם לשון פון דער שטיפמאַמע, האָט איהם „פאַרנאַדעט" אַהערצו דער קאָלעקטאָר. „איין שלים־מזל שלעפּט דעם אַנדערען"... אויף זיין „טריפה'נעם" גליק, האָט איהם דער קאָלעקטאָר געבראַכט צו פיהרען איינמאָל אין אַ שענעם טאָג מיט אַ גרוי טשעמאָדאַנדעל אַקוראַט אין דער שעה, ווען זי, די שטיפמאַמע, איז ניט געווען אין דער היים. אַז זי איז געקומען און געטראָפען דעם פאַרשוין מיט'ן טשעמאָדאַנדעל, לייענענדיג פאַר'ן טאַטען עפּיס פון אַ ביכעל, האָט זי באַלד געזאָגט, אַז ס'איז אַ שלים־מזל, איינער פון יענע שלים־מזל'ען, וואָס „מע דאַרף זיי געדיכט זייהען און זיי זאָלען שיטער אויפגעהען", און געפרעגט, פאַר וואָס האָט ער בעסער ניט געטראָפען צו ראובן יאַסנעגראַדסקין אויף סטאַנציע? עס איז שוין אָבער געווען פאַרפאַלען. מע טרייבט נישט קיין מענטשען פון שטוב, בפרט אַזאַ מין נפש, וואָס דאַרף ניט קיין זאַך און וויל ניט קיין זאַך און פאָדערט ניט קיין זאַך. שלאָפען שלאָפט עס אויף דער אַלטער סיראַטענער קאַנאַפּקע, אין אַ פינסטערען קאָרידאָר, צווישען צוויי חדרים. אַז מע טראָגט־אַריין דעם סאַמאָוואַר, צאַפּט ער זיך אָן אין זיין אייגענעם גרויסען טשייניק זודיג וואַסער, פול ווי איין אויג, שיט זיך אַרויף פון אַ געל פּאַפּיערעל עפּיס אַ מין „סענעס־בלעטלעך", וואָס ס'איז „גוט צום האַרצען", נעמט זיך אַרויס פון קעשענע זיין שטיקעל צוקער און טרינקט זיך זיין טיי.

מיט'ן עסען איז אויך דאָס אייגענע. ער האָט זיך זיין ברויט בײַ זיך אין גרויען טשעמאָדאַנדעל. דאָס ברויט איז אַלטגעבאַקען. וואָס עלטער איז בעסער (שפּאָרעוודיגער). און הערינג קויפט

ער זיך אַלע טאָג, פאר א קאָפּיקע א שטיקעל הערינג, געהט מיט דעם פּאוואָלינקע, אויף די שפּיץ פינגער, אין קיך אריין, אַנט־שולדיגט זיך א מאָל פופצעהן־צוואַנציג פאר דער שטיפמאַמע, זי זאָל איהם דערלויבען אוועקלעגען דאָס שטיקעל הערינג אין אויוועך אין א ווינקעלע אויף הייסע קויהלען, סע זאָל זיך א ביסעלע צו־בראָטען. און אז דאָס שטיקעל הערינג הויבט זיך אָן צו צובראָטען, הויבט עס אָן צו פּראָטעסטירען, זשומען און פּרעגלען זיך, און לאָזט ארויס אזא געשטאַנק, אז מע דארף אַנטלויפען פון שטוב. שווערט די שטיפמאַמע, אז דאָס אַנדערע מאָל וועט זי איהם ארויסווארפען מיט׳ן הערינג. נאָר איהר שבועה איז זי ניט מקיים. ווארום מע דארף האָבען א הארץ פון א טאָטער, מע זאָל אזעלכעס טהון מיט א מענטשען, וואָס לעבט א גאַנצע וואָך מיט א שטיקעל גע־בראָטענעם הערינג.

איין אויסנאַהמע איז שבת. קומט שבת, איז ער איין אורח ביי׳ם טיש גלייך מיט אַלעמען. און נאָך מיט א קאָפּ העכער פון אַלע אַנדערע אורחים. א איד איין איידעלער, א תּלמיד־חכם, א משכּיל, א שרייבער, א משורר! אי וואָס, ער איז נעבאך איין אָרעמאַן — וואָס זאָל ער טהון? ס׳זאָל זיין אין איהם געוועגדט, וואָלט ער בעסער געוועז א נגיד. נאָר אז ס׳איז נימאָ קיין מזל... און ער טהוט א זיפץ. דער בעל־הבית ענטפערט איהם מיט א זיפץ און גיסט איהם אָן א גלעזעל וויין, און גיסט זיך אָן א גלעזעל וויין, און גיסט־אָן דעם קאָלעקטאָר אויך א גלעזעל וויין, און אַלע דריי טרינקען לחיים, נישט נאָר פאר זיך, נאָר פאר׳ן כּלל־ישראל. און פון א גלעזעל וויין ווערט מען לעבעדיג, און די צונג ווערט אויפגעבונדען, און מע הויבט־אָן רעדען אַלע אינאיינעם — נישט קיין דברים בטלים, חס־ושלום, נאָר דברי־תּורה, פון ספרים, ביכער, חכמה, השכּלה, וויסענשאַפט...

דער יונגסטער פון די „אורחים", דער פּראָפעסער פון די דאָזיגע באשרייבונגען, מישט זיך אויך אריין אין געשפּרעך, נאָר ער היט זיך מיט איין איבעריג וואָרט צווישען גרויסע, חאָטש מע

קוקט אויף איהם שוין כּמעט ווי אויף אַ גרויסען. אַ בּחור'על, וואָס פאַרדיענט שוין אַליין געלט, גיט שטונדען — אַ קלייניגקייט?

פון זינט דאָס בּחור'על איז אַראָפּ פון קעסט און איז געוואָרען אַ מענטש פאַר זיך, האָבּען די צוויי אַנדערע אורחים זיך גענומען רעכענען מיט איהם, ווי מיט אַ גרויסען, איהם זאָגען „איהר". בּיי'ם קאָלעקטאָר איז ער געוואָרען אַ „קונד", אַ קונה. ער האָט איהם פאַרשריבּען איין אַכטעל בּרוינשווייגער לאָטעריי, צוגעזאָגט מיט דעם זעלבּען טאָן און מיט דער זעלבּער זיכערקייט, ווי זיין טאַטען, אַז ער וועט, אם ירצה השם, מיט גאָט'ס הילף, אויסנעמען דאָס גרעסטע געווינס. און דער דיכטער בּנימינזאָהן — דער איז גלאַט געוואָרען איין אָפּטער אַריינגעהער צום חברה־מאַן, וואָס גיט שטונדען, געשריבּען אויף זיין טישעל אין דער צייט, ווען ער איז געווען אויף די שטונדען, געבּראַכט צו טראָגען איינמאָל זיין גרוי טשעמאָדאַנדעל מיט די פּאַפּיערען מיט'ן אַלטגעבּאַקענעם בּרויט, און אָנשטאָט דעם, ער זאָל בּראָטען אַלע פריהמאָרגען אַ שטיקעל הערינג בּיי ראַבּינאָוויטשען אויף דער אַכסניה און אויס־שטעהען בּזיונות פון דער שטיפמאַמע, האָט ער שוין בּעסער זיך פאַרגונען צו טהון די דאָזיגע אַרבּייט בּיי דער בּעל־הבּית'טע פון זיין יונגען פריינט שלום, צו וועלכען ער האָט זיך סוף־כּל־סוף איינגאַנצען אַריבּערגעקלויבּען און בּאַזעצט אויף שטענדיג.

דאָס איז אויסגעקומען גאַנץ פּראָסט און נאַטירליך. צוויי מענטשען האָבּען זיך ניט פיינט און קאָנען נוצליך זיין איינער דעם אַנדערען — פאַר וואָס זאָל מען ניט זיין אינאיינעם? בּנימינזאָהן איז אַ שענער העבּרעער, אַ משורר. זיין יונגער פריינט האָט אַ בּאַזונדער חדר, אַ בּעט, אַ ברייטס, אַ פעלד ניט קיין בּעט — וועמען שאַדט עס, אַז עס וועלען ליגען צוויי, ניט איינער? אַי, דער דיכטער בּנימינזאָהן האָט אין זיך נייען מאָס רעד און הערט ניט אויף צו לויבּען זיינע אייגענע שירים, לייענען גאַנצע פּאָעמעס בּיז שפּעט אין דער נאַכט, און דוקא מיט אַזאַ התלהבות, מיט אַזאַ

התפעלות, אז עס שטעהען איהם אזש טרערען אין די אויגען, — איז דאס אויך פון די קליינע אומגליקען. זיין יונגער פריינט שלום האט, דאנקען גאט, א גוטען שלאף, און דער פאעט בנימינ־זאהן קימערט זיך ווייניג, וואס יענער שלאפט. ווארום אז ער, בנימינזאהן, האלט אין לייענען זיינע אייגענע פערזען, מעג זיך דעמאלט די גאנצע וועלט איבערקעהרען!

דאכט זיך, אין פלוג, וואס האבען זיך אנגעקעהרט די דאזיגע אלע באשריבענע פארשוינען איינס מיט דאס אנדערע? וואס פאר א מחותן, למשל, איז נחום ראבינאוויטש, א איד א בעל־הבית, א האלבער חסיד און א האלבער משכיל, מיט אזא אידען א ליטוואק און א מתנגד, ווי דער קאלעקטאר מיט די שווארצע ברילען? און וואס פאר א סמיכות־הפרשיות איז צווישען די צוויי מיט א הונגעריגען עקזאלטירטען משורר בנימינזאהן? און ווי האט זיך געקאנט אין דער דאזיגער סביבה פיהלען א ציקאווע בחור׳על מיט פוכקע בעקלעך, מיט בלאנדע געגרייזעלטע האר (נאכ׳ן טיפוס האבען די האר גענומען וואכסען ביי איהם, ווי גראז נאך א רעגען)? וואס האט דא געהאט צו טהון א בחור׳על אין די יאהרען, ווען עס ציהט איהם גאר אין דרויסען ארויס, אין שטאדט־גארטען, אויפ׳ן שפאציער מיט חברים, מיט האלב־באר־קאנטע מיידלעך? און דאך דארף מען זאגען, אז דאס איז א זעלטענע אידיליע, איין אומפארשטענדליכע פריינטשאפט, איין אומבאשרייבליכע אינטימיטעט, און דער שבת איז געוועזען א גע־ווינטשטע באגעגעניש, אויף וועלכע זיי אלע האבען ארויסגעקוקט מיט דער גרעסטער שפאנונג די גאנצע וואך. וואס עמיצער פון די פיער האט געהאט עפיס א גוטע זאך צו זאגען, צו באווייזען, צו דערצעהלען, האט ער עס איבערגעלאזט אויף שבת. בנימינזאהן דער משורר, וויפיעל ער האט אייך ניט געמאטערט א גאנצע וואך מיט זיינע שירים, האט ער די בעסטע פון זיי דאך איבערגעלאזט אויף שבת, נאכ׳ן טיש. דאס הייסט, עס רעדט זיך אזוי „נאכ׳ן טיש”. אין דער אמת׳ען האט ער ארויסבאוויזען אלץ, וואס עס

האָט זיך בײַ איהם אָנגעזאַמעלט פאַר דער וואָך, פ אַ ר ׳ן טיש, ב ײַ ׳ם טיש און נ אָ כ ׳ן טיש.

דער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילען איז שוין געווען אַ סך פּראַקטישער פון איהם. אַז מען איז געקומען פון שוהל און דער טאַטע האָט אָפּגעזאָגט אַלץ, וואָס מע דאַרף, אָפּגעמאַכט קידוש און געגאַנגען זיך וואַשען, האָט ער, דער קאָלעקטאָר, אַריינקוקענדיג דורך די שוואַרצע ברילען אין טעלער אַריין, אַ זאָג געגעבען: „אַצינד וועט אונז אונזער משורר מסתמא עפּיס זאָגען". און דער משורר, חאָטש ער איז נעבאַך גוט אויסגעהונגערט, וואָס מע האָט געקאָנט אַרויסזעהען פון זיין כאַראַקטעריסטישען שלינגען, לאָזט זיך ניט לאַנג בעטען, און דער קאָלעקטאָר דערווייל פּאַקט אויף ביידע באַקען, טונקט די פרישע חלה אין דער שטאַרק-גע-פעפערטער פיש-יויך, פאַרטרינקט מיט אַ קליין קעלישעקעל שטאַרקען בראָנפען, און ווישענדיג אַ האַנט אָן אַ האַנט, טהוט ער אַ זאָג מיט התלהבות: „אויסגעצייכענט! עס לאָזען זיך אויס אַלע ווענדען!!"...

עס איז נאָר שווער געווען צו טרעפען, מיט וואָס לאָזען זיך בײַ איהם אויס אַלע ווענדען: מיט בנימינזאָהנ׳ס שירים? אָדער מיט דער געפעפערטער פיש-יויך? אָדער מיט׳ן קעלישעקעל בראָנפען? אָדער מיט אַלע זאַכען אינאיינעם? יעדענפאַלס, איז די שטימונג אַזאַ הויכע, אַז אפילו אַזאַ פּראָזאאישע נשמה, ווי די שטיפמאַמע, הויבט זיך אויך אויף דעם דאָזיגען שבת אויף אַ האָר העכער, און אויסגעשלייערט לכבוד שבת אין איהר באַרדיטשעווער פריזורקע, קוקט זי מיט אַ פריינטליך אויג אויף די שבת׳דיגע אורחים און טרייבט זיי אונטער, זיי זאָלען שוין אַמאָל עפּיס עסען אויך און איבערלאָזען דאָס איבעריגע ביסעל רעד אויף נאָכ׳ן עסען.

בכדי דאָס בילד זאָל זיין פאַרענדיגט און די אידיליע זאָל זיין נאָך מעהר בולט, מוז דאָ געזאָגט ווערען חאָטש אַ פּאָר ווערטער וועגען נאָך אַ לעבעדיגען נפש, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויף די שבת׳דיגע אורחים. דאָס איז געווען „פייגה-לאה די גבאי׳טע".

דער מחבר פון די דאָזיגע זכרונות האָט זי שוין געהאַט אמאָל באַשריבען טאַקי אונטער דעם דאָזיגען נאָמען אין איין אַנדער אָרט (אינ׳ם בוך „מאָטעל פּייסי דעם חזנ׳ס״). דאָס איז געווען אַ קאַץ. און ווייל זי איז געווען אַ גראָבע, האָבען איהר חברה אַ נאָמען געגעבען „פּייגה־לאה די גבאי׳טע״. חברה האָבען געהאַט אַ שוואכקייט צו קעצעלעך, און פּייגה־לאה האָט אַלע יאָהר אַראָפּ־געבראַכט אַ דור פון שענע ראַבע קעצעלעך. די קעצעלעך זענען אונטערגעוואַכסען, האָט מען זיי צעשענקט, צעוואָרפען, און פּייגה־לאה איז פאַרבליבען איין אַלטגעזעסענע, איין איינגעוואָרצעלטע, אַ פאַרפונדעוועטע, אַ קאַץ, וואָס פאַרשטעהט איהר ווערטה און לאָזט זיך ניט טרעטען מיט די פיס. אמת, קיין גרויסע מיוחסת איז זי ביי דער שטיפמאַמע ניט געווען. געחאַפּט אַ שמיץ מיט׳ן פוס, אַ בוכצע אין זייט אַריין, און אמאָל מיט דער באַרשט איבער׳ן קאָפּ, — נאָר מיט וואָס איז זי מעהר צאַצקע פון דער שטיפמאַמע׳ס אייגענע קינדער? און דער שטיפמאַמע׳ס קינדער באַגעהען זיך מיט איהר, מיט פּייגה־לאה׳ן, אויך נישט איבעריג קוצעניו־מוצעניו, טהוען איהר צום טוידט, שלעפען ביי איהר אַוועק די קליינע קעצעלעך פון דער ברוסט און מוטשען זיי מיט סכנת־נפשות! ס׳איז אָבער דערויף אויך פאַרהאַן אַ תירוץ (אויף אַלסדינג קאָן מען געפינען אַ תירוץ): פאַר וואָס זאָלען קינדער זיך באַגעהן מיט אַ קאַץ בעסער, ווי זייער אייגענע מאַמע באַגעהט זיך מיט איהרע אייגענע קינדער?... אודאי, ווען שלום איז געווען אַ היימישער, האָט ער אַכטונג געגעבען, מע זאָל פּייגה־לאה׳ן אומ־זיסט ניט באַלעדיגען. איצט, אַז ער איז נאָר אַ גאַסט, קומט צו געהן איין מאָל אין וואָך, שבת, איז איהם פּייגה־לאה מקבל־פּנים, ווי איין אייגענעם, שטעהט־אויף, אַז ער קומט אַריין, בויגט־אויס דעם רוקען, טהוט זיך אַ רייב מיט׳ן קאָפּ ביי זיינע פיס און ציהט־אויס אַ לאַנגען געהניץ און באַלעקט זיך. „וואָס איז דיר, פּייגה־לאה?״ — טהוט ער זי אַ גלעט איבער׳ן קעפּעל, אָנגעבויגען זיך צו איהר אויף דער ערד. „מניאַ־או!״ — ענטפערט איהם אָפּ

פייגה־לאה מיט אזא טאָן, וואָס דאַרף הייסען: „עט! אבי מע לעבט און מע זעהט זיך!"... — און הערט ניט אויף צו רייבען זיך אָן זיינע פיס און צו מורליקען, קוקען ווי א זינדיגער מענטש און ווארטען, מע זאָל איהר עפּיס צו־ווארפען.

— צער בעלי־חיים! — זאָגט דער קאָלעקטאָר מיט א זיפץ. טהוט בנימינזאָהן א שלונג, א קוק אויף אלע דריי און זאָגט, אז ער האָט דערויף א שיר, הייסט ער: „ורחמיו על כל מעשיו". און ניט געווארט ביז מע וועט איהם בעטען, פארגלאנצט ער די אויגען ארויף און זאָגט דעם שיר.

3

# די צעשטערטע האָפענונגען

די עקזאַמענעס אויף דער נאָז. — ער בויעט לופטשלעסער מיט זיין חבר אלי דאַדי'ס. — „למנצח על השלישית“. — ער שרייבט א מליצה־בריעף צו ח"י גורלאַנד. — דער „קלוב“ אין דער „טאַבאַטשנע“. — ח"י גורלאַנד ענטפערט מיט א בריעף, און די לופטשלעסער צעפאַלען זיך.

די צייט איז געגאַנגען. קינדער וואַכסען. עס קומט־אָן דער זומער, דער לעצטער זומער, וואָס מע דאַרף ענדיגען דעם קורס. די עקזאַמענעס זענען אויף דער נאָז. אָט נאָך א וואָך, נאָך צוויי — ווערט מען פּטור פון דער „אויעזדנע“, וואָס האָט זיך שוין צוגעגעסען. דער העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראַפיע האָט קיינמאָל ניט געפיהלט קיין באַזונדערע סימפּאַטיע צו די קלאַסען. קיין קוואַל אויף צו שעפּען פון דאָרטען חכמה און וויסענשאַפט איז זי פאַר איהם קיינמאָל ניט געווען. דאָס ביסעל, וואָס ער האָט יאָ גענאַשט, איז דאָס געווען גיכער פון דעם בוים, וואָס האָט געהייסען אין יענער צייט „השכלה“. ביכער, רוסישע און העברעיִשע, בלעטער, צייטונגען, זשורנאַלען — דאָס זענען געווען די פּירות, וואָס ער האָט געגעסען מיט'ן פולען מויל. א סך האָט איהם מיטגעהאָלפען דער „קלוב“, די דעמאָלטיגע פּערעיאַסלאַווער אינטעליגענץ, מיט'ן קאָלעקטאָר, מיט בנימינזאָהנען און מיט די גערעאָטענע איידעמס בראש, און דער אידעאַל איז געווען — אַרנאָלד פון די פּידוואָרקעס מיט זיין גרויסער ביבליאָטעק.

דאס איינציגע, וואס איהם האט געבונדען מיט דער „אוריעזדנע“, איז געווען זיין חבר אלי דאדי׳ס, וועלכען ער האט באמת ליעב געהאט פאר זיין לעבעדיגען כאראקטער און פאר זיין קאנען נאכמאכען און איבערקרימען אלע לעהרערס, ווי איין אמת׳ער אקטיאר, א קאמיקער.ביידע אינצווייען האבען זיי איבערגעקעהרט די וועלט, ביידע אינאיינעם האבען זיי געלייענט ביכער, געלעבט א גוטען טאג, געווען אפגעטיילט פון אלע איבעריגע חברים, צום מיינסטען פארשטאפטע קעפ, פלעקער. אין דער צייט, ווען יענע האבען זיך געגרייט צו די עקזאמענעס, געפיעבערט, מורא געהאט פאר א דורכפאל, האבען די צוויי חברים, שלום ראבינאוויטש און אלי דאדי׳ס, געמאכט חוזק פון דער גאנצער וועלט, געהאט די עקזאמענעס אין דער לינקער פאה. זומער־לעבען. אין דרויסען איז א גן־עדן. די בעסטע צייט אויף צו באדען זיך אין טייך, אויף צו שיפען זיך אין א שיפעל, העט־ווייט, אויף יענער זייט ברעג, אין הויכען גרינעם אטשערעט. דארטען איז דא א לעוואדע, א פעלד, מיט א סך ווייסע און רויטע מארגאריטקעס באשפרענקעלט. און ווייטער פון דער לעוואדע געהט א וועלדעל, טאקי א גאנצער וואלד. לאזען זיך לויפען איבער׳ן גאנצען פעלד, ביז צום וואלד, אין איין אטעם — איז ניט פון די קליינע זאכען. ווער פון זיי, ער אדער זיין חבר אלי, וועט קומען צו לויפען פריהער? זיי בלייבען ביידע אהן אטעם. טהוט מען זיך א ווארף אויפ׳ן גרינעם שמעקענדיגען גראז. מיט׳ן פנים אראפ ליגט מען און מע גראבעלט די פרישע רויע זאמדיגע ערד, וואו עס קריכט א פליעגעלע, שפאציערט א זשוקעל, פויזשעט א מורעשקע, שלעפט מיט די פעדערשטע פיסעלעך א גאנצע שטרוי, א שטיקעל קארע, א נאדעל פון א בוים. ס׳איז שטיל. א מאדנע, א הייליגע, א פארוויעגענדיגע, א פארשלעפערענדיגע שטילקייט. זעלטען ווערט די שטילקייט געשטעהרט דורך א צוויץ פון א רייהע שוועלבעלעך, וואס טראגען זיך דורך איבער די קעפ — א סימן אויף א רעגען. אדער עס דערהערט זיך א קוואק פון א פאר׳יתום׳טער זשאבע ערגיץ ווייט פון אטשערעט

אַרוים: קוואַ! — און ווערט אַנשוויגען. אויך אַ סימן אויף אַ רעגען. האָטש דער הימעל איז ריין, קלאָר, ווי זעפיר. קיין שפּרענקעלע אויפ׳ן האָריזאָנט. עס פיהלט זיך אַ נאָהענטע שייכות מיט אַט דעם וואַלד, מיט׳ן פעלד, מיט די מאַרגאַריטקעס, מיט דער פרישער ערד און מיט׳ן שמעקענדיגען גראָז און מיט׳ן פליעגעלע, מיט׳ן זשוקעל און מיט דער מורעשקע, וואָס פּויזשעט, מיט די שוועלבעלעך, וואָס פליהען, און מיט די זשאַבעס, וואָס קוואַקען, און מיט דער גאַנצער נאַטור אַרום און אַרום — יערע זאַך באַזונדער איז אַ חלק פון דער וועלט און אַלץ אינאיינעם מיט די מענטשען גענומען — דאָס איז איין וועלט, איין משפחה, איין געזינדעל. און דאָס ווימעלט און דאָס גריבעלט, און דאָס ליאַרעמט און דאָס טאַרעראַמט — עס איז אַ י אַ ר י ד, עס איז אַ וועלט, עס הייסט „לעבען". ביידע יונגע חברים פיהלען זיך גוט אין דער דאָזיגער וועלט. ביידע זענען צופריעדען מיט זייער לעבען, זאַט מיט זייער פאַרגאַנגענהייט, קאָנטעט מיט זייער היינט און ערוואַרטען נאָך מעהר פון דעם, וואָס וועט זיין, פון דעם, וואָס קומט. זיי פיהרען אַ לאַנגען, שטילען, רוהיגען געשפּרעך. אַ געשפּרעך, וואָס האָט ניט קיין אָנהויב און האָט ניט קיין סוף. דער גרעסטער טייל פון זייער געשפּרעך דרעהט זיך אַרום דעם, וואָס זיי שטעהט פאַר: וואָס וועט ווייטער זיין? און מע לעגט־פאַר פּלאַנען און מע בויעט לופטשלעסער, און מע שטעלט זיך פאַר אַ זיס פיעלפאַרביג לעבען, וועלכעס שפּיגעלט זיך אָפּ אין דער פאַנטאַזיע פון יעדען יונגען מענטשען און וועלכעס גיט זיך קיינמאָל קיינעם נישט איין אויף דער ערד...

מע קאָן אָבער דאָ אַזוי לאַנג ניט פאַרבּרענגען. די צייט שטעהט ניט. עקזאַמענעס איז פאָרט ניט קיין שפּיעלכעל. זיי זענען טאַקי די ערשטע און די בעסטע אין קלאַס, נאָר אַ קשיא וואָס סע מאַכט זיך? עס קאָן זיך אַמאָל טרעפען, אַז דער בעסטער זאָל דורכפאַלען. נאָר איין מענטש איז געווען געזיכערט — און דאָס איז געווען דער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילען. „וואָס

מיר עקזאַמענעם? ווער מיר עקזאַמענעם? מע שטעלט זיי אַ פייג!" — אַזוי האָט גע'טענה'ט דער קאָלעקטאָר, וואָס האָט געטראָגען אויף זיך די דאגות פונ'ם קונדס מעהר ווי זיין אייגענער פאָטער. און דעריבער האָט זיך קיינער אַזוי ניט דערפרעהט, ווי דער קאָלעקטאָר, מיט דער גוטער בשורה, וואָס שלום האָט איינמאָל געבראַכט צו טראָגען אַהיים, אַז ער און זיין חבר אלי דאָדי'ס זענען פון עקזאַמען אינגאַנצען באַפרייט.

— דאַנקען גאָט! מיר זענען פריי! פריי פון עקזאַמענעם! מיר ווע‍לען הוליען!... — אַזוי האָט געזאָגט דער קאָלעקטאָר.

און פאַר גרויס שמחה האָט דער קאָלעקטאָר אין דעם אייגענעם טאָג, אויף דער נאַכט, געבראַכט צו טראָגען צום „קונדס" אויף דער קוואַרטיר אַ הערינג מיט צוויי פראַנזעלען, און אין קעשענע — אַ פלעשעל בראָנפען, און אינדרייען, מיט'ן משורר בנימינזאָהן, האָט מען געגעבען אַ לעב־אונטער, ווי גאָט האָט געבאָטען. אויף בנימינזאָהנען איז אָנגעפאַלען, ווי ער אַליין האָט געזאָגט, דער רוח־הקודש, און ער האָט אויפ'ן אָרט אָנגעשריבען אַ שיר:

„למנצח על השלישית מזמור שיר"...

„על השלישית" — מיינט מען דאָס די דריי קלאַסען, וואָס שלום האָט געענדיגט. און איצט האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע סדרה: וואָס טהוט מען ווייטער? וואָס וועט זיין דער תכלית? עס זענען אַרויס אויף דער סצענע אַלע אונזערע אַלטע באַקאַנטע פאַרשוינען: ביידע געראָטענע איידעמס, אַרנאָלד פון די פידוואָרקעס, די אַלע איבעריגע פריינט און גוטע פריינט, יעדער מיט איין אַנדער עצה: גימנאַזיע, ראַבינער־שול, אוניווערסיטעט, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען, אינזשענערען... דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען אַ צעטומעלטער: אַזוי פיעל וועגען, פּראָפעסיעס, פרנסות — אַזש דער קאָפּ דרעהט זיך!

פון אַלע פּראָעקטען האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם זשיטאָמירער לעהרער־אינסטיטוט, וואו מע האָט צוגעזאָגט אַריינ־

צונעמען אויף „קאַזיאָני שטשאָט״ ביידע אויסגעצייכענטע תּלמידים — שלום נחום ראַבינאָוויטש׳עס און זיין חבר אלי דאָדי׳ס. עס זענען שוין וועגען דעם אַוועקגעגאַנגען פּאַפּיערען קיין זשי־טאָמיר, צום דירעקטאָר פון אינסטיטוט, ח״י גורלאַנד. ליתר בטחון האָט שלום צוגעלעגט צו די פּאַפּיערען פון זיך אַ בריעף אויף העברעאיש, אין זעהר אַ שענער מליצה־שפּראַך — צו באַווייזען דעם דירעקטאָר גורלאַנדען, אַז ער האָט צו טהון ניט מיט קיין יונגעלע, און דער קאָלעקטאָר איז געווען מלא גדולה:

— ברוך שפּטרני! — האָט ער געזאָגט און אויסגעווישט מיט דער נאַסער פּאָלע די שווארצע ברילען (אָהן די ברילען זעהט־אויס דעם קאָלעקטאָר׳ס פּנים ווי געשוואָלען, און די אויגען — ווי קישעלעך). — דער קונדס איז שוין אַ באַוואָהרענטער. וואָלט איך שוין האָבען אַזאַ דאגה מיט פּרנסה, ווי איך האָב אַ דאגה מיט איהם. וואָס ער זאָל שוין ניט זיין, אַ ראַבינער אָדער אַ לעהרער — אַ מענטש וועט ער שוין זיין, דאָס איז זיכער! און פון פּריזיוו זענען מיר אויך באַוואָהרענט. קאַזיאָנע לעהרערם און קאַזיאָנע רבנים דיענען ניט. איצט בלייבט־איבער נאָך אַ שענע כּלה פון אַ לייטיש אָרט מיט אַ פּופצעהן־הונדערט קאַרבוינים נדן, וועט זיין, ווי זאָגט איהר, חי געלעבט! הייסט זשע, רב נחום, דער־לאַנגען אַ ביסעל „צערקאָווגע כּשר לפּסח״...

לאָזט זיך אויס, אַז דער קאָלעקטאָר האָט זיך צו־פריה משמח געווען. און אָט וואָס עס האָט זיך געטראָפען.

די אַלע פּרנסות, וואָס נחום ראַבינאָוויטש האָט זיך מיט זיי פּאַרנומען, זענען סוף־כּל־סוף געווען ניט גענוג אויף צו לעבען. האָט זיך געפונען אַ רייכער בעל־הגוף, אַ גוי מיט׳ן נאָמען זאַכאַר נעסטאָראָוויטש, וואָס האָט געהאַלטען פון ראַבינאָוויטשען איין עולם ומלואו און האָט איהם אָפּגעטראָטען אַ קלייט מיט אַ קעלער אין סאַמע פּראָנט פון זיין נייעם גרויסען מויער, און דאָרט האָט ער איהם געעפענט אַ געשעפט פון טאַבאַק, גילזעם און פּאַפּיראָסען,

און אויך דעם וויינשענק „ראזניק ווין יוזשנאהא בערעגא" האט מען אריבערגעטראגען אהער, און עס האט זיך אנגעהויבן באַ־ווייזען פּרנסה בשפע. דאס הויז פון נחום ראבינאָוויטש איז, ווי איהר געדענקט, תּמיד געווען אַ בית־ועד, אַ קלוב פון משכּילים און גלאַט יונגעלייט. איצט איז דער קלוב געוואָרען נאָך לעבעדיגער און מעהר באזוכט פון פריינט און גוטע פריינט און גלאט קונים. ווער עס האָט נאָר געהאט אַ שטיקעל פרייע צייט, געוואָלט זעהן זיך מיט אַ מענטשען, וויסען, וואָס הערט זיך אויף דער וועלט, — דער איז זיך דורכגעגאנגען אין דער „טאבאטשנע" רויכערען אַ פּאַפּיראָס און רעדען אַ וואָרט.

איינמאָל האָט זיך אין „קלוב", אָדער אין דער „טאבאטשנע", צונויפגעזאמעלט די גאנצע סמעטענע פון דער פּערעיאסלאווער אינטעליגענץ. דאָרט זענען געוועזען אלע אונזערע באקאנטע פּאַר־שוינען: יאָסי פּרוכשטיין,ביידע גראָטענע איידעמס, ארנאָלד פון די פּידוואָרקעס און, פאַרשטעהט זיך, דער קאָלעקטאָר מיט די שווארצע ברילען און בנימינזאָהן דער משורר און זייער יונגער פריינט דער קונדס האָבען אויך ניט געפעהלט. עס איז געווען זעהר אַ לעבעדיגער שמועס, און אלע מינוט האָט אויסגעשאָסען אַ הילכיגער געלעכטער. דעם געלעכטער האָט ארויסגערופען איינער פון די גראָטענע איידעמס, לייזער־יאָסעל. ער האָט געפאָדערט פון יעדען איינציגען אַ קלייניגקייט: ער זאָל מוחל זיין געבען צו פאַרשטעהן דעם פּשט פון דעם וואָרט „מאסיוו", נאָר אָהן הענט. און אזוי ווי עס איז איין אוממעגליכקייט, אז אַ איד זאָל קאָנען געבען צו פאַרשטעהן אזא זאך אָהן הענט, האָט יעדער איינציגער אויף זיין אופן באוויזען מיט די הענט, וואָס באַטייט דאָס וואָרט „מאסיוו". און אָט דערפון זענען דאָס גע־פלויגען די דאָזיגע געלעכטערען.

נאָר פּלוצים, סאמע אין רעכטען מיטען לאַכען, עפענט זיך די טיר און עס קומט־אריין דער בריעפטרעגער מיט אַ פּאַקעט — „זאקאזנאָיע". אויפ'ן קאָנווערט שטעהט אויף רוסיש מיט גרויסע

אותיות: „קאַנצעליאַריאַ זשיטאָמירסקאַוואָ קאַזיאָנאַוואָ יעווריי־סקאַוואָ אוטשיטעלסקאַוואָ אינסטיטוטאַ".

— אַהאַ! דאָס איז פון איהם, פון ח"י גורלאַנדען!

מע האָט געעפענט דעם פּאַקעט און מע האָט איבערגעלייענט אַ בריעף פון דעם דירעקטאָר ח"י גורלאַנד. אין בריעף איז געשטאַנען: „אַזוי ווי אין אינסטיטוט דאַרף מען לערנען פיער יאָהר, און אַזוי ווי פון די פּאַפּיערען און פון די מעטריקעס איז צו זעהען, אַז דער באַזיצער פון זיי איז געבוירען געוואָרען אין דעם 18־טען פעוראַל, 1859, קומט־אויס, אַז אין דעם יאָהר 1880, דאָס הייסט, אין דריי יאָהר אַרום ,שוין, אין אָקטאָבער, וועט ער זיך דאַרפען שטעלען צום פּריזיוו. דאָס הייסט, מיט אַ יאָהר פריהער איידער ער וועט ענדיגען דעם גאַנצען קורס פון דעם לעהרער־אינסטיטוט".

ווי אַ באָמבע, ווי אַ דונער אין מיטען העלען טאָג, איז געווען די דאָזיגע ידיעה. צום אַלעם ערשטען האָט מען זיך גענומען שפּאַרען און לערנען דעם פּשט פון דעם בריעף: מאי קא משמע לן — וואָס לאָזט ער מיך דאָ הערען? און פאַר וואָס האָט ער ניט אויסגעפיהרט, טאַקי אָט דער ח"י גורלאַנד, דעם היוצא־לנו־מזה? און טאָמער איז פאַרהאַן עפּיס איין עצה, אַ דריידעל, אויף אַרויסצודרעהען זיך פונ'ם דאָזיגען פּלאָנטער? ס'איז אָבער אומזיסט געווען דאָס שפּאַרען זיך מיט'ן דעבאַטירען. אַלע האָבען אַרויסגעזעהען, ווי צוויי מאָל צוויי, אַז דאָס שפּיעל איז פאַר'ן טייוועל — די שאַנסען אויף אַריינצוטרעטען אין אינסטיטוט זענען פאַרלוירען. די מעטריקעס קאָן מען שוין ניט איבערמאַכען. און ח"י גורלאַנד איז ניט אַזאַ מענטש, וואָס מע מאַכט מיט איהם דריידלעך. פאַרפאַלען!

דער העלד פון די דאָזיגע באַשרייבונגען שטעלט זיך פאָר יענע צייט אַלס זיין איבערגאַנגס־עפּאָכע פון איין וועלט אין דער אַנדערער. עס האָט באַדאַרפט אויסגעוועהלט ווערען אַ וועג, וואו־הין צו געהן, אויסגעאַרבייט ווערען אַ פּלאַן, וואָס צו טהון, און

באַשטימט ווערען, אַזוי צו זאָגען, אַ פּראָגראַם שוין אויפ'ן גאַנצען לעבען. צווישען איהם מיט זיין חבר אלי דאָדי'ס איז שוין לאַנג געווען איין אָפּגעמאַכטע זאַך, ווי אַזוי מע וועט ביידע אינאיינעם פאָהרען קיין זשיטאָמיר, ביידע וואוינען אין איין צימער, ביידע לערנען, שפּאַציערען, באָדען זיך, שיפען זיך... און אַז סע וועט קומען „קאַניקולעס", וואַקאַציעס, וועט מען פאָהרען ביידע אַהיים — און אַך! ווי זיי וועלען דאָס איבערראַשען זייערע געוועזענע חברים מיט זייער זשיטאָמירער אוניפאָרם, זיך האַלטען פון זיי פון דער ווייטען, און רעדען פון פּושקין און פון לערמאָנטאָוו, פון בייראָן און פון שעקספּיר, הויך אויף אַ קול, אַלע זאָלען הערען און וויסען, אַז דאָס רעדען ניט קיין פּאַרכעס... די חברים וועלען דאָס הערען און שטוינען, מקנא זיין. מיידלעך וועלען זיך רויטלען, דרעהען אַרום זיי, כּלומרשט פאַרריכטען די הענטשקעלעך, וואַרפען מיט אויגלעך, וועלען זיך וועלען באַקענען נעהענטער — קורץ, דאָס וועט זיין אַ גן־עדן!

און מיט אַ מאָל האָט זיך פון די אַלע חלומות אויסגעלאָזט אַ טייך. אויס זשיטאָמיר! אויס לעהרער־אינסטיטוט! אויס באָדען זיך, שיפען זיך! אויס וואַקאַציעס! אויס חברים! אויס מיידלעך! אויס גן־עדן! אויס קאַריערע! און דאָ דעם טאַטענ'ס פּנים — אַ רחמנות אַ קוק צו טהון. געל, ווי אַ וואַקס. נייע קנייטשען, נייע זאָרגען, נייע זיפצען: „גוואַלד, וואָס טהוט מען? וואָס הויבט מען אָן צו טהון?"... בנימינזאָהן דער פּאָעט פיהלט זיך ניט גוט. ער וויל ברענגען אַ טרייסט חאָטש מיט אַ נייעם שיר, נאָר — אוי־וועה! עס זינגט זיך ניט!

דעם קאָלעקטאָר זעהט מען עפּים ניט. ער האָט זיך אַ פּאָר מאָל געהאַט באַוויזען אויף אַ פּאָר מינוט, געזאָגט, אַז ער האָט עפּים זעהר אַ גוטען פּלאַן פאַר'ן קונדס, וואָס וועט איהם פאַרזאָרגען אויפ'ן גאַנצען לעבען מיט קינדער און קינדס־קינדער, נאָר ער האָט איצט זעהר קיין צייט ניט. און ער איז אַוועק, און פון דעמאָלט־אָן הערט מען ניט פון איהם און מע זעהט ניט.

## 4

# דער סוף פון דער אידיליע

וער איז געווען דער קאַלעקטאָר? — דריי רובל מיט „גראַמאַטיקע" אויף יום־טוב. — דעם קאַלעקטאָר'ס טויט. — די לויה. — „געווען אַ מאָדנער מענטש". — דער משורר בנימינזאָהן פאַרשווינדט און ווערט מגולגל קיין אַמעריקע.

נישטאָ קיין אייביגע זאַך אויף דער וועלט. געקומען אַ סוף צו דער אויבענבאַשריבענער אידיליע. איינער פון די אויסגע־רעכענטע פריינט איז אַוועק פאַר דער צייט, און באַלד נאָך איהם — דער אַנדערער, און די כנופיה איז צעפאַלען געוואָרען. דעם ערשטען פּעטשאַטעק האָט געמאַכט אונזער אַלטער באַקאַנטער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילען און מיט די גרויסע טיעפע גומענע קאַלאָשען, און נאָך איהם האָט זיך אין גיכען אָפּגעטראָגען אויך דער משורר בנימינזאָהן.

ווער איז געווען, אייגענטליך, אָט דער איד דער קאָלעקטאָר? פון וואַנען האָט ער זיך גענומען? וואו און וועמען האָט ער געהאַט אויף דער דאָזיגער וועלט? פון וועמענ'ס וועגען האָט ער געהאָרעוועט דאָס גאַנצע לעבען? טאָג־איין טאָג־אויס זיך געטיאָפּקעט אין דער בלאָטע, געשוויצט און ארויסגעקוקט אויפ'ן גרויסען געווינס? — דאָס זענען זאַכען, וואָס ס'איז שווער אויף זיי צו געבען, מעהר אָדער ווייניגער, אַ קלאָרע תשובה. עס גע־דענקט זיך נאָר, אַז ער האָט אָפּטמאָל געבעטען ביי זיין יונגען

פריינט, ביי׳ם „קונדס״, ער זאָל זיך מטריח זיין אויף אַ ווײַלע אָנשרייבען מיט זיין שען הענטעל אויף רוסיש איין אַדרעס. דעם אַדרעס האָט ער אַזוי דיקטירט: „מיעסטעטשקאָ פאַגאָסט, פּינסקאַוואָ אויעזדאַ, מינסקאָי גובערני, גאָספּאָזשאַ פריידקאַ עטקאַ...״

— גאָספּאָזשע פריידקע עטקע. — פאַרריכט איהם דער קונדס על־פּי גראַמאַטיקע, און דער קאָלעקטאָר דיקטירט ווייטער:

— סאָ וואָלאָזשעניעם טרי רובליאַ.

— טריאָך רובליי. — פאַרריכט איהם ווידער אַ מאָל דער קונדס על־פּי גראַמאַטיקע.

— צו וואָס גראַמאַטיקע? — שפּאַרט זיך דער קאָלעקטאָר. — דאָרט דאַרף מען ניט קיין גראַמאַטיקע אויף יום־טוב, דאָרט קוקט מען אַרוים אויף געלט...

ניט אומזיסט געהט ביי אונז אין וואָהלין אַ שפּריכוואָרט, אַז אַ ליטוואַק פאָהרט־אַוועק אויף זיעבען פּסח׳ען פון דער היים און פאַרגעסט דעם זיי־געזונט. דער קאָלעקטאָר האָט געהאַט אַ טבע — אַוועקגעהן אויף אַ ווײַלע און פאַרפאַלען ווערען אויף אַ צייט, און וויפיעל איהר זאָלט איהם דערנאָך ניט מוטשען, וואו ער איז געוועזן — וועט איהר קיינמאָל ניט דערגעהן ביי איהם קיין טאָלק: „ניט געוועזן — אַ דאגה איהר האָט!״

אויך איצט איז דער קאָלעקטאָר פאַרשוואונדען געוואָרען, און קיינער האָט ניט געוואוסט, וואו ער איז.

איינמאָל — דאָס איז געוועזן נאָך אין דער פריה, שלום איז געזעסען ביי זיך אויף זיין קוואַרטיר, געמאַכט מיט זיינע תּלמידים די אוראָקען — עפענט זיך די טיר און עס קומט־אַריין אַ גאַסט — דער טאַטע! שלום האָט זיך דערשראָקען: „וואָס האָט זיך געטראָפען?״ — גאָרניט. דער קאָלעקטאָר איז ניט געזונט. מע דאַרף זיך דורכגעהן צו איהם, מבקר חולה זיין...

אויפ׳ן וועג ווערט ער געוואויר פון דעם טאַטען איינצעלהייטען, אַז דער קאָלעקטאָר איז, אייגענטליך, שוין לאַנג ניט מיט אַלעמען. נאָר די לעצטע צייט איז ער שוין גאָר ערנסט קראַנק.

וואָס ווייטער ווערען די איינצעלהייטען אַלץ טונקעלער און געדיכטער. עס לאָזט זיך אויס, אַז ער איז געפעהרליך קראַנק. „אַ סברה, אַז ער האַלט זעהר שמאָל. דאָס הייסט, ער וויל זאָגען, אַז דער קאָלעקטאָר איז פאַרביי”... און אַזוי רעדענדיג, קומען זיי צום שוהל־הויף.

דער שוהל־הויף איז באַגאָסען מיט די שטראַהלען פון דער חאַברענענדיגער זון אין די לעצטע זומערדיגע טעג. אַ גאַנצע ליאַסטרע אידישע קינדער, האַלב־נאַקעטע און גאַנץ־באָרוויסע, שפּיעלען אין פערדלעך און פילען־אָן דעם שוהל־הויף מיט הילכיגע קולות פון זייערע יונגע געזונטע העלזער. עס איז אַ לעבען און אַ פרייד אויף דער אידישער גאַס. די לופט, ווי סע זאָל דאָ ניט זיין ענג און געשטיקט, איז דאָך אַ מחיה. וואו־ניט־וואו וואַרפט זיך דורך אַ בוימעל, שלאָגט זיך דורך און קוקט־אַרויס אַ גרעזעל. די אויסגעגאָסענע פּאָמעניצע שלאָגט־צו דעם שטויב, וואָס די קינדער (די פערדלעך) האָבען אויפגעהויבען מיט זייער לויפען. עס איז פאָרט זומער, מען איז פאָרט אין דרויסען און עס איז פאָרט גוט אויף גאָט׳ס וועלט!

— אָט דאָ וואוינט דער קאָלעקטאָר. — רופט זיך אָן דער טאַטע, און ביידע לאָזען זיך אַראָפּ אין אַ מין קעלער, אָדער אַזוי אַ פינסטערע גרוב, האַלטען זיך אָן ביי די נאַסע ווענט, עפענען־ אויף אַ טיר מיט אַ גרויסער שווערער אייזערנער קליאַמקע, און פאַר זייערע אויגען באַווייזט זיך אַזאַ מין בילד:

אויף דער הייל ער ערד, מיט שוואַרצען איבערגעדעקט, ליגט עפּיס אַ זאַך, אין מיטען קיילעכיג פאַרשפּיצט. צוקאָפּענס, ביי דער זאַך, צאַנקען צוויי ליכט, אַריינגעשטעקט אין צוויי פלעשלעך פון פאַרשיידענער גרויס און פאַרשיידענער פאַרב. פון יענער זייט ליכט, אויף אַ בענקעל, אין מיטען שטוב, זיצט עפּיס אַ איד אַ שמש מיט אַ קאָלטונעוואַטער באָרד און מיט אַ צעפליקטער קאַפּאָטע. ביי דער רעכטער זייט, ביי דער וואַנט, שטעהען פאַר׳יתומ׳ט, איינס נעבען דאָס אַנדערע, ווי אַ צווילינג, אַ פּאָר אַלטע טיעפע צעריסענע

גומענע קאַלאָשען, און אויפ׳ן ביישטידעל פונ׳ם איין־און־איינציגען פענסטער וואַלגערען זיך אַ פּאָר גרויסע שווארצע ברילען.

. . . . . . . . . . . . . .

דעם זעלבען טאָג איז געווען די לויה. מע קאָן זיך פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ לויה האָט דאָ געקאָנט זיין, אז דער געשטאָרבענער איז, ערשטענס, אַ איד איין אָרעמאַן — ווער קען איהם און ווער ווייסט איהם? און, צווייטענס, האָט ער געהאַט אַ שם אין שטאָדט פון אַ שטילען אַפּיקורס. נאָר אזוי ווי אין זיין אָרויסבאַגלייטען האָבען זיך מתעסק געווען אַזעלכע אידען, ווי רב נחום ראַבינאָוויטש, יאָסי פּרוכשטיין, ביידע געראָטענע איידעמס, און אַרנאָלד פון די פּידוואָרקעס איז אויך געקומען — דאָס איז געווען די ערשטע, אויב ניט די איינציגע, לויה, וואָס אַרנאָלד זאָל זיין דערביי, — האָט זיך די שטאָדט פאַראינטערעסירט, און קוקענדיג איינער אויפ׳ן אַנדערען, האָט דער עולם גענומען קלייבען זיך און וואַכסען און וואַכסען — און ס׳איז געווען גאָר אומגעריכט אַ לויה אַ גרויס־אַרטיגע, אַ אימפּאָזאַנטע. אָרעמעלייט האָבען דערשמעקט אַ „פעטע" לויה, איז מען זיך צונויפגעקראָכען קאַליקעס פון אַלע ווינקעלעך, געשלעפּט פאַר די פּאָלעס, געמאַכט גוואַלדען, פאַר וואָס מע טיילט קיין געלט ניט פאַר דער מטה. עס איז שווער געווען איינצורעדען זיי, אַז דאָס איז געשטאָרבען אַ איד איין אביון גלייך מיט זיי.

— פאַר וואָס זשע קומט איהם אַזאַ לויה? — האָבען זיי גע׳טענה׳ט. — אז קיין גביר ניט, און קיין רב, ווי מע זעהט אַרויס, אויך ניט, היינט וואָס איז מיט איהם דער יחוס?...

די זון האָט נאָך געהאַלטען אין רעכטען בראָטען, אַז מע האָט אַרויסגעטראָגען די מטה, מיט שווארצען איבערגעדעקט, פון פינסטערען קעלער אַרויס. דער שוהל־הויף און די גאַנצע גאַס איז געווען פאַרפּלייצט, שוואַרץ פון מענטשען. קיינער האָט אָבער קיינעם ניט גערופען. מען איז אַליין געקומען. קיינער האָט ניט

געוויינט, נאָר זיפצען האָבען זיך געלאָזט הערען. קיינער האָט קיין הספד ניט געמאַכט, קיין קריעה ניט געריסען, קיין קדיש ניט געזאָגט, קיין שבעה ניט געזעסען. נאָר שבחים האָבען זיך געהערט, געטראָגען אין דער לופטען: „אַ וואוילער איד געווען״... „נישט קיין צדיק, נאָר אַ וואוילער, גוטער מענטש״... „אויס־געהאַלטען אַ שטאָדט מיט אָרעמעלייט״... „וויפיעל ער האָט פאַר־דיענט — אַוועקגעגעבען״... „דעם לעצטען ביסען״... „זיך מפקיר געווען פון יענעמ׳ס וועגען״... „געריסען פון טוידטע און פון לעבעדיגע צוליעב קראַנקע אַלטע אידען״... „פיינט געהאַט, מע זאָל איהם דאַנקען״... „קיינמאָל ניט גערעדט פון זיך, נאָר יענעם אין זינען געהאַט״... „געווען אַ מאָדנער איד״... „ניט קיין מאָדנער איד, נאָר אַ מאָדנער מענטש״... „יאָ, אַ מענטש איז דאָס געווען״...

דאָס איז געווען אַ שטילע, נאָר אַ שענע לויה. עפּיס האָט זיך געפיהלט אַ באַפריעדיגונג. אַ דאַנק גאָט דערפאַר, וואָס מענטשען צאָהלען־אָפּ, אויב ניט פאַר׳ן לעבען, איז חאָטש נאָכ׳ן טוידט, האָטש וויפיעל ס׳ניט איז, חאָטש אַ טראָפּען כבוד פאַר אַזוי פיעל יאָהרען פּיין און ליידען, צער, מאַטערניש און ביטערניש. ס׳איז נאָר אַ וועהטיג, וואָס ער אַליין, דער קאָלעקטאָר מיט די שוואַרצע ברילען, קאָן ניט אויפשטעהן האָטש אויף אַ מינוט, האָטש אויף אַ רגע, אַ קוק טהון אויף דעם כבוד, וואָס ער האָט... און אפשר — ווער ווייסט? וואָס ווייסען מיר?... און עס פּלאָנטען זיך מחשבות און געדאַנקען פון „השאָרת־הנפש״, אין וועלכען דער נפטר האָט געגלויבט, חאָטש ער האָט גע׳שמ׳ט פאַר איין אַפּיקורס. אפשר געהט אָט־דאָ זיין נשמה נאָך דער מטה גלייך מיט אונז און ווייסט מעהר פון אונז, אַ סך, אַ סך מעהר?... ווער ווייסט? ווער ווייסט?...

וואָס ווייטער ווערט דער עולם שיטערער. ביז׳ן בית־עולם זענען געבליבען נאָר די סאַמע נאָהענטע פריינט. דער גאַנצער „קלוב״. איין אָרט האָט מען איהם אָפּגעגעבען אַ באַשיידענעם,

ווי ער אליין. אין א זייט האָט מען איהם באהאלטען, א בערגעל ערד האָט מען אויפ'ן פרישען קבר אָנגעשאָטען. און מען איז זיך צעגאנגען. קיינער האָט נישט געוויינט. קיינער האָט קיין הספד ניט געמאכט, קיין קדיש ניט געזאָגט, קיין שבעה ניט געזעסען. די ערשטע צייט האָט מען נאָך פון איהם אין „קלוב" א פּאָר מאָל גערעדט. דערנאָך האָט מען אויפגעהערט פון איהם צו רעדען — און פארגעסען.

גאָר אין גיכען נאָך דעם איז פארשוואונדען געוואָרען אויך בנימינזאָהן דער משורר. א שטיק צייט האָט מען ניט געוואוסט, וואו ער איז אהינגעקומען. דערנאָך האָט מען זיך דערוואוסט, אז ער איז אין קיעוו. אין א צייט ארום האָט זיך דער נאָמען בנימינזאָהן געלאָזט הערען אין דער גרויסער „מלחמה", וואָס ס'איז אויסגעבראָכען צווישען די „חכמי קיעוו", מיט וועלכע מיר וועלען זיך נאָך באגעגענען אין די ווייטעריגע קאפּיטלעך. זיין נאָמען האָט זיך געלאָזט הערען אינאיינעם מיט די נעמען פון משה־אהרן שאצקיס, יצחק־יעקב ווייסבערג, דובזעוויטש, דארעווסקי. און גאָר־גאָר שפּעטער איז ארויס א קלאנג, אז בנימינזאָהן איז מגולגל געוואָרען אין אמעריקא און אז ער איז דאָרטען א רעווערענט און איז, זעלבסטפארשטענדליך, אָלל־רייט.

און אָט אזוי איז נתפּרדה החבילה געוואָרען. צעשלאָגען געוואָרען די כנופיה, צעשטעהרט געוואָרען די זעלטענע גוט־פריינטשאפט. אויס אידיליע.

## 5

# אַ האַלב יאָהר נע־ונד

עלענט און פאַר׳יתומ׳ט. — „דער איד פון די שמויסען“. — ער לאָזט זיך אוועק אין דער וועלט אריין זוכען גליק. — ניט אייביג איז מען אַ גאַסט. — קאָנקורענץ פון מיידעלשע שרייבערס און קליינמען שטעדטעלדיגע קנאה־שנאה. — אברהם דער כלי־זמר. — אַ מין סטעמפעניו. — ער אַנטלויפט פון דער „וועלט“ צוריק אהיים.

פאַרלוירען אַזעלכע צוויי נאָהענטע גוטע פריינט, ווי דער קאָלעקטאָר און בנימינזאָהן, האָט דער העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראַפיע זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. ער האָט זיך געפיהלט פאַר׳יתומ׳ט. נאָך מעהר עלענט האָט ער זיך דערפיהלט, ווען זיין איינציגער איבערגעבליבענער חבר אלי איז אויך אוועקגעפאָהרען קיין זשיטאָמיר. דאָ האָט זיך, ניט ווילענדיג, צוגעמישט אויך אַ געפיהל פון קנאה. ער האָט געוואוסט גאַנץ גוט, אַז ס׳איז אַ מיאוס׳ע מדה, נישט קיין ריינעם געפיהל. נאָר וואָס האָט ער געקאָנט טהון, אַז עס האָט איהם פאָרט פאַרדראָסען — פאַר וואָס קומט זיין חבר אַזאַ גליק און איהם ניט? מיט וואָס איז ער שולדיג, וואָס ער האָט זיך געחאַפּט געבוירען ווערען מיט אַ פּאָר חדשים פריהער? איבער אַזאַ נאַרישקייט זאָל ער פאַרלירען זיין קאַריערע? פאַרשפּיעלען דאָס גאַנצע לעבען? ער האָט באַהאַלטען דאָס פּנים אין קישען און לאַנג און שטאַרק געוויינט. עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז דער הימעל איז צו דער ערד געפאַלען, און די גאַנצע וועלט האָט איהם אויסגעזעהען פינסטער־חושך. נאָר

צו וועלכער מכּה איז ניטאָ קיין רפואה? דער בעסטער דאָקטאָר איז די צייט.

מיר וועלען בעטען דעם לעזער זיך מטריח זיין מיט אונז צוריק צו דער אַמאָליגער אַכסניה, וואָס די ראַבּינאָוויטשעס האָבען געהאַלטען, און צו איהרע שטענדיגע אורחים. צווישען זיי איז געווען נאָך איינער אַ שטענדיגער אורח. ער האָט געהייסען מיט אַ מאָדנעם נאָמען: „דער איד פון די שמויסען". ער האָט געהאַנדעלט מיט שמויסען (שאָפּען־פּעל). די שמויסען האָט ער עקספּעדירט צו זיך אין דער גראַבּאַרני. דאָרט האָט מען די שמויסען געריייניגט, געפּאַרבּט, אויסגעאַרבּייט און געמאַכט פון זיי גויישע היטלען און פּעלצען. אַז דער איד פון די שמויסען איז געקומען צו פאָהרען, האָט מען דאָס געקאָנט הערען אין דער צווייטער גאַס. אַזוי שאַרף איז געווען דער ריח פון די שמויסען, אַז די גאַנצע שטוב האָט די ערשטע צייט געהאַלטען אין איין ניסען. דערנאָך זענען בּיי אונז אַלעמען פאַרלעגט געוואָרען די נעזער און מע האָט שוין נישט געהערט קיין שום ריח.

דערפאַר אָבער איז ער אַליין, דער איד פון די שמויסען, געווען אַ ליעבּער מענטש. אַ פּראָסטער, אַ גוטער, איין אָפּענהערציגער. און גערעדט האָט ער מיט דער „סין". אַ גראָבּער יונג איז ער אויך געווען אַ גוטער און האָט ליעב געהאַט דאַווענען דוקא הויך, אויף אַ קול. אַז ס'איז געקומען שבת צום קידוש־מאַכען, האָט ער גענומען דעם כּוס אין דער האַנט, צוגעמאַכט די אויגען און אויסגעשריגען אויף אַ קול:

„יום הסיסי ויכולו הסמים..."

האָבּען חברה קליינוואַרג זיך באַהאַלטען אונטער'ן טיש. דער איד פון די שמויסען האָט געוואוסט, אַז דאָס לאַכט מען פון איהם, נאָר סע זאָל איהם אָנהויבּען אַהרען!

— סקצים! עכבּרוסים! טאָר מען לאַכען פון איין עלטערען מענצען? גאָט וועט אייך סטראָפען, סאַרלאַטאַנעם!...

דאָס האָט אַרויסגערופען נאָך אַ גרעסערען געלעכטער. עס האָבען געלאַכט גרויס און קליין, און ער אַליין האָט אויך געלאַכט.

אָט דער איד פון די שמויסען האָט אַ סך מיטגעהאָלפען, אַז דער פּאַרפאַסער פון די דאָזיגע באַשרייבונגען זאָל פּאַרלאָזען זיין געבורטס־שטאָדט און זיך אַוועקלאָזען אין דער וועלט אַריין זוכען גליק. און אַוועקגעלאָזט האָט ער זיך ניט, חלילה, קיין אַמעריקע, קיין לאָנדאָן, אָדער קיין פּאַריז, און ניט אפילו קיין אָדעס, קיין וואַרשאָ, אָדער קיין קיעוו. נאָר גאָר נישט ווייט פון פּערעיאַסלאַוו, אין אַ קליין שטעדטעלע, קיין רזשישטשעוו (קיעווער גובערניע). „ביי איהם אין רזשישטשעוו — אַזוי האָט געזאָגט דער איד פון די שמויסען — איז ניטאָ קיין לעהרערס. מע וועט אייער זוהן דאָרטען אָפּגילטען! ער אַליין האָט קינדער, זיינע פריינט און באַקאַנטע האָבען קינדער, וואָס ווילען לערנען, און קיין לעהרערס איז ניטאָ, האָטש ציה זיך אויס און שטאַרב!"

— גלויבט מיר, בנאמנות, אַז אייער זוהן וועט ביי מיר זיין, ווי איין אייגענער, דאָס סוואַרצאַפּעל פונ׳ם אויג!...

הקיצור, ער האָט אַריינגעגעבען אין דעם פאָטער, אין דעם זוהן אַזוי פיעל חשק, אַז ס׳איז שווער געווען ביי צושטעהן דעם נסיון, און נחום ראַבינאָוויטש האָט גענומען דעם זוהן און האָט זיך אויפגעזעצט מיט איהם אויפ׳ן פּאַראַחאָד און איז אַוועק קיין רזשישטשעוו.

פּאַרפאָהרען איז מען גלייך צום אידען פון די שמויסען, און מען איז געווען אַזעלכע געסט, אַז מע האָט דעם ערשטען טאָג גאָרניט געוואוסט, וואו זיי אַוועקצוזעצען און וואָס מע זאָל מיט זיי טהון. דעם בעל־הבית אַליין האָבען זיי געטראָפען ביי דער אַרבייט — סאָרטירען די שמויסען — אין אַ לייבעל, אָהן אַ קאַפּאָטע און באָרוויס. דערזעהען אַזעלכע געהויבענע געסט, האָט ער קודם אָנגעטהאָן די שטיוועל, געחאַפּט אויף זיך די קאַפּאָטע און גענומען שרייען אין צווייטען צימער אַריין ניט מיט זיין קול:

— סיינע־סיינדעל! סיינע־סיינדעל! סטעל דעם סאַמאָוואַר! מיר האָבען געסט!

גיך איז באַשאַפען געוואָרען אַ סאַמאָוואַר, גלעזער, טיי, און קאַווע, און ציקאָריע, און מילך, און פוטערגעבעקס, אַזעלכע, וואָס אַ איד קאָן זיך פאַרגינען נאָר שבועות צו דער מילכיגער סעודה, אָדער צו אַ קימפעט. און אַ וואַרעמעס איז צוגעגרייט געוואָרען — כיד המלך. פיש געפילטע, פיש געפרעגעלטע, פיש געבאַקענע. יויך מיט לאָקשען, יויך מיט רייז, יויך מיט מאַנדלען — קלויבט אייך אויס וואָס איהר ווילט. פליישען שמועסט מען ניט — אַלערליי סאָרטען. און אפילו צימעסען צווייערליי. דערנאָך — דעם סאַמאָוואַר. ווידער טיי, איינגעמאַכטס, פאַרבייסעכטסען. און אַז ס'איז געקומען צו וועטשערע, האָט דער בעל־הבית זיך גענומען נאָכפרעגען ביי די געסט: וואָס האָבען זיי בעסער ליעב פון מילכיגע מאכלים — קרעפלעך, וואַרעניקעס אָדער „קאַסניקעס״? די געסט האָבען באַשיידען געענטפערט, אַז פאַר זיי איז אַלץ איינס. אודאי האָט מען דערלאַנגט צום טיש אַלע דריי אויסגערעכנטע מאכלים, פאַרטרונקען מיט קאַווע און פאַרביסען ווידער מיט אַלערליי איינגעמאַכטסען. דעם פאָטער האָט מען באַלעגט אין זאַל אויף אַ סאַמעטענער קאַנאַפע, דעם זוהן — אויף דער אַנדערער קאַנאַפע, אויסגעבעט, ווי מע בעט פאַר אַ מלך מיט אַ פרינץ. אויף מאָרגען האָט זיך דער טאַטע אָפגעזעגענט און איז אַוועקגעפאָהרען אַהיים, און דער זוהן איז געבליבען ביי'ם אידען פון די שמויסען אויף קעסט און קוואַרטיר, און דערפאַר געלעהרענט מיט זיינע קינדער.

אויף דעם אַנדערען טאָג איז דער וואַרעמעס געווען שוין ניט מיט אַזאַ שיק און אַזאַ קנאַק, ווי דער ערשטער. אַ געוויינליכע קאַשע מיט יויך, אַ שטיקעל פלייש — און פאַרטיג. די וועטשערע אויך אַ מילכיגע, נאָר באַשטאַנען איז זי פון אַ שטיקעל קעז און פוטער מיט ברויט. ברויט לרוב. באַלעגט האָט מען דעם גאַסט שוין ניט אין זאַל און ניט אויף קיין סאַמעטענער קאַנאַפע, נאָר

אויף איין אײַזערנעם קאַסטען, פון וועלכען מען איז אויפגעשטאַנען אַ צעבראָכענער, אָהן אַ האַלז און נאַקען. אויף איבערמאָרגען איז דער וואַרעמעם באַשטאַנען פון אַ געקאָכטער טאַראַנקע מיט קאַרטאָפעל, וואָס האָט נאָכדעם אויסגעברענט דאָס האַרץ אויף צו חלש׳ען. קיין וועטשערע האָט מען ניט געגעבען, נאָר אַ גלעזעל טיי מיט ברויט, און באַלעגט האָט מען דעם לעהרער אויף דער ערד, אויסגעבעט אויף אויסגעמאַכטע שמויסען. מע האָט באַדאַרפט זיין שטאַרקער פון אײַזען, מע זאָל אַריבערטראָגען דעם ריח פון די שמויסען. דערצו האָט אַ גאַנצע נאַכט געקאַוויאַקעט אַ קינד אין וויעגעלע, זיך געריסען די קישקעלעך, ניט געלאָזט שלאָפען. אַ קליין לעמפעל האָט גערויכערט און געטשאַדעט, פאַר־האַקט דעם קאָפּ, און דאָס עופה׳לע האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען און צו גוואַלדעווען — ס׳איז געווען אַ גאָט׳ס רחמנות! דער רעפעטיטאָר האָט געזעהען, אַז שלאָפען וועט ער שוין סאַי־ווי־סאַי ניט, איז ער אויפגעשטאַנען פון די שמויסען, צוגעגאַנגען צום קינד אַ קוק טהון, וואָס שרייעט דאָס. לאָזט זיך אויס, אַז די קאַץ האָט זיך פאַרקליבען צום קינד אין וויעגעלע, האָט זיך צעלעגט, ווי ביי׳ם טאַטען אין ווייַנגאָרטען, זיך געמאַכט נאַכט־לעגער. פאַר׳ן לעהרער איז געווען איין אַלטערנאַטיווע: וואָס טהוט מען? אַרויסוואַרפען די קאַץ? — אַ רחמנות אויף דער קאַץ. צער בעלי־חיים. איבערלאָזען די קאַץ? — שרייעט דאָס קינד. פאַלט ער אויף אַ המצאה (אַ יונג אַ חכם גיט זיך איין עצה): ער וועט נעמען וויעגען דאָס קינד, וועט די קאַץ אַליין אַוועק. דאָס ווייסט ער פון דער פּראַקטיק. ביי איהם אין דער היים, ווי אויך אין חדר, איז איהם אויסגעקומען צו זעהען אַלע מאָל אַזעלכס. איידער מע האָט אַוועקגעלעגט אַ קליין קינד צום ערשטען מאָל אין אַ נייַ וויעגעלע, איז געווען אַ סגולה, מע זאָל פריהער אויסוויעגען אין וויעגעלע די קאַץ. האָט אָבער קיין קאַץ ניט געלאָזט זיך וויעגען בשום אופן. קוים האָט מען זי אַריינ־געלעגט אין וויעגעל און געגעבען איין ריהר — אַזוי איז זי אויפ־

געשפּרונגען, גרייט געווען אויסדראַפּען יעדען איינציגען די אויגען. אַזוי איז געווען אויך איצט. דער רעפּעטיטאָר האָט זיך נאָר צוגעריהרט צום וויעגעל, אַזוי האָט זיך די קאַץ אויפגעהויבען און געגעבען אַ שפּרונג־אַרויס פון וויעגעל — און ניטאָ זי. דערפאַר אָבער האָט דאָס עופה׳לע, דערפיהלט, אַז מע וויעגט דאָס, אויפגעהערט שרייען, זיך באַרוהיגט און אַנשלאָפען געוואָרען. אויף מאָרגען, אַז ער האָט דאָס דערצעהלט דער מוטער פונ׳ם עופה׳לע, האָט זי געשאָלטען די קאַץ מיט טוידטע קללות, געהאַלובעט דאָס קינד — איהר זאָל זיין פאַר׳ן קינד׳ס ביינדעלעך! נאָר דאָס, וואָס דער לעהרער איז אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען — דאָס געהט איהר אָן, ווי דער פאַראיאָהריגער שניי.

אײַנגעזעהען, אַז ס׳איז קיין תּכלית ניט אַזוי צו לעבען אויף דער וועלט, האָט דער לעהרער זיך געמוזט אָנדינגען קעסט און קוואַרטיר אין איין אַנדער פּלאַץ און באַצייטענס זיך געזעגענען מיט די שמויסען. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבען פאַר איהם אַ גאַנצע רייהע פון אַלערליי צרות, שלעק, פּורעניות. אַ סדרה פון בייזע בעל־הבית׳טעס, איינגעגעסענע טאַראַקאַנעס, בייסענדיגע וואַנצען, לויפענדיגע מייז, שטשורעס און אַנדערע מיאוס׳קייטען. נאָר די אַלע יסורים, צרות און וועהטיגען זענען געווען גאָלד אַקעגען די אינטריגעס, וואָס ס׳איז איהם אויסגעקומען אויסצושטעהן פון זיינע קאָנקורענטען די לעהרערס. דאָס זענען געווען אידען מלמדים, מיידעלשע שרייבערס, וואָס האָבען געפיהרט צווישען זיך אַ מורא׳דיגע קאָנקורענץ און אַלע אינאיינעם — אַ קאַמף קעגען דעם נייעם לעהרער פון פּערעיאַסלאַוו. וואו ס׳איז פאַרהאַן ערגיץ אַ שמוץ אויף דער וועלט — האָט מען אויף איהם אַרויפגעוואָרפען. צוהערען זיך צו זיי — איז דאָס געווען אַ קרימינאַליסט, אַ גנב, אַ גזלן, וואָס אין דער קאָרט. זיי האָבען אָנגעפיהרט צווישען איהם און די בעלי־בתּים אַזעלכע פּליאָטקעס, אַז ער האָט געבעטען גאָט, דער זמן — דער זומער — זאָל שוין אַוועקגעהן, און ער זאָל קאָנען אַנטלויפען פון דאָרטען מיט׳ן לעבען. די גאַנצע **צייט,**

וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט אין רזשישטשעוו, איז געווען ווי אַ
ןאָשמאַר, ווי אַ בייזער חלום. דאָס איינציגע הויז, וואו ער איז
זריינגעקומען און געפֿיהלט זיך צווישען מענטשען, איז געווען ביי
זברהם דעם כּלי־זמר. — אַברהם דער כּלי־זמר — דאָס איז אַ טיפּ
ון איין אַרטיסט, איין אמת׳ער מאַעסטראָ, וואָס פֿאַרדיענט באַ־
שריבען צו ווערען.

אַ הויכער מענטש, אַ ברייטער, מיט אַ קיילעכיג ברייט פּנים, מיט קליינע אויגעלעך, געדיכטע ברעמען, שוואַרצע לאַנגע גע־גרייזעלטע האָר. הענט ברייטע, גראָבע, באַוואַכסענע. אַזוי, אַז די פֿיעדעל האָט אין זיינע הענט אויסגעזעהען ניט ווי אַ פֿיעדעל, נאָר ווי אַ פֿיעדעלע, אַ שפּיעלכעל. קיין נאָטען האָט ער ניט געקענט, און דאָך האָט ער געהאַט זיינע אייגענע קאָמפּאָזיציעס. און שפּיעלען האָט ער געשפּיעלט אַזוי, אַז מע האָט געקאָנט ממש אויסגעהן אונטער זיינע הענט. דאָס איז געווען אַ מין סטעמפּעניו. און אפשר מיט אַ קאָפּ העכער פֿון סטעמפּעניו. אין לעבען איז ער אויך געווען אַ סטעמפּעניו. אַ מאָדנער פֿאַרשוין. אַ פּאָעטישע נאַטור און אַ גרויסער ליעבהאָבער פֿון שענע ווייבלעך און מיידלעך... דערפֿאַר אָבער האָט ער געהאַט אַ ווייב — ניט אַזאַ שלאַק, ווי סטעמפּעניו׳ס. אדרבּה, זיין ווייב, אַברהמיכע די כּלי־זמרין, איז געווען פּונקט אַזוי ווי ער. אַ הויכע, אַ גרויסע, אַ שענע און אַ ברייטע. שוין אַ ביסעל צו ברייט. מע האָט פֿון איהר געקאָנט מאַכען דריי ווייבער. אויך מיט׳ן כאַראַקטער איז זי געווען ווי צוויי טראָפּען וואַסער איהר מאַן. ביידע זענען קיינמאָל ניט געווען אויפֿגערעגט, תּמיד פֿריילִיך, אויפֿגעלעגט, שטענדיג געלאַכט, און ליעב געהאַט גוט עסען, גוט טרינקען, גוט לעבען. איז געווען פֿאַר וואָס — האָט מען איינגעקויפֿט דאָס בעסטע און דאָס שענסטע. איז ניט געווען — האָט מען פֿאַרוואָרפֿען די ציהען אויף דער פּאָליצע און געוואַרט ביז גאָט וועט צושיקען אַ פֿאַרדיענסטעל, וועט מען קוילען אַ הערינג און מע וועט געבען אַ לעב־אונטער, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטען. מיט קינדער האָט זיי גאָט אויך

ניט פארזעהען. עס איז געוועזן ביי זיי א גאנצע האליאסטרע, און אלע מיט געבארענע טאלאנטען. אלע אויסגעצייכענטע מוזי־קער אויף אלערליי אינסטרומענטען — א זעלטענער ארקעסטער.

אהין האט זיך דאס ארייגעכאפט דער מאדערנער לעהרער פון פערעיאסלאוו. דארט האט ער זיך געפיהלט, ווי א פיש אין וואסער. דער מאעסטרא אליין האט איהם געלעהרענט פידעל־שפיעלען. געצאהלט האט ער גארניט. אברהם דער כלי־זמר איז ניט אזא מענטש, וואס זאל פאר אזא הייליגע זאך, ווי די געטליכע מוזיק, נעמען געלט. „נאר אויב דער לעהרער איז רייך און א פאר גראשענס, בעט ער ביי איהם א גמילות־חסד'על". דאס אייגענע אויך זיין ווייב, אברהמיכע די כלי־זמרין. זי באדארף גראד אצינד האבען עטליכע קאפיקעס אין מארק אריין... „וועט זיך ניט גע־פינען ביי אייך עפּיס קליינגעלט אין קעשענע?"

פארשטעהט זיך, אז קליינגעלט וועט זיך תמיד געפינען. און אזוי ווערט ער דארט א היימישער, א בן־בית, איין אייגענער — און דאס איז געווען פאר זיינע קאנקורענטען די לעהרערס, זיי זאלען איהם בארעדען, באווארפען מיט שמוץ, איהם און דעם כלי־זמר מיט דער כלי־זמרין מיט'ן גאנצען געזינדעל. זיי האבען צעפּויקט איבער דער גאנצער שטאדט, אז אלץ, וואס דער פערע־יאסלאווער לעהרער פארדיענט, גיט ער אוועק דער כלי־זמרין, און אז מע פראוועט דארט אלע נאכט הוליאנקעס, די כלי־זמר שפּיעלען און זיי טאנצען — ס'איז חי געלעבט! עס געהט זיי ניט אן, וואס ארעמעלייט געהען־אויס פון הונגער און קליינע קינדער שטארבען... דער, וואס דערצעהלט, מאכט א פרום פּנים און פאר־גלאנצט די אויגען ארויף, און די, וואס הערען, שפּייען־אויס... וואס פאר א סמיכות־הפרשיות איז דאס מיט ארעמעלייט? און וואס האט דאס צו טהון מיט קליינע קינדער? וואס באטייט דער שפּיי? — דאס דארף מען ניט פרעגען. דארט, וואו עס האנדעלט זיך אום קאנקורענץ, שווייגט דער געזונטער פארשטאנד. קורץ, ער האט קוים דערצוויגען דעם זמן און איז אנטלאפען פון דעם

פאַרשאָלטענעם שטעדטעל אהיים, מורא געהאַט אפילו זיך אַרומ־
קוקען צוריק, פאַרזאָגט קינדער און קינדס־קינדער מעהר קיין
שטונדען אין די קליינע שטעדטלעך ניט געבען. ער האָט באַ־
שלאָסען צו זוכען זיך איין אַנדער קאַריערע אין לעבען.

## 6

# ווידער אין דער היים

די זיסקייט פון צוריקקעהרען אהיים. — ער באגעגענט זיך ווידער מיט זיין חבר אלי. — מע שמועסט אין שטאדט, אז ער שרייבט אין „המגיד". — דארווין, באקל און ספענסער. — צוויי טיפען פון די אמאליגע ערשטע „עקסטערנעס".

קיין נאמען קלינגט ניט אזוי שען, ווי דער נאמען „מאמע". קיין ווארט רעדט ניט אזוי צום הארצען, ווי דאס ווארט „היים". אז מע וויל קענען און אפשאצען די היים, זאל מען כאטש אויף א קורצע צייט זיך אוועקלאזען, זיך וואלגערען א ביסעל אין דער פרעמד און דערנאך אומקעהרען זיך צוריק אהיים, אין דאס היימישע נעסט אריין. יעדע זאך באקומט איין אנדער פנים, איין אנדער חן. אלסדינג ווערט צוויי מאל אזוי ליעב און טייער. מע פיהלט זיך איין איבערגעבּיטענער, א ניי־געבארענער אויף דער וועלט.

דער העלד פון די דאזיגע געשיכטעס, אז ער איז געקומען אויף ראש־השנה אהיים, האט ער זיך צום אלעם ערשטען געלאזט איבער דער שטאדט שפאציערען, אויסגעמאסטען אלע גאסען, געפונען אלע הייזער און הויפען און גערטנער אויף זייערע ערטער. די מענטשען, וואס ער האט באגעגענט, האבען זיך ווינציג־וואס איבערגעבּיטען. זיי האבען איהם פריינטליך געגריסט, און ער איז צו אלעמען געווען פריינטליך, ווי ווייט ער האט געקאנט. נאר

דאָס יונגווארג, וואָס ער האָט אַוועקגעלאָזט, האָט זיך אויפגעחאַפּט אויף די פּיס און איז אַ ביסעל אונטערגעוואַכסען. און אַליין איז ער, ווי מע האָט איהם פאַרזיכערט, אויך אויסגעוואַכסען, געוואָרען „מענעשער”. דערצו האָט ער זיך אויסגעקליידט טשאַקענדיג און קנאַקענדיג, ניט געזשאַלעוועט קיין סקריפּעס אין די שיך, אָפּצאַסען הויכע, הויזען ברייטע און לאַנגע — נאָך דער מאָדע. אַ רעקעלע אַ קורץ, אַ קאַפּעלישעל אַ ווייכס, אַ העלס, אַ ביסעל געלבליך. די האָר פאַרלאָזט לאַנגע, מעשה פּאָעט, און פאַרקעמט אַראָפּ, אַלאַ גאָגאָל.

גאַנץ אַנדערש האָט אויסגעזעהען זיין חבר אלי, וועלכער איז אויך נאָר־וואָס געקומען צו פאָהרען אויף יום־טוב אַהיים, פון זשיטאָמיר. זיין אוניפאָרם איז באַשטאַנען פון אַ קורץ וויטיקעל, פאַרשפּיליעט, ווי אַ טוזשורקע, ביז אַרויף. קורצע שמאָלע הויזען, אַ בלויער קאַשקעט מיט אַ ברייטען דאַשעק, און אָפּגעשוירען, ווי אַ סאָלדאַט. די ברוסט אַרויסגעשטעלט, די ציינער ווייס, די אויגען פריילין — ער קאָן זיך גאָר זאַט ניט אָנ־דערצעהלען, ווי גוט עס איז אין אינסטיטוט. מע געהט־דורך, זאָגט ער, העכערע מאַטעמאַטיק, מע לייענט רוסישע ליטעראַטור, מע לערענט גימנאַסטיקע, און אידיש — אויפ׳ן שפּיץ מעסער: אַ פּרשה חומש, אַ קאַפּיטעל פּסוק, אַ שטיקעל חיי־אָדם — און פאַרטיג. „אָט דאָס איז די גאַנצע תּורה פונ׳ם לעהרער־אינסטיטוט? אָט דער אלי וועט עס זיין אַ אידישער לעהרער? אַ רב ביי אידען?”...

אויך איז ער געוועזן איבערראַשט פון דעם, וואָס זיין חבר אלי האָט געבראַכט צו פיהרען פון דעם אידישען זשיטאָמירער לעהרער־אינסטיטוט אַ גאַנצען פּאַק מיט רוסישע לידער, און נישט איינס אַ אידיש. גלייך ווי ער וואָלט דאָס געקומען צו פאָהרען פון אַ „בורסע”, פון אַ גויישער סעמינאַריע. דאָס האָט אָבער ניט געשאָדט, זיי זאָלען בלייבען די זעלבע חברים, וואָס געווען. שטענדיג אינאיינעם. אומעטום אינצווייען. ביידע

האָבּען געהאַט גענוג שטאָף אויף צו רעדען, און נאָך מעהר — אויף צו לאַכען און אָפּשפּעטען פון דער גאַנצער שטאָדט. און ווי אַמאָל, אין די גוטע יאָהרען, איז מען אַוועק צום טייך, גע־דונגען אַ שיפעל און אַריבּערגעפאָהרען ווייט, הינטער דער שטאָדט אַרויס.

סוף זומער. די קעלט האָט נאָך ניט אַריינגעטרעטען. נאָר דאָס פעלד איז שוין ניט מעהר גרין. נישטאָ שוין קיין זכר פון די ווייסע און רויטע מאַרגאַריטקעס. דער אָטשערעט שטעהט נאָך אין דער בּלאָטע. נאָר ער איז שוין געל און שיטער. רויטליך איז דאָס וועלדעל. אַוועק די צייט פון אויסציהען זיך אויף דער ערד. די ערד איז פייכט און זומפּיג. די חברים זוכען־אָפּ איין אויסגעהאַקטען בּוים אין וואַלד און זעצען זיך אַוועק אַ בּיסעל רוהען. און מע דערצעהלט זיך איינס דאָס אַנדערע אַלסדינג, וואָס יעדער האָט דורכגעמאַכט דאָס ערשטע האַלבּע יאָהר פון זייער צעשיידען זיך. מע לאָזט ניט דורך קיין קלייניגקייט, קיין בּרעקעל. עס ווערט איבּערגעגעבּען יעדער אַיינדרוק, יעדע בּאַ־געגעניש, איטליכע געשעהעניש. און נאָך מעהר קונץ, וואָס בּיידע אינאיינעם רעדען, בּיידע לאַכען, שלאָגען זיך איבּער איינס דאָס אַנדערע אין דער רעכטער מיט — און דאָך הערט מען זיך און מע פאַרשטעהט זיך און מע האָט הנאה.

דערנאָך ווערט מען אַנשוויגען. יעדער פאַרטיעפט זיך, קוקט־אַריין צו זיך אין דער נשמה אַריין, בּלייבּט אַליין מיט זיינע געדאַנקען. מען איז טאַקי נאָהענטע חברים. מע האָט זיך געהרען. מע זאָגט־אַרויס איינער דעם אַנדערען אַלץ, נאָר ניט אינגאַנצען. ניין, ניט אינגאַנצען, ניט אינגאַנצען. יעדער איינער האָט זיך זיינע געדאַנקען, זיין אידעאַל, זיין אייגען וועלטעל, וואו קיין אַנדערער, עס מעג זיין דער בּעסטער חבר, האָט קיין שליטה...

עס הויבּט־אָן ווערען ווי קיהלבּליך. אויסגעלאָשען דער טאָג. בּי זון זעצט זיך. דער וואַלד ווערט פאַרצויגען, ווי איינגעהילט

אין אַ דינעם רויך. עס פאַלט־אַראָפּ אַ שישקע מיט אַ וויעדער־קול. ביידע האַפּען זיך אויף ווי פון אַ כישוף.

— צייט פאָהרען אַהיים?

— צייט פאָהרען אַהיים.

און מע הויבּט זיך אויף. און מע שפּאַנט־דורך דאָס גאַנצע פעלד דורך איין אויסגעטרעטענע קרומע, שמאָלע סטעזשקע. מע זעצט זיך אַריין אין שיפעל און מע זינגט אַ ליעדעל (אַ גוייש, ניט קיין אידיש), און מע גליטשט זיך איבּער'ן שמאָלען גע־דרעהטען טייכעל, פאַרבּיי דעם געלען אָטשערעט. און אַז מע קומט אַהיים, איז שוין פינסטער. די באַקען פלאַמען. די אויגען גלאַנצען. דער אַפּעטיט איז גרויס. מע האָט געהענדיג געקויפט אַ זיסען קאַווען (אַרבּוז, וואַסערמעלאָן), מיט צוויי פרישע, ווייכע, נאָך וואַרעמע פראַנזעלען. און מע פּראַוועט אַ וועטשערע. און מען איז פריילין. און עס לאַכט זיך גאָר אָהן אַ וואָרום און אָהן אַ זין.

דער זייטיגער האָט געקאָנט מיינען, אַז ביידע זענען גלייך צופריעדען, גלייך גליקליך — יונגע, געזונטע קינדער, וואָס פעהלט זיי? אין תוך אַריין איז אָבּער נאָר איינער פון זיי (אלי) געווען באמת אַ גליקליכער. דער צווייטער (שלום) האָט זיך געפיהלט אָנגעבּראָכען, ניט אויפ'ן ריכטיגען וועג. זיין איינציג שטיקעל טרייסט איז געווען דאָס, וואָס די שטאָדט האָט געקלונגען מיט זיין הפטרה־זאָגען אין בית־מדרש און מיט זיין קענען תנ"ך און העבּרעאיש און מיט זיין שרייבּען. אַלץ אַזעלכע זאַכען, וואָס פאַר זיין חבר אלי איז דאָס אַ סוד. ניט פאַר איהם געדאַכט. ווי קומט צו אלי'ן אַזאַ אידיש שרייבּען? לשון־קודש? מליצה? דערויף איז נאָר ער, נחום ראַבּינאָוויטש'עס זוהנדעל. קלאָר אין אַלע השכלה־ביכלעך, ווי אַ וואַסער. לייענט דעם „המגיד". אַ וואונדער, וואָס ער אַליין שרייבּט נאָך ניט אין „המגיד". נאָר פון וואַנען ווייסט מען, אַז ער שרייבּט ניט? אפשר שרייבּט ער אונטער אַ פאַרשטעלטען נאָמען?...

אזוי שמועסט מען אין פּערעיאַסלאַוו. און מע רינגעלט איהם אַרום מיט אַ באַזונדערען אָרעאָל, און ער וואַכסט־אויס ביי זיך אַליין אין די אויגען מיט אַ קאָפּ העכער. און ער ווערט סאָליד. ער זוכט ניט מעהר קיין חבר'שאַפט מיט קיינעם פון די פריהעריגע ווייסע־חברה'ניקעס. ער פאַרשרייבט זיך אין דער שטאָדט־ביבליאָטעק. טראָגט אַהיים גראָבע ביכער. לייענט דאַרווין, באָקל, ספּענסער. שאַרט זיך אַרום די גרויסע, באַריהמטע, אויפגעקלערטע בחורים אין שטאָדט. בחורים אויטאָדידאַקטען, אַזעלכע, וואָס האָבען אַליין, מיט זייער זיצען און קוועטשען די באַנק, דורכגעמאַכט אַ גאַנצען קורס, בייגעקומען לאַטיין און גריכיש, דורכגעגאַנגען געאָמעטריע און אַלגעברע, און טריגאָנאָמעטריע, און פּסיכאָלאָגיע, און פילאָזאָפיע. גרייט געווען חאָטש היינטיגען טאָג אַריינטרעטען גלייך אין אוניווערסיטעט אַריין. זיי האָבען נאָר ניט אויף דער הוצאה. צוויי טיפּען פון די אַמאָליגע ערשטע עקסטערנעס. איינער האָט געהייסען חייטע רודערמאַן, דער אַנדערער — אַברהמעל זאָלאָטושקין.ביידע זענען טוידט און פאַרדיענען באַשריבען צו ווערען חאָטש אין עטליכע שורות אין די דאָזיגע זכרונות.

חייטע רודערמאַן איז געזעסען ווייט הינטער דער שטאָדט אַרויס, אָפּגעזונדערט פון דער וועלט און פון מענטשען. דאָס איז געווען אַ זוהן פון דעם מלמד משה־דוד רודערמאַן, וועלכער איז באַשריבען אינ'ם ערשטען טייל פון דער ביאָגראַפיע, און אַ ברודער פון שמעון רודערמאַן, וואָס האָט געהאַלטען ביי שמד'ען זיך, נאָר די שטאָדט האָט איהם אַרויסגעראַטעוועט פון מאָנאַסטיר און אַוועקגעשיקט קיין זשיטאָמיר אין דער ראַבינער־שול. חייטע איז גאָרניט געווען געראָטען אין זיין בלאַסען, יאַדישליווען ברודער שמעון. דאָס איז געווען אַ בחור אַ געזונטער, אַ ברייטביינער, אַ שענער יונגאַטש מיט רויטע פּוכקע באַקען. משה־דוד דער מלמד איז געשטאָרבען פון איין אַסטמאַ־הוסט, און זיין ווייב די אַלמנה, חייטע'ס מוטער, איז געוואָרען אַ סאַרווערקע אויף פרעמדע

חתונות, געבאַקען לעקאַכער. דאָס האָט איהר געגעבען מיטלען צום לעבען און אויסצוהאַלטען איהר זוהן, וואָס האָט געוואוסט נאָר איין זאַך — ביכער, ביכער און ביכער. מיט קיינעם אין דער וועלט האָט זיך חייטע ניט אָנגעקעהרט. זעלטען ווער עס האָט זוכה געווען מיט איהם צו רעדען. נאָר אַלע האָבען געוואוסט, אַז חייטע קען, חייטע איז קלאָר אומעטום, חייטע איז טיעף. ווער עס האָט געהאַט אַמאָל אַ זכיה מיט איהם צו באַגעגענען זיך, איז געווען איבערראַשט פון אָט דעם באַהאַלטענעם פילאָזאָף. חייטע, אַז ער האָט זיך צערעדט, האָט ער געשאָטען מיט פייער, געמאַכט אַ תל פון אַלץ און פון אַלעמען, מבטל געווען די גאַנצע וועלט. זיין צונג איז געווען אַ פייל. זיין געלעכטער איז געווען גאַל. זיין וויץ איז געווען גיפט. פון וואַנען האָט דער פרוש אַזוי געקענט די וועלט? דאָס בלייבט אַ סוד און אַ רעטעניש אויף אייביג. איינמאָל אין אַ זומער האָט ער זיך אָפּגעבאָדען אין טייך, פאַרקיהלט זיך און איז פון טובערקולאָז, אַ בחור פון צוויי און צוואַנציג יאָהר, געשטאָרבען.

דער צווייטער פילאָזאָף־אויטאָדידאַקט, אברהמעל זאַלאָטושקין, איז שוין געווען ניט קיין פרוש, ניט קיין פאַרבאָרגענער. אַ יונג אַ פרייליכער, אַ הייסער ברונעט, מיט פייעריגע שוואַרצע אויגען, מיט שוואַרצע, שטאַרק־געגרייזעלטע האָר, אַליין אויך אַ שוואַרצער, ווי איין אַראַב, מיט ווייסע לאַכענדיגע צייהן, אַ ביסעל אַ הייזעריגע שטימע, ליעב געהאַט אָנטהון זיך, ווי איין איינגלענדער, קעסטעלדיגע הויזען, אַ מאָדנע מיצעל אויפ'ן קאָפּ, און ווינטער אַ מגושמ'דיגען הענגקאָלנער. אָנגעלייענט איז דער זאַלאָטושקין געווען, ווי אַ פּויק. געקענט היינע אויף אויסווענדיג. נאָר ליעב האָט ער געהאַט דיקענס און טעקעריי, סוויפט, סערוואַנטעס און אונזער גאָגאָלען. און איז אַליין אויך געווען אַ הומאָריסט. דאָס הייסט, ער האָט שטילערהייט פאַר זיך געשריבען אַ סך הומאָריסטישע זאַכען, און קיין איינציגע שורה נישט געוואָלט ניט

אָפּדרוקען, ניט באַווייזען קיינעם. בּטבע געווען אַ גרויסער עקשן, אַ צו־להכעיס'ניק, איין אָפּשפּעטער און אַ פּאַרטיעפּטער אין זיך. געלעבּט האָט ער פון דעם, וואָס ער איז געווען אַ שרייבּער כּל־ימיו אין דער מעשטשאַנסקי אופּראַווע. זיין כּתב־יד איז געווען פּונקט אַזוי געגרייזעלט, ווי זיינע האָר. ער איז געשטאָרבּען אַיין אַלטער בּחור אַריבּער פּערציג.

אָט דאָס זענען געווען די צוויי גרויסע שטערען, אַרום וועלכע שלום האָט זיך געריבּען און פון וועלכע ער האָט גענאַשט וויפיעל עס האָט זיך געלאָזט. צווישען זיך זענען די צוויי שטערען, חייטע רודערמאַן און אַברהמעל זאָלאָטושקין, געווען פייער מיט וואַסער. זיי האָבּען זיך קיינמאָל נישט בּאַגעגענט און נישט געקענט אפילו. און דאָך האָבּען זיי זיך אַזוי פיינט געהאַט, אַז מע האָט נישט געטאָרט דערמאַנען פאַר איינעם דעם אַנדערענ'ס נאָמען. מיר וועלען זיך נאָך מסתּמא בּאַגעגענען מיט זיי אין אונזערע ווייטערע בּאַשרייבּונגען.

## 7

# ער פאָהרט אויף אַ רייכע שטעלע

„פּוסטעפּאַס“. — ישׂראל בענדיצקי גיט איין עצה, און דער פּאַטער שרייבט אַ בריעף צום „מאַגנאַט“. — ער לאָזט זיך ווידער אין דער וועלט אַריין און בלייבט מיט איין פּיטאַקעל. — ביי די טויערען פון גן־עדן. — דער קאַלטער ברוך־הבא.

וואָס וועט זיין ווייטער?

פון אַלע פּראָפּעסיעס, וואָס זענען פריהער געוועזן אַ גאַנצער שלל, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. די שטונדען האָבּען זיך צעקראָכען. פּאָהרען שטודיערען — איז ניט געוועזן מיט וואָס. זיצען בּיי'ם טאַטען אויף קעסט איז אויך ניט זעהר ליעב. ובפרט נאָך דעם, ווי מען איז שוין געוועזן אַ זעלבּסטשטענדיגער מענטש פאַר זיך. און חאָטש דער טאַטע האָט געקלויבּען תּענוג פון זיין זוהן דעם קענער און דעם משׂכּיל, דאָך האָט דאָס איהם געקרענקט און געעלטערט, וואָס זיין זוהן געהט־אַרום בּטל אָהן אַ שום אַרבּייט. וואָס וועט זיין דער תּכלית? און די שטיפמאַמע, וועלכע האָט געהאַט געקוקט אויף דעם זעלבּסטשטענדיגען שטיפזוהן מיט אַ געוויסער דאָזע פון רעספּעקט, האָט אַצינד מיט אַ מאָל פאַרלוירען דאָס גאַנצע בּיסעל דרך־ארץ פאַר'ן „פּוסטעפּאַסניק“. זי האָט בּיסלעכווייז אָנגעהויבּען איהרע אַמאָליגע זאַכען: קוקען מיט איין אויג, אַריינוואַרפען אַ שטעכווערטעל, זאָגען דער שוועגער און מיינען די שנור... דאָס אַלץ האָט דעם טאַטען מקצר־ימים געווען, און דער העלד אַליין האָט פאַרטיעפט זיך אין זיינע בּיכער, אָדער

אַנגערוקט דאָס היטעל, געגומען דאָס שטעקעלע און אַוועק צו זיינע אויבענבאַשריבענע באַקאַנטע פילאָזאָפען, צו חייטע רודערמאַן אָדער צו אַברהמעל זאַלאַטושקין. מיט זיי האָט ער ליעב געהאַט צו דיסקוטירען וועגען אַבסטראַקטע זאַכען, וועלט־פּראָבלעמען. חייטע רודערמאַן, דער פּעסימיסט, האָט, ווי זיין שטייגער איז, געזידעלט די גרעסטע מענטשען, נישט אָנערקענט קיין אויטאָריטעטען, געפייפט אויף דער גאַנצער וועלט. דערפאַר האָט אָבער דער אָפּטימיסט זאַלאַטושקין ציטירט פון היינע און בערנע גאַנצע שטיקער מיט אַ באַזונדערען ניגון, געגרייזעלט בעת מעשה דעם טשוביק פון זיינע געגרייזעלטע האָר און זיך אָנגעוואַרעמט מיט אַזאַ התלהבות, ווי אַ פאַרברענטער חסיד, בעת ער זאָגט־נאָך דעם רבינ׳ס תורה.

דאָס אַלסדינג איז אָבער געווען נישט מעהר ווי אַ מיטעל אויף די צייט צו פאַרטרייבען. עס האָט זיך געפיהלט אַ פּוסטקייט אין דער נשמה און איין אומזיסט־פאַרלירען פון צייט און פון ענערגיע. עס האָט זיך געבענקט נאָך אַרבייט. עס האָט זיך געריסען אין דער וועלט אַריין. עס איז ניט ליעב געווען דאָס לעבען. זיך אַליין נמאס. נמאס און מאוס.

נאָר דער גאָט, וואָס פאַרלאָזט ניט קיינעם, האָט זיך אומגעקוקט אויך אויף דעם פאַרלוירענעם העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראַפיע. איהם איז געקומען צו הילף זיין טאַטענ׳ס אַ גוטער פריינט מיט׳ן נאָמען ישראל בענדיצקי. דער דאָזיגער פאַרשוין, חאָטש ער איז, אייגענטליך, געווען ניט מעהר ווי אַ כלי־זמר, דאָך האָט ער געשפּיעלט אין שטאָדט אַ ראָלע פון אַ זעהר אָנגעזעהענעם בעל־הבית. געשפּיעלט האָט ער נאָר אויף געהויבענע רייכע חתונות, זיך גערעכענט פאַר דיריזשאָר און קאַפּעלמייסטער. זיין הויפּטגעשעפט איז געווען — אַ רייכע פּריצישע אכסניה. ער איז אויך געווען דער איינציגער פאָטאָגראַף אין שטאָדט. דערצו איז ער געווען גלאַט אַ שענער איד, אַ הויכער, איין אויסגעפּוצטער,

מיט א זעלטען־שענער קיילעכיגער שווארצער באָרד. געטראָגען א שווארצען געוועגטעגעם הענגקאָלנער, א הויכען קאפעליש און לעדערנע קאלאָשען מיט מעשענע אָבצאסען. א צינגעל האָט ער געהאט א געשליפענעם, גערעדט זיס און קיילעכיג און מעהר אויף רוסיש: „וויגטילי"... „מעזשדו פּראָטשים"... „סליעדאָ־וואטעלנאָ"...

דער דאָזיגער בענדיצקי איז געווען איין אָפטער אריינגעהער אין קלוב, דאָס הייסט, צו ראבינאָוויטשען אין דער „טאבאטשנע" — א ביסעל שמועסען. איינמאָל איז מען געזעסען אזוי און גע־שמועסט, דערצעהלט בענדיצקי, ווי א מסיח לפי תומו, אז די טעג האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי איהם איינער א איד, איין עושר, א גביר, איין אדיר, א מאגנאט, מיט׳ן נאָמען ק. זיצען זיצט דער דאָזיגער „מאגנאט" אין א קליין שטעדטעלע אין ט. (קיעווער גובערניע). מע קאָן זאָגען, אז ס׳איז א דאָרף, ניט קיין שטעדטעל. און ער האָט קינדער, צו וועלכע ער זוכט מיט ליכט עפּיס א רעכטען לעהרער, א רעפּעטיטאָר, אויף אידיש און רוסיש צוזאמען. נאָר דער לעהרער זאָל זיין א געראָטענער, א קענער, און, מעזשדו פּראָטשים, א טאטענ׳ס א קינד.

לאָזט זיך אויס, אז דער טאטע קען דעם דאָזיגען „מאגנאט" נאָך פון לאַנג. אמאָל, מיט יאָהרען צוריק, אז דער „מאגנאט" ק. איז נאָך געווען א קליין מענטשעלע, זיך געדרעהט ארום א פּריץ, איז ער געשטאנען סטאנציע ביי ראבינאָוויטשען אין דער אלטער אכסניה און געווען דאָס, וואָס מע רופט אָן א „גוט ברודערעל". דערהערט אזא מעשה, רופט זיך אָן בענדיצקי: „סליעדאָוואַ־טעלנאָ, האָט דאָך גאָט אליין מיך געשיקט צו אייך פאַר א שליח! אויב אזוי, וועל איך אייך געבען איין עצה, אז איהר זאָלט באלד אוועקזעצען זיך און אָנשרייבען א רעכטען, א פיינעם בריעף, מעזשדו פּראָטשים, אויף לשון־קודש, אזוי ווי איהר קענט און אזוי ווי אזא מאגנאט שטעהט־אָן, און דער בחור, וויגטילי, זאָל ניט

מעדליוועו און זאָל גלייך אָוועקפאָהרען מיט דעם דאָזיגען בריעף קיין ט. און פאַרנעמען די שטעלע, און סע זאָל זיין אין אַ גוטער שעה — אָמן”.

און אַזוי איז דאָס טאַקי געוועו. עס איז באַשאַפען געוואָרען אַ בריעף, אַ שענער פייערינער מליצה־בריעף מיט אַזאַ שענער שפּראַך, אַז עס קאָן ריהרען אפילו אַ שטיין. דער טיטעל אַליין האָט פאַרנומען דריי לאַנגע שורות, אין וועלכע עס זענען געוועו אויסגערעכענט אַזוי פיעל מעלות און שבחים, אַז ווען אפילו דער „מאַגנאַט” זאָל פאַרמאָגען נאָר אַ דריט־חלק פון זיי, וואָלט ער אויך געקאָנט זיין אַ אידעאַל פון אַ מענטשען... אָנגעוואָפּענט מיט אַזאַ שטאַרקער פּראָטעקציע, לאָזט זיך דער יונגער רעפּעטיטאָר אַוועק נאָך אַ מאָל אין גאָט'ס וועלט זוכען גליק. קיין איבעריגע געלטען מיט זיך, דאַרף מען דעם אמת זאָגען, האָט ער ניט מיט־געפיהרט. קיין אַקרעדיטיוועו אין די בענק האָט ער אויך ניט געהאַט. דאָס ביסעל, וואָס ער האָט פאַרדיענט פון זיינע שטונדען, האָט ער דעם גרעסטען טייל פאַרטראַנזשירט, זיך אויסגעקליידט, ווי אַ פּרינץ. דאָס איבעריגע האָט צוגענומען די באַהן. היינט איז מען דאָך עפּיס אַ לעבעדיגער מענטש. אויף יעדער סטאַנציע שטעלט מען זיך אָפּ. די פּאַסאַזשירען שיטען־אַרויס פון די וואַגאָנעס און לויפען־צו צום בופעט. מע חאַפּט זיך צו, ווער צו די פלעשלעך מיט די גלעזלעך, ווער צו די הייסע פּירעזשקעס. ווער עס הייסט זיך געבען אַ גלעזעל טיי און ווער אַ פלעשעל סאָדע־וואַסער. מע טרינקט דאָס אויס על רגל אחת און מע באַ־צאָהלט דעם קעלנער טרינקגעלט פון דער ברייטער האַנט, מעשה באַנקיר, אָדער אָפיציער — לאָז ער וויסען דרך־ארץ, — און אַזוי איז אויף יעדער סטאַנציע. דאָס ביסעל מינץ ווערט צעקראָכען, צעגאַנגען, אַזוי ווי שניי אויף דער זון. אין ביי טעלע באַמבעלט זיך נאָך עפּיס אַ מין פּיטאַקעל. נאָר ווער טראַכט וועגען דעם?

א מענטש פאָהרט אויף א גרייטער זאַך. אזא שטעלע! און אָנגעוואָפּענט מיט אזא פּראָטעקציע — ווער מען הערט ער?

. . . . . . . . . . . . . . . .

און אַז ער איז געקומען קיין ט., ארום פאַרנאַכטליך איז דאָס געוועזען, האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אז ער איז נקי, ריין פון געלט, פארמאָגט זיין אייגענס דאָס איינע פּיטאַקעל. און דאָך האָט ער אפילו אויף קיין מינוט זיך ניט פארטראַכט. אדרבה, ער האָט זיך געפיהלט אַזוי גוט, ווי נאָך קיינמאָל ניט אין זיין לעבען. דאָס אליין, וואָס ער איז פריי געוואָרען פון די רזשישטשעווער אינטריגאַנטעס-לעהרערס, טאַראַקאַנעס און וואַנ־צען — וואָס איז עס ווערטה? מיט פולע לונגען האָט ער אריינ־געאָטעמט אין זיך די געזונטע אָסינדיגע לופט. די זון איז שוין לאַנג פארשוואונדען אויף יענער זייט וואַלד, וואָס האָט געשמעקט מיט דעמבענעס און סאָסנאָוועס ריח.

ארויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן, האָט זיך דער יונגער רעפּע־טיטאָר געלאָזט גלייך צום גביר — איהם איבערגעבען דעם בריעף. פארגינט זיך אזא „מאַגנאַט" צו זיצען העט־ווייט אין אלדי גוטע יאָהר ארויס פון דער שטאָדט, אין א ווייסען פּאַלאַץ מיט א גרויסען גרינעם גאָרטען, ארומגעגרייזעט מיט געפאַרבטע שפּיצע־ביגע צאָצקעדיגע שטאַכעטען. צוטרעטען צו איהם איז ניט אַזוי גרינג, ווי מע קאָן זיך פאָרשטעלען. ערגער ווי צו א פּריץ. נאָר אז מען איז אָנגעלאָדען מיט אזא שטאַרקער פּראָטעקציע, קאָן מען שוין געהן אפילו צום קייסער אליין... אזוי טראַכט זיך דער העלד, נאָר ער האָט א טעות. וואָרום נאָך אלעמען איז דער גן־עדן גאָר ניט אזוי גוואַלדיג, ווי דער וועג, וואָס פיהרט צום גן־עדן. א סברה, אז איידער מע טרעט־צו צו אזא גביר, מוז מען דורכגעהן פריהער אלע שבעה מדורי גיהנם. ביי אזא „מאַגנאַט" איז פאַרהאַן דריי זאַכען, וואָס מע מוז פריהער דורכמאַכען, איידער מען איז

זוכה צו זעהען זיין פנים. און אפילו, אז איהר האָט שוין דורכגעמאַכט אַלע דריי זאַכען, זענט איהר נאָך אַלץ ניט פאַרטיג. איהר קאָנט געהן און געהן און אַוועקגעהן מיט דעם, וואָס איהר זענט געקומען. וואָס זענען די דריי זאַכען? — 1) אַ סטרוזש, אַ הויכער טרוקענער ערל מיט קרומע פיס. אַז ער געהט, קאַטשעט ער זיך. זיין נאָמען איז פאַנטאַליי און זיין עובדה — ער זיצט ביי'ם טויער, אַזוי ווי, להבדיל, מרדכי דער איד ביי'ם קעניג אחשורוש. 2) אַ שוואַרצער כלב, אַ בלינדער אויף איין אויג, אַזוי ווי בלעם. זיין נאָמען איז זשוק. דעם דאָזיגען כלב שבכלבים האַלט מען צוגעבונדען צו אַ בוים אויף איין אייזערנער קייט — אַניט וואָלט ער דורם געווען מענטשען. און 3) אַ יונג אַ משרת, וואָס טראָגט אַ קויטיגע מאַנישקע, אַ גאָלדענעם רינג און געהט פאַרקעמט מיט אַ שרונט אַקוראַט אין מיטען קאָפּ. די שוואַרצע האָר שטאַרק אָנגעשמירט מיט פעטען און שמעקען מיט אַ ריח פון אָדעקאָלאָן, געמישט מיט ציבעלעס, נאָר די אויהערען זענען פול מיט בלאָטע און די נעגעל אַרומגעברעמט מיט שוואַרצען. דורכגעהן אָט די דריי אינסטאַנציעס איז ניט פון די קלייניגקייטען. קודם-כל דאַרפט איהר זיך באַקענען מיט'ן סטרוזש פאַנטאַליי, וואָרום אַז ער דערזעהט אַ פרעמדען מענטשען, טהוט ער איהם אַ פרעג: „שטאָ נאַדאַ?” געהט דערצעהלט פאַנטאַלייען אַ מעשה וועגען אַ בריעף און וועגען אַ שטעלע. איז אָבער פאַנטאַליי נישט קיין שלעכטער גוי. אַ „פיטאַקעל” איז ביי איהם אַ מטבע. אַוועקגעשוואומען דאָס איינציגע, דאָס לעצטע פיטאַקעל!... דערפאַר איז פאַנטאַליי אַ גוטער ברודער. אַ סך ערגער פון דעם ערל איז זשוק. דער כלב איז טאַקי אויף אַ קייט. נאָר אַ הונט בלייבט אַ הונט. ער בילט און שפּרינגט און רייסט זיך, דער כלב שבכלבים, מיט אַלע כוחות. אַ גליק, וואָס פאַנטאַליי איז דאָ ביי דער זייט. שרייט ער אָן אויף איהם, שעלט איהם מיט טוידטע קללות און זאָגט איהם מוסר — אַ גאַנצע דרשה. נאָר שווערער פון אַלץ איז די דריטע אינסטאַנציע — דער משרת. דער האַלט זיך גאָר

פאַר אַ גאַנץ קנעפּעל, פרעגט־אויס בײַ אײַך איטליכס ברעקעל, נעמט־אָפּ אײַן עקזאַמען: ווער איהר זענט? פון וואַנען איהר קומט? און וואָס איהר דאַרפט? אַ יונג אַ בלאָזען. מיט איהם איז גלײַכער איהר זאָלט זיך האַלטען פון דערווײַטען, קוקען אויף איהם פון אויבען אַראָפּ. אַניט — וועט ער אײַך קריכען אויפ׳ן קאָפּ. דער העלד פון די געשיכטעס ווייסט עס פון זיין אייגענעם ערפאַהרען. דער משרת האָט איהם אַ נעם געגעבען אויפ׳ן צימבעל: פון וועמען איז דער בריעף? וואָס שטעהט אין בריעף? און וואָס פאַר אַ געשעפט ער האָט? אַ שטעלע? וואָסער אַ שטעלע? אין „זאַוואָד״? אָדער אין די „עקאָנאָמיעס״? אויב אין „זאַוואָד״ — זענען אַלע שטעלעס פאַרנומען. און אויב אין די „עקאָנאָמיעס״ — זענען אויך אַלע שטעלעס באַזעצט. סיידען אַ לעהרער־שטעלע? — זענען אָבער דאָ בעלנים איבער־גענוג. אָט געהט נאָך איינער מיט אַ הענגקאָלנער, זעהר אַ וואַזשנע לעהרער — האָט ער אָבער אַ חסרון: ער איז אַ שוטה, חאָטש בראָקט איהם אין קרויט. דערפאַר האָט ער אַ מעלה, וואָס ער איז מיט אַ באָרד, וועלען די פּאַניטשלעך מיט די באַרישנים פאַר איהם האָבען דרך־ארץ.

— פאַר אײַך ניט, ווייל איהר זענט נאָך צו יונג, וועלען זיי אײַך אָפּדרעהען דעם קאָפּ... אונזערע פּאַניטשלעך מיט אונזערע באַרישנים — עס וואָלט געמעגט קומען אויף זיי אַ חלירע אין איין טאָג!...

אזוי לאָזט־אויס דער משרת און פאַרבייסט מיט אַ שענעם יברכך, נעמט־צו בײַ׳ם בחור דעם בריעף, לעגט איהם אַרויף אויף אַ זילבערן טעצעל און ווערט פאַרשוואונדען אין די ווייטע אַפּאַרטאַמענטען. אין עטליכע מינוט אַרום איז דער משרת גע־קומען צוריק מיט לעדיגע הענט און אָהן אַ שום רעזולטאַט. דעם בריעף האָט, זאָגט ער, דער „מאַגנאַט״ געעפענט, אַ קוק געגעבען, און, ניט געלייענטערהייט, אַוועקגעלעגט.

וואָס איז די מעשה? — דאָס וועלען מיר זעהען ווייטער.

8

# אין חלום און אויף דער וואך

אויף דער סטאנציע אינ'ם קליין שטעדטעלע. — „בערעל דער רויטער" טאפט ביי איהם ווערטער. — דער העלד לעגט זיך שלאפען א הונגעריגער און געהט־אוועק אין עולם־הדמיון אריין. — ווידער א מאל דער „אוצר". — ער באגעגענט זיך מיט א טאכטער פונ'ם „מאגנאט", און פון זיינע חלומות לאזט זיך אויס א טייך.

באקומען ביי'ם „מאגנאט" פון ט. אזא קאלטען ברוך־הבא, האט אונזער העלד פון דעסטוועגען נאך ניט פארלוירען זיין קוראזש און זיין האפענונג האט ער ניט אויפגעגעבען. ער האט זיך גע־טראכט: „וואס א גביר א מאגנאט קאן זיך פארגינען! אפשר איז איהם דער קאפ ניט דערביי? ניט היינט — איז מארגען"... דערווייל די צייט שטעהט ניט. עס הויבט־אן צו ווערען שטאק־נאכט. מע באדארף א טראכט טהון וועגען נאכטלעגער, אויסזוכען א סטאנציע. ער האט זיך געלאזט זוכען און האט אויסגעזוכט די איינציגע סטאנציע אינ'ם שטעדטעלע ט. — א שטיבעל אויף היהנערשע פיסלעך. דער בעל־הבית איז נאך א יונגערמאן, טאקי דעם „מאגנאט'ס" א נאהענטער קרוב. א איד א רויטער, מיט א רויט־פייערינער באָרד. זיין נאמען איז „בערעל דער רויטער". אז ער רעדט, פארמאכט ער די אויגען און שמייכעלט. א מאדנער איד. ער אינטערעסירט זיך אייך מיט איטליכם ברעקעלע. ער דארף אלסדינג וויסען, וואס ביי אייך טהוט זיך, און איז גרייט צו יעדער צייט אייך באהילפיג זיין מיט וואס נאר ס'איז מעגליך.

אזוי זאָגט ער. ער קאָן אייך געבּן איין עצה, פאָלגען אַ גאַנג, זאָגען אַ גוט וואָרט פאַר אייך בּיי זיין רייכען קרוב אין הויף, און טאַקי אונטערשטיצען מיט אַ בּאַשיידענעם וואַרעמעס, מיט אַ גלעזעל טיי, עס שטעהט בּמילא אַ גרויסער סאַמאָוואַר מיט אַ טשייניק. טיי טרינקט ווער עס וויל און ווער עס וויל ניט.

אויסגעטאַפּט בּיי'ם יונגען אורח, ווער ער איז און ווער זיין טאַטע איז, לאָזט זיך אויס, אַז ער קען איהם זעהר גוט. ער איז ניט איין מאָל געשטאַנען בּיי זיין פאָטער אין דער אַכסניה. איז ער בּיי איהם נאָך טייערער געוואָרען. גאָר איין אָנגעלעגטער גאַסט! וויבּאַלד אַזוי, מעג ער זיך וואַשען און געהן צום טיש גלייך מיט אַלעמען. געפעלט ניט דעם גאַסט, וואָס מע קוקט אויף איהם, ווי אויף איין אָרעם־בּחור... ער איז נאָך געננוג גרויס בּיי זיך, ער זאָל ניט וועלען עסען לאַסקאַווע בּרויט בּיי אַ אידען איין אָרעמאַן, וועלכער לעבּט מסתּמא פון די בּרעקלעך, וואָס פאַלען־אַראָפּ פון דעם רייכען קרוב'ס טיש... און ער טראַכט־אויס אַ ליגען, אַז ער איז גאָר נישט הונגעריג, אַז ער איז שוין אַ געגעסענער...

וויפיעל דער בּעל־הבּית, בּערעל דער רויטער, מוטשעט איהם ניט, ער זאָל איהם זאָגען, וואָס פאַר אַ געשעפט ער האָט צו זיין רייכען קרוב, טאָמער קאָן ער איהם אַ טובה טהון, — וויל ער איהם ניט זאָגען. עס שטעהט איהם ניט אָן, אַז אַ זייטיגער איד, און נאָך אַ רויטער דערצו, זאָל זיך אַריינמישען אין זיינע געשעפטען.

בּערעל דער רויטער טאַפּט ווערטער. דער בּחור מאַכט זיך תּמ'עוואַטע, גלייך ווי ער פאַרשטעהט ניט, וואָס דער איד מיינט. לאָזט זיך אויס, אַז דער איד ווייסט גאַנץ גוט, וואָס דער בּחור דאַרף צו זיין רייכען קרוב. נאָר ער וויל דאָס הערען פון איהם אַליין. און ער דערצעהלט איהם אַ מעשה, בּאַשר אַזוי ווי דער קרוב זיינער, דער „מאַגנאַט", זוכט אַ לעהרער צו די קינדער, האָט ער אויסגעפּויקט איבּער דער גאַנצער וועלט, און עס האָבּען

זיך אַ לאָז געגעבן צו איהם לעהרערס, יונגע און אַלטע, מיט פּראָטעקציעס און רעקאָמענדאַציעס פון באָהסלאַוו, פון קאַניעוו און פון טאַראַשטשע — „אידען זוכען פּרנסה, ווילען אַ שטיקעל ברויט"... אַזוי לאָזט־אויס בערעל דער רויטער, און די ווערטער „פּרנסה" און אַ „שטיקעל ברויט" קלינגען פאַר אונזער יונגען העלד, ווי אַ באַלעדיגונג. און טאָמער איז קאַרג, גיסט־אונטער דער רויטער איד בוימעהל אויפ'ן פייער און זאָגט, אַז ס'איז אַ גאָט'ס רחמנות אויף די קאַנדידאַטען, „וואָרום זיי זענען נעבאַך הונגעריג"... עס ווייזט זיך איהם אויס, אַז אָט דער רויטער איד ציעלט דאָס גראָד אויף איהם... דער איד ווייסט, אַפּנים, אַז דער העלד לעגט זיך שלאָפען אַ הונגעריגער.

. . . . . . . . . . . . . . . .

ער ווייסט ניט, צי עס חלומ'ט זיך איהם, אָדער ער פאַנ־טאַזירט עס וואַכענדיג, נאָר עס שטעלט זיך איהם פאָר אַזאַ משונה־מאָדנער אומגעלומפּערטער געדאַנק: אַז ער האָט גאָר קיין שום בריעף צום „מאַגנאַט" ניט איבערגעגעבן, נאָר ער איז גלאַט אַזוי אַריינגעטרעטען צו איהם אַלס באַדיענער... און אַז ער איז ביי איהם אַ „מענטש", ווי אַלע „מענטשען"... נאָר ער געפעלט זעהר דעם „מאַגנאַט"... און דער „מאַגנאַט" רופט איהם אַריין צו זיך און פרעגט איהם, ווער ער איז און פון וואַנען ער איז?... און אַז ער דערזעהט, מיט וועמען ער האָט צו טהון, הויבט ער איהם אויף און גיט איהם אַ העכערע שטעלע... און עס געהט־אַוועק אַ קורצע צייט, ווערט ער ביי איהם כּל־וֹלך איבער אַלע „מענטשען" און איבער'ן גאַנצען „הויף"... און דער סטרוזש פּאַנטאַליי, און דער הונט זשוק, און דער בלאָזנע משרת — אַלע ציטערען פאַר איהם אימת־מות... און ער שרייבט אַ בריעף צום טאַטען אַהיים, מיט אַ שענער מליצה, אויף העבּרעאיש געוויינליך, און ניט גלאַט אַ פּוסטען בריעף, נאָר מיט עטליכע פרישע קנאַקענדיגע הונדערטער — אַ מתּנה דעם טאַטען אויף יום־טוב... אינ'ם

בּריעף שרייבּט ער אַרויס דעם טאַטען רוב גדלו ורוב עשרו, מאָהלט איהם אַ בּילד, ווי אַזוי ער פאָהרט־אַרויס מיט דריי פּאָר פערד נאַשפּיץ... פרעגט מען איינס דאָס אַנדערע: „ווער פאָהרט דאָס?" ענטפערט מען: „איהר ווייסט ניט, ווער דאָס איז? דאָס איז דאָך דער גלאַוונע אופּראַווליאַיושטשע"... „אַזאַ יונגער־מאַן?!"...

עס איז שוין גרויסער טאָג. פון בּערעל דעם רויטענ׳ס קיך לאָזט זיך הערען אַ קלאָפּעריי און עס טראָגט זיך פון דאָרטען אַ ריח פון פרישען, נאָר־וואָס אויסגעבּאַקענעם בּרויט און געפּראַ־זשעטער מילך. דער העלד חאַפּט אויף זיך גיך דאָס אָנטהון און לאָזט זיך אין „הויף" אַריין, בּאַקומט איין אַאודיענץ בּיי׳ם משרת און ווערט געוואַוירע, אַז דער „מאַגנאַט" האָט דעם בּריעף נאָך ניט געלייענט... געהט ער מיט אַ פאַרבּיטערט האַרץ צוריק אויף דער אַכסניה, בּאַגעגענט זיך מיט׳ן רויטען בּעל־הבּית. מיט צו־געמאַכטע אויגען, ווי זיין שטייגער איז, טהוט איהם בּערעל דער רויטער אַ פרעג גלאַט אַזוי פון יוצא וועגען: „וואָס הערט מען נייעס?"... „דערווייל נאָך גאָרניט". — ענטפערט איהם דער יונגער אורח און גליטשט זיך אויס פונ׳ם רויטענ׳ס הענט און געהט־אַוועק צו זיך אין חדר׳ על אַריין, ציהט זיך אויס אויפ׳ן בּעטעל און פאַרשטעקט זיך די נאָז, ער זאָל ניט הערען דעם ריח פון מאַרענירטען הערינג מיט אָנגעבּראָקטע ציבּעלעס, וואָס קיצלען דעם חוש־הריח און רייצען דעם אַפּעטיט מיט סכּנת־נפשות!...

און בּכדי אָפּצוטרייבּען פון זיך דעם יצר־הרע, מאַכט ער צו די אויגען און פאַרטיעפט זיך אין מחשבות און געדאַנקען, וועלכע חאַפּען איהם אויף און טראָגען איהם אַוועק אויף די פליגלען פון דער היציגער פאַנטאַזיע אין עולם־הדמיון, אין דער צויבּערוועלט פון זיסע גאָלדענע חלומות. אַהין האָט ער ליעבּ צו פאַרקלויבּען זיך אַלע מאָל, ווען ער בּלייבּט אַליין מיט זיך. קיינער האָט אַהין קיין שליטה ניט. אפילו זיינע סאַמע נאָהענטע חברים. דאָס איז יענע כּישוף׳דיגע וועלט, וואָס איז איהם פאַרבּליבּען פון זיין

אמאָליגען חבר שמואליק. אַ וועלט פון אוצרות און פון וואונדער־שטיינער, וואָס איינער פון זיי הייסט „ישפה" און דער אַנדערער — „כדכד". אַ רייב מיט'ן ערשטען שטיין: „ס'זאָל מיר ארויס־געהן און ארויסגעהן!"... באַווייזט זיך איין אָנבייסען, הייסע שמעקענדיגע פראַנזעלען מיט פוטערקיכלעך, וואָס צעגעהען זיך אין מויל, און אַ ריח פון הייסער קאַווע מיט מילך צעגעהט זיך אין אַלע ווינקעלעך, — איז איידער ער ריהרט זיך נאָך צו צו דער קאַווע, איז שוין אויסגעוואַכסען אַ פעטע יויך מיט מאַנדלען און אַ פערטעל עוף, און געבראָטענע קאַטשקע מיט מעהרעלעך, און אַ קוגעלע פון מצה־מעהל מיט גענזענשמאַלץ, און וויין — צווייערליי סאָרטען: 1) רויטוויין „צערקאָווניע כשר לפסח", 2) ווייסער וויין, פונ'ם „ווימאָראָזיג יוזשנאהאָ בערעגאַ"... דאָס זענען די ווייגען, וואָס זיין טאַטע האָט געהאַלטען אויף פסח נאָר פאַר יחידי־סגולה, פאַר די אמת'ע מבינים.

אָפּגעפּאַרטיגט זיך מיט'ן דאָזיגען גרויסאַרטיגען אָנבייסען, פיהלט ער, אַז ער באַדאַרף האָבען רוה. טהוט ער אַ רייב מיט'ן צווייטען שטיינדעלע: „ס'זאָל מיר אַרויסגעהן און אַרויסגעהן!"... און נאָך איידער ער רעדט עס אַרויס, דערזעהט ער זיך שוין אין אַ קרישטאָלענעם פּאַלאַץ פון צוועלף חדרים. די ווענט זענען אויסגעקלעפּט מיט אַסיגנאַציעס פון סאַמע הונדערטער. די ערד איז אויסגעפּלאַסטערט פון זילבערנע מטבעות, באַציערט מיט גאָלדענע רענדלעך. דאָס גאַנצע מעבעל איז פון ווייסען עלעפאַנט־ביין, מיט סאַמעט אויסגעבעט. וואו מע טהוט זיך אַ ריהר איז גאָלד און זילבער און די בעסטע טייערסטע שטיינער. אַרום און אַרום איז אַ גאָרטען פון די בעסטע פּירות. און אַ טייכעל לויפט פאַרביי מיט גאָלדענע פישעלעך. און אַ געטליכע מוזיק הערט מען דאָרטען שפּיעלען — די בעסטע פיעדעלשפּיעלער פון דער וועלט. און ער אַליין, דער העלד, טהוט גאָרניט, נאָר ער טיילט צדקה פון דער ברייטער האַנט, פולע זשמענים. וועמען גאָלד, וועמען זילבער, וועמען שטיינער, און וועמען אַ מזומנ'ע מטבע,

וועמען עסענוואַרג און וועמען קליידער — ער לאָזט ניט דורך קיינעם, דעם גרעסטען שונא אפילו. פאַרקעהרט, די שונאים גיט ער נאָך מעהר, ווי די גוטע פריינט, בכדי זיי זאָלען פיהלען...

אַ פאַר׳חלומ׳טער, אַ הונגעריגער, חאַפּט זיך אויף דער יונגער טרוימער, און מיט אַ פאַר׳חלש׳ט האַרץ לאָזט ער זיך אַוועק ווייעדער אין „הויף" פון דעם „מאַגנאַט". ער איז שוין דאָרט אַ היימישער. דאָס הייסט, דער סטרוזש פאַנטאַליי לאָזט איהם דורך. דער הונט זשוק טשעפּעט איהם ניט. און דער משרת איז מיט איהם זאַ־פּאַני־בראַטאַ. ער פּאַטשט דעם יונגען בחור איבער דער פּלייצע און זאָגט איהם אָן אַ בשורה, אַז ער האָט שוין גערעדט פון איהם, ניט מיט׳ן בעל־הבית, נאָר מיט זיינע טעכטער... און אַזוי ווי ער רעדט — באַווייזט זיך איינע פון די טעכטער, אַ גראָבע מויד, אַ רויטע, אין אַ קורץ קליידעלע, מיט גראָבע פולקעס און מיט אַ פאַרריסען נעזעל: „אָט דאָס איז ער!" — ווייזט־אָן אויף איהם דער משרת, און די גראָבע מויד באַטראַכט איהם פון קאָפּ ביז די פיס, באַהאַלט דאָס פּנים אין די הענט, שיסט־אויס אַ געלעכטער און אַנטלויפט.

9

## אַ מעשה מיט אַ זייגער

ער זוכט מיטלען קעגען הונגער. — אַ זייגער מיט אַ געשיכטע. — דער דיאַלאָג צווישען דעם בחור מיט'ן אַלטען זייגערמאַכער. — די קאָמבינאַציעס העלפען ניט, און דער הונגער וואַכסט.

און דעם בריעף האָט דער „מאַגנאַט" נאָך אַלץ ניט געלייענט. דאָס ריהרט שוין אָן דעם העלד'ס אַמביציע און ער געהט־אַרויס פון דאָרטען אַ צעקאָכטער. סטייטש, זיין טאַטענ'ס בריעף וואַלגערט זיך אַרום — דאָס אַהרט איהם מעהר פון אַלסדינג. נאָך מעהר פון דעם, וואָס ער איז הונגעריג. הונגעריג, ווי אַ הונט! ער קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען. עס טראָגט איהם אין דער לופטען. עס ציהט איהם דאָס האַרץ, און דער בויך איז איהם ווי איינ־געשרומפען. אַ קאַלטער שוויים טרעט־אַרויס, און ער זוכט אין זיינע געדאַנקען, וועלכע פון זיינע זאַכען ער וואָלט געקאָנט פאַר־קויפען, מאַכען דערפון קליינגעלט און עפּיס קויפען צו שטילען דעם הונגער... וואָלט דאָס געווען אין אַ גרויסער שטאָדט — פאַרזעצט מען דעם אויבעררא̇ק און מע שלאָגט־צונויף אַ פּאָר גראָשענס...

ער טאַפּט זיך אין אַלע קעשענעס, און זיינע געדאַנקען שטעלען זיך אָפּ אויפ'ן זייגער. נאָר וואָס טהוט מען מיט'ן זייגער? פאַרזעצען אין משכּון — איז ניטאָ ביי וועמען. סיידען פאַרקויפען? דערמאַנט ער זיך, אַז אין דער פריה האָט ער

געזעהען אין מאַרק איין אויפשריפט מיט אַ גרויסען ציפערבלאַט: „טשאַסאָוויך דיעל מאַסטער”. דאָ וועט ער קאָנען פאַרהאַנדלען זיין זייגער. קיין סך קאַפּיטאַלען — ווייסט ער — וועט ער פון דעם ניט שלאָגען. נאָר עס וועט זיין גענוג וויפיעל ער וועט קריגען, אַבּי צו שטילען דעם הונגער.

אַ מיאוס׳ע זאַך — הונגערען. אַ חוץ, וואָס עס ציהט דאָס האַרץ און עס ציטערען הענט און פיס — איז דער בּזיון, דער בּזיון!... מע דאַרף פאַרשטערכען דעם זייגער... איז אָבּער דער זייגער, וואָס דער בּחור פאַרמאָגט, ניט גלאַט אַ זייגער, נאָר דאָס איז אַ זייגער מיט אַ געשיכטע, מיט אַ היסטאָריע. אַ היסטאָרישער זייגער. מוז מען דעריבּער פריהער אייך בּאַקענען מיט דער געשיכטע פונ׳ם זייגער.

דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען דער מחבּר פון די דאָזיגע זכרונות האָט געהאַלטען אין רעכטען גלאַנץ פון געבּען שטונדען. אין זיין געבּורטסשטאָדט האָט ער געהאַט שטונדען אַ סך מעהר, וויפיעל אַ יונגער לעהרער קאָן זיך ווינטשען. נאָר איין זאַך האָט איהם געפעהלט צו די שטונדען — אַ זייגער. האָט ער זיך צונויפגעשלאָגען פון די שטונדען אַ שטיקעל קאַפּיטאַל אויף צו בּאַזאָרגען זיך מיט אַ זייגער. די בּעסטע צייט אויף צו קויפען אַ זייגער איז „ספּאַס־יאַריד”. דעמאָלט פאָהרען זיך צונויף אין פערעיאַסלאַוו סוחרים, קרעמער פון דער גאָרער וועלט. וואָס איין אויג קאָן זעהען און וואָס אַ מויל קאָן רעדען קריגט איהר אויף דעם יאַריד.

אויפגעשטאַנען איינמאָל אין דער פריה, גענומען דאָס שטעקעלע, האָט זיך אונזער העלד געלאָזט אויפ׳ן יאַריד צו די שאַלאַשען און קראָמען, וואו די גאָלדענע און אַנדערע טייערע זאַכען זענען אויסגעשטעלט. ספּאַס־יאַריד שטעלט זיך סוף זומער, אין חודש אויגוסט. דעמאָלט קומען־אויף די קאַווענעס מיט די

דינים. עפעל און בארען ליגען קופעסוויז אויף די וועגען און אויף דער ערד. אידען לויפען־ארום, ווי פאר'סמ'טע מייז, פאר־טארעראמט און פארשוויצט. מע טהוט געשעפט. מע לייזט געלט. ציגיינער שווערען זיך, פערד הירזשען, שאף מעקען, חזירים'לעך קוויטשען פון די זעק ארויס. א בלינדער בעטלער שפיעלט אויף א באנדורע. א אידינע פארקויפט בייגעל. א יונגעל טראגט־ארום קוואס. אלץ רעדט. אלץ שרייט. מע קאן טויב ווערען.

געהענדיג אזוי איבער'ן יאריד פארטראכט, שלאגט ער זיך אן אויף א אידעל מיט א רויט פרישטשעוואטע פנים, מיט א קויטיגער מאנישקע און מיט מאדנע לויפענדיגע אויגען. שטעלט איהם אפ דער איד, רעדט שטיל, הייזעריגליך, און ווינקט מיט די ממזר'ישע אויגלעך אויף א הויכען דארען פריץ מיט א פויליש היטעל, מיט לאנגע פארדרעהטע וואנסעם ארויף.

— אט דער אדון האט צו פארקויפען א זאך בחצי חנם... טהוט א קוק. וואס'ט אייך אהרען?

און באלד נאך דעם רוקט זיך צו דער פריץ, ציהט־ארויס פון קעשענע א פאפיער, קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען, וויקעלט־אויף דאס פאפיער, און עס טהוט מיט א מאל א בלישטשע אין די אויגען א שפאגעל־נייער, א גלאנצענדיגער גאלדענער זייגער. א וויז געגעבען דעם זייגער פון דער ווייטען, וויקעלט איהם דער אדון איין אין פאפיער און באהאלט איהם צוריק אין קעשענע, אהן ווערטער. רעדען רעדט דאס אידעל:

— א מציאה פון א גנב!... ער באדארף האבען נויטיג געלט. אויף דעם זייגער איז דא גאלד אליין אפשר אויף א הונדערטער...

— וויפיעל זשע וויל ער פאר'ן זייגער?

— איך מיין, ער'ט נעמען האלב, א פופציגער. א מציאה פון א גנב!... איך אליין וואלט א בעלן געווען, האב איך ניט אזוי פיעל געלט ביי זיך. — זאגט דאס אידעל.

— איך האב אויך ניט. — זאגט דער בחור און חאפט זיך צו דער קעשענע.

— וויפיעל דען האָט איהר? — פרעגט איהם דער פּריי־שטשעוואַטער איד.

— איך פאַרמאָג אינגאַנצען איין פינף־און־צוואַנציגער...

דער איד טהוט אַ בלישטשע מיט די ממזר׳ישע אויגען, ציהט־אויס אַ האַנט:

— מיט מזל־ברכה!...

אין איין אויגענבליק ווערט איינגעצאָהלט דאָס געלט, און דער גאָלדענער זייגער ווערט איבערגעגעבען צום קונה אין די הענט אריין. עס טהוט איהם אַ טיאָכקע דאָס הארץ — „טאָמער איז דער זייגער אַ גע׳גנבה׳טער?"... עס געהט איהם ניט איין די מציאה, וואָס ער האָט איינגעהאַנדעלט, און עס שטעלען זיך איהם פאָר אַלערליי טונקעלע מחשבות און טרויעריגע געדאַנקען: „טאָמער דערקענט מען ביי איהם דעם זייגער?"... האַנדלען אַ גנבה איז ערגער פון אַ גנבה אַליין... קורץ, ער האָט שוין חרטה. נאָר ס׳איז פאַרפאַלען. ער נעמט־ארויס דעם זייגער פון קעשענע, באַטראַכט איהם פון אַלע זייטען — אַ שפּאָגעל־נייער זייגער, און קלאָפּט, ווי אַ באָנדאַר! קאָפּערטעס גינגאָלדענע, שווערע. אַ ציפערבלאַט, ווי געפּאַלענער שניי. ווייזערס, ווי ריטער. עס בלייבט נאָר צו באַווייזען דעם זייגער עפּיס פאַר אַ רעכטען מבין, ער זאָל איהם באַטראַכטען און אָפּשאַצען. דער טאַטע איז אפילו אַ מבין אויף זייגערס. פּאַסט איהם אָבער ניט צו ווייזען איהם דעם טאַטען. און דערציהלען דעם אמת, אז ער האָט איהם גע־האַנדעלט אויף דער גאַס — וויל ער אויך ניט. הקיצור, דאָס בעסטע וועט זיין אריינטראָגען דעם זייגער צו הענזעל דעם זייגערמאַכער.

הענזעל דער זייגערמאַכער איז נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, נאָר אַ גרויסער קאָפּמענטש. אין שטאָדט זאָגט מען, אז הענזעל האָט צוגעטראַכט איין אייגענעם זייגער נאָך דער סיסטעם פון דער זון. אויפ׳ן פּנים ביי איהם זעהט מען אפילו קיין באַזונדערע חכמה ניט ארויס. אַ גאַנץ געוויינליכער איד מיט אַ ברייטער

נאָז. פאַרמאָגט אַ גראָבען ברייטען פלאַטשיגען פינגער מיט אַ גרויסען נאָגעל. מיט דעם נאָגעל טהוט ער איין עפען־אויף דעם זייגער, זאָטעלט־אָן דאָס אויג מיט אַ שפּאַקטיוו, טהוט אַ קוק־אַריין אין געוועקעל און זאָגט אייך באַלד, וואָס דער זייגער האָט, וואָס איהם פעהלט, און וואָס ער איז ווערטה.

באַטראַכט די מציאה, דעם גאָלדענעם זייגער, האָט הענזעל איהם צוגעמאַכט מיט אַ קנאַק און אַ זאָג געגעבען:

— אַ פּראָסטער צילינדער, ניט קיין אַנקער, ווערטה אַ פינפערעל עובר לסוחר...

— נו, און דאָס גאָלד?

— וואָסער גאָלד? ס'איז אַזוי גאָלד, אַזוי ווי איך בין אַ מיניסטער.

— וואָס דען איז דאָס?

— טאַמבעקע.

— וואָס הייסט דאָס טאַמבעקע?

— טאַמבעקע איז טאַמבעקע; נישט קיין מעש און נישט קיין קופּער, נאָר טאַמבעקע...

און הענזעל טהוט־אויס די שפּאַקטיוו, נעמט זיך צו דער אַרבייט און רעדט נישט מעהר.

אָט דעם דאָזיגען זייגער האָט דאָס דער יונגער וואַנדערער געוואָלט פאַרהאַנדלען צום זייגערמאַכער פונ'ם קליינעם שטעדטעלע ט. אַריינגעקומען איז ער צום זייגערמאַכער, צו איין אַלטען אידען אַ טויבליכען, מיט וואַט אין די אויהערען, גאַנץ ברייטליך, מעשה סוחר. און צווישען בחור מיט'ן אַלטען זייגערמאַכער קומט־פאָר אַזאַ מין דיאַלאָג:

ד ע ר ב ח ו ר: גוט מאָרגען, הער זייגערמייסטער! האָט איהר עפּים גוטע זייגערס?

ד ע ר  ז י י ג ע ר מ אַ כ ע ר : וויפיעל זייגערס דאַרף עס אַ בחור׳על ?

ד ע ר  ב ח ו ר : איינעם אַ זייגער...

ד ע ר  ז י י ג ע ר מ אַ כ ע ר : וואָסער אַ זייגער ווילט איהר — אַ זילבערנעם ? אַ גאָלדענעם ?

ד ע ר  ב ח ו ר : אַ גאָלדענעם וועל איך ביי אייך קויפען אַ ביסעל שפּעטער... דערווייל וועט זיין גענוג אַ זילבערנער, אַבי ער זאָל געהן ווי עס געהער צו זיין.

ד ע ר  ז י י ג ע ר מ אַ כ ע ר : וועגען דעם איז גאָר ניטאָ וואָס צו רעדען ! — און דער אַלטער זייגערמאַכער שיט־אויס פאַר׳ן קונה אַקעגען אַ האַלב טוץ נייע זייגערס. דער בחור שטעלט זיך אָפּ אויף איינעם פון זיי און גיט צו פאַרשטעהן דעם אַלטען, אַז ער וויל, אייגענטליך, מאַכען מיט איהם אַ בייט. דאָס הייסט, ער וועט ביי איהם נעמען דעם דאָזיגען נייעם זילבערנעם זייגער און וועט איהם געבען זיין אַלטען זייגער... „און וויפיעל וועט איהר איהם אָננעמען ?”... דער אַלטער באַטראַכט דעם בחור׳ס זייגער פון אַלע זייטען, טראַכט אַ ווײַלע, צושאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ. דערנאָך נעמט ער אַרויס די וואַט פון די אויהערען און לעגט־איבער פון איין אויהער אינ׳ם אַנדערען, גלייך ווי דאָס האָט אַ שייכות צו די זייגערס. און קוים וואָס ער שטעלט זיך איין אַרויסצוזאָגען, אַז ער קאָן אָננעמען ביי איהם זיין זייגער מעהר ניט, ווי אין צוויי קאַרבען. און אַזוי ווי זיין זילבערנעם זייגער רעכענט ער אין נייען קאַרבען, קומט־אויס, אַז דער בחור באַדאַרף איהם צוצאָהלען אַזוי גרויס, ווי זיעבען קאַרבען, און דאָס געשעפט איז געמאַכט. דעם בחור איז די קאָמבינאַציע געפעלען, און ער לעגט־פאָר דעם זייגערמאַכער אַ נייע קאָמבינאַציע : אַז ער זאָל דערווייל נעמען ביי איהם דעם אַלטען זייגער און געבען צוויי קאַרבען, און שפּעטער מיט אַ טאָג אָדער צוויי וועט ער אַריינקומען און וועט זיך אויסקלויבען אַ נייעם זייגער... געפעלט נישט דעם אַלטען די דאָזיגע קאָמבינאַציע. פאַר וואָס ? אַזוי.

דערפאַר, ווייל ער קויפט ניט קיין זייגערס. ער פ אַ ר ק ו י פ ט זייגערס... פּרובט זיך דער בחור פאָרלעגען אַ נייעם פּראָיעקט. דהיינו: ער גיט איהם אוועק זיין אַלטען זייגער פאַר איין קאַרב — איין עק! ניט צוליעב'ן געלט, נאָר ווייל דער זייגער איז איהם נמאס געוואָרען, ער קאָן אויף איהם ניט קוקען... זאָגט דער אַלטער, אַז אויב ס'איז איהם נמאס געוואָרען דער זייגער, קאָן ער איהם אַרויסוואַרפען אין בלאָטע. גיט איהם דער בחור צו פאַר־שטעהן, אַז ער קאָן איצט דאָס געשעפט מיט איהם ניט מאַכען, מחמת ער איז איצטער קורץ אין געלט. דאָס הייסט, פּשוט ער איז איצטער ניט ביי געלט... גיט איהם דער זייגערמאַכער איין עצה, ער זאָל אַריינקומען איין אַנדערס מאָל, דעמאָלט ווען ער וועט זיין ביי געלט. און אַזוי עטליכע מאָל. ער זאָגט איהם דאָס, און יענער ענטפערט איהם בויבעריק. זינט גאָט האַנדעלט מיט נודניקעס, האָט ער נאָך אַזאַ נודניק ניט געהאַט!... דער בחור באַהאַלט צוריק זיין אַלטען טאַמבעקענעם זייגער און בעט דעם אַלטען, ער זאָל אָפּלעגען אָט אָ יענעם זילבערנעם זייגער אויף אַ זייט. ער וועט נאָך אפשר היינט אַריינקומען צו איהם נאָך אַ מאָל. עס דאַרף איהם אָנקומען געלט מיט דער פּאָסט. ער זאָל נאָר קיין פאַראיבעל ניט האָבען, וואָס טאָמער האָט ער ביי איהם צוגענומען צייט. זאָגט דער אַלטער, אַז עס מאַכט ניט אויס. נאָר נאָך זיין בלאַס פּנים, נאָך זיין בייזען קוק און נאָכ'ן ציטערען פון זיינע אַלטע פינגער איז צו זעהען, אַז עס מאַכט שוין דוקא יאָ אויס... דער בחור — קוים וואָס ער טרעפט צו דער טיר. מיט אַ פאַר'חלש'ט האַרץ לאָזט ער זיך אוועק צו בערעל דעם רויטען אויף דער סטאַנציע און בעט גאָט, ער זאָל חאָטש ניט באַגעגענען זיך מיט'ן רויטען בעל־הבית. „וואָרום אָט דער רויטער איד — טראַכט זיך דער בחור אין האַרצען — איז דער איינציגער, וואָס שטויסט זיך, אַז ער הונגערט"...

## 10

# אַ מלאָך פון גאָט אינ׳ם געשטאַלט פון אַ מענטשען

ער פארקליבט זיך אין בית־המדרש פון שטעדטעל און וויינט זיך גוט אויס. — א מלאך פון גאט באווייזט זיך, און דאס מזל טהוט איהם א שיין. — ער ווערט איינגעלאדען אלס לעהרער אין א דארף און ווייסט ניט, אז דערמיט איז איהם פארזיגעלט געווארען דאס גליק אויף זיין גאנצען לעבען.

דאָס צווייטע הויז פון בערעל דעם רויטענ׳ס אכסניה איז געוועזן דאָס בית־המדרש פונ׳ם שטעדטעל. אהין האָט זיך דער העלד פון דער ביאָגראַפיע פארקליבען אויף מאָרגען אין דער פריה און, ניט האָבענדיג וואָס צו טהון, האָט ער אוועקגעשטעלט זיך דאווענען. און געדאווענט האָט ער ביחידות, איינער אליין. וואָרום דאָס ביסעל אידען, וואָס אין שטעדטעל ט., האָבען זיך געפעדערט גאנץ פריה, אָפּגעדאווענט מיט אַ מנין און צעגאנגען זיך זוכען פרנסה, ווי דער שטייגער איז. געבליבען איז נאָר דער שמש, אַ איד אַ שוסטער. נאָר ווייל ער האָט וויניג ארבייט, איז ער אין איינוועגס אויך אַ שמש אין שוהל. דערזעהען אַ פרעמדען בחור מיט אַ תפילין־זעקעל, איז דער שמש־שוסטער צוגעגאנגען צו איהם און אַ פרעג געגעבען, צי האָט ער ניט קיין יאָהרצייט? אויב אַ יאָהרצייט, וועט ער אַ לויף טהון צונויפשלעפען אַ מנין.

— ניין, נישט קיין יאָהרצייט, נאָר איך וויל גלאַט אַזוי דאווענען. — האָט איהם דער בחור בארוהיגט, און באַקומען איין ענטפער פונ׳ם שמש:

— געזונטערהייט. אָט האָט איהר אַ סידור. — זאָגט צו איהם דער שמש, לאָזט איהם אַליין און פאַרקלויבט זיך אין פּאָליש און זעצט זיך אַוועק פאַרריכטען איין אַלטע פּאָר שיך.

שוין לאַנג האָט דער יונגער העלד אַזוי געשמאַק און אַזוי האַרצעדיג ניט גדאַוועגט, ווי אין יענעם פריהמאָרגען. ער איז שוין דעמאָלט בכלל געווען ווייט פון פרומקייט. דאָס איז געווען די עפּאָכע פון השכּלה, ווען פרום זיין איז געווען אַ בזיון, ווען אַ פאַנאַטיקער איז געווען ערגער פון אַ הולטיי, און אפשר ערגער, ווי היינט אַ משומד... נאָר דער חשק צו דאַוונען איז געקומען פון זיך אַליין. אַ מין רעליגיעזער עקסטאַז איז אויף איהם אָנגעקומען מיט אַ מאָל, און ער האָט זיך צעלאָזט, צעזונגען אויף אַ קול, גאָר מעשה חזן, און צו דער שמונה־עשרה האָט ער זיך צעוויינט. לאַנג געוויינט, מיט האַרץ געוויינט. און אַז ער האָט זיך גוט אויסגעוויינט, האָט ער זיך געפיהלט אַ סך גרינגער, גלייך ווי ס'איז איהם אַראָפּ אַ שווערע משא פון האַרצען. וואָס דאָס דאָזיגע געוויין האָט באַטייט, קאָן ער אויף אַ ראַציאָנאַלען אופן נישט געבען צו פאַרשטעהן. עס האָט זיך געוויינט גיכער פון זיך אַליין, און די נשמה האָט זיך ווי אָפּגערייניגט. אפשר איז דאָס געקומען פון אָפּגעשוואַכטע נערוועןּ? אפשר איז דאָס געווען פון דעם פאַסטען?... ער האָט באַשטימט ביי זיך דעם תּענית היינט איבערצורייסען — ס'זאָל זיין וואָס עס וויל זיך. גענוג פאַסטען!... און ער לעגט־צונויף די תּפילין, נעמט דאָס שטעקעלע און געהט אַהיים אויף דער סטאַנציע און באַגעגענט אויף דער שוועל בערעל דעם רויטען, וועלכער זאָגט איהם אָן אַ בשורה, אַז היינט אין דער פריה האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי איהם אַ יונגערמאַן, אַ גביר, איין אדיר, פון ניט ווייט, פון אַ דאָרף. ער איז, דאַכט זיך, איהם אַ נאָהענטער קרוב.

— וועמענ'ס אַ קרוב?

— אייערער אַ קרוב. דאָס הייסט, ניט קיין קרוב, נאָר אַ שטיקעל מחותּן... — און נישט לאַנג געטראַכט, נעמט איהם בערעל

דער רויטער אָן פאר א האנט און פיהרט איהם אריין אין א באזונדערען חדר, וואָס איז צוגעקליבען פאר פריצים, און שטעלט איהם פאָר פאר א יונגענמאן, וואָס זיצט ביי א סאמאָוואר און טרינקט טיי.

דער יונגערמאן, א סימפאטישער פארשוין מיט גוטע בלויע אויגען, א הויכען ווייסען שטערן און א שען קיילעכיג בערדעל, איז העפליך אויפגעשטאנען, זיך אָנגערופען ביי'ם נאָמען יהושע לאיעוו און געבעטען דעם גאסט זיך זעצען צום סאמאָוואר, א וואונק געגעבען צום בעל־הבית, מע זאָל דערלאנגען נאָך א גלאָז, און גאָר ניט ווארטענדיג, האָט ער אָנגעגאָסען נאָך א גלאָז טיי, צוגערוקט בייגעלעך, קיכלעך און אנדערע פארבייסעכצען, און דער יונגער־מאן לאיעוו האָט זיך געווענדט צום אריינגעקומענעם בזה הלשון:

— דער בעל־הבית האָט מיר געזאָגט, אז איהר זענט פון פערעיאסלאוו, נחום ראבינאָוויטש'עס א זוהן. אויב אזוי, זענען מיר שטיקלעך אייגענע... עסט, איך בעט אייך, און טרינקט טיי.

קיינמאָל אין לעבען, נישט פריהער און נישט נאָכדעם, איז א גלאָז טיי ניט געווען אזוי אָנגעלעגט ביי איהם, ווי אצינד, און קיין שום מאכל אין דער וועלט האָט קיינמאָל ניט געהאט אזא טעם, ווי עס האָבען געהאט אָט די פרישע בייגעלעך, די קיכלעך און די אנדערע פארבייסעכטסען, וועלכע זענען גיך פאר־שוואונדען געוואָרען פונ'ם טיש, נישט געבליבען פון זיי א זכר אפילו אויף דרך־ארץ. דער גאסט האָט דאָס אַלץ איינגעשלונגען, ווי א הונגעריגע גאנז, און האָט זיך ארומגעקוקט, אז עס איז ניט שען, וואָס ער האָט דאָס אַלץ אויפגערוימט, נאָר ס'איז שוין געווען נאָך אַלעמען... דער יונגערמאן האָט דערווייַלע אויסגערעכענט דעם יחוס, ווי אזוי זיי זענען קרובים:

— אייער פאָטער האָט א מחותן אברהם־יהושע. אָט דער אברהם־יהושע האָט געהאט דאָס ערשטע ווייב, וועלכע האָט מיר אָנגעקעהרט א מוהמע, מיין געשטאָרבענע מוטער'ס א שוועסטער. פארשטעהט איהר שוין? ווייטליכע מחותּנים, און דאָך מחותּנים...

אצינד זאָגט מיר: פון וואַנען פאָהרט איהר? וואוהין פאָהרט איהר? און וואָס איז אייער טהועכץ?

אויסגעפרעגט זיך ביי'ם העלד אַלסדינג און געוואוירע געוואָרען, אַז ער איז געקומען אהער צו פאַרנעמען אַ לעהרער־שטעלע, האָט דער יונגערמאַן אַ פרעג געגעבען, אויב דער בחור וויל דוקא בלייבען דאָ, ביי'ם היגען גביר ק., אָדער עס מאַכט איהם ניט אויס צו פאָהרען אַ ביסעל ווייטער? אויב עס מאַכט איהם ניט אויס, וואָלט ער איהם פאָרגעלעגט, ער זאָל פאָהרען מיט איהם צו זיין פאָטער לאָיעוו אין דאָרף אַריין, פאַרנעמען דאָרט אַ לעהרער־שטעלע ביי זיין שוועסטערעל — זיין פאָטער איז אויך אימשטאַנד גוט צו באַצאָהלען, אַזוי ווי דער היגער גביר, אויב ניט שענער נאָך... אויף די דאָזיגע ווערטער האָט זיך אָפּגערופען בערעל דער רויטער און צוגעווינטשעוועט זיך: „אַ חוץ זיין שאָדען, אויף איהם געזאָגט געוואָרען חאָטש אַ צעהנט־חלק". און גאָרנישט פרעגענדיג ביי'ם בחור, צי ער וויל, צי ער וויל ניט, האָט בערעל דער רויטער צוגעגעבען, אַז דער בחור וועט מיט פאַרגעניגען זיך דורכפאָהרען מיט'ן יונגענמאַן צו זיין פאָטער לאָיעוו אין דאָרף אַריין און וועט מיט פאַרגעניגען פאַרנעמען דאָרט די לעהרער־שטעלע.

אַ מאָדנער איד אָט דער בערעל דער רויטער! עפּיס גלייך ווי עמיצער וואָלט איהם געבעטען, ער זאָל זיך אַרויסשטעלען פאַר איין אַפּיטרופּס, אָדער, ווענינגסטענס, פאַר אַ פאַרמיטלער. ער האָט ניט געלאָזט קיינעם צום וואָרט און האָט בעסער אַליין גערעדט. דער בחור איז געווען איבעררַאשט פון דער גאַנצער געשיכטע אַרום און אַרום. ער האָט כמעט ניט געגלויבט זיינע אויהערען. ניט אַנדערש, אַז דאָס איז אָדער אַ חלום, אָדער אַ מין האַלוצינאַציע, אָדער דער יונגערמאַן — דאָס איז אַ מלאַך פון הימעל אַראָפּ אויף דער ערד אינ'ם געשטאַלט פון אַ מענטשען... נאָר אַרויסבאַווייזען זיין פרייד, פון דעסטוועגען, שטעהט איהם ניט אָן. ער הערט־אויס דעם געשפּרעך כלומרשט גאַנץ גלייכ־

גילטיג, באַטראַכט פריהער וואָס צו ענטפערען און רופט זיך אָן צום יונגענמאַן מיט האַלבע ווערטער:

— אייער פאָרשלאַג איז אפשר נישט קיין שלעכטער פּלאַן... די מעשה איז אָבער, פאַרשטעהט איהר, וואָס איך האָב געבראַכט צום היגען גביר א רעקאָמענדאַציע, א בריעף, טאַקי פון מיין טאַטען... וואָס וועט זיין, טאָמער...

— אין וואָסער א שפּראַך איז געשריבען אייער טאַטענ׳ס בריעף? — מישט זיך אריין בערעל דער רויטער.

— וואָס הייסט אין וואָסער א שפּראַך? אין העברעאיש.

— לשון־קודש? — פרעגט־איבער בערעל דער רויטער און חאַפּט זיך אָן מיטביידע הענט ביי די זייטען און צעלאַכט זיך אַזוי שטאַרק, גלייך ווי אַכצעהן שדים קיצלען איהם אונטער די פּאַכוועס! — איהר וועט דאַרפען, יונגערמאַן, א ביסעלע צו־וואַרטען, ביז מיין קרוב וועט זיך פריהער אויסלערנען איבער־לייענען א לשון־קודש׳דיגען בריעף. איהר וועט אָבער, האָב איך מורא, באַדאַרפען לאַנג וואַרטען!... — און ביידע צעלאַכען זיי זיך און לאַכען לאַנג און געשמאַק.

עס האָט ניט גענומען קיין האַלבע שעה צייט, איז צווישען דעם יונגענמאַן יהושע לאָיעוו און זיין יונגען פּראָטעזשע גע־שלאָסען געוואָרען א גוטפריינטשאַפט, וואָס איז געוואַקסען אַלע מינוט שטאַרקער און גרעסער. עס האָט זיך ארויסבאַוויזען, אַז אָט דער יהושע לאָיעוו איז א יונגערמאַן א משכיל פון דעם טיפּ משכילים, וואָס יענער דור האָט פּראָדוצירט. א שענער בעל־תנ״ך, א בלאַט גמרא, קלאָר אין אַלע מליצה־ספרים, קען גאַנצע שטיקער מאפּו אויף אויסווענים, קאָן מיט אייך רעדען פון א „מורה־נבוכים״, פון א „כוזרי״, האָט א שען הענטעל צום שרייבען. ער איז נאָר א ביסעל שוואַכליך אויף דקדוק. ווייטער וועט ער זיך מיט אייך אויסגלייכען אומעטום. און צו דעם אַלעמען איז ער גלאַט א ליעבער מענטש, האָט ליעב מענטשען. זיי אַלע האָבען ליעב מענטשען. און מחמת זיי זיצען אין א דאָרף, זענען

זיי ממש זשעדנע, געהען-אוים נאָך אַ מענטשען... וואָס איז זייער געשעפט? זיי האַלטען פּאָסעסיעס אין דער אַרענדע, בײ'ם גראַף בראַניצקי און בײ'ם גראַף מאָלאָדעצקי. זיי לעבען ווי פּאָמע-שטשיקעס, האָבען אייגענע פערד און קאַרעטעס, פאַרהאַלטען זיך זעהר גוט מיט די פּריצים וואָס אַרום און אַרום, און די גויים זענען נאָך זיי די כּפּרה...

מיט זיין רעדען האָט דער יהושע לאָיעוו אַרויסבאַוויזען, אַז ס'איז אמת וואָס ער זאָגט, אַז זיי זענען זשעדנע אין דאָרף אַ מענטשען. דאָס מויל האָט זיך איהם די גאַנצע צייט ניט צוגע-מאַכט, גלייך ווי ער וואָלט וועלען אַרויסרעדען אַלץ, וואָס האָט זיך אָנגעקלויבען ביי איהם פאַר אַ לאַנגע צייט אין דאָרף. ער האָט גערעדט אין שטוב, ער האָט גערעדט אין דרויסען, ער האָט גערעדט שוין זיצענדיג אין פאַעטאָן און פאָהרענדיג מיט'ן נייעם לעהרער אויף זיינע אייגענע ברענענדיגע פערד פון דער פּאָסעסיע.

— געפעלט אייך אַ פּאָר סוסים? — האָט אַ זאָג געגעבען בערל דער רויטער צום לעהרער, בעת דער יונגערמאַן יהושע לאָיעוו איז געגאַנגען זאָגען, מע זאָל שפּאַנען. און בערל האָט גענומען דערצעהלען גרויסקייט פון דעם יונגענמאַנ'ס פאָטער, וואָס פאַר אַ גביר, איין אדיר דאָס איז, און וואָס פאַר איין אָריגינאַלער מענטש דאָס איז.

— איהר דאַרפט גאָט דאַנקען, וואָס ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט...

עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז דער איד וויל, אייגענט-ליך, מע זאָל איהם זאָגען אַ דאַנק. נאָר אַ מכּה! דאָס וועט ער ביי איהם ניט פּועל'ען, ער זאָל מיינען, אַז ער האָט געראַטעוועט אַ מענטשען פון הונגער... עס איז איהם נאָר ניט איינגענעהמען, זעהר ניט איינגענעהמען, וואָס ער קאָן איהם איצט ניט באַצאָהלען פאַר סטאַנציע. ער איז איצט זעהר פאַראיינגט אין געלט...

— איהר זאָגט מיר בעסער, רב איד, וויפיעל... קומט אייך? בערל דער רויטער מאַכט-צו די אויגען:

— פאַר וואָס?

— פאַר... פאַר סטאַנציע, פאַר אַלסדינג... וועל איך אייך אָפּשיקען פונ׳ם אָרט... באַלד ווי איך וועל קומען...

— געהט שוין געהט, מע וועט לאַכען פון אייך! — זאָגט בערעל מיט אַ געלעכטער און שטופּט איהם אָפּ פון זיך. און אין דעם קומט־אַריין אַ הויכער גוי מיט ווייסע ברעמען, מיט אונטער־טעניג־שמייכלענדיגע אויגען. ער הייסט אַנדריי. ער פרעגט זיך נאָך אויפ׳ן באַגאַזש פונ׳ם „פּאַניטש״, וואָס פאָהרט מיט׳ן „באַרין״. שעמט זיך דער לעהרער פאַר׳ן גוי, פאַר אַנדרייען, וואָס ער האָט ניט קיין באַגאַזש, און זאָגט, אַז זיין באַגאַזש געהט נאָך... ער וועט אָנקומען נאָכדעם... דערווייל האָט ער נאָר אָט דאָס פּעקעלע, וואָס ער וועט דאָס אַליין נעמען מיט זיך אין וואָגען אַריין. אַנדריי וויל אָבער ניט אַוועקגעהן מיט לעדיגע הענט. אַ פּעקעלע — לאָז זיין אַ פּעקעלע. און ער טהוט אַ נעם דאָס פּעקעלע מיט צוויי פינגער און אַ טראָג־אַוועק, ווי אַ פעדערעל. אַ מינוט שפּעטער איז ער שוין געזעסען מיט זיין יונגען פּאַטראָן אין אַ גרויסאַרטיגען ווייכען פאַעטאָן. אַנדריי האָט געגעבען אַ קנאַק מיט דער בייטש, און צוויי גרויע פערדלעך מיט אונטערגעבויגענע עקען האָבען איהם געטראָגען איבער פעלדער און איבער וועלדער, אין אַ ניי אָרט, צווישען נייע מענטשען, און עס איז איהם גאָר אויף די געדאַנקען ניישט געקומען, אַז אָט אָ דאָ, אויף דעם אָרט, וואוהין ער פאָהרט אצינד, ווערט דאָס פאַרזיגעלט זיין גליק אויפ׳ן גאַנצען, גאַנצען לעבען...

## 11

# אײן אומגעריכטער עקזאַמען

אין באָהסלאַוו אויף דער סטאַנציע. — דער אַלטער לאַיעוו. — אַ מײדעל מיט קאַוואַליערען. — שפּיעלהאַגען, אויערבאַך און „טשטשאַ דיעלאַט“. — וואָס וויל רש״י פון די בנות צלפחד, און ווי אַזוי שרייבט מען אַ בריעף צו אַ דירעקטאָר פון אַ צוקער־פאַבריק? — ער האַלט־אויס דעם עקזאַמען און פאָהרט אין דאָרף אַרײן.

עס איז שוין געווען אַרום פאַרנאַכטליך, ווען דער יונגער משכּיל יהושע לאַיעוו מיט זיין פראָטעזשע דעם לעהרער זענען אַריינגעפאָהרען אין דער שטאָדט באָהסלאַוו. אויף דער סטאַנציע, וואו זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט, האָבען זיי געטראָפען דעם פאָטער פונ׳ם יונגען משכּיל, דעם אַלטען לאַיעוו, וואַרטען אויפ׳ן זוהן.

דער אײנדרוק, וואָס דער אַלטער לאַיעוו האָט געמאַכט אויפ׳ן לעהרער, איז געווען אויסערגעוויינליך. ער האָט זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אַז אַ איד זאָל האָבען אַזאַ אויסזעהען. אײן אויסזעהען פון אַ גענעראַל, אַ פעלדמאַרשאַל, מיט אַ קול פון אַ לייב. אין קורצע ווערטער האָט דער זוהן איבערגעגעבען דעם פאָטער, ווער איז דאָס בחור׳על, וואָס איז מיט איהם געקומען, און וואו און ווי אַזוי ער האָט זיך מיט איהם באַקענט. אויס־געהערט דעם זוהן, האָט דער אַלטער אָנגעזאָטעלט די נאָז מיט אַ פּאָר ווייסע זילבערנע ברילען און האָט ערנסט באַטראַכט דעם בחור, אָהן איבעריגע צערעמאָניעס, מיט אַזאַ פּנים, למשל, ווי

מע באַטראַכט אַ געקויפטען פיש פונ׳ם מאַרק... דערנאָך האָט ער איהם אויסגעצויגען אַ וואַרעמע האַנט, און מיט אַ פריינטליכער מינע, אויף וויפיעל ס׳איז נאָר געווען מעגליך פאַר אַזאַ שטרענגען פעלדמאַרשאַל, האָט ער איהם אָפּגעשטעקט אַ שלום-עליכם און אָהן צערעמאָניעס, און מיט׳ן לשון „דו״, אַ פרעג געטהאָן:

— ווי אַזוי רופט מען דיך?

געוואָהרע געוואָרען פונ׳ם בחור, אַז מע רופט איהם שלום, האָט ער זיך אָנגערופען צו איהם ווייך, ווי ווייט ס׳איז מעגליך געווען פאַר זיין לייבענשטים:

— הער זשע אויס, שלום-סערדצע, געה זיי מוחל אַהין אין צווייטען חדר. איך וועל דאָ מיט מיין זוהן אָפּרעדען געשעפט. דערנאָך וועל איך דיך אַריינרופען און מיר וועלען אַ ביסעל שמועסען.

דאָס צווייטע צימער איז געווען אַ זאַל, אייראָפּעאיש געדעדט, אַ מין וועסטיבול פאַר געסט. דאָרט איז געווען דער בעל-הבית פון דער סטאַנציע, אַ געוועזענער שניטקרעמער, איצט אויף דער עלטער אַ בעל-אכסניה, מיט׳ן נאָמען בערעלע עטעל׳ס, אַ איד מיט אַ בלויער נאָז, מיט רויטע דינע שלענגעלעך אויף דער נאָז; ער שטעהט צונויפגעלעגט די הענט, טהוט גאָרניט, נאָר ער רעדט. רעדט פון די אורחים, פון זייערע געשעפטען און פון זיך אַליין, אַז „גאָט האָט איהם געשטראָפט, ער דאַרף אויף דער עלטער האַנדלען מיט לאָקשען-יויך״... זיין אידינע, אַ קורצינקע, אַ דאַרינקע, מיט אַ „מושקע״ אויפ׳ן קאָפּ און מיט געלע פערעלעך אויפ׳ן האַלז, דרעהט זיך אַרום אין שטוב און שעלט די קינדער זיינע (זי איז ביי איהם די צווייטע פרוי), שעלט די דיענסט, שעלט די קאַץ, ווייזט אויס, ניט צופריעדען מיט דער וועלט — אַ גרויסע פעסימיסטקע! ביי׳ם פענסטער, איבער אַ ביכעל, אַ ראָמאַן פון שפּיעלהאַגען, זיצט זייער מיזינקעלע, שיינקע בערעלע

עטעל׳ס, אַ טעכטערל אַ יפת־תּואר מיט אַ ווייס קיילעכיג פּנים, אַ מורא׳דיגע קאָקעטין. צו איהר זענען געקומען מיט באַזוך אַ צוויי־דריי יונגעלייט מיט אונטערגעשוירענע בערדלעך — דער סאַמע צימעס פון דער באָהסלאַווער אינטעליגענץ. מע פיהרט אַ געשפּרעך פון „ליטעראַטור״. דער בעל־הבית מיט דער בלויער נאָז פיהרט־צו דעם יונגען לעהרער צו דער קאָמפּאַניע און שטעלט איהם פאָר. פון וואַנען ווייסט דער אַלטער, ווער דער לעהרער איז? — בלייבט אַ סוד. בכדי ס׳זאָל איהם ניט זיין לאַנגווייליג, ווענדט זיך צו איהם דאָס מיידעל די יפת־תּואר מיט אַ ליעבליך שמייכעלע: צי האָט ער געלייענט „נאַ דיונאַך״ פון שפּיעלהאַגען? לאָזט זיך אויס, אַז ער איז קלאָר אין גאַנץ שפּיעלהאַגען. נו, און אויערבאַך? „אויערבאַך אויך״. נו, און „זאַפּיסקי יעוורעיאַ״ פון באָגראָוועו? „ער קען איהם אויף אויסווענויג״. און דעם ראָמאַן „טשטאָ דיעלאַט?״ „ווער האָט דאָס ניט געלייענט טשערנישעווסקי?״... „ווי געפעלט אייך די הויפּט־העלדין?״ „וויערא פּאַוולאָוונאַ? וואָס איז פאַר אַ שאלה!״...

דאָס מיידעל די יפת־תּואר און איהרע קאַוואַליערען זענען אַנציקט. איינער פון זיי, אַ „טשאַסטנע פּאָוויערענע״ מיט אַ קלינגענדיגען נאָמען מענדעלסאָן, שטשיפּעט זיך ביי די וואָנסילעך, וואָס האַלטען ערשט אין שפּראָצען. עס ווייזט אויס, אַז ער איז פאַרליעבט אין דעם מיידעל, ווי אַ קאַץ, און איז דעריבער מלא גזלן אויף דעם יונגען אורח, וואָס איז קלאָר אומעטום, ווי אַ וואַסער. וואַרפט ער אויף איהם מיט בייזע אויגען און ווינטשט איהם מסתמא ביי זיך אין הארצען, ער זאָל ברעכען רוק־און־לענד אויפ׳ן גלייכען וועג... דאָס גיט־צו דעם העלד נאָך מעהר מוט, און ער שיט מיט פראַזען, ציטירט גאַנצע שטיקער אויף אויסווענויג, מישט גאָר אריין אַזעלכע נעמען, ווי באָקל — „די געשיכטע פון ציוויליזאַציע אין ענגלאַנד״, און דזשאָן סטיואַרד מילל — „וועגען פרייהייט״... אַ בחור׳על אַ משכיל פון אַ פרעמדער שטאָדט קומט צווישען מענטשען, באַדאַרף ער אויסלעגען וואָס ער האָט, באַ־

ווייזען וואָס ער ווייסט און וואָס ער קען... און אַקוראַט סאַמע אין דער רעכטער היץ קומט־אָן דער אַלטער לאַיעוו מיט׳ן זוהן יהושע לאַיעוו און ווערען נישט ווילענדיג צוהערער פון דער לעקציע, וואָס דער יונגער לעהרער פון פּערעיאַסלאַוו לייענט דאָ פּאַר׳ן יונגוואַרג. זיי קוקען זיך איבּער צווישען זיך און האָבּען הנאה, זעהט אויס. דערנאָך טהוט איהם אַ רוף דער אַלטער לאַיעוו:

— הער נאָר אויס, חברה־מאַן, וואָס איכ׳ל בּיי דיר פרעגען. מיין זוהן זאָגט מיר, אַז דו בּיזט אין אונזערע אידישע ספרים נישט ווינציגער קלאָר, ווי אין זייערע בּיכער. איך האָבּ געוואָלט הערען פון דיר, צי געדענקסט דו נאָך, וואָס רש״י וויל האָבּען פון די בּנות צלפחד?...

און עס געהט־אַוועק אַ שמועס פון רש״י. פון רש״י קומט מען אַרויף אויף דער גמרא. און עס געהט־אַוועק אַ פּלפּול פון לומדות און פון קענטעניש און פון השכלה, ווי געוויינליך צווישען אידען, וואָס זענען הייםיש אין די קליינע אותיות...

דאָס רופט־אַרויס אַ סענסאַציע. דער פּוראָר איז אַזוי גרויס, אַז דער אַלטער לאַיעוו לעגט־אַרויף אויף איהם די האַנט און זאָגט צו איהם:

— פון די אַלע לערנעכצען און קענטענישען האָבּען מיר שוין געזעהען, אַז עס קומט צו עפּיס, למשל, אַ קוויטעל אָנשרייבּען, איז ניטאָ קיין לשון... אַ סימן — אָט שטעהט אַ טינט און פען; נעם, זיי מוחל, שרייבּ מיר אָן אַ בּריעף אויף רוסיש אין דער צוקער־פאַבּריק צו דעם דירעקטאָר, אַז מע וועט איהם ניט צו־שטעלען מעהר קיין בּוראַקעס, בּיז ער וועט ניט צושיקען אַזויפיעל און אַזויפיעל געלט...

פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס בּריוועל איז געוועזען מעהר ניט ווי איין אָנשטעל, איין אויסרעד, אַ מין עקזאַמען. דאָס אָנגעשריבּענע בּריוועל איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, און אַלע האָבּען בּאַ־וואונדערט די זעלטענע האַנטשריפט, די קאַליגראַפיע פונ׳ם בּחור. דאָ איז איהם בּייגעשטאַנען דער זכות פון זיין רבּין מאָניש פון

פערעיאסלאוו. דער מלמד רב מאַניש וואָלאָוו, וואָס האָט זיך באַריהמט געמאַכט מיט זיין „ביינדעל", איז געווען אַ זעלטענער קאַליגראַף, אַ מין קינסטלער פון דער נאַטור. אַ גאָלדענע האַנט. מיט זיין געשריפטס האָט מען זיך אַרומגעטראָגען איבער דער שטאָדט. ער האָט געמאָהלט, ניט געשריבען. געווען אַ איד אַ כשר'ער, אַ גרויסער ירא־שמים, און נישט פאַרשטעהענדיג קיין וואָרט רוסיש, האָט ער קאָנקורירט מיט'ן שרייב־לעהרער פון דער „אויעזדנע". עס איז געווען ניט צו גלויבען, אז אַ האַנט, ניט אַ מאַשין, זאָל אַזוי קאָנען שרייבען! די תּלמידים, און צווישען זיי אויך ראַבינאָוויטש'עס קינדער, האָבען נעבאַך געגוג געליטען פונ'ם רבין מאַניש'עס „ביינדעל". זיי האָבען אָבער אַ סך גענאַשט פון זיין קאַליגראַפיע, פון זיין שען רוסיש שרייבען, וועלכעס האָט זיי מיט דער צייט געבראַכט גרויסע נוצען...

דערמיט אַליין האָט זיך דער עקזאַמען נאָך נישט געענדיגט. דער אַלטער לאָיעוו האָט פאַרלאַנגט פונ'ם יונגען לעהרער, ער זאָל זיך מטריח זיין דאָס אייגענע בריוועלע איבערזעצען אין העברעאיש, „ווייל דער דירעקטאָר פון דער צוקער־פאַבריק איז אַ איד"... אַזוי האָט דער אַלטער מאָטיווירט זיין פאַרלאַנג. און פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס איז אויך געווען שייך צום עקזאַמען... און נישט לאַנג געטראַכט, האָט דער לעהרער דאָס בריוועל איבער־געזעצט אין העברעאיש, מליצה'דיג, אַזוי געפלייסט זיך, אַז דאָס כתב זאָל זיין וואָס שענער, געקינצעלט און געצוקט, די שורות געדיכט, אויסגעמאָסטען, פערלדיג און צאַצקעדיג. דאָ האָט זיך שוין געמיהט דער זכות־אָבות פון נאָך אַ פריהעריגען מלמד, פון רב זרח'ען. דאָס וואָס דער רבי מאַניש איז געווען אין רוסיש איז דער רבי זרח געווען אין אידיש.

בקיצור, דער לעהרער האָט דעם אימפּראָוויזירטען עקזאַמען אויסגעהאַלטען גלענצענד. פאַר קוראַזש דרעהט זיך איהם אַזש דער קאָפּ. ער פיהלט, אַז עס פלאַמט איהם איין אויהער. די פאַנטאַזיע האַפּט איהם אַרויף אויף איהרע פליגלען און טראָגט

איהם אוועק אין דער וועלט פון זיסע חלומות און פּישופּ'דיגע געדאַנקען. ער זעהט זיך אַ גליקליכען, אַ שיינענדיגען. יענער חלום פון'ם „אוצר" הויבט־אָן מקוים צו ווערען, און גאָר אויף אַ נאַטירליכען אופן: ער קומט צו פאָהרען אויפ'ן אָרט, אזוי שטעלט ער זיך פאָר אין דער פאַנטאַזיע, באַקענט זיך מיט'ן אַלטען לאָיעווו'ס טאָכטער... זיי פאַרליעבען זיך איינס אין דאָס אַנדערע און דעקען־אויף זייער סוד פאַר'ן אַלטען... דער אַלטער לעגט־ אַרויף אויף זייערע קעפּ זיינע הענט און בענטשט זיי: „זייט גליקליך, ליעבע קינדער!"... שרייבט דער בחור אוועק אַ בריעף צו זיין טאַטען קיין פּערעיאַסלאַוו: „אזוי און אזוי, ליעבער פאָטער, קום צו פאָהרען"... און מע שיקט־אַרויס נאָך איהם אַ פאַעטאָן מיט ברענענדיגע פערד... און סאַמע אין רעכטען חלום שלאָגט מען איהם איבער. דער אַלטער לאָיעווו געהט־צו צו איהם, רופט־אָפּ דעם בחור אויף אַ זייט און הויבט־אָן צו רעדען מיט איהם מכּה „אכצעהן און דרייצעהן". דאָס הייסט, וועגען גע־ צאָהלטס. „אָדער אפשר וועלען מיר דאָס איבערלאָזען אויף איין אַנדערם מאָל, אויף שפּעטער?" „לאָז זיין אויף איין אַנדערם מאָל, אויף שפּעטער"... און ער פיהלט זיך, ווי אַ מענטש, וואָס האָט נאָר־וואָס זיס איינגעדרימעלט און געפּלאָנטעט חלומות — פּלוצים איז מען געקומען און מע האָט איהם אויפגעוועקט!... ווי אַ רויך זענען זיך צעגאַנגען די זיסע חלומות. ווי אַ שאָטען האָט זיך אויפגעהויבען די צעוואָרעמטע פאַנטאַזיע, און דער גאַנצער כּישוף מיט'ן אוצר, מיט אַלע גוטע זיסע געדאַנקען, זענען פאַרשוואונדען געוואָרען.

. . . . . . . . . . . . . . . .

דערווייל ווערט נאַכט און מע דאַרף שוין פאָהרען. פון דער שטאָדט באָהסלאַוו ביז'ן דאָרף איז נאָך דאָ אַ פאָר מייל. צוויי שעה פאָהרעכטס. די פערד שטעהען שוין געשפּאַנט. אַנדריי

דער קוטשער טראָגט אַ גאַנצע וואַליזע אין פאַעטאָן אַריין. אין דרויסען איז קיהלבליך.

— אָט אַזוי וועסט דו פאָהרען? — זאָגט דער אַלטער לאָיעוו צום לעהרער. — דו געהסט דאָך אָדם־נאַקעט; וועסט דערפרוירען ווערען, צו אַלדי גוטע יאָהר! אַנדריי! אַהער די בורקע!

אַנדריי שלעפּט־אַרויס פון אונטער זיך אַ וואַרעמע וואָלענע בורקע. דער אַלטער אַליין העלפט דעם לעהרער די בורקע אָנ־טהון אויף די אַרבעל. די בורקע איז רעכט וואַרעם און עס איז אַיינגענעהם אין איהר צו זיצען. נאָר עס געהט איהם ניט אַיין. וואָרום דאָס מיידעל, שיווקע בערעלע עטעל׳ס, מיט איהרע קאַוואַ־ליערען שטעהען ביי׳ם פענסטער און זעהען, ווי דער אַלטער טהוט איהם אָן די בורקע. עס דאַכט זיך איהם אויס, אַז זיי לאַכען... און פאַר׳ן קוטשער, פאַר אַנדרייען, איז אויך אַ בזיון. וואָס טראַכט זיך וועגען איהם אָט דער גוי?...

## 12

# אַ איד אַ פּאָמעשטשיק

א אידיש־פּריציש הויז. — ער לערענט זיך דעם שלחן־ערוך פון עטיקעט. — דעם אַלטען לאַיעוו׳ס ביבליאָטעק. — א זעלטענער טיפּ פון א אידישען גוטבאַזיצער.

עס איז שוין געווען רעכט נאַכט, אַז זיי זענען אַריינגעפאָהרען אין דאָרף אַריין אַלע דריי: דער אַלטער לאָיעוו, זיין זוהן דער משכיל יהושע און דער יונגער לעהרער פון פּערעיאַסלאַוו. דורכ־געפאָהרען פאַרביי אַ סך נידעריגע פינסטערע גוישע הייזלעך און דורכגעלאָזט אַ גרויס ברייט גרין פעלד — אַ „וויגאָן" ווערט דאָס אָנגערופען אין דאָרף — און אַ גרויסען „טויק" מיט הויכע סטערטעס שטרוי און היי און נאָך ניט געדרעשט ברויט, האָט זיך דער פאַעטאָן אָפּגעשטעלט ביי אַ גרויסען ברייטען פּריצישען הויף. דער קוטשער אַנדריי האָט נאָך ניט באַוויזען אָפּצושטעלען די פערד, האָט זיך דער הילצערנער טויער ווי פון זיך אַליין ברייט צעעפענט. ביי׳ם טויער איז געשטאַנען אַ גוי אָהן אַ היטעל. דער גוי האָט זיך טיעף פאַרנייגט פאַר׳ן בעל־הבית און דורכגעלאָזט דעם פאַעטאָן, וועלכער האָט זיך נאָך אַ ווײַלע געקייקעלט ווי אויף אַ ווייכען טאַפּעט און איז צוגעפאָהרען צו אַ גרויסער, ברייטער, ניט קיין הויכער, ווייסער פּריצישער שטוב, דוקא מיט שטרוי געדעקט, און מיט צוויי גרויסע גאַנקעס ביי די זייטען. פון יענער זייט שטוב — אַ גאָרטען. אינוועניג איז די שטוב, ווי

אויסוועניג, געקאַלכט מיט ווייסען. פּראָסט מעבּלירט. אַ סך פענסטער. חדרים — אָהן אַ שיעור. אין שטוב דרעהען זיך אַרום דיענסטען מיט שטילע טריט, אַזוי ווי שאָטענס. אויף די פּיס בּיי זיי — ווייכע שיך, ס'זאָל ניט קלאָפּען. קיינער וואַגט ניט אַ וואָרט אויסצורעדען, בּעת דער אַלטער איז אין דער היים. אַ שטרענגע דיסציפּלין. רעדען הערט מען נאָר איהם אַליין, דעם בּעל־הבּית. זיין לייבּענשטים קלינגט, ווי אַ גלאָק. אינ'ם ערשטען גרויסען חדר, בּיי אַ לאַנגען שען געדעקטען טיש, איז געזעסען אַ פרוי, אַ יונגע, אַ הויכע, אַ שענע. דאָס איז דעם אַלטענ'ס ווייבּ, די צווייטע פרוי. נעבּען איהר איז געזעסען אַ מיידעל פון אַ יאָהר דרייצעהן־פערצעהן, זייער איינציגע טאָכטער, אַ קאָפּיע פון דער מוטער. דער אַלטער האָט זיי פאָרגעשטעלט דעם יונגען לעהרער און מע האָט זיך געזעצט עסען וועטשערע.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס דער העלד פון דער בּיאָגראַפיע האָט זיך געפונען בּיי אַ אַריסטאָקראַטישען טיש, וואו דאָס עסען קומט־פאָר מיט דער גאַנצער צערעמאָניע, סערווירט פון אַ לאָקיי מיט ווייסע הענטשקעס. דער לאָקיי איז אפילו אַ פּראָסטער שייגעץ מיט'ן נאָמען „וואַניקאַ", נאָר דער אַלטער האָט איהם אויסגעקליידט און אויסגעדרעסירט אויפ'ן פּריצישען שטייגער. פאַר אַ מענטשען, וואָס איז ניט געוואוינט געוואָרען צו אַ סך טעלער און טעלערלעך, לעפעל און לעפעלעך, גלעזער און גלעזלעך, איז שווערליך אויסצוהאַלטען אַזאַ אַריסטאָקראַטישען טיש און נישט פאַרזינדיגען זיך קעגען אַלע פּאָדערונגען פון עטיקעט. מע דאַרף זיין אויף דער וואַך, האַלטען קאָפּ... מע מוז זיך מודה זיין, אַז דער בּחור האָט בּיז דעמאָלט ניט אָנגעהויבּען צו וויסען, אַז מע זיצט בּיי'ם עסען, בּאַדאַרף מען אָפּהיטען דעם גאַנצען שלחן־ערוך פון עטיקעט, וואָס אין אַ געוויינליכער אידישער שטוב איז מען אויף דעם ניט מקפּיד. אין אַ געוויינליכער אידישער שטוב עסען אַלע פון איין טעלער, טונקען־איין די פרישע חלה אינ'ם פעטען סאָאוס, אָדער עסען גאָר מיט די הענט. אין אַ בּעל־

הבתישער אידישער שטוב ווייסט מען ניט פון קיין באזונדערע דינים און מנהגים, ווי אזוי צו זיצען ביי׳ם טיש און צו באדיענען זיך מיט׳ן לעפעל, מיט׳ן מעסער און מיט׳ן גאפעל. אין א בעל־הבתישער אידישער שטוב איז גענוג, אז מע ווייסט, אז מע באדארף איבערלאזען אין טעלער א שטיקעל פיש אדער פלייש, „אויף דרך־ארץ". ווייטער מעג מען זיצען ווי אזוי מע וויל, עסען ווי־פיעל מע וויל, און רייניגען די צייהן מיט׳ן גאפעל איז אויך אהן א סכנה. ווער זאגט עס דען, אז ס׳איז פארהאן ערגיץ א מין עטיקעט אויף דער וועלט? ווער און וואו האט דאס אזא שלחן־ערוך אמאל געשריבען? ניין, די אלע דינים און מנהגים פון עטיקעט האט דער יונגער רעפעטיטאר אין ערגיץ ניט אויסגע־לייענט. ער האט נאר אין זינען געהאט איין זאך: אז מע דארף נאכקוקען, וואס אנדערע טהוען — נישט מעהר. פארשטעהט זיך, אז קיין הנאה פונ׳ם עסען קאן מען ניט האבען, אז מע דארף תמיד זיין אויף דער וואך, שטענדיג אכטונג געבען, טאמער האב איך געחאפט איין איבעריגען ביסען, אדער טאמער האב איך דאס מעסער מיט׳ן גאפעל נישט געהאלטען ווי עס געהער צו זיין, אדער טאמער האב איך צו א שטארקען זופ געטהאן, אדער טאמער האט עמיצער געהערט ווי איך קיי... דאנקען גאט, דעם עקזאמען פון עטיקעט האט דער לעהרער אויך אויסגעהאלטען גלענצענד, נאר פונ׳ם טיש איז ער די ערשטע עטליכע מאל אוועק־געגאנגען א הונגעריגער. נאך די אלע שענע צערעמאניעס, פיעלע פאטראוועס און אויסגעצייכענטע מאכלים האט זיך שטארק גע־בענקט נאך א שטיקעל פריש ברויט מיט הערינג און מיט ציבעלע, און נאך הייסע זאמדיגע קארטאפעל אין די העמדלעך, און נאך א גוטע קרויט, וואס לאזט זיך הערען דערנאכדעם א גאנץ מעת־לעת... עס האט געמוזט נעמען צייט, ביז ער האט זיך צוגעוואוינט צו דעם רעזשים פון ציערליך־מאניערליך. דערווייל האט דער בחור געמוזט, ווי עס רעדט זיך, נאכשטופען די קארעטע, „האלטען שטאט", ניט ארויסגעבען זיך חלילה מיט זיינע דעמאקראטישע

גענג און פראַלעטאַרישע געוואוינהייטען. מיט איינעם וואָרט — זיין גליידך מיט אַלע. און דעם אמת מוז מען זאָגען, אַז מע האָט דאָ געקוקט אויף איהם פון דעם ערשטען טאָג אָן ניט ווי אויף אַ פרעמדען, נאָר ווי אויף אַ גלייכען, אַיין אייגענעם. פאָרט אַ „טאַטענ׳ס אַ קינד”. אַזוי האָט גע׳פסק׳ענט דער אַלטער און האָט גאַנץ אָפענטליך אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגען דעם לעהרער איהם אין די אויגען, אַז ער, דער לעהרער, איז אַ „טאַטענ׳ס אַ קינד”. און אַ „טאַטענ׳ס אַ קינד” באַדאַרף מען אַנדערש באַהאַנדלען.

קודם כל, האָט מען איהם אָפּגעגעבען אַ באַזונדער חדר, צו־געקליבען פראָסט, נאָר מיט אַלע באַקוועמליכקייטען און מיט דער בעסטער באַדיענונג. דאָרט האָט ער געהאַט גענוג צייט און גענוג פרייהייט צו טהון וואָס ער וויל. לערנען מיט דער שילערין איז גענוג געווען אַזעלכע צוויי־דריי שעה אין טאָג. די איבעריגע צייט האָט ער געקאָנט אויסנוצען פאַר זיך — לייענען ביכער אָדער שרייבען. און געלייענט האָט ער אַלץ, וואָס ס׳איז געקומען צו דער האַנט. דער אַלטער האָט אַליין ליעב געהאַט צו לייענען און האָט ניט געזשאַלעוועט קיין געלט אויף צו קויפען אַלע מאָל נייע ביכער. און אַזוי ווי קיין אַנדער שפּראַך, אַ חוץ העברעאיש, האָט דער אַלטער ניט געלייענט, איז זיין ביבליאָטעק באַשטאַנען מעהר פון העברעאישע ביכער (אידיש איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אין דער מאָדע). קלמן שולמאַן, מאַפּו, סמאָלענסקין, מאַנדעלקערן, גאָטלויבער, יהל״ל, יצחק־בער לעווינזאָהן, מרדכי־אהרן גינזבורג, יצחק ערטער, דאָקטאָר קאַמינער, חיים־זעליג סלאָנימסקי — אָט דאָס זענען געווען די נעמען פון די שרייבערס, וואָס האָבען באַשיינט די ביבליאָטעק פון דעם דאָרפישען מאַגנאַט, דעם פּאָסעסאָר לאָיעוו. אין די אַלע אויסגערעכענטע ביכער איז דער אַלטער לאָיעוו געווען קלאָר כמעט אויף אויסווענייג און האָט ליעב געהאַט זיי ציטירען און דערצעהלען פון זיי אַלע מאָל איבער־אַ־נייעס. עס איז זעלטען געווען צו באַגעגענען אַ מענטשען מיט

אזא זכרון און מיט אזא כח הדבור, ווי דער אלטער לאיעוו. ער האט געהאט איין אמת׳ען טאלאנט אויף איבערצודערצעהלען א זאך מיט זיין אייגענעם לשון. איך וואלט געזאגט, אז ער איז געווען איין ארטאטאר. ער האט געהאט אין זיך א גוזמא הומאר. זיינע מעשיות זענען געווען שפאנענדיג. א מענטש פון גרויסע ערפאהרונגען און א סך איבערלעבענישען, האט ער געהאט צו דערצעהלען און צו דערצעהלען, און אלע מאל מיט גרויסען אינטערעס. ער האט ניט נאר דערצעהלט — ער האט געדיכטעט, געשאפען, געמאהלען בילדער מיט אלערליי פארבען. דארט וואו ער האט זיך געפונען, האבען געמעגט זיין ווער ווייסט וויפיעל מענטשען, האט מען געהערט נאר איהם, און ווייטער קיינעם ניט.

בכלל איז דאס געווען א זעלטענער טיפ, א גרויסער אריגינאל, א איד נישט ווי אלע אידען. אויסגעוואכסען און דערצויגען געווארען אין א פרומער אידישער שטוב, אין א אידישער שטאדט, אין באהסלאוו, איז געווען צו באוואונדערען, ווי אזוי איז דאס ארויסגעוואכסען פון דארטען אזא מין עקזעמפליאר? ווי קומט צו א באהסלאווער אידען גאר א השגה צו פיהרען א פריצישען שטאט, ליעב האבען ערד און אפגעבען זיך אינגאנצען צו פעלדארבייט? עס איז ווערטה געווען אנצוקוקען איהם אין א פריהמארגען, אנגעטהאן אין הויכע גלאנצענדיגע באטפארטען און אין א קורץ סאמעטען רעקעל ביז די קניה, שטעהן אויפ׳ן טייך ביי דער דרעשמאשין, קאמאנדעווען מיט די ארבייטער און ווארפען די סנאפעס אין קאסטען אריין, אדער דרעהען די „וועיעלקע", אדער ווארפען מיט דער „רעשעטע". אומעטום איז ער געווען אליין: ביי׳ם אקערען, ביי׳ם זעען, ביי׳ם פאלען, ביי׳ם גראבען, ביי׳ם שניידען, ביי׳ם אריינפיהרען און ארויספיהרען די תבואה, ביי די פערד, ביי די אכסען, ביי די בהמות — אומעטום אליין. איך מיין, אז אויב עס וואלט ווען אמאל געווען נויטיג צו באווייזען פאר פרעמדע פעלקער א מוסטער פון א אידען א פאמעשטשיק, א גוטבאזיצער און איין אמת׳ען פעלדארבייטער, וואלט

דער אלטער לאיעוו געוועזן דער בעסטער מוסטער. פריסטעז האבען אפענטליך ארויסגעזאגט, אז ביי דעם אידען באדארף מען זיך געהן לערנען, ווי צו פיהרען בעל־הבתישקייט, ווי צו באארבייטען די ערד אויפ׳ן בעסטען שטייגער און ווי צו באגעהן זיך מיט די ארעמע ארבייטער, אז זיי זאלען זיין צופריעדען. אלע מוזשיקעס פון דארף, אהן א שום אויסנאהם, זענען געווען נאך איהם די כפרה. נישט נאר האבען זיי געציטערט פאר איהם און געהאט דרך־ארץ — זיי האבען איהם ליעב געהאט, פשוט ליעב געהאט. דערפאר, וואס ער איז זיך באגאנגען מיט זיי, ווי א מענטש, ווי א פריינט און ווי א פאטער. אזא מין באנעמונג האבען די גויים קיינמאל ניט געזעהען פון די פריהעריגע בעלי־בתים, פון די פוילישע פריצים. מע דארף געדענקען, אז דער עלטערער דור מוזשיקעס האבען נאך ניט פארגעסען דעם טעם פון „פאנשטשינע". אויף זייערע לייבער האבען זיי נאך געטראגען סימנים פון שמיץ. און דא באגעהט מען זיך מיט זיי, ווי מיט מענטשען, ניט ווי מיט „סקאט". היינט דער צוטרויען, וואס זיי האבען געהאט צום בעל־הבית. זעלטען ווער פון זיי אינ׳ם גאנצען דארף האט געקאנט צונויפרעכענען, וויפיעל עס באטרעפט צוויי מאל צוויי. ביי׳ם חשבון האבען זיי זיך אינגאנצען פארלאזט אויפ׳ן אלטען. זיי זענען געווען זיכער, אז ער וועט זיי ניט אפנארען אויף קיין פרוטה אפילו.

עס איז שווער זיך פארצושטעלען, וואס פאר א ווענדונג וואלט אנגענומען די היסטאריע פונ׳ם אידישען פאלק און וואס פאר א ראלע מיר וואלטען געשפיעלט אין דעם עקאנאמישען און אין דעם פאליטישען לעבען פונ׳ם לאנד, ווען ניט די געוויסע „ווערעמענע פראווילעס", וואס דער מיניסטער איגנאטיעוו האט אנגעחמארעט אויף די אידען, אז זיי זאלען ניט טארען זיצען אין די דערפער און ניט קויפען און ניט דינגען קיין ערד אויף צו באארבייטען. איך זאג עס דערפאר, ווייל אזעלכע פעלד־בעלי־בתים, ווי דער אלטער לאיעוו, זענען אין יענעם געגענט, ווי אויך אין

אַנדערע געגענטען פון דער געבענטשטער „טשערטאַ”, געווען ניט קיין זעלטענהייט. באָהסלאַווער, קאַניווער, שפּאָלער, רזשישטשעווער, טאַראַשטשער, זלאַטאָפּאָליר, אומעניר און נאָך אַ סך אַנדערע אידען האָבען זיך אַ לאָז געגעבען פון די קליינע שטעדטלעך אין דאָרף אַריין, אָפּגעדונגען גרויסע און קליינע פּאָסעסיעס, גענומען אין דער אַרענדע פּריצישע פּאָלוואַרקעס, באַוויזען וואַונדער, געמאַכט פון שלעכטער ערד, פון פאַרלאָזענע חורבות אַיין אמת׳ען גן־עדן. דאָס איז ניט קיין איבערטרייבונג, קיין גוזמא־זאַך. די דאָזיגע ווערטער האָט דער פּאַרפאַסער פון די דאָזיגע כּתבים אַליין געהערט פון אַ באַריהמטען רוסישען פּאָמעשטשיק, אַ כּריסט, מיט׳ן נאָמען וואַסילי פיאָדאָראָוויטש סימערענקאָ, מיט וועלכען דער אַלטער לאָיעוו איז געשטאַנען אין נאָהענטע געשעפטס־פאַרבינדונגען און מיט וועלכען מיר וועלען זיך נאָך באַגעגענען. מיט איינעם וואָרט — איהר האָט פאַר זיך אַ טיפּ פון אַ אידען אַ פּריץ, אַ אידען אַ פּאָמעשטשיק, וואָס איז, ליידער, דורך אַ בייזער האַנט אַרויסגעריסען געוואָרען מיט׳ן וואָרצעל און איז אָפּגעשטאָרבען פאַר דער היסטאָריע אפשר אויף לאַנגע־לאַנגע יאָהרען.

13

# דאָס לעבּען אין דאָרף

דאַס דאַרף „סאַפּיעווקאַ“. — דער מחבר פון די באַשרייבונגען באַ־קענט זיך מיט דער דרויסענדיגער וועלט. — דריי גוטע יאַהרען. — דער לעהרער מיט דער שילעריז ווערען נאָהענט, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. — ביי די ביכער, אויפ'ן פעלד און ביי שכנים.

דאָס דאָרף, וואוהין דער פאַרפאַסער פון די דאָזיגע געשיכטעס איז געבּראַכט געוואָרען, האָט געהערט צום גראַף בּראַניצקי און האָט זיך אָנגערופען מיט'ן נאָמען „סאָפּיעווקאַ“. געבּראַכט איז ער געוואָרען אַהער אַלס אָנגעשטעלטער, אַלס לעהרער, אויף אַ קורצע צייט, און איז שוין פאַרבּליבּען דאָ אויף שטענדיג. דאָ האָט ער געפונען זיין צווייטע היים. דאָ האָט זיך פאַרזיגעלט, ווי מיר וועלען דאָס ווייטער זעהען, זיין גליק און זיין לעבּען אויף אייבּיג... דערווייל האָט ער אַלס לעהרער פאַרבּראַכט אין דעם דאָרף עטוואָס קאַרגער פון דריי יאָהר. די דאָזיגע דריי יאָהר מעגען פאַרצייכענט ווערען אַלס די בּעסטע, די שענסטע און די גליקליכסטע פון זיינע יאָהרען. מע קאָן זאָגען, אַז דאָס איז געווען בּאמת דער פריהלינג פון זיין לעבּען. דער פריהלינג אין אַלע אופנים. דאָ האָט ער געהאַט די בּעסטע געלעגענהייט נעהענטער צו בּאַקענען זיך מיט דער נאַטור, מיט גאָט'ס וועלט, מיט גאָט'ס ערד. מיט דער ערד, פון וואַנען מיר זענען אַלע גע־קומען און וואוהין מיר אַלע זענען אָנגעבּרייט אַוועקצוגעהן. דאָ

האָט ער דערזעהען, פאַרשטאַנען און דערפיהלט, אַז אונזער אָרט איז דאָ, אויף דער נאַטור, און ניט נאָר אָט דאָרטען, אין דער שטאָדט. דאָ איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מיר זענען אַ טייל פון דער גרויסער, דרויסענדיגער וועלט, און אַז מיר האָבען אַלע מאָל געבענקט און וועלען תמיד בענקען נאָך דער מוטער־ערד. אַז מיר האָבען אַלע מאָל ליעב געהאַט און וועלען תמיד ליעב האָבען די נאַטור. אַז עס האָט אונז אַלע מאָל געצויגען און עס וועט אונז תמיד ציהען אין דאָרף אַריין. איך וויל האָפען, אַז דער גוטהאַרציגער לעזער וועט מיר איצטיגס מאָל מוחל זיין פאַר מיין קורצע הקדמה. איך קאָן מיך ניט דערמאַנען אָן דעם דאָרף און ניט אַרויסזאָגען די געפיהלען, וואָס זענען מיט דעם פאַרבונדען. און האָב איך שוין אַרויסגעזאָגט, קאָנען מיר שוין אַריבערגעהן צום דאָרף גופא און געבען אַ גענויע באַשרייבונג פונ׳ם דאָרפישען גליקליכען לעבען.

געשלאָפען אין אַ גרוים ליכטיג צימער ביי פאַרמאַכטע לאָדען, האַפּט זיך אויף דער לעהרער אין דער פריה, טהוט אַ שטופּ מיט דער האַנט פון זיך — עפענט זיך אויף דאָס פענסטער מיט׳ן לאָדען אינאיינעם, און עס רייסט זיך אַריין אַ סנאָפּ ליכט, מיט אַ וואַרעמקייט פון דער זון, מיט איין אַראָמאַט פון רעזעדאַ, אויס־געמישט מיט אַ ריח פון מיענטע און פון פּאָלין, מיט נאָך פאַר־שיידענע מינים ריחות פון גראָזען, וואָס מע ווייסט ניט זייערע נעמען. די גראָזען זענען, זאָגט מען, דאָ געווען אַמאָל פאַרזעעט פונ׳ם גראַף בראַניצקי. נאָר איצט וואַכסען זיי אַליין פון זיך, אינאיינעם מיט׳ן פּראָסטען בוריאַן, שטעכעלקעס און קראָפּיווע. אין מיטען זומער זענען די גראָזען אַזוי הויך געוואַכסען, אַז דער לעהרער מיט דער שילערין זענען ניט איין מאָל געגאַנגען ביז איבער׳ן האַלז און האָבען זיך געקאָנט באַהאַלטען איינס פון דאָס אַנדערע און זיך נאָכדעם לאַנג זוכען און — געפינען. פונ׳ם

אויפעפענען דאָס פענסטער מיט'ן לאָדען האָט אַ קוואָקעדיגע הוהן מיט איהר משפחה זיך ספּאַלאָשעט און אַ ביסעל אָפּגעטרעטען אויף אַ זייט. זי האָט זיך אָבער באַלד אומגעקעהרט צוריק, גע־שאַרט און געפּיקט אין מיסט און געלעהרענט אויך די קליינע היהנדעלעך, ווי אַזוי צו שאַרען און צו פּיקען.

דאָס אויפשטעהן, דאָס אָנטהון זיך מיט'ן איינוואַשען זיך נעמט נישט קיין סך צייט, און עס איז נאָך גאָרניט אַזוי שפּעט. נאָר אַז דער לעהרער קומט־אַרויס, טרעפט ער שוין קיינעם ניט אין שטוב. דער אַלטער לאָיעוו איז שוין לאַנג בּיי דער אַרבּייט אויפ'ן „טויק", פון וואַנען עס לאָזט זיך הערען דאָס גראַגערען פון דער דרעשמאַשין. דעם אַלטענ'ס פרוי איז בּיי די אינדיקעס, בּיי די געגז מיט די קאַטשקעס—און די איבעריגע עופות — אַ גאַנצע מלוכה פון עופות! פון די בּרייטע פעלדער ציהען זיך פּאַוואָלי גרויסע אָכסען־פוהרען מיט'ן אָפּגעשניטענעם בּרויט. פון דער ווייטען קאָן מען חאַפּען מיט'ן אויג דעם לאָן מיט ווייץ. אַ סך איז שוין אָפּגעשניטען און צונויפגעלעגט קופּעסווייז אין די סנאָפּעס. און אַ סך שטעהט נאָך אין די געלע צייטיגע זאַנגען, ריהרט זיך און שאָקעלט זיך חוואַליסווייז פון אַ גרינג ווינטעלע, וואָס לויפט פאַרבּיי. אויף יענער זייט לאָן, דאָרט וואו עס ענדיגט זיך דאָס בּרויט, הויבּען זיך אָן די גרויסע גרינע בּלעטער פון די בּוראַקעס, וואָס וואַכסען גלייכע שורות־ווייז. צווישען זייערע רייהען, גאַנץ שיטער, שטעהען, ווי סאָלדאַטען אויף דער וואַך, די הויכע „סאָנישניקעס" מיט די גרויסע געלע קוטשמעס. פייגעלעך האָבּען ליעבּ צו קלויבּען זיך אַרום די סאָנישניקעס און אַרויספּיקען פון זיי איינציגווייז די נאָך ווייסע, נאָר שוין זיסע, סעמעטשקעס. נאָך ווייטער געהט דאָס דעמבּענע געדיכטע וועלדעל, מיט'ן נאָמען די „טורטשינאַ". דעמאָלט, ווען פּריצים זענען דאָ געזעסען, איז מען געגאַנגען אַהער שיסען, „נאַ פּאָליע־וואַניע". איצט, אַז די פּאָסעסיע האַלט אַ איד, קאָנען די אומ־שולדיגע האָזען און גאָט די נשמה שולדיגע פייגעלעך זיין גאַנץ

רוהיג. אידען שיסען ניט. אידען קאָנען באשטעהן צו ציהען אַנדערע נוצען פונ׳ם וואַלד. פון דעם וואַלד האָט דער אַלטער לאַיעוו אַרויסגעפיהרט אַ היבש ביסעל געהילץ און האָט אָנגעבויעט שטאַלען מיט שטעלעכלעך, קאַמערען מיט קעמערלעך, אַמבאַרען פאַר תבואה און סאַראַיען מיט סטאַנים פאַר אָכסען און פאַר פערד, און וועגען און שליטענס און נאָך זאַכען, וואָס ווערען אָנגערופען מיט איין אַלגעמיינעם נאָמען „רעמאָנענט״.

נאָכ׳ן ערשטען אָנבייסען און נאָך דער ערשטער שטונדע מיט דער שילערין נעמט דער לעהרער אַ שפּאַציער אין גאָרטען. אַמאָל אַליין און אַמאָל אינצווייען, טאַקי מיט דער שילערין. עס איז שווער צו זאָגען, ווען איז דער גאָרטען שענער: צי אַרום שבועות־צייט, ווען די ביימער האַלטען אין רעכטען בליהען? צי דעמאָלט, ווען עס האָבען זיך נאָר־וואָס אָנגעהויבען צו רויטלען די ווייכפּערלעך מיט די אַגרעסען? צי העט־שפּעט, שוין סוף זומער, ווען די עפּעל הויבען־אָן אַליין צו פאַלען און עס בלייבען די פאַרשפּעטיגטע קיילעכיגע שוואַרצע פלאָמען, וואָס מע רופט זיי „טשערקוסען״? אין יעדער צייט האָט זיך דער גאָרטען זיין רייץ מיט זיין חן. אין יעדער צייט געפינען די שפּאַציערענדע, דער לעהרער מיט דער שילערין, עפּיס נייעס. מעגען זיין די אַגרעסען נאָך גרין אַזוי ווי גראָז און זויער אַזוי ווי עסיג — מאַכט נישט אויס. מע צעשטעכט זיך די הענט און מע רייסט־אַרויס די גרעסטע פון זיי, די וואָס הענגען־אַראָפּ און לייכטען זיך דורך אויף דער זון. און ווער שמועסט אַ ביסעלע שפּעטער, ווען די ווייכפּערלעך גיסען זיך אָן מיט רויטען וויין און בלישטשען אויף דער זון — דעמאָלט בעטען זיי זיך, מע זאָל פאַרזוכען נאָך אַ בינטעל און נאָך אַ בינטעל. מע פאַרזוכט אַזוי לאַנג, ביז עס ווערען היילינג די ציינער. דאָס אייגענע איז מיט די ווײנשעל און מיט די קאַרשען און מיט די אַלע איבעריגע אויבסטען און פּירות, וואָס קומען־אויף און ווערען צייטיג ניט אַלע אויף איין מאָל. אמת, דאָס זענען אַליץ אַזעלכע זאַכען, וואָס מע קריגט עס אין

שטאָדט אויך, וואָס מע קאָן עס קויפען פאַר געלט. עס האָט אָבער נישט דעם טעם מיט דעם ריח, ווי בעת איהר רייסט דאָס אַליין אַראָפּ פונ'ם בוים. ובפרט אַז איהר זענט ניט אַליין, נאָר אינצווייען מיט אַ מיידעל, וואָס איז אייך ליעב און טייער, מיט אַ מיידעל, וואָס איהר זענט איהר ליעב און טייער, ווי איין אייגענער, ווי אַ ברודער...

ווי דען האָט די שילערין אַנדערש געקאָנט באַציהען זיך צום לעהרער, אַז ניט ווי צו אַ ברודער, ווען איהרע פאָטער און מוטער האָבען זיך באַצויגען צו איהם, ווי צו אַ קינד? עס איז נישט געווען קיין שום אונטערשייד ביי זיי צווישען איהם און צווישען זייערע אייגענע קינדער. אַזוי ווי די אייגענע קינדער, אַזוי האָט דער לעהרער זיך געבאָדען אין גוטס, נישט געוואוסט פון קיין נויט און פון קיין זאָרג און פון דעם, וואָס געהער זיך אָן מיט געלט. דאָס מין געלט האָט אין יענער שטוב בכלל נישט עקזיסטירט. דאָס הייסט, געלט איז געווען אַ סך, גאָר אַ סך. נאָר קיינער, אויסער דעם אַלטען, האָט נישט געוואוסט די ווערטה פון דעם און נישט געפיהלט, אַז עס פעהלט. אַלץ איז געווען גרייט און אַלץ פון דער פולער ברייטער האַנט. דאָס עסען, דאָס טרינקען, דאָס קליידען זיך און שוכען זיך און דאָס אַרויספאָהרען מיט'ן גלאַנץ און מיט'ן קנאַק. אויף יעדען טריט אַ באַדיענער. מענטשען און פערד וויפיעל איהר ווילט און ווען איהר ווילט. און באַווייזט איהר זיך אין דאָרף, בויגען זיך פאַר אייך אַלע גויים, נעמען אַראָפּ דאָס היטעל. געבוירענע גראַפען באַדאַרפען זיך ניט פיהלען בעסער, פרייער און בכבוד'ער.

געקומען דער אַלטער פון דער אַרבייט, באַדעקט פון קאָפּ ביז פיס מיט שטויב, מיט שטרוי און מיט זאַנגען. ער וואַרפט אַראָפּ די לאַנגע שטיוועל, וואַשט זיך איין, טהוט זיך איבער און באַקומט איין אַנדער אויסזעהען. ער זעצט זיך אַוועק צום שרייב

טיש, נעמט זיך צו דער פּאָסט, וואָס אַ שייגעצעל האָט געבראַכט צו פיהרען פון דער סטאַנציע „באַראַניעפּאָליע״, רייטענדיג אויף אַ פערד מיט אַ טאָרבע איבער די פּלייצעס. איבערגעקוקט די פּאָסט, רופט ער צו דעם לעהרער, ער זאָל שרייבען ענטפער אויף די בריעף. דער לעהרער טהוט די אַרבייט געשיקט, וואָרום ער פאַרשטעהט דעם אַלטען אויפ׳ן קוק און ווייסט די גאַנצע קאָרעס־פּאָנדענץ אויף אויסוועניג. דער אַלטער האָט פיינט איבער׳חזר׳ען אַ זאַך צוויי מאָל און האָט ליעב, מע זאָל איהם פאַרשטעהן וואָס ער וויל, נאָך איידער ער האָט עס אַרויסגעזאָגט. אַליין אַ פלינקער אַרבייטער, האָט ער ליעב צו זעהען, אַז די אַרבייט זאָל ברענען אונטער די הענט. פאַרטיג געוואָרען מיט אַלע אַרבייט, זעצט מען זיך עסען. זעלטען עס זאָלען ניט זיין עטליכע זייטיגע, פרעמדע מענטשען ביי׳ם טיש. דאָס זענען מעהרסטענטייל געסט, שכנים, פּאָסעסאָרס, אָדער סוחרים, וואָס זענען געקומען קויפען ווייץ, האָבער, גערשטען, אָדער אַנדערע תבואות. ביי׳ם טיש הערשט, ווי איך האָב שוין פריהער באַשריבען, אַ שטרענגע דיסציפּלין. קיינער וואַגט ניט אַ הויך וואָרט אויסצורעדען, נאָר דער אַלטער קלינגט, ווי אַ גלאָק. ביי איהם לאָזט זיך קיינמאָל ניט אויס קיין שטאָף. ער האָט אייך אויף אַלסדינג אַ מעשה, אַ משל און אַ גלייכוואָרט, וואָס מאַכט אייך צום דענקען און צום לאַכען. וואָרום איהר האָט ניט געזעהען אַ צווייטען, וואָס זאָל אייך קאָנען אַזוי אינטערעסאַנט דערצעהלען און קאָפּירען, נאָכמאַכען יעדען איינ־ציגען מיט אַלע פּליטערלעך — איין אמת׳ער טאַלאַנט, חאָטש ביי דער וועלט, צווישען אידען, האָט ער געהייסען אַ מאָדנער איד, אַ „טשודאַק״ און אַ „שגעון״. און דאָך האָבען סוחרים ליעב געהאַט מיט איהם צו האַנדלען, ווייל דאָס וואָרט איז ביי איהם געווען הייליג, און האָט ער אייך עפּיס פאַרקויפט, האָט דאָס גע־מעגט ווערען ווי טייערער, האָט איהר געקאָנט זיין זיכער, אַז קיין חרטה וועט ניט זיין. דאָס איז געווען אָהן אַ שום פּרינציפּען און פּרעטענזיעס, נאָר פּראָסט און פשוט די נאַטירליכע אָרענטליכקייט,

וואָס ווייסט ניט פון קיין דרווידלעך און האָט פיינט קרומע פאַלשע וועגן. אין דער סוחר'ישער וועלט הייסט אפילו אַזאַ נפש, הינטער די אויגן געוויינליך, אַ „משוגענער מענטש", נאָר מע האָט בעסער ליעב מיט אַזאַ משוגענעם צו האָבן געשעפט, ווי מיט איין אַנדערען אַ קלאָרען.

נאָכ'ן טיש לאָזט מען איבער דעם אַלטען מיט די געסט, זיי זאָלען זיך דאָרטען שמועסען און מאַכען געשעפטען, און דער לעהרער מיט דער שילערין זעצען זיך אַוועק לערנען, שטודירען, לייענען. איבערהויפט לייענען. מע לייענט אַלץ, וואָס עס קומט צו דער האַנט, אָהן אַ קאָנטראָל, אָהן אַ סיסטעם און אָהן איין איבערקלייבען. צום מיינסטען ראָמאַנען, די גרעסטע קלאַסיקער, ווי שעקספיר, דיקענס, טאָלסטאָי, געטהע, שילער, גאָגאָל, אויס-געמישט מיט די ערגסטע שונד-ראָמאַנען פון איזשען סיו, קסאַוויע דע מאָנטעפען, אַשאַר, פאָן באָרן און נאָך אַזעלכע פוסטע שמירער פונ'ם פראַנצויזישען בולוואַר. אָנגעלייענט זיך, ווי די פויקען, געהט מען זיך דורך צו דער מאַשינע, זעהען ווי מע דרעשט. אָדער אין פעלד אַרויס, צוקוקען ווי מע שניידט דאָס ברויט, ווי מע נעמט עס צונויף און מע בינדט עס אין די סנאָפּעס. און עס נעמט-אָן אַ חשק פאַרקאַטשען די אַרבעל און זיך נעמען צו דער אַרבייט. עס באַווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז שטעהן ביי דער זייט און קוקען, ווי מע שניידט ברויט און מע בינדט סנאָפּעס, איז אַ סך גרינגער, ווי איידער אַליין אָנבויגען זיך און שניידען ברויט און בינדען סנאָפּעס. וואָרום פון קוקען ווערט מען ניט דערשוויצט און אויף די הענט לויפען ניט אויף קיין בלאָטערען... דערפאַר אָבער — וואָס פאַר איין אַפּעטיט מע האָט דערנאָכדעם! מע קומט אַהיים און מע עסט זויערמילך מיט שוואַרצברויט און מע מאַכט אַ שפּאַציער אין גאָרטען. אָדער מע הייסט איינשפּאַנען דאָס פּאַטאָנדעל און מע פאָהרט זיך דורך מיט אַנדרייען אין די איבעריגע פּאָסעסיעס אָדער עקאָנאָמיעס: אין גוזיפקע, אין קריטאָהאָרבע, אין זאַקוטעניץ. אָדער מע פאָהרט אַריבער קיין

# פונ׳ם יאָריד

בּאַראַניעפּאָליע צום פּאָסטמייסטער מאַלינאָווסקי. און אומעטום ווערט מען אויפגענומען ווי זעהר אָנגעלעגטע, פיעל געליעבטע געסט. מע ווייסט גאָר ניט, מיט וואָס זיי מכבד צו זיין. שטעלט מען דעם סאַמאָוואַר און מע דערלאַנגט איינגעמאַכטס. ביי׳ם פּאָסטמייסטער מאַלינאָווסקי ווערט בּאַשאַפען אַ פלעשעל בּראָנפען, וואָס ער אַליין טאַקי טרינקט דאָס אויס גלעזלעכווייז ביז׳ן סוף, וואָרום מאַלינאָווסקי איז אַ גוי, וואָס האָט ליעב דעם ביטערען טראָפּען. און אַז ניט, חאַפּט מען זיך גאָר אַריין צו דאָדי דעם עקאָנאָם, וואָס זיצט ניט ווייט, טאַקי אויף איין הויף מיט די בּעלי־בּתים. דאָרטען, ביי דאָדין אין דעם קליינעם שטיבּעל, איז פריילּיכער, ווי ביי זיי אין דער גרויסער שטוב. און דאָס, וואָס מע קריגט ביי דאָדין, קאָן מען אין דער היים ניט אויספיהרען. אַשטייגער, וואו וועלען זיי זיך דערלויבּען עסען גרינע קנעבּעלעך מיט שטשאַוו, אַז ניט ביי דאָדי׳ס ווייב? אָדער געזאַלצענע אוגערקעלעך גלייך פון סלאָי מיט הייסע קאַרטאָפּעל אין די מונדירען? אָדער זיסע קאַטשענעס פון קרויט, וואָס דאָדיכע שאַטקעוועט אויף צו זייערען? אָדער אָנטרינקען זיך מיט עפּעל־קוואַס, וואָס איז טעם גן־עדן? פון דעם בּאַזוך קאָן מען זעהען, אַז דאָדיכע שעצט זיך גליקליך, און ווער שמועסט דאָדי — דער איז אויפ׳ן זיעבּעטען הימעל! נאָר דאָדי דער עקאָנאָם איז אַ טיפּ פאַר זיך, און ער פאַרדיענט בּאַשריבּען צו ווערען אין אַ בּאַזונדער קאַפּיטעל.

14

# דאָדי דער עקאָנאָם

א נאַטור־מענטש. — דער אַלטער לאַיעוו לייענט די געשיכטע פון פעטער דעם גרויסען, און דאָדי ווערט אַנשלאָפען. — ביי דאַריכען אין שטיבעל. — דער העלד שרייבט ראָמאַנען און טראַגעדיעס און טראַכט ניט פון זיין אייגענעם „ראָמאַן".

דאָדי דער עקאָנאָם איז געווען אַ מענטש אַ גבר, אַ גבור. ניט אַזוי הויך געוואַכסען און ניט אַזוי גראָב געפּאַקט, ווי גוט געבויעט און שטאַרק פאַרפונדעוועט. אַ בולאַנער מיט קליינע אויגען. אַ ביסעל קאַסאָקע. די פּלייצע — שטאָל. די ברוסט — אייזען. אַ האַנט — אַ האַמער. ניט איטליכס פערד האָט געקאָנט איהם ליידען אויף זיך. און האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן פערד, איז ער געווען ווי צוגעוואַכסען, און איהר האָט נישט געוואוסט, וואו לאָזט זיך אויס דאָדי און וואו הויבט זיך אָן פערד. פאַר דאָדין האָבען אַלע גויים געהאַט דאָס קדחת, געציטערט אימת־מות פאַר זיין האַנט, חאָטש געשלאָגען האָט ער זיך זעהר זעלטען. סיידען אונטער אַ נויט. דעמאָלט, ווען ווערטער זענען נישט בכח צו טהון גאָרנישט. עס איז געווען, איינער זאָל אַ זאָג טהון: „אָן געהט דאָדי", אַז אַלע גויים, גויעס און שיקסעס, וואָס זענען געשטאַנען און געפּלאַפּעלט, זאָלען זיך אַ נעם טהון מיט חשק צו דער אַרבייט. צוגעקומען צו די אַרבייטער, האָט דאָדי פיינט געהאַט יוצא זיין מיט ווערטער. ער האָט זיך גענומען צום אַקער, צום סערפּ, צו דער לאָפּעטע, אָדער צום זאַסטופּ, און האָט מיט

# פונ'ם יאריד

זיינע הענט באוויזען א ביישפיעל, ווי אזוי מע באדארף ארבייטען. אפנארען דאדין איז געווען שווערליך, און גנבה'נען ביי איהם — אוממעגליך. פאר גנבה איז די גרעסטע שטראף געווען ווינציג. אויך פאר שכור'ען איז ער געווען אש-להבה. אויסטרינקען א גלעזעל בראנפען — דאס מאכט ניט אוים. נאר פאר'שכור'ען זיך און מאכען סקאנדאלען — דאס ניט. חיות ניט זיכער!

היינט שטעלט איך פאר, אז אט דער דאדי, דער גבר, וואס פאר איהם האט געציטערט א גאנץ דארף מיט גויים, אז ער איז געשטאנען פאר'ן אלטען לאיעוו, איז געווען איהם ניט צו דער־קענען. קלענער פון א קינד, שטילער פון א שעפעלע. די הענט ארא֏געלאזט. דעם אטעם פארהאלטען. א סאלדאט פאר א גענעראל א פעלדמארשאל באדארף ניט שטעהן מיט מעהר רעספעקט און מיט מעהר מורא און דרך־ארץ, ווי דאדי איז גע־שטאנען פאר'ן אלטען בעל־הבית. אנגעקומען אין דארף אריין אלם יונגעל, איז ער שוין פארבליבען דארטען אויף שטענדיג. געוואכסען און געגאנגען אלץ העכער און העכער, ביז דער אלטער האט איהם געקרוינט מיט'ן נאמען עקאנאם, דאס הייסט, ער האט איהם געמאכט פאר אויפזעהער איבער אלע עקאנאמיעם. דא אין דארף האט דאדי חתונה געהאט, באקומען זיין געהאלט, א באזונדער שטיבעל מיט א באזונדערען גארטען, מיט מעהל, מיט שטרוי, מיט האלץ, מיט א פאר מעלקעדיגע בהמה'לעך — געווארען א שטיק בעל־הבית און א טאטע פון קינדער. און דאך האט ער קיינמאל ניט געוואגט פאר'ן אלטען בעל־הבית זיך צוזעצען אפילו אויף א מינוט. נאר איין מאל אין זיין גאנצען לעבען איז ער געזעסען פאר'ן בעל־הבית, האט זיך געטראפען א אינצידענט, וואס דאדי האט איהם געהאט צו געדענקען דאס גאנצע לעבען.

איך האב שוין, דאכט מיר, אויבען באמערקט, אז דער אלטער לאיעוו האט ליעב געהאט אויפצוקלערען, לעהרנען יעדען איינציגען, טיילען זיך מיט דעם, וואס ער ווייסט. איינמאל, אין א לאנגער ווינטערנאכט איז דאס געווען, האט דאדי אפגעגעבען א ראפארט

פון די עקאָנאָמיעס, שטעהענדיג פאַר'ן אַלטען אויסגעצויגען, ווי דער שטייגער איז, געענדיגט דעם ראַפּאָרט, האָט דאָדי געוואַרט, מע זאָל איהם הייסען געהן. איז אָבער דער אַלטער געווען אויפּ־געלעגט און געוואָלט נאָך אַ ביסעל שמועסען, שוין ניט פון די עקאָנאָמיעס, נאָר פון זייטיגע זאַכען, וועגען די שכנים די פּאָ־ליאַקען, — ביז ער איז אַרויף אויף אַ געשפּרעך וועגען פּוילען און וועגען דעם פּוילישען מיאַטעזש, דעם פּוילישען אויפשטאַנד. פון די פּוילען איז ער אַרויף אויף די רוסען, אויף דער רוסישער היסטאָריע פאַר פעטער דעם גרויסען. און אַזוי ווי אויפ'ן טיש איז געלעגען די רוסישע היסטאָריע אין דער העבּרעאישער איבּער־זעצונג פון מאַנדעלקערן, האָט ער גענומען לייענען און פאַר־טייטשען אויף אידיש פאַר דאָדין די גאַנצע געשיכטע פון פעטער דעם גרויסען. לייענענדיג די געשיכטע, האָט ער געהייסען דאָדין צוזעצען זיך אויף אַ שטוהל. האָט דאָדי נישט געוואַגט. האָט דער אַלטער געהייסען נאָך אַ מאָל. האָט ער שוין געמוזט זיך אַוועקזעצען. און אַוועקגעזעצט האָט ער זיך בּיי דער טיר, אונטער'ן אַלטען וואַנטזייגער. דאָדי'ס קאָפּ איז ניט געוואוינט געוואָרען צו אַזעלכע לעקציעס, און דערצו איז ער נאָך געזעסען אויך, האָט ער בּיסלעכווייז אָנגעהויבּען צו דרימלען, די אויגען האָבּען זיך איהם געקלעפּט, בּיז ער איז אונטער'ן אַלטענ'ס קול פּאַוואָלינקע גאַנץ געשמאַק אַנשלאָפען געוואָרען. אַצינד וועלען מיר לאָזען דאָדין, ער זאָל זיך שלאָפען, און מיר וועלען דערווייל זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם דאָרפישען וואַנטזייגער.

דאָס איז געווען איין אַלטער אינוואַליד, וואָס האָט שוין לאַנג אָפּגעדיענט זיינע יאָהרען און וואָלט שוין לאַנג געמעגט רוהען אויפ'ן בּוידעם צווישען אַלטע אָפּגעלעבּטע שמאַטעס. האָט אָבּער דער אַלטער לאָיעוו געהאַט אַ מאָדנע ליעבּשאַפט, אַ מין טראַדיציע, דוקא צו אַלטע זאַכען. אַשטייגער, צו איין אַלטען אָפּגעריבּענעם שפּיעגעל, וואָס בּאַווייזט צוויי פּנים'ער, צו איין אַלטער האַלבּ־צעפאַלענער קאַמאָדע, וואָס אַרויסציהען אַ שיפלאָד קומט־אָן שווער.

פּקריעת ים־סוף, און נאָך אַזעלכע אַלטע זאַכען. צום בּיישפּיעל, בּיי איהם אויפ׳ן שרייבּטיש איז כּל ימיו געשטאַנען איין אַלט־מאָדיש טינטורעל — אַ גלעזערן שטיוועלע אין אַ שוואַרץ הילצערן שיסעלע, אָנגעשאָטען מיט זאַמד. פאַר קיין געלט האָט מען נישט געקאָנט פּועל׳ען בּיי׳ם אַלטען, ער זאָל אַרויסוואַרפען דאָס דאָזיגע טינטורעל און איינפיהרען אַ נייעם, אַ לייטישען טינטער. דאָס איז געווען ניט מחמת קאַרגשאַפט. דער אַלטער איז שוין גאָר ניט געווען קיין קאַרגער. אַדרבּה, האָט ער שוין געקויפט אַ זאַך, האָט דאָס בּאַדאַרפט צו זיין דאָס בּעסטע און דאָס טייערסטע.

עס איז איהם נאָר שווער געווען צו שיידען זיך מיט איין אַלטער זאַך. דאָס אייגענע איז געווען אויך מיט׳ן זייגער, וואָס פאַר אַלטקייט האָט ער זיך גענויטיגט אין וואָג. אַלע מאָל איז צו־געקומען צו איהם אַ נייע געוויכט. איידער דער דאָזיגער זייגער האָט בּאַדאַרפט שלאָגען, האָט ער זיך פאַרגאַנגען מיט אַ הייזעריגען חריפּען, ווי איין אַלטער מאַן אַ זקן, וואָס ליידט פון אַסטמאַ, אַז ער בּאַדאַרף זיך אויסהוסטען. דערפאַר אָבּער אַז ס׳איז געקומען צום שלאָגען, האָט ער געשלאָגען, ווי אַ קלויסטער־גלאָק: בּאָם! בּאָם! — מע האָט געהערט אין דרויסען, ווי דער זייגער קלינגט אין שטוב.

אַצינד קעהרען מיר זיך אום צוריק צו דאָדין. דאָדי שלאָפט, און דער אַלטער לייענט די היסטאָריע פון פעטער דעם גרויסען און פון זיין ווייבּ אַנאַסטאַסיע. פּלוצים פאַרגלוסט זיך דעם זייגער קלינגען צעהן. האָט דאָדי זיכער געמיינט, אַז ס׳איז אַ שׂרפה, דער „טויק" בּרענט. האָט ער זיך געגעבּען אַ חאַפּ־אויף מיט אַ אימפּעט און מיט אַ געשריי: „וואַסער!..." דער אַלטער האָט זיך דערשראָקען, האָט אַוועקגעלעגט דאָס בּוך מיט דער היסטאָריע פון פעטער דעם גרויסען און גענומען קוקען אויף דאָדין דורך די בּרילען. אָט אָ יענעם קוק, זאָגט דאָדי, וועט ער געדענקען, אַז ער וועט ליגען אויפ׳ן טוידטען־בּעט...

נאַטור־מענטש האָט קיינמאָל אויף זיין לעבּען קיין ליגען ניט געזאָגט. זיין געטריישאַפט און זיין צוגעבּונדענקייט צו זיין בּעל־הבּית און צו זיין משפּחה האָט נישט געהאַט קיין גרעניץ. און ווייל דער לעהרער איז דאָרט געווען ווי אַיין אייגענער, איז ער בּיי דאָדין געווען פאַררעכענט אין דער משפּחה, און דאָדי איז גרייט געווען פאַר איהם אין פייער און אין וואַסער. בּיי דאָדין אין די אויגען איז אַלץ, וואָס האָט זיך אָנגעקעהרט מיט דער פאַמיליע לאָיעוו, געווען פון אַ העכערער מדרגה. יעדענפאַלס, ניט גלייך מיט אַלע איבּעריגע מענטשען. ער האָט פשוט פאַרגעטערט די דאָזיגע פאַמיליע. און איהר זכות האָט גענאָסען אויך דער לעהרער. אין די הייסע זומערדיגע טעג, אָדער אין די לאַנגע ווינטערדיגע נעכט האָבּען דער לעהרער מיט דער שילערין ליעבּ געהאַט זיך אַריינכאַפּען צו דאָדין און צו דאָדיכען. דאָרטען, אין דעם קליינעם שטיבּעלע מיט דער נידעריגער סטעלי, וואָס מע קאָן דערלאַנגען מיט דער האַנט, האָבּען זיי זיך געפיהלט אַלע מאָל בּעסער, ווי אין דער היים. עסען בּיי דאָדין זומער אַ זויערען שטשאַוו מיט יונגען קנאָבּעל און ווינטער הייסע קאַרטאָפעל אין די העמדלעך מיט געזאַלצענע אוגערקעלעך, אָדער געפּרוירענע געזייערטע קרויט, האָט געהאַט זיעבּען טעמים און איז געווען טויזענט מאָל בּעסער פון די טייערסטע מאכלים בּיי'ם טיש. און ווער שמועסט, אַז דאָדי'ס ווייבּ פעסי האָט געבּאַקען לעקאַך, אָדער געפּרעגעלט שמאַלץ — דעמאָלט איז געווען פאַר די יונגע־לייט אַ יום־טוב. אַ קלייניגקייט — הייסער לעקאַך, נאָר־וואָס פונ'ם אויווען? אָדער פרישע פעטע גריוועז, וואָס צעגעהען זיך אין מויל, אַזוי ווי דער מן, וואָס די אידען האָבּען געגעסען אין דער מדבּר!

מעהרסטענטייל זענען זיי געווען געסט בּיי דאָדין און בּיי דאָדיכען ווינטער. דעמאָלט, ווען די בּוימער ווערען איינגעהילט אין ווייסען, זעהען־אויס ווי די איבּערגעפּרוירענע מתים אין

און פראַכט, און עס בלייבט־איבער מעהר ניט אַז אַריינהאַפּען זיך צו דאָרין אינ׳ם וואַרעם־אָנגעהייצטען שטיבעל און קוויקען זיך מיט פּעסי׳ס מאַכלים. ס׳איז מורא׳דיג שטיל. דער שניי איז טיעף. קיינער קומט ניט. סאיז טרויעריגליך אויפ׳ן האַרצען. אומעטיגליך אויף דער נשמה. סיידען מע הייסט אַמאָל אַנדרייען איינשפּאַנען די פערד אין אַ ברייטען שליטען. מע פעלצט זיך אָן, מע דעקט זיך צו מיט אַ וואַרעמער „באַראַניצע" און מע פאָהרט זיך דורך פון איין פאָלוואַראָק אינ׳ם צווייטען. דאָרט שטעלט מען דעם סאַמאָוואַר, מע טרינקט זיך אָן מיט טיי און מע פאָהרט צוריק.

דער ווינטער האָט אָבער זיינע גוטע מעלות — ס׳איז דאָ צייט גענוג אויף צו לעזען און אויף צו שרייבען. אין די כמעט דריי יאָהר, וואָס דער העלד האָט פאַרבראַכט אין דאָרף, האָט ער אָנגעשריבען אַ סך מעהר, ווי ער האָט געשריבען נאָכדעם, ווען ער איז שוין געווען אַ שרייבער און געהייסען „שלום־עליכם", אין צעהן יאָהר. עס האָט זיך איהם קיינמאָל אַזוי גרינג ניט געשריבען, ווי אין יענער צייט. און געשריבען האָט ער גאַנצע נעכט — גרויסע, האַרצרייסענדיגע ראָמאַנען, שרייענדיגע דראַמעס, פאַרפּלאָנטעטע טראַגעדיעס און קאָמעדיעס. עס האָבען זיך געגאָסען די געדאַנקען, ווי פון אַ פאַס. עס האָט געשפּרודעלט די פאַנטאַזיע, ווי אַ פאָנטאַן. צוליעב וואָס דאָס אַלץ איז געשריבען געוואָרען — האָט ער זיך קיינמאָל ניט געפרעגט. קוים איז פאַרטיג געוואָרען בײַ איהם אַ „זאַך", האָט ער דאָס איבערגעלייענט פאַר זיין שילערין — און ביידע זענען געווען אַנציקט. ביידע זענען געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ מייסטערווערק, — אָבער ניט אויף לאַנג. קוים איז ער פאַרטיג געוואָרען מיט איין אַנדער ווערק, אַזוי איז שוין דאָס צווייטע געווען אַ מייסטערווערק, און דאָס ערשטע איז געוואָרען בלאַס, אָפּגעבליאַקעוועט. דעם בעסטען אָרט פאַר דעם איז געווען דער אויוון. און אַזוי איז אַוועק מיט׳ן פייער

אז דער בחור איז געבוירען געוואָרען צו זיין א שרייבער —
אין דעם איז ביי זיי ביידען נישט געווען קיין שום ספק. דער לעהרער מיט דער שילערין האבען דערפון גערעדט, געפאנטאזירט, געבויעט די שענסטע לופטשלעסער. רעדענדיג פון פארשיידענע פלאנען פון פארשיידענע ווערק, האבען זיי פארגעסען פון זייערע אייגענע פלאנען... וועגען דעם איז איבערהויפט ניט געווען ביי זיי קיינמאל קיין שום רעד. עס איז זיי קיינמאל נישט געקומען אויף די געדאנקען צו דערקלערען זיך איינס דאס אנדערע אין זייערע געפיהלען, אדער צו פארטראכטען זיך אויפ'ן גורל פון זייער אייגענעם ראמאן... דער נאמען „ראמאן" איז, אפנים, געווען צו שאבלאן, דאס וואָרט „ליעבע" איז געווען צו באנאל פאר די געפיהלען, וואס האבען זיך אנטוויקעלט און אויסגעוואכסען צווישען די צוויי יונגעלייטלעך. זיי זענען ביידע געווען אזוי נאטירליך איינס פאר דאס אנדערע, אז ס'האט גאר ניט געקאנט זיין מעגליך, ס'זאל זיין אנדערש. וועט דען קומען אמאל אויף די געדאנקען א ברודער, ער זאל זיך דערקלערען אין ליעבע צו זיין שוועסטער? איך האב מורא, אז מיר וועלען זיין ניט ווייט פונ'ם אמת, אויב איך וועל זאגען, אז זייטיגע פארשוינען, מענטשען מן הצד, האבען א סך מעהר געוואוסט און גאר אהן איין ערך מעהר גערעדט פונ'ם

ראמאן פון די יונגע העלדען, ווי איידער די העלדען אליין. צו יונג זענען זיי געווען ביידע, צו נאאיוו און צו גליקליך. אויף זייער הימעל איז ניט געווען קיין שפריינקעלע. זיי האבען נישט ארויסגעזעהען פון ערגיץ ניט קיין ווידערשטאנד. און וואס ס'איז דער עיקר — זיי האבען קיינמאל ניט געדענקט דערפון. אין דער צייט פון די קארגע דריי יאהר פון זייער באקאנטשאפט האבען זיי ביידע נישט געקלערט אפילו איין מינוט פון צעשיידען זיך. און דאך איז געקומען דער טאג, ווען זיי האבען געמוזט זיך צע־שיידען. דערווייל ניט אויף שטענדיג, נאר אויף א קורצע צייט.

# דער פּריזיוו

מע רעדט שטארק פון „פּריזיוו“. — ער געזעגענט זיך מיט דער שילערין און פיהרט פון סאפּיעווקע א בריעף צום „פּרעדוואָ־דיטעל“. — די פאנטאזיעס אויפ׳ן וועג. — דער בריעף ווירקט, און עס דערגעהט ניט צו זיין נומער. — א מעשה מיט א זוהן א קאליקע. — ער קעהרט זיך אום צוריק אין דארף, נאר די חלומות ווערען נאך אלץ ניט מקוים.

מע קאָן מיט זיכערקייט זאָגען, אז כמעט אין דער גאנצער צייט פון די אויבען־באשריבענע דריי יאָהר איז נישט אוועק־געגאנגען אין סאָפּיעווקע קיין טאָג, וואָס מע זאָל ניט הערען דאָס וואָרט „פּריזיוו“. פאר׳ן אלטען לאָיעוו איז דער פּריזיוו געוועזען א קראנקייט, א מאניע אזעלכע, וואָס האָט איהם נישט געלאָזט דוהען בייטאָג און שלאָפען ביינאכט. א גאנץ פארמעגען האָט דאָס איהם אָפּגעקאָסט. וואָס איז די מעשה? זיין זוהן יהושע האָט באדארפט שטעהן צום פּריזיוו, האָט דער פאָטער קודם זיך אוועקגעלאָזט אין טשערניגעווער גובערניע, האָט זיך דאָרט אָפּ־געוואלגערט א צייט, אויסגעריסען געוואָרען און האָט איינגע־האנדעלט א „קוויטאנציע“. דאָס איז געוועזען איינע פון די גע־צעהלטע עטליכע „זאטשאָטנע קוויטאנציעס“, וואָס דורך זיי איז מען אויסגעלייזט געוואָרען פונ׳ם פּריזיוו. דאָס הייסט, אז ווער עס האָט געקאָנט צושטעלען אזא „קוויטאנציע“, דער איז געוועזען פריי פון צו געהן דיענען און ער האָט זיך גערעכענט נאָר אין דער

קאַסט, וואָלט איין אַנדערער געקאָנט זיין אַ גרויסער נגיד. פאַר'ן אַל־
טען לאָיעוו איז אָבער צוליעב אַ קינד קיין זאַך ניט געווען צו טייער.

פאַרטיג געוואָרען מיט דער „קוויטאַנציע", האָט זיך אָנ־
געהויבען אַ נייע חתונה. עס האָט אויסגעבראָכען די רוסיש־
טערקישע מלחמה און מע האָט געשמועסט, אַז עס וועט דערגעהן
צו די „אָפּאָלטשענצעס" (רעזערוויסטען). וויבאַלד אַזוי, באַ־
דאַרף מען דעם זוהן באַוואָהרענען מיט אַ „ווייסען בילעט" באַ־
צייטענס. דאָס האָט געהייסען: מע באַדאַרף דעם אָפּאָלטשענעץ
שטעלען צום „פּריאָם", אונטערזוכען זיין געזונט, אויף וויפיעל

ער טויג פאַר אַ סאָלדאַט. און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען מן
הסתם, אַז פאַר אַ סאָלדאַט טויג ער ניט, און מע האָט איהם
געגעבען אַ ווייסען בילעט, דאָס הייסט, מע האָט איהם, דאַנקען גאָט,
„פאַרבראַקעוועט"... מע האָט איהם ניט נאָר „פאַרבראַקעוועט"
פון פּריזיוו; מע האָט איהם געמוזט דערנאָכדעם אוועקשיקען אין
די וואַרעמע לענדער, קיין מענטאָן און קיין ניצע, ער זאָל זיך
קורירען, וואָרום ער איז געווען ערנסט קראַנק אויפ'ן האַרצען, פון
וועלכער קראַנקייט ער איז אין עטליכע יאָהר אַרום, ווי מיר וועלען
דאָס זעהען אַ ביסעל ווייטער, טאַקי געשטאָרבען... אָבער דער־
ווייל האָט זיך געטהאָן חושך: מע איז געפאָהרען קיין קאַניעוו,
מע האָט זיך באַקענט מיט'ן איספּראַווניק, מיט'ן פּרעדוואָדיטעל,
מיט די דאָקטוירים. די טשינאָווניקעס פון דער „פּריסוטסטוויע"
האָבען געשלעפּט גמילות־חסדים. אידען גוטע פריינט און בעלי־
עצות האָבען אָפּגעלעקט אַ ביינדעל. ווער עס האָט געהאַט גאָט
אין האַרצען, דער האָט געפּאָמפּעט געלט. הכּלל, עס איז געווען
פול די שטוב מיט פּריזיוו, פּריזיוו און פּריזיוו...

און אַז ס'איז געקומען די צייט, וואָס דער העלד פון דער
ביאָגראַפיע האָט באַדאַרפט זיך שטעלען צום „פּריזיוו", איז דער
אַלטער לאָיעוו געוואָרען נערוועז. קודם כּל האָט ער זיך אַ סטאַ־
רעווע געטהאָן און האָט געזעהען, מע זאָל דעם לעהרער באַצייטענס

קאניעוו, און צושרייבען צו דער קאניעווער „פריסוטסטוויע", דארט וואו לאיעוו האט א האנט און קאן עפים טהון... מיר דאכט, אז איין אייגענער פאטער באדארף אזוי ניט טראגען אויפ'ן קאפ זיין זוהן, ווי דער אלטער לאיעוו האט געטראגען דעם לעהרער. נאך מעהר: דער לעהרער אליין האט ווינציגער מורא געהאט פאר'ן „פריזיוו", ווי די פאמיליע לאיעוו. ביי'ם בחור אליין איז דאס פאהרען קיין קאניעוו און זיך שטעלען צום פריזיוו געוועזן א גאנצער יום־טוב. ער האט זיך באשטעלט א פאר גרויסע שטיוועל, א סאלדאטסקי באשליק און איז געוועזן מוכן ומזומן „אריינצוטרעטען אין דער דיענסט". ער איז געוועזן זיכער, אז ער וועט אין דער דיענסט אויסנעמען, נושא־חן זיין ביי „נאטשאלסטווע" און ווערען איינגיכען איין אונטעראפיציער, אדער א פעלדפעבעל. העכער דערפון קאן דאך א איד ניט גרייכען... נאר אז ס'איז געקומען צום רעכטען שפיץ, אז ער האט שוין טאקי באדארפט זיך זעצען פאהרען, האט ער מיט א מאל פארלוירען דעם גאנצען קוראזש. עס איז איהם א חרפה, א בזיון, נאר ער מוז זיך מודה זיין, אז ס'איז געקומען צום געזעגענען זיך מיט דער פאמיליע לאיעוו, אפשר אויף שטענדיג, האט איהם פארפרעסט דאס הארץ מיט א מאדנע פארבענקעניש און ער האט זיך באהאלטען ביי זיך אין חדר, פארגראבען דאס פנים אין קישען און געוויינט מיט ביטערע־ביטערע טרערען...

נאר ער איז געוועזן ניט דער איינציגער אין דער דאזיגער שטוב, וואס האט ביטער געוויינט. ביי זיך אין איהר חדר האט זיין שילערין נאך מעהר געוויינט. איהרע אויגען זענען געוועזן געשוואלען פון געוויין, און זי האט יענעם טאג ניט געקאנט באווייזען זיך צום טיש אפילו... אונטער איין אויסרעד פון א שטארקען קאפוועהטיג איז זי געבליבען דעם גאנצען טאג ביי זיך, ניט געוואלט זעהען קיינעם.

טרויעריג, זעהר טרויעריג איז געוועזן דאס געזעגענען זיך. [illegible] איז שטוב, און אויפ'ן הארצען וויסט און

פינסטער. שוין אַז דער העלד איז געזעסען אין פאַעטאָן און אַנדריי דער קוטשער איז גרייט געווען זיך אַ נעם טהון צו דער בייטש, האָט דער יונגער העלד צום לעצטען מאָל אַ קוק געגעבען אין פענסטער און דערזעהען צוויי פאַרוויינטע אויגען, וואָס האָבען גערעדט אָהן ווערטער, נאָר קלאָרע דבורים: „פאָהר געזונט, טייערער, טייערער, נאָר קום צוריק וואָס גיכער, וואָרום איך קאָן אָהן דיר ניט לעבען!"...

די דאָזיגע ווערטער האָט דער בחור געהערט מיט אַלע זיינע חושים, און זיינע אויגען האָבען איהר געענטפערט: „זיי געזונט, טייערע, טייערע, איך קום צוריק צו דיר, וואָרום איך קאָן אָהן דיר ניט לעבען!"... און ערשט אַצינד האָט ער דערפיהלט, ווי שטאַרק ער איז צוגעבונדען צו דער דאָזיגער שטוב, און אַז ס'איז גאָר ניטאָ אויף דער וועלט אַזאַ כח, וואָס זאָל איהם קאָנען אָפּרייסען פון דאַנען, סיידען דער טוידט... און די געדאַנקען צעשפּיעלען זיך, און די היציגע פאַנטאַזיע חאַפּט איהם אונטער אויף איהרע פליגלען, און ער הויבט־אָן צו חלום'ען, ווי אַזוי ער וועט קומען צוריק, וועט ער פריהער זיך אַנטדעקען פאַר איהר, דערנאָך פאַר איהר פאָטער און מוטער. ווי אַזוי ער וועט זיך ווענדען צום אַלטען און וועט איהם זאָגען דעם פסוק: „אָ ה ב ת י — איך האָב ליעב אייער טאָכטער, טהוט מיט מיר וואָס איהר ווילט!"... ווי אַזוי דער אַלטער וועט איהם אַרומנעמען און וועט איהם זאָגען: „גוט, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט — איך קוק שוין לאַנג אַרוים דערויף"... דערנאָכדעם הויבט מען זיך אָן גרייטען צו דער חתונה. מע ברענגט־אַראָפּ שניידערס פון באָהסלאַוו און פון טאַראַשטשע, וואָס נייהען מלבושים פאַר חתן־כלה... מע באַקט לעקאַכער און מע פרעגעלט איינגעמאַכטס... נאָך חתנ'ס צד שיקט מען אַרוים די גרויסע קאַרעטע וואָס אין שטאַהל, וואָס ווערט געניצט נאָר אויף אַ עקסטרע זאַך. און עס קומען צו פאָהרען דער טאַטע, דער פעטער פיני און די איבעריגע משפחה... מע ווייסט ניט פון וואַנען, נאָר עס וואַכסט־אויס אויף דער חתונה שמואליק... אָט אַ יענער חבר

שמואליק דעם רב׳ס, „שמואליק דער יתום”, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַזעלכע שענע מעשיות... ער צעקושט זיך מיט׳ן חתן און זאָגט צו איהם: „נו, שלום? האָב איך דיר געזאָגט, אַז דער אוצר איז דיינער?”...

. . . . . . . . . . . . . . . .

די דאָזיגע קינדערשע זיסע חלומות און די יונגעלשע גאָלדענע פאַנטאַזיעס וועבען זיך בּיי איהם אין דער מחשבה דעם גאַנצען וועג — בּיז ער קומט צו פליהען קיין קאַניעוו. אָפּגעשטעלט זיך בּיי דעם אַלטען לאָיעוו׳ס אַ קרוב, אַ איד אַ הויקער, נאָר אַ נגיד, וואָס האַלט אַ וויינשענק פאַר פריצים, — זיין נאָמען איז בּרך פּערטשיק, — פאַלט ער אריין אין די עסקים פון „פּריזיוו” און ניט־איבּער דעם אָדון דעם פּרעדוואָדיטעל אַ בּריעף. אינ׳ם בּריעף שרייבּט דער אַלטער לאָיעוו, אַז ער שיקט צום „פּריזיוו” זיין לעהרער און וויל האָפען, אַז ניט שפּעטער ווי אין אַ וואָך ארום זאָל ער איהם האָבּען צוריק אַ בּאַפרייטען... דער אָדון דער פּרעדוואָדיטעל האָט איבּערגעלייענט דעם בּריעף און געענטפערט נאָר איין וואָרט: „חאַ־ראַ־שאָ”... און דאָס איז גענוג געווען, אַז דער בּחור זאָל זיין רוהיג. ער איז געגאַנגען צום „פּריזיוו”, געצויגען אַ גורל און אַרויסגענומען אַ נומער 285. מע קאָן ניט זאָגען, אַז דאָס זאָל זיין אַזאַ הויכער נומער. נאָר בּיי נומער 284 האָט זיך דער „פּריזיוו” געשלאָסען... און דער לעהרער איז אַרויס פריי. אין זיין זכות זענען בּאַפרייט געוואָרען נאָך עטליכע אידישע קינדער מיט העכערע נומערען, און די שמחה איז געווען יענעם יאָהר אין קאַניעוו זעהר גרויס!...

צו דער שמחה פונ׳ם „פּריזיוו” איז געקומען צו פאָהרען קיין קאַניעוו פון פּערעיאַסלאַוו אויך דער פאָטער פונ׳ם בּעל הפּריזיוו, און, אויבּ איך האָבּ קיין טעות ניט, איז דער פעטער פּיני אויך געקומען — ער האָט געהאַט אין קאַניעוו אַ מחותן, — און די שמחה איז געווען טאָפּעל. בּרך פּערטשיק האָט געלייזט פאַר

וויין, און דער בעל-שמחה האָט אַוועקגעשיקט אַ דעפּעש קיין סאָפּיעווקע דורך סטאַנציע באַראַניעפּאָליע: „מזל טוב, צו מיר ניט דערגרייכט. בין פריי. כ'פאָהר אַרויס מאָרגען פריה צוריק".

ניט איין מאָרגען איז אָבער אַוועקגעגאַנגען, ביז דער העלד האָט געקאָנט אַרויספאָהרען פון קאַניעוו. וואָרום עס קאָן דען זיין, אַ אידישע שמחה זאָל ניט פאַרשטעהרט ווערען? עס האָט זיך געפונען איינער, ווישינסקי אָדער ווישנעווסקי, אַ איד אַ שרייער מיט אַ קול פון אַ גראַגער. האָט ער געהאַט אַ זוהן אַ קאַליקע, וואָס איז געווען זיכער, אַז ער וועט אַרויס פריי. צום סוף האָט מען איהם אָפּגעגעבען פאַר אַ סאָלדאַט. האָט דאָס דעם פאָטער פאַרבאַקט ביי'ם האַרצען, און ער האָט גענומען שרייען און גראַגערען: „סטייטש, זיין זוהן, דער קאַליקע, וועט געהן דיענען פאַר די מיוחסים, וואָס האָבען זיך געלאָזט קאָסטען געלט?" בעט מען איהם, ער זאָל אַזוי ניט שרייען. זאָגט ער: „איך שריי דען? איך רעד, דאַכט מיר, שטיל". און ער הויבט-אָן צו גראַגערען נאָך שטאַרקער, אַז „ער ווייסט פון דעם שכל, פאַר וואָס דער אָדון דער „פּרעדוואָדיטעל" האָט צוגענומען קאַליקעס"... און ער דערצעהלט יעדען איינציגען דעם „שכל" בסוד סודות, נאָר אַזוי הויך, אַז עס ווייסט שוין דערפון די גאַנצע שטאָדט מיט אַלע סימנים, און אפילו מיט'ן לשון פונ'ם בריעף, וואָס דער אַלטער לאָיעוו האָט געשריבען צום „פּרעדוואָדיטעל" (פאַר אַ אידען איז ניטאָ קיין סוד). און דער איד האָט געגעבען צו וויסען, אַז ער וועט דאָס ניט פאַר-שווייגען. ער וועט אַוועקגעבען, זאָגט ער, „פּאָד סוד" (צום געריכט) דעם פּרעדוואָדיטעל, מיט די דאָקטוירים, מיט דער גאַנצער „פּריסוטסטוויע"!... רופט מען אָפּ דעם אידען אויף אַ זייט און מע זאָגט איהם צו, אַז מע וועט זיך צונויפלעגען און מע וועט אַרויסנעמען זיין זוהן דעם קאַליקע פון פאָלק... וויל ער ניט

הערען פון צוזאָגעכצען. פון „וכך היה אומר" ביז „וכך היה מונה" פאַלט מען, זאָגט ער, זיעבען מאָל כּורעים. ער וויל, זאָגט ער, זיך זעהען מיט דער מטבע. און ער הויבט שוין גאָר אָן צו רעדען אויף רוסיש: „חאָטשו, זאָגט ער, ווידיעט דיענגי!"... און עס האָט גאָרניט געהאָלפען. עס האָבען זיך אַריינגעלעגט מענטשען. מע האָט געמאַכט איין אסיפה און נאָך איין אסיפה און נאָך צוויי אסיפות, און די באַפּרייטע פּריזיוואָניקעס האָבען זיך צונויפגעלעגט און באַשטייערט, ווער מיט אַ פּופציגער און ווער מיט אַ הונדערטער, און מע האָט די צונויפגעזאַמעלטע סומע פאַנג: דערגעטיילט צווישען די אָפּגעגעבענע אידען. דעם גרעסטען חלק האָט גענומען, פאַר־שטעהט זיך, דער איד דער שרייער. ער האָט גע'טענה'ט, אַז איהם קומט מעהר פון אַלע, דערפאַר, ווייל זיין זוהן איז מעהר קאַליקע פון אַלע. דער שכל־הישר האָט אפילו געזאָגט פאַרקעהרט: אדרבה, ווייל ער איז אַ קאַליקע, באַדאַרף זיין גרינגער איהם צו באַפרייען! נאָר וואָס וועט איהר מאַכען מיט אַ אידען אַ שרייער, וואָס האָט אַ קול פון אַ גראַגער? דערזעהען, אַז מע גיט איהם נאָך, ווי אַ בן־יחיד, האָט ער זיך פאַרמאָסטען אַלע מאָל צו רעדען העכער און העכער. ער האָט געהאַנדעלט, ווי איין אמת'ער נאַ־יאַמשטשיק... אַ גליק, וואָס דער אויבענדערמאַנטער קרוב ברך פערטשיק האָט געהאַט אַ באַפּויל פון דעם אַלטען לאַיעוו: „קאַרט־בלאַנש", דאָס הייסט, מע זאָל דעם בחור דעם פּריזיוואָניק געבען געלט, וויפיעל ער וועט באַדאַרפען. ווער האָט געקוקט דעמאָלט אויף געלט? פרייהייט — דאָס איז געוועזען דער איינציגער פונקט, דער איינציגער לייכטענדיגער שטערן. אַ באַפרייטער האָט ער זיך געפיהלט ערשט דעמאָלט, ווען ער איז שוין געזעסען אין פאַעטאָן, וואָס מע האָט איהם אַרויסגעשיקט אויף דער סטאַנציע קיין מיראָנאָווקע, און אַנדריי דער קוטשער האָט איהם איבערגעגעבען אַ גרוס פון דער היים, אַז אַלע זענען, דאַנקען גאָט, געזונט און אַלץ איז אין אָרדענונג. „וסיאָ בלאַהאָפּאָלוטשנאָ" — לאָזט־אויס אַנדריי און שמועסט זיך דורך מיט די פערדלעך אויף זייער לשון.

און די פערדלעך פארשטעהען איהם און טראגען דאס פאטעטאנדעל כמעט אין דער לופטען. ס'איז אווארעמער, ווייכער אסינדיגער טאג. די זון בראט ניט, בריהט ניט, נאר זי גלעט און צערטעלט. און עס שליסען זיך די אויגען. און עס וועבען זיך חלומות, זיידענע חלומות. און עס בויען זיך לופטשלעסער, גאלדענע לופטשלעסער. אט באלד איז ער אין דער היים. און קומט ער צו פאהרען אהיים, אזוי דעקט ער אויף פאר'ן אלטען לאיעוו די קארטען: „הנה זייט וויסען, אז איך האב ליעב אייער טאכטער און אייער טאכטער האט ליעב מיך"... אט באלד, נאך א האלבע שעה, נאך א פערטעל שעה. אט איז שוין דאס באקאנטע בארא־ניעפאליע, דער וואלד, דער לאז, די „קלאדבישטשע", די ווינטמיהלען, וואס זעהען־אוים פון דער ווייטען ווי ריעזען, וואס מאכען מיט די הענט: „אהערצוצו! אהערצוצו!"... נאך עטליכע מינוט — און אט איז שוין דער הויף. די גרויסע ווייסע שטוב מיט די צוויי גאניקעס. ניין. עס איז א ספק, אויב עס קאן זיין א גרעסערע שמחה, ווען איין אייגען קינד קומט א באפרייטער אהיים צו די פאטער און מוטער. דער העלד האט געהאט צו דערצעהלען און צו דערצעהלען נסים ונפלאות פונ'ם „פריזיוו" — יציאת־מצרים! נאר דאס סאמע וויכטיגסטע, ווי ער האט זיך געהאט געגרייט, האט ער נ י ט דערצעהלט, און די קארטען האט ער פאר'ן אלטען לאיעוו נ י ט אויפגעדעקט... דאס האט ער אפגעלעגט אויף מארגען, אויף שפעטער... און דערווייל איז פארבייגעגאנגען א טאג און א טאג, א וואך און א וואך. ביז עס איז געקומען א קאטאסטראפע גאר אומגעריכט, דורך א זייטיגען פארשוין, וואס האט דעם אלטען געעפענט די אויגען אויף דעם ראמאן...

דאס איז געווען א אידינע א חכמה מיט א ווייטען קוק, דעם אלטענ'ס א קרובה פון בארדיטשעוו, מיט'ן נאמען טויבע. מיר רופען זי די „מוהמע טויבע פון בארדיטשעוו". אז איהר וועט זיך באקענען מיט איהר, וועט איהר זעהען, אז דער נאמען פאסט איהר. נאר וועגען איהר — א באזונדער קאפיטעל.

# 16

# די מוהמע טויבע פון באַרדיטשעוו

די מוהמע טויבע קוקט־נאָך די יונגעלייט. — דער אַלטער לאַיעוו ווערט געוואָהר פון׳ם סוד. — די קאַטאַסטראָפע. — דער העלד לאָזט זיך אין דער וועלט אַריין אַ באַלעדיגטער. — מע חאַפּט־איבער זיינע בריעף, און ער בלאָנזעט אין דער פינסטערער נאַכט.

אין דער אמת׳ען האָט זי דאָרט קיינעם ניט אָנגעקעהרט קיין מוהמע. סך־הכּל איז זי געווען דעם אַלטען לאָיעוו׳ס אַ קוזינע. נאָר, ווי געזאָגט, דער נאָמען „מוהמע” האָט איהר געפּאַסט צום פּנים. אַ אידינע ניט קיין שענע, מיט אַ ראַבּעטיני געפּינטעלט פּנים און מיט אַ לאַנגער נאָז, האָט זי פאַרמאָגט אַ פּאָר זעהר קלוגע אויגען, וואָס אַז זיי קוקען אויף אַייך, נעמען זיי אַייך דורך און דורך. ביי איהר מאַן, זאָגט מען, געהט זי אין ספּאָדיק, פיהרט אַלע געשעפטען, איז גאַנץ רייך. און געקומען איז זי אַהער צו־גאַסט נאָך אַ סך יאָהרען, וואָס מע האָט זיך ניט געזעהען.

פאַרשטעהט זיך, אַז פאַר אַזאַ מוהמע, וואָס איז געקומען אַזש פון באַרדיטשעוו, האָט דאָס פריצישע לעבען אין דאָרף אויס־געזעהען גענוג ניי און ווילד, און זי האָט אויף יעדע זאַך געקוקט מיט איהרע באַרדיטשעווער אויגען און האָט יעדע זאַך באַוואונ־דערט. מיט דעם אַלטען לאָיעוו איז זי געווען אויף „דו” און האָט איהם אַלסדינג אַרויסגעזאָגט, וואָס זי דענקט און וואָס איהר גע־פעלט און וואָס ניט.

למשל, איהר איז געפעלען דאָס לעבען אין דאָרף, די לופֿט, די קיהען, די פערד, די פרישע מילך, וואָס הערט זיך פון דעם די פּאַשע, דאָס ברויט פון די אייגענע ווייצען. אַלץ שמעקט מיט ערד, אייגענע האָרעוואַניע — אַלסדינג גוט, אויסגעצייכענט גוט. אפילו דאָדי דער נאַטורמענטש איז איהר געפעלען. איז זי אָבער ניט איינפאַרשטאַנען מיט איהר קוזענ׳ס דיסציפּלין, וואָס ער פיהרט זיך שוין צופיעל מעשה פריץ. אַ איד אַ פּאָמעשטשיק, לויט איהר פאַרשטאַנד, קלעפּט זיך עפּים ניט... אָדער, אַשטייגער, לאָמיר זאָגען דאָס, וואָס ער איז אַ גוטער פּאָסעסאָר, אַ ליעבּ־האָבער פון ערד — מהכתיתי, אַבּי גאָט העלפט, מע קאָן מאַכען געלט, ווערען אַ גביר, פאַר וואָס ניט? זי וואָלט זיך אפשר אויך ניט אָפּגעזאָגט דערפון... נאָר צו וואָס דאַרף מען זיך אַזוי דער־וויטערען פון אידען? — אָט וואָס זי פאַרשטעהט ניט. פאַר וואָס פאָהרט ער ניט אַרויס קיין באָהסלאַוו, אַז עס קומט אַ אידישער יום־טוב? און וויעדער האַלט זי איהם פיר, למאי ער לאַכט־אָפּ פון איין עהרליכען אידען, איין „אייניקעל” מיט אַ גרינער שאַל, וואָס פאַרבלאָנזעט צו איהם נאָך אַ נדבה? אַ נדבה גיט ער, און נאָך מיט אַ ברייטער האַנט, נאָר ער מאַכט חוזק פונ׳ם אידען. „אַמעהר געב ניט און מאַך ניט חוזק”... אַזוי טענה׳ט מיט איהם די מוהמע טויבע פון באַרדיטשעוו.

און נאָך אַ זאַך. דער מוהמע טויבע איז געפעלען דער לעהרער. אַ גאַנץ פיינער בחור — מע קאָן ניט זאָגען. און אַ קענער. און דערצו נאָך אַ „טאַטענ׳ס אַ קינד” — איז דאָך אוודאי גוט. נאָר וואו שטעהט דאָס געשריבען, אַז אַ לעהרער דאַרף זיין אַ נאָהענטער מחותן מיט דער שילערין? און לויט איהר מיינונג, איז דער דאָזיגער לעהרער שוין צו אַ נאָהענטער מחותן מיט זיין שילערין. פון וואַנען ווייסט זי דאָס? — די מוהמע טויבע ווייסט. די מוהמע טויבע האָט איין אויג. די מוהמע טויבע האָט זיך געגעבען די מיה נאָכצוקוקען דעם יונגען פּאָר אויף טריט און שריט, און זי האָט אַליין געזעהען מיט איהרע אויגען, ווי זיי האָבען

געגעסען פון איין טעלער. וואו איז דאָס געווען? ביי ראָדין. די מוהמע טויבע פון בארדיטשעוו האָט שוין באַלד פונ׳ם ערשטען טאָג באַמערקט, אַז דאָס מיידעל „געהט־אויס נאָכ׳ן בחור" און אַז דער בחור „איז די כּפּרה נאָכ׳ן מיידעל"... דאָס זעהט־אַרויס, האָט זי געזאָגט, יעדער מענטש, סיידען אפשר דער, וואָס איז אָדער אַ בּלינדער אויף ביידע אויגען, אָדער ער וויל ניט זעהען וואָס ביי איהם אונטער דער נאָז טהוט זיך... ס׳איז גאַנץ געַנוג, האָט די מוהמע טויבע געזאָגט, מע זאָל זיך צוקוקען, ווי די צוויי זיצען ביי׳ם טיש און וואַרפען זיך דורך מיט אַ קוק, רעדען זיך איבער מיט די אויגען... פון דעמאָלט אָן, זאָגט זי, האָט זי פון זיי קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט. די מוהמע טויבע האָט זיך ניט געפוילט נאָכקוקען נאָך זיי, בעת זיי זיצען און לערנען, בעת זיי געהען שפּאַציערען, אָדער בעת מע זעצט זיך פאָהרען.

איינמאָל — אַזוי האָט די מוהמע טויבע דערצעהלט פאַר׳ן אַלטען — האָט זי זיי באַמערקט אַריינשפּאַציערען צו ראָדי׳ן דעם עקאָנאָם אין שטיבעלע אַריין. איז איהר די מעשה באַלד נישט געפעלען: „וואָס האָבען אַזעלכע קינדער צו טהון ביי׳ם עקאָנאָם אינ׳ם אָרעמען שטיבעל?" פוילט זי זיך ניט, די מוהמע טויבע פון בארדיטשעוו, און חאַפּט אַ קוק אַריין צו ראָדין דעם עקאָנאָם דורכ׳ן פענסטער און דערזעהט, ווי דאָס פּאָרעל עסען ביידע פון איין טעלער. וואָס זיי האָבען געגעסען — ווייסט זי ניט. נאָר געזעהען האָט זי, זי זאָל אַזוי זעהען אַלדאָס גוטס, ווי מע עסט און מע רעדט און מע לאַכט... „איז דאָך ממה־נפשך: איז דאָס אַ שידוך — איז מהכּתּיתי. באַדאַרפען דאָך טאַטע־מאַמע וויסען. אַלאַ וואָס דען — ס׳איז אַ ליעבע? אַ ראָמאַן? באַדאַרפען דאָך אַודאי טאַטע־מאַמע וויסען דערפון... וואָרום ס׳איז אַ סך געזינטער און בעסער און שענער געבען דער טאָכטער פאַר אַ חתן איין אָרעמען לעהרער, וואָס פאַרמאָגט אינגאַנצען איין פּאָר העמדער, איידער וואַרטען, ביז דער דאָזיגער לעהרער וועט אַנטלויפען מיט דער טאָכטער אין אַ פינסטערער נאַכט קיין באָהסלאַוו, אָדער קיין

טאַראַשטשע, אָדער קיין קאָרסון, און דאָרטען שטעלען אַ שטילע חופּה"...

אָט דאָס זענען געווען די טענות פון דער מוהמע טויבע, ווי עס האָט זיך נאָכדעם אַרויסבאַוויזען. און אַנטדעקט האָט זי דאָס איהר קוזען בסוד־סודות, אַ האַלבע שעה פאַר איהר אַוועקפאָהרען. און איהרע ווערטער האָבען געפונען איין אָפּקלאַנג אין האַרצען פונ'ם אַלטען לאָיעוו, וואָרום אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען מיט זיין קרובה זי צו באַגלייטען, איז ער געווען אַ צעקאָכטער און האָט דעם גאַנצען טאָג נאָכדעם ניט אויסגערעדט מיט קיינעם אַ וואָרט אפילו. ער האָט זיך פאַרשפּאַרט ביי זיך אין חדר און האָט זיך שוין מעהר יענעם טאָג ניט באַוויזען.

אויף דער נאַכט איז געקומען צו פאָהרען דער זוהן דער משכיל, יהושע'קע, און איז שוין געבליבען נעכטיגען אין סאָפּיעווקע. עפּיס האָט זיך דאָרט געטהאָן. עפּיס האָט זיך געקאָכט. מע האָט זיך פאַרשלאָסען מיט'ן אַלטען אין די אַלקירס און מע האָט זיך גע'סוד'עט. מע האָט געהאַלטען, אַפּנים, אַ פאַמיליענראַט. די שילערין האָט זיך געקלויבען געהן אויפ'ן שפּאַציער מיט'ן לעהרער — האָט מען זי אָפּגעהאַלטען. צום טיש איז מען ניט געגאַנגען אַלע אינאיינעם, ווי אַלע טאָג, נאָר יעדער באַזונדער איז געקומען אין איין אַנדער צייט, אָפּגעגעסען, אויפגעשטאַנען און אַוועק צו זיך. עס איז פאָרגעקומען אין דער דאָזיגער שטוב עפּיס אומגעוויינליכעס. אַ מאָדנע שטילקייט. די גרויזאַמע שטילקייט, וואָס טרעט־אַריין פאַר אַ שטורעם... ווער וואָלט זיך דאָס געקאָנט ריכטען, אַז אַ פּאָר פיעלדייטיגע ווערטער, וואָס די מוהמע טויבע פון באַרדיטשעוו האָט אַריינגעוואָרפען, זאָל אָנאַרבייטען אַזאַ חתונה און ברענגען איין איבערקעהרעניש אין אַ שטוב? עס קאָן זיין, אַז ווען די מוהמע טויבע זאָל געווען וויסען פריהער, אַז איהרס אַ וואָרט וועט ברענגען אַזעלכע רעזולטאַטען, וואָלט זי זיך ניט אַריינמישען אַהין, וואו מע דאַרף ניט. ערשט העטשפּעטער, אין אַ צייט אַרום, איז מען געוואוירע געוואָרען, אַז די

פונ׳ם אַלטען לאָיעוו׳ס פּאָסעסיעס האָט ער געהאַט אָפּטע מתּנות: אַ זעקעל ווייץ, אַ וואָגען שטרוי, אַמאָל אונטער אַ יום־טוב אַ מזומנ׳ע מטבּע. מיט׳ן לעהרער און מיט דער שילערין האָט ער געשלאָגען בּלאַט, און בּכלל געווען אַ גוטער גוי.

בּיי איהם האָט זיך דאָס דער לעהרער אָפּגעשטעלט און פאַר איהם האָט ער אַ בּיסעל אַנטפּלעקט זיין האַרץ. ער האָט געהאַט אַ מיין דערבּיי, וואָס איז בּאַשטאַנען אין דעם, אַז ער, מאַלינאָווסקי, זאָל זיין דער שליח אויף איבּערצופּעקלען קאָנטראַבּאַנד — אַ בּריעף צו לאָיעוו׳ס טאָכטער, און איבּערשיקען פון איהר, אויבּ ס׳וועט זיין, אַיין ענטפער. אויסגעהערט די בּקשה, האָט דער פּאָסטמייסטער מאַלינאָווסקי אויסגעצויגען אַ האַנט און געשוואָרען בּיי גאָט, און טאָמער גלויבּט מען איהם ניט, האָט ער זיך איבּער־געצלמ׳ט, אַז ער וועט אויספאָלגען אַלסדינג אויפ׳ן בּעסטען אַרט. און אַזוי ווי עס איז, הייסט עס, געשלאָסען געוואָרען צווישען גוטע פריינט אַ געשעפט, בּאַדאַרף מען דעם אָפּמאַך בּאַנעצען מיט אַ בּיסעל בּראָנפען און פאַרבּייסען מיט אַ הערינג. עס האָט ניט געהאָלפען קיין שום תּירוץ. מע האָט זיך אָוועקגעזעצט בּיידע און מע איז ניט אויפגעשטאַנען, בּיז דאָס פלעשעל איז געוואָרען לעדיג און מאַלינאָווסקי איז געוואָרען מלא און האָט זיך אַרומ־געחאַפּט קושען מיט׳ן לעהרער און האָט זיך פאַרשוואָרען נאָך אַ מאָל, און נאָך אַ מאָל זיך איבּערגעצלמ׳ט, אַז ער וועט זיינע בּריעף איבּערגעבּען צו לאָיעוו׳ס טאָכטער גלייך אין די הענט אַריין — ער מעג שוין זיין רוהיג. וואָרום מאַלינאָווסקי אַז ער זאָגט אַ וואָרט, איז הייליג...

און כּך הוה: די ערשטע עטליכע הייסע פלאַמפייעריגע ליעבּע־בּריעף, וואָס דער העלד האָט איהם צוגעשיקט איינס נאָך דאָס אַנדערע, האָט דער פּאָסטמייסטער מאַלינאָווסקי, ווי עס האָט זיך אַרויסבּאַוויזען נאָכדעם, איבּערגעגעבּען אַקוראַט צום אַלטען לאָיעוו אין די הענט אַריין... עס איז דעריבּער גרינג צו פאַר־שטעהן, אַז קיין ענטפער האָט ער אויף זיינע הייסע פלאַמפייעריגע

בריאף ניט באקומען. און עס איז דעריבער גרינג צו פארשטעהן, אז ער האט אזוי לאנג געשריבען בריוולעך ביז — ער האט אויפ־געהערט צו שרייבען.

. . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

וואס באטייטען די דאזיגע פינטעלעך? זיי באטייטען א לאנגע פינסטערע נאכט. אלץ איז איינגעוויקעלט אין א געדיכטען נעבעל. דער עלענדער וואנדערער טאפט דעם וועג. ער שלאגט זיך אן אלע מאל אויף איין אנדער שטיין, אדער ער פאלט־אריין אין א גרוב... ער פאלט, ער האפט זיך אויף, געהט ווייטער און שלאגט זיך אן אויף א פרישען שטיין און פאלט אין א נייער גרוב... ניט זעהענדיג פאר זיך די ליכטיגע וועלט, טהוט ער נאריש־קייטען, באגעהט פעהלער, איין פעהלער גרעסער פון'ם אנדערען... מע קאן ניט ארויפשלאגען זיך מיט פארבונדענע אויגען אויפ'ן גלייכען וועג. מיט פארבונדענע אויגען מוז מען בלאנזען... און ער האט געבלאנזעט. לאנג געבלאנזעט. ביז ער האט זיך ארויפ־געשלאגען אויף דעם ריכטיגען וועג. ביז ער האט זיך אליין געפונען.

17

# דער ערשטער אַרויספאָהר

ער קומט צו פאהרען קיין קיעוו און ציהט זיך צו די גרויסע שטערען פון „השכלה“. — די „אבלאווע“ אויף דער אכסניה. — ער פרעגט זיך נאך אויפ'ן העברעאישען משורר יהל“ל. — דער מחבר פון „זאפיסקי יעווריא“ און א פרעפעראנסעל. — ער דערשלאגט זיך צום משורר יהל“ל און קריגט א קאלטע אויפנאמע.

וואוהין פאָהרט א בחור'על, וואָס האָט ניט קיין היים און וויל עפּיס דערגרייכען? — אין דער גרויסער שטאָדט אריין. די גרויסע שטאָדט — דאָס איז דער הויפּט־פּונקט, דער צענטער, וואוהין עס ציהט יעדען איינציגען, וואָס זוכט עפּיס א טהועכץ, א באשעפטיגונג, א פּראָפעסיע, אָדער א שטעלע. א יונגערמאַן האָט פארלוירען דאָס נדן, אָדער ער האָט געוואָרפען איין אומחן אויפ'ן ווייבעל, אָדער ער האָט זיך צעקריעגט מיט זיין שווער און שוויעגער, מיט זיינע עלטערען, אָדער צעגאנגען זיך מיט זיינע שותּפים, — וואוהין לאָזט ער זיך אוועק? — אין דער גרויסער שטאָדט אריין. איינער האָט געהערט, אז אויף דער בערזע מאכט מען פון שניי גאָמעלקעס און מע שיט־אָן זעק מיט געלט — וואָס טהוט ער? — פאָהרט ער אין דער גרויסער שטאָדט אריין זוכען גליק. די גרויסע שטאָדט, דער צענטער, האָט אין זיך א מאַג־נעטישע קראפט, וואָס ציהט־צו, וואָס לאָזט ניט אָפּ. אהינצו שלעפּט דאָס אייך, ווי א זומפּ. דאָרטען האָפט איהר, אז איהר וועט געפינען דאָס, וואָס איהר זוכט.

די גרויסע שטאָדט אין יענעם געגענט, וואו אונזער העלד האָט זיך געפונען, איז די באַריהמטע הייליגע שטאָדט קיעוו. אַהין האָט ער געשטרעבט און אַהין איז ער געקומען. צו וואָס האָט ער, אייגענטליך, געשטרעבט? און וואָס האָט ער געזוכט? — דאָס לאָזט זיך ניט זאָגען פאַר קלאָר, וואָרום קאָנקרעט האָט ער נאָך אַליין ניט געוואוסט, נאָך וואָס עס לעכצט זיין נשמה. עס האָט איהם געצויגען אין דער גרויסער שטאָדט אַריין, ווי עס ציהט אַ קינד צו דער שיין פון דער לבנה. אין אַ גרויסער שטאָדט זענען פאַרהאַן גרויסע מענטשען. דאָס זענען די ליכטיגע שטערען, וואָס שיינען־אַראָפּ צו אונז אויף דער ערד מיט זייער העלער ליכטיגקייט פונ’ם גרויסען אומענדליכען הימעלרוים. דאָס זענען די גרויסע משכילים, באַריהמטע שרייבער און פון גאָט געבענטשטע פּאָעטען, וואָס זייערע נעמען האָבען אַזוי שען געקלונגען אין די אויהערען פון די — ווי אַזוי זאָל איך זיי אָנרופען? — נו, „פרחי ההשכלה”, די יונגעטשקע משכילים’לעך, נאַאיווע, אומשולדיגע בחורים’לעך. דאָס איז געוועזן דער ערשטער אַרויספאָהר פון אונזער יונגען העלד אין דער גרויסער וועלט און זיין ערשטער אַריינפאָהר אין דער גרויסער שטאָדט. און אָפּגעשטעלט האָט ער זיך אויף אַ אידישער אַכסניה מיט’ן נאָמען „רב אַלטער קאַניעווער’ס סטאַנציע”, אין דעם אונטערשטען טייל פון דער שטאָדט, וואָס טראָגט דעם נאָמען „פּאַדאָל” און וואו אידען מעגען זיצען. איך זאָג, אַז אידען מעגען דאָרטען זיצען, און מוז מיך אָבער באַלד פאַרחאַפּען, מע זאָל ניט מיינען, אַז חלילה אַלע אידען מעגען דאָרטען זיין. דאָס ניט. דאָרט מעגען זיין נאָר יענע אידען, וועלכע האָבען דערצו וואוינרעכט — „פּראַוואָזשיטעלסטווע”. למשל: בעלי־מלאכות, פּריקאַזשטשיקעס פון ערשטער גילדיע, ניקאָלאַיעווסקי סאָלדאַטען און אַזעלכע, וואָס האָבען קינדער אין גימנאַזיע. די אַלע איבעריגע אידען חאַפּען זיך אַהער אַריבער, ווי קאָנטראָבאַנד, אויף אַ קורצע צייט, און לעבען אין גרויסע פּחדים, נאָר מיט’ן חסד פון דעם דוואָרניק און פונ’ם אָדון דעם נאַדזי־

ראַטעל, אָדער פֿונ'ם אָרון דעם פּריסטאַוו. און דאָס אויך נאָר ביז אַ צייט. ביז עס מאַכט זיך איין „אָבלאַווע" — מע פּאַלט־איבער אויף די אידישע אַכסניות אין מיטען האַלבע נאַכט מיט זשאַנדאַרמען און מיט סאָלדאַטען. אויף זייער לשון ווערט דאָס אָנגערופֿען: „מע מאַכט אַ רעוויזיע"... און אַז מע געפֿינט אַזעלכע מינים קאָנטראָבאַנדע סחורה, דאָס הייסט, אידען אָהן פּראַוואָזשיטעלסטוועס, פֿאַרנעמט מען זיי, ווי סקאָט, אין פּאָליציע און מע באַגלייט זיי אַרויס מיט גרויס פּאַראַד, דאָס הייסט, מע שיקט זיי אָפּ מיט'ן עטאַפּ גלייך מיט אַלע גנבים אַהיים אין זייערע שטעדט, וואוהין זיי זענען צוגעשריבען.

דאָס האַלט אָבער קיינעם ניט אָפּ פֿון צו פֿאָהרען קיין קיעוו. ווי זאָגט דער רוס: „וואָלקאָ באָיאַטסאַ, ווליעס ניע חאָדיט". מע האָט טאַקי מורא פֿאַר „אָבלאַוועס", נאָר מע פֿאָהרט. וועגען דעם זאָרגט שוין דער בעל־הבית פֿון דער סטאַנציע, אַז די „רעוויזיע" זאָל אָפּלויפֿען גלאַט, בשלום, און מע זאָל, חס וחלילה, קיין טריפֿה סחורה ביי זיי נישט חאַפּען. ווי אַזוי? גאַנץ פּשוט: דער בעל־אַכסניה שמירט־אונטער דאָרט, וואו מע דאַרף. ער ווייסט שוין פֿריהער, ווען עס דאַרף זיין די „רעוויזיע", און מע גיט זיך שוין איין עצה: מע פֿאַרשטופּט די פּסול'ע סחורה — וועמען אויף אַ בוידעם, וועמען אין אַ קעלער, וועמען אין אַ קליידער־שראַנק, וועמען אין אַ קאַסטען, און וועמען אין אַזאַ מין אָרט, וואָס וועט גאָר קיינעם ניט איינפֿאַלען, אַז דאָרטען זאָל קאָנען זיין פֿאַרבאָרגען אַ לעבעדיגער מענטש... און דאָס שענסטע דערביי איז, וואָס די זעלבע לייט, וואָס זענען געלעגען אין אַזאַ מין פֿאַרבאָרגעניש, אַז זיי קריכען־אַרויס אויף גאָט'ס וועלט, מאַכען זיי חוזק פֿון דער גאַנצער מעשה, גלייך ווי קינדער האָבען זיך געשפּיעלט אין באַהאַלטערלעך, און אויפֿ'ן ערגסטען פֿאַל, טרייסט מען זיך מיט אַ זיפֿץ: „עט! מיר האָבען איבערגעלעבט ערגערע צייטען און גרעסערע המנס!"...

דער מחבר פון די דאָזיגע באַשרייבונגען האָט אויף זיין ערשטען אַרויספאָהר אין דער גרויסער הייליגער שטאָדט קיעוו געהאַט די עהרע און דאָס פּארגעניגען צו ליגען מיט נאָך אַ פּאָר אידען ביי רב אַלטער קאַניעווער אויף דער סטאַנציע אויף אַ בוידעם און חאַפּען אַ ציטער. געווען איז דאָס אין אַ ווינטער־דיגער פינסטערער נאַכט. און אַזוי ווי די רעוויזיע איז געווען אַ פּלוצליכע, איין אומגעריכטע, האָבען די זכרים ניט באַוויזען צו חאַפּען אויף זיך, איך בעט איבער אייער כּבוד, די תּחתּונים, און די ווייבער — זייערע אונטערשטע קליידלעך. אַ גליק, וואָס די „רעוויזיע" האָט זיך דאָס מאָל גיך געענדיגט, אַניט וואָלטען זיי אויפ'ן בוידעם אויסגעגאַנגען פון קעלט. דערפאַר אָבער — וואָס פאַר אַ גדולה איז געוואָרען, אַז דער בעל־אַכסניה, רב אַלטער קאַניעוער, אַ שענער איד מיט אַ ווייסער באָרד, האָט זיי אַראָפּ־גערופען פונ'ם בוידעם מיט אַ מאָדנע שפּראַך, צום גראַם:

— יהודים בּלא! קריכט אַרויס פון שטרוי! גע'פּטר'ט די שדים, אַראָפּ פונ'ם בוידעם!...

געענדיגט האָט זיך דער איבערשרעק מיט אַ גרויסער שמחה. מע האָט דערלאַנגט דעם סאַמאָוואַר און מע האָט געטרונקען טיי מיט טרוקענע בייגעלעך און מע האָט דערצעהלט נסים ונפלאות — יציאת־מצרים! די שמחה איז אָבער באַלד פאַרשטעהרט געוואָרען דורך דעם, וואָס דער בעל־אַכסניה, רב אַלטער קאַניעווער, האָט אַרויפגעלעגט אויף אַלע זיינע אורחים אַ מין קאָנטריבוציע, צו אַנדערהאַלבען קאַרבוינים אויף אַ קאָפּ, כּדי צו דעקען די הוצאות, וואָס די רעוויזיע האָט געקאָסט. עס האָבען נישט געהאָלפען קיין שום פּראָטעסטען פון די ווייבער. זיי האָבען נעבאַך גע'טענה'ט, אַז זיי באַדאַרפען ניט צאָהלען גאָרניט, וואָרום זיי זענען געקומען אַהער ניט צוליעב פאַרגעניגען און ניט צו מאַכען געשעפטען און צו פאַרדיענען געלט. זיי זענען גאָר געקומען צום פּראָפעסאָר זיך קורירען...

און עס געהט־אוועק ביי זיי אַ סדרה דאָקטוירים, פּראָפעסאָרען. איטליכע פון זיי דערצעהלט וועגען איהר קראַנקייט און צו וואָסער אַ פּראָפעסאָר זי איז געקומען. לאָזט זיך אויס, אַז אַלע זענען זיי געקומען צו איין פּראָפעסאָר און אַלע האָבען איינע און די זעלבע קראַנקייט. וואָרום וואָס פאַר אַ פעהלער איינע זאָל ניט האָבען, האָבען דאָס אַלע ווייבער אַקוראַט דאָס אייגענע... נאָר מעהר חידוש פון אַלסדינג איז דאָס, וואָס אַלע ווייבער, וויפיעל זיי זענען דאָ, רעדען זיי אינאיינעם, און מע הערט זיך פון דעסטוועגען איינס דאָס אַנדערע! איינינגע שטריכען פון יענער נאַכט האָט דער מחבר פון די דאָזיגע זכרונות אויסגענוצט דערנאָך אין איינעם פון זיינע ערשטע ווערק מיט׳ן נאָמען „דער ערשטער אַרויספאָהר" (אַ מעשה, ווי אַזוי צוויי יונגע פייגעלעך פליהען־אַרויס דאָס ערשטע מאָל אויף גאָט׳ס וועלט).

אָט אַזוי האָט אונזער העלד פאַרבראַכט די ערשטע נאַכט אין דער גרויסער הייליגער שטאָדט קיעוו. אויף מאָרגען אין דער פריה האָט ער זיך געלאָזט דערקענען צו די גרויסע ליכטיגע שטערען, וואָס שיינען־אַראָפּ צו אונז פון זייער הימעל־הויך. דאָס הייסט, צו אונזערע באַריהמטע גרויסע לייט, צו אונזערע משכילים און פּאָעטען, צווישען וועלכע ער האָט געוואוסט אין קיעוו דערווייל נאָר איינעם. דאָס איז געוועזען דער העברעאישער דיכטער, וואָס איז באַריהמט אונטער׳ן נאָמען יהל"ל. אַהין האָט ער זיך געשלאָגען און דערשלאָגען זיך. אָבער ניט אַזוי גרינג, ווי מע קאָן זיך פּאָרשטעלען אויפ׳ן ערשטען קוק. געגומען זיך נאָכפרעגען אויפ׳ן דיכטער, איז ער געוואוירע געוואָרען, אַז אין קיעוו איז דאָ אַ מיליאָנער בראָדסקי. און אַז דער בראָדסקי האָט אויף פּאַדאָל אַ מיהל. און אַז אין מיהל איז דאָ אַ קאַנטאָר. און אַז אין דער קאַנטאָר דיענען אַלערליי מענטשען. און אַז צווישען די מענטשען איז דאָ איינער אַ קאַסירער, הייסט ער י. ל. לעווין. און אָט דער י. ל. לעווין איז דאָס דער באַריהמטער דיכטער יהל"ל. און דאָ הויבט זיך ערשט אָן אַ געשיכטע.

נישט איעדער קאָן האָבּן אַ פּרייען צוטריט אין בּראָדסקי׳ס מיהל. אַהין קאָן צוגעלאָזט ווערען נאָר אַזעלכער, וואָס האָט אַ שייכות צו ווייץ אָדער צו מעהל. „צו וועמען דאַרפט איהר?״ — „צום בּאַריהמטען דיכטער יהל״ל״. — „דאָ איז נישטאָ אַזעלכער״... איינער אַ איד, אַ מעקלער פון ווייץ, האָט נאָך געפונען דערבּיי אויסצובּרענגען אַ פוילען ווייץ. ער האָט אַ פרעג געגעבּן בּיי׳ם בּחור: „וואָס איז היינט — ראש־חודש, וואָס איהר זאָגט הלל?״

גאָט האָט געטהאָן אַ נס — ס׳איז אָנגעקומען אַ לאַנגער איד און אַ דאַרער, מיט אַ לאַנגער נאָז, מיט אַ געקנייטשט פּנים און מיט עטליכע געלע פּענקעס אין מויל אָנשטאָט ציינער. אָנגעטהאָן איז ער געווען אין אַ צעריסענעם בּגד, און מיט׳ן גרויסען רעגענשירם פון גרויע פּאַרוסינע און מיט׳ן אָפּגעבּאַרעטען קאַפּעלישעל, וואָס אויפ׳ן קאָפּ, האָט ער געהאַפּט דעם אָנבּליק פונ׳ם וועלט־בּאַריהמטען דאָן קישאָט. צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז אָט דער לאַנגער איד, דער דאָן קישאָט, איז גאָר אַ בּוכהאַלטער, און ער דיענט דאָס אינאיינעם מיט׳ן בּאַריהמטען דיכטער יהל״ל בּיי בּראָדסקין אין דער מיהל! געוואוירע געוואָרען, צו וועמען דער בּחור פרעגט זיך נאָך, האָט איהם דער לאַנגער אָנגענומען פאַר אַ האַנט און אָהן ווערטער איז ער אַריין מיט איהם אינווייניג. דאָרט האָט דאָן קישאָט אַוועקגעשטעלט דעם גרויסען רעגענשירם, אַראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם אויבּערשטען בּגד און איז געבּליבּען אין אַ קורץ ווייטיקעל מיט אויסגעריבּענע עלענבּויגענס און מיט אויסגעבּויגענע פיס, וואָס ווען ניט דאָס, וואָלט דער לאַנגער בּוכהאַלטער געווען נאָך לענגער. נאָך די ערשטע עטליכע סקאַרבּאָווע ווערטער, וואָס אומבּאַקאַנטע בּאַקענען זיך דורך זיי, איז דער לאַנגער בּוכהאַלטער אויסגעוואַכסען אין די אויגען פונ׳ם בּחור מיט צוויי קעפּ העכער. וואָס איז די מעשה? עס האָט זיך אַרויסבּאַוויזען, אַז אָט דער דאָן קישאָט קען זיך פּערזענליך מיט אַ מאַן, וואָס אין יענער צייט האָט ער אויסגעוויזען בּיי׳ם בּחור פאַר אַ מלאך פון גאָט. דאָס איז געווען ניט מעהר און ניט ווינציגער, ווי

באַגראַוו, דער מחבר פונ׳ם בוך „זאַפּיסקי יעוורעיאַ״! מיט איהם האָט דאָס אָט דער לאַנגער בוכהאַלטער זיך געקענט פער־זענליך, גדעדיענט אין איין באַנק אין סימפעראָפּאָל.

— אַזוי? אַזוי? האָט איהר איהם, הייסט עס, געקענט, דעם גרויסען באַגראַוו, ליטשנאָ? — פרעגט זיך נאָך ביי איהם דער ציקאַווע בחור מיט גרויס התפעלות.

— מענטש! מע זאָגט אייך, אַז מיר האָבען ביידע געדיענט אין איין באַנק, אין סימפעראָפּאָל, זאָגט איהר גאָר דאָס!

— און איהר אַליין האָט גערעדט מיט איהם?

— אַזוי ווי איך רעד מיט אייך. ניט נאָר גערעדט, נאָר געשפּיעלט מיט איהם אין קאָרטען, אין פּרעפעראַנס. אַ קערטעל האָט ער ליעב, גריגאָרי איסאַקאָוויטש, איי האָט ער ליעב, איי האָט ער ליעב אַ קערטעל! דאָס הייסט, ניט קיין קאָרטיאָזשניק, נאָר אַזוי גלאַט אַ קערטעל, אַ פּרעפעראַנסעל — פאַר וואָס ניט? איי אַ פּרעפעראַנסעל! איי־איי־איי!...

ער הויבט־אויף זיין טרוקענע ביינעריגע האַנט אינ׳ם אויס־געריבענעם עלענבויגען, פאַרקנייטשט נאָך מעהר דאָס פאַר־קנייטשטע פּנים, טהוט אַ פיהר מיט דער שפּיץ נאָז אין דער לופטען האַלבקיילעכיג און באַווייזט די געלע פענקעס פון זיינע אַמאָליגע צייהן. ביי איהם הייסט עס געשמייכעלט. נאָר באַלד ווערט ער צוריק ערנסט, קוקט ערגיץ ווייט־ווייט דורך זיינע שאַרפע ברילען, קראַצט זיך אונטער׳ן קאָלנער און רעדט מיט רעספּעקט וועגען באַגראַווען:

— אַ גרויסער מענטש גריגאָרי איסאַקאָוויטש! אַ ווערטעלע אויסצורעדען — גריגאָרי איסאַקאָוויטש! פּססס! אָבער טאַקי גאָר אַ גרויסער! אַ סך גרעסער פון אייער באַריהמטען דיכטער יהל״ל. דער איז אַ קליינינטשקער... אָט אַזאַ קליינינטשקער... אָבער טאַקי גאָר־גאָר אַ קליינינטשקער!... — און ער האָט אַ ווייז גע־געבען מיט דער האַנט אויף דער ערד, ווי קליין יהל״ל איז. און אַקוראַט אויף די רעד עפענט זיך די טיר און עס קומט אריין אַ

קליין מענטשעל, נאָר גוט געפּאקט, מיט אַ פּיין ביַיכעל און מיט קאַסאָקע אויגען. אויפ׳ן ערשטען קוק האָט ער אָקעגען דעם לאַנגען און טרוקענעם דאָן קישאָט אויסגעזעהען ווי ס אַ נ ט ש אָ פּ אַ נ ס אָ, דאָן קישאָט׳ס פליגעל־אַדיוטאַנט. אָהן אַ גוט־מאָרגען איז דער סאַנטשאָ פּאַנסאָ דורכגעלאָפען פאַרביַי און איז פאַר־פאַרשוואונדען געוואָרען אויף יענער זייט גראַטעס אין אַ צווייטען חדר׳על.

— אָט דאָס איז ער דאָך, אייער דיכטער יהל״ל. איהר קאָנט אַריינגעהן צו איהם, אויב איהר ווילט. נישט אַזאַ גרויסער פּריץ...

פון די ווערטער, ווי אויך פון דעם פריהעריגען פאַרגלייכען איהם צום גרויסען באַגראָווען, איז געווען צו זעהען, אַז דער בוכ־האַלטער מיט׳ן קאַסירער לעבען בשלום, ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. דערמיט האָט נאָך אָבער דער דיכטער ביַי זיין פאַרברענטען חסיד אין די אויגען גאָרנישט פאַרלוירען. מיט אַ קלאָפּענדיג האַרץ און מיט אַ פאַרצאַפּעלטער נשמה איז ער אַריבערגעטרעטען די שוועל און אַריין מיט גרויס דרך־ארץ אין צווייטען חדר׳על אַריין. דאָרט האָט ער געטראָפען דעם באַריהמטען דיכטער אין אַ פּאָעטישער פּאָזע, צונויפגעלעגט די הענט אויפ׳ן האַרצען, ווי אַלכּסנדר פּושקין, אָדער, לכל הפּחות, ווי מיכה יוסף לעבענזאָהן. דער דיכטער איז געווען, ווייזט אויס, אין זעהר אַ הויכער פּאָעטישער שטימונג, וואָרום ער האָט אַרומגעשפּאַנט הין און צוריק איבער׳ן חדר׳על מיט די צונויפגעלעגטע הענט אויפ׳ן האַרצען און האָט אויף זיין יונגען פאַרעהרער כּמעט גאָרניט גע־קוקט און קוים־קוים געענטפערט אויפ׳ן גוט־מאָרגען מעהר ניט ווי מיט אַ ביַיזען קוק פון זיינע קאַסאָקע אויגען. פון בעטען זיצען, אָדער פון נאָכפרעגען זיך, ווער־וואָס־וועמען — איז גאָר קיין רעדע ניט געווען. דער נאַאיווער פאַרעהרער איז געווען זיכער, אַז אַלע פּאָעטען זענען אַזוי. אַז אַלכּסנדר פּושקין ענטפערט אויך ניט אויף אַ גוט־מאָרגען... דעם בחור איז אפילו געווען נישט אַזוי פויגעלדיג דאָס שטעהן, ווי אַ באַלוואַן, ביַי דער טיר. נאָר

מע קאָן זיך ניט העלפען. און פאראיבעל האָבען איז דאָך ניט שייך — פּאָרט נישט קיין געוויינליכער בשר־ודם! פּאָרט א דיכטער!... דערפאַר אָבער אין עטליכע יאָהר אַרום, אַז דער נאַאיווער פאַרעהרער איז אַליין געוואָרען אַ שרייבער, און ניט נאָר אַ שרייבער — ער איז גאָר געוואָרען אַ רעדאַקטאָר פון אַ יאָהר־בוך („די אידישע פאָלקס־ביבליאָטעק") און דער פּאָעט יהל"ל האָט איהם געבראַכט אַ פעליעטאָן, האָט איהם דער אַמאָליגער פאַרעהרער און דער איצטיגער רעדאַקטאָר ש ל ו ם ־ ע ל י כ ם דערמאַנט זייער ערשטע באַגעגעניש און איבערגעגעבען די אויבען־באַשריבענע סצענעס, האָט זיך דער דיכטער געהאַלטען ביי די זייטען פאַר געלעכטער.

דעמאָלט האָט זיך אָבער דעם בחור נישט געלאַכט. מיט וואָס פאַר אַ הארץ ער איז אַרוים פונ׳ם באַריהמטען דיכטער — קאָן מען זיך פאָרשטעלען. דערמיט האָט זיך אָבער זיין ערשטער אַרויספאָהר נאָך ניט געענדיגט. דאָס רעכטע בינטעל צרות, וואָס איז איהם באַשערט געווען אויסצושטעהן אין זיין ערשטער גרויסער נסיעה, הויבט זיך ערשט אָן.

## 18

# פראַטעקציעס

דער בעל־אכסניה שמועסט פון פּראַטעקציעס. — ער מאַכט אַ וויזיט דעם קיעווער ראַבינער. — מע שיקט איהם אָפּ צום „אוטשאַנע יעוורייי" ביי'ם גענעראַל־גובערנאַטאָר. — אַ צעטראָגענער נפש. — ער באַקומט אַ פּראַטעקציע צום באַריהמטען אַדוואָקאַט קופּערניק.

אַ פרעמדער מענטש אין אַ גרויסער שטאָדט איז אין אַ וואַלד. אין ערגיץ פיהלט איהר זיך ניט אַזוי עלענט, ווי אין אַ וואַלד. קיינמאָל אין ערגיץ ניט האָט זיך דער העלד פון די דאָזיגע באַשרייבונגען ניט געפיהלט אַזוי עלענט, ווי ער האָט זיך געפיהלט אין יענער צייט אין קיעוו. די מענטשען פון דער דאָזיגער גרויסער שענער שטאָדט האָבען זיך ווי צונויפגערעדט, אַז מע זאָל פאַר דעם יונגען אורח ניט אַרויסבאַווייזען קיין סימן פון גאַסטפריינטליכקייט, קיין וואַרעמע מינע. אַלע פּנים'ער זענען אָנגעחמורעט. אַלע טירען זענען פאַר איהם געשלאָסען. און וואָלטען כאָטש די אַלע מענטשען, וואָס שווינדלען און ווימלען פאַר די אויגען, ניט געווען אָנגעפּעלצט ווי מאַגנאַטען און ניט געפלויגען אויף די גרויסאַרטיגע שליטעלעך מיט ברענענדיגע פערדלעך־ריסאַקעס! און וואָלטען כאָטש די הייזער ניט געווען אויפגעפּוצט מיט אַזאַ שיק און מיט אַזאַ גלאַנץ! און וואָלטען כאָטש די שווייצאַרען מיט די לאָקייען, וואָס ביי דער טיר, ניט קוקען אַזוי פרעך און ניט לאַכען אייך גלייך אין פּנים אַריין! אַלסדינג וואָלט ער אייך מוחל געווען, נאָר אַבי מע זאָל ניט לאַכען פון איהם. און ווי אויף

צו־להכעיס, האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז אַלע מאַכען פון איהם הוזק. אַלע — אפילו דער בעל־הבית פון דער אכסניה, רב אַלטער קאַניעווער, וואָס איז שוין געוועזען ביי אונז באַשריבען אויבען. אַ איד, וואָס צוליעב דעם, וואָס זיינע געסט האָבען ניט קיין „פּראוואַ־זשיטעלסטווע" און טאָרען ניט זיין אין דעם הייליגען קיעוו, איז ער אַ חשוב ביי „נאַטשאַלסטווע".

אַ טבע האָט אָט דער איד, אַז ער רעדט צו אייך, קוקט ער אייך ניט אין די אויגען אריין, נאָר ערגיץ ווייט אַהין, און אַ גרינג שמייכעלע שפּיעלט ביי איהם אונטער די גרויע וואָנסעס. מיט'ן יונגען אורח רעדט ער ניט אויף „איהר" און ניט אויף „דו", נאָר ער דרעהט זיך קונציג, ווי איין אַקראָבאַט, און באַגעהט זיך אָהן אַ „איהר" און אָהן אַ „דו". איך געב דאָ איבער אַ שמועס צווישען די צוויי, דאָס הייסט, צווישען דעם אַלטען גרייזגרויען בעל־אכסניה און זיין יונגען אורח. דער איד שמייכעלט, קוקט אַראָפּ און דרעהט אַ פּאַפּיראָס, רעדט מיט אַ קוויטשעל, צוקער־זיס:

בעל־אכסניה: ס'הערט זיך?

אורח: וואָס זאָל זיך הערען?

בעל־אכסניה: וואָס מאַכט מען?

אורח: וואָס זאָל מען מאַכען?

בעל־אכסניה: איך מיין, וואָס טהוט מען אין קיעוו?

אורח: וואָס זאָל מען טהון אין קיעוו?

בעל־אכסניה: מסתמא זוכט מען דאָך עפּיס אין קיעוו?

אורח: וואָס זאָל מען זוכען אין קיעוו?

בעל־אכסניה: אַ טהועכץ, אָדער אַ סלוזשבע?

אורח: וואָסער אַ סלוזשבע?

בעל־אכסניה: דורך אַ רעקאָמענדאַציע? אַ פּראָ־טעקציע? איך ווייס?...

אורח: צו וועמען אַ פּראָטעקציע?

בעל־אכסניה: איך ווייס, צו וועמען? צום רב.

אורח: וואָס עפּיס צום רב?

בעל־אכסניה: לאָז זיין צו דער רביצין.

דאָ האָט דער בעל־אכסניה פאַר דער גאַנצער צייט איין מאָל אויפגעהויבען די אויגען אויפ'ן יונגען אורח און איז געבליבען שטיל. האָט איהם אָבער דער יונגער אורח ניט אָפּגעלאָזט.

אורח: ניין. וואָס איז אייך עפּיס געפעלען צום רב?

בעל־אכסניה: איך ווייס? אַ בחור'על פון היינטיגע בחורים'לעך קומט קיין קיעוו, באַדאַרף ער האָבען מסתמא אַ בריעף צום רב, צום ראַבינער מיין איך, און דורך דעם ראַבינער קאָן מען שוין האָבען אַ פּראָטעקציע... אַזוי פיהרט זיך די וועלט. און אפשר האָב איך אַ טעות, איז לא פדלתי — טאַק יאַ ניע טאַנצאָוואַל סמעדוועדיעם!...

איז איהם שוין גאָר געפעלען דאָס אידישע ווערטעל: „האָב איך ניט געטאַנצט מיט'ן בער" איבערזעצען אויף רוסיש. דעם בחור זענען אָבער די לעצטע ווערטער פונ'ם בעל־אכסניה וועגען אַ פּראָטעקציע ביי'ם ראַבינער אריין, ווי מע זאָגט, אין נאָז אריין, און ער האָט באַשלאָסען, אַז ס'איז אפשר גאָר ניט אַזוי קרום. אַ פּראָטעקציע ניט קיין פּראָטעקציע, נאָר מאַכען דעם ראַבינער אַ וויזיט קאָן ניט שאָדטען. און אפשר טאַקי עפּיס ברענגען אויך. פאָרט אַ ראַבינער. און נאָך וואָסער אַ ראַבינער! אַ „גובערנסקי" ראַבינער — אַ קלייניגקייט!... וואָס ווייטער צעוואַכּסט זיך ביי איהם די פאַנטאַזיע, און דער פּלאַן געהאָלפען צו ווערען דורכ'ן קיעווער ראַבינער באַקומט ביי איהם מעהר חן און רעאַלע פאָרמען, און ער זעהט־אַרויס בחוש, אַז ס'איז געווען אַ באַשערטע זאַך, אַז דורך דעם, וואָס אַ אידען רב אַלטער קאַניעוווער איז געפעלען צו מאַכען חוזק, אָדער גלאַט אַזוי אַ ביסעל פּלאַפּלען, איז ביי איהם געבוירען געוואָרען אַ אידעע, אַ גליקליכע, אַ גלענצענדיגע אידעע. און מיט אַ אידעע איז אַלע מאָל אַזוי. דורך אַ קלייניגקייט, דורך אַ צופאַל, קומען אַמאָל אַרויס די גרעסטע געשעהענישען אין דער

וועלט. די היסטאָריע פון די נוצליכסטע ערפינדונגען ווייסט פון דעם סוד — ס'איז גאָר קיין נייעס ניט.

געקלויבען זיך עטליכע טעג דורכאַנאַנד און געוואוירע גע־וואָרען, וואו דער ראַבינער זיצט, האָט ער איינמאָל אין אַ קאַלטען פריהמאָרגען אָנגעקלונגען רעכטס, האָט זיך געעפענט די טיר און אַ האַנט האָט איהם אַ וויז געגעבען, אַז ער זאָל קלינגען לינקס, אין דער קאַנצעליאַריע. האָט ער אָנגעקלונגען לינקס, אין דער קאַנצעליאַריע. עפענט זיך די טיר און ער קומט־אַריין אין דער קאַנצעליאַריע, טרעפט ער דאָרט עטליכע אידען, פאַרשיידענע טיפען פון אַלערליי פּראָפעסיעס, צום מיינסטען — בעל־מלאכות, אָרעמע, דערשלאָגענע, אָפּגעריסענע. אויך ווייבער אַ פּאָר פאַר־שלומפּערטע, מיט פאַרוויסטע פנים'ער, און אַ געשוואָלען יונגעל מיט גרויסע צעריסענע שטיוועלעטען, פון וואַנען עס קוקען־אַרויס די פינגער פון די פיס. דערפאַר איז אָבער דעם יונגעל'ס האַלז אַרומגעוויקעלט מיט צוויי שאַלען, ער זאָל זיך חלילה ניט פאַר־קיהלען. אויף די ווענט הענגען אַ צעריסענע מאַפּע פון ארץ־ישראל און אַ שלעכטער קייזערליכער פּאָרטרעט. די קאַנצעליאַריע, די אָפּגעריסענע אידען, די פאַרשלומפּערטע ווייבער, דאָס גע־שוואָלענע האַלב־באָרוויסע יונגעל, די אָנגעריסענע מאַפּע פון ארץ־ישראל מיט'ן שלעכטען קייזערליכען פּאָרטרעט וואַרפען־אָן אויף אייך אַ מאָדנע מרה־שחורה. און טאָמער איז קאַרג — זיצט ביי איין אַלטען אויסגעמוטשעטען פאַרפלעקטען שרייבטיש איין אַלטער מאַן מיט איין אָפּגעבליאַקעוועט טוידט פנים. ווען דער אַלטער זאָל ניט האַלטען קיין פען אין האַנט און ניט איינטונקען זי אַלע מינוט אין טינטער, וואָלט מען געקאָנט זיכער מיינען, אַז דאָס זיצט אַ בר־מינן, וואָס איז טוידט, וועניגסטענס, עטליכע און דרייסיג יאָהר, נאָר מע האָט איהם איינגעמאַרענירט, האַלט ער זיך. איינציגוויין פאַרטיגט זיך אָפּ דער אָפּגעבליאַקעוועטער בר־מינן מיט אַלע אידען און ווייבער, און דאָס נעמט־צו ניט קיין סך צייט. אַרום און אַרום אפשר אָנדערהאַלבען שעה. ביז ער קומט

צום געשוואָלענעם יונגעל מיט די צוויי שאַלען. דאָס געשוואָלענע יונגעל נעמט אויך צו אַזאַ האַלבע שעה. דאָס יונגעל וויינט. דער איינגעמאַרענירטער בר־מינן שרייט אויף איהם. דאַנקען גאָט — גע׳פּטר׳ט דאָס געשוואָלענע יונגעל אויך. דעמאָלט טהוט דער בר־מינן אַ וואונק צום העלד פון די באַשרייבונגען, ער זאָל צוגעהן צום טיש. געהט ער צו. דער בר־מינן קוים וואָס מע הערט איהם:

— וואָס׳ט איהר זאָגען?

— איך דאַרף צום ראַבינער.

דער בר־מינן קוקט צו זיך אין ספר־הזכרונות אַריין און זיין קול געהט ווי פון יענער וועלט:

— אַ מעטריקע?

— ניין.

— אַ חתונה?

— ניין.

— אַ יונגעל? אַ מיידעל פאַרשרייבען?

— ניין.

— עמיצער געשטאָרבען?

— ניין.

— אַ נדבה?

— ניין.

— וואָס זשע פאָרט?

— גאָרנישט. איך האָב געוואָלט זעהען דעם ראַבינער.

— אָט אַזוי זשע רעדט.

און דער מאַרענירטער בר־מינן הויבט זיך אויף פון טיש, געהט פּאַוואָלי, ווי אויף אונטערגעהאַקטע פיס, ווערט פאַרשוואונדען אין אַ זייטיג חדר אויף פופצעהן אָדער אויף צוואַנציג מינוט און קומט צוריק מיט אַ פאַרעוועץ פנים און מיט אַ טרויעריגען רעזולטאַט:

— דער ראַבינער איז ניטאָ אין דער היים. איהר׳ט מוחל זיין קומען איין אַנדערס מאָל.

צום קיעווער ראַבינער האָט זיך דער העלד מטריח געווען ניט איין מאָל און ניט צוויי מאָל. ביז ס׳איז איהם געראָטען צו טרעפען איהם אין דער היים. דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט ביי איהם איין אויפנאַמע זעהר אַ פריינטליכע און אַ האַרצעדיגע. דער אָנהויב איז אפילו געווען ניט אַזוי פויגעלדיג. דער ראַבינער איז אין דער ערשטער מינוט געווען ווי דערשראָקען. ער האָט זיך אַ ביסעל אָנגעשטרענגט, ביז ער האָט אַרויסבאַקומען פונ׳ם יונגען באַזוכער, וואָס איז זיין באַגעהר. דער בחור האָט געמיינט, אַז אין קיעוו אַ ראַבינער באַדאַרף נאָכ׳ן ערשטען קוק אַליין פאַרשטעהן, וואָס יענער וויל און וואָס יענער באַדאַרף. צום סוף קוקט ער גאָר ווי אַ זינדיגער מענטש אין די אויגען אַריין, און מע דאַרף איהם צעקייען איטליכס וואָרט און אַריינלעגען אין מויל אַריין. און ערשט נאָכדעם, אַז מע האָט דאָס איהם גוט צעקייעט, לאָזט זיך אויס, אַז ער קאָן גאָרנישט טהון. לחלוטין גאָרנישט. דאָס איינציגע, וואָס ער קאָן יאָ טהון — איז געבען אַ רעקאָמענדאַציע, אַ פּראָטעקציע.

— אַ פראָטעקציע? גאַנץ גענוג! וואָס דאַרף איך דען נאָך? איך באַדאַרף מעהר ניט, ווי אַ פראָטעקציע.

און דער באַזוכער באַטראַכט דעם קיעווער ראַבינער און פאַרגלייכט איהם מיט די ראַבינערס פון די קליינע שטעדטלעך, וואָס ער האָט ווען געקענט. און עס געהען איהם דורך פאַרביי אַ גאַנצע רייהע פון ראַבינערס, „קאַזיאָנע" רבנים, פאַרזעהענישען, טויגעניכטסען, צווישען זיי איינער מיט אַ פליך אויפ׳ן קאָפּ. אַקעגען די אַלע איז דער קיעווער — אַ מאַגנאַט, און זיי אַקעגען איהם זענען חיות, קאַרליקעס. דער איז אַ ריעז. און אַ שענער מענטש. איין חסרון נאָר, וואָס ער איז אַ געלער און אַ ביסעל אַ שווערער פאַרשוין. רעדט פאַמעליך, טהוט יעדע זאַך פאַוואָלי, דענקט פאַוואָלי, כמעט אָהן נערוועז. אַזעלכע מענטשען לעבען הונדערט יאָהר. זיי האַפּען זיך ניט שטאַרבען — זיי האָבען צייט.

— איז ווילט איהר, הייסט דאָס, פון מיר אַ פּראָטעקציע? צו וועמען?

— צו וועמען? דאָס דאַרפט איהר שוין אַליין באַטראַכטען...

גוט. ער וועט זיך באַטראַכטען. און דער ראַבינער צעפרעגט זיך נאָך אַ מאָל ביי'ם באַזוכער, ווער ער איז, פון וואַנען ער איז און וואָס איז זיין באַגעהר? דערנאָך געהט־אַוועק אַ לאַנגע פּויזע פון אַ פּאָר מינוט. אַ קוועטש אַ קנעפּעל — און עס באַווייזט זיך דער אַלטער אָפּגעבליאַקעווטער און גוט־געמאַרענירטער בר־מינן פון דער קאַנצעליאַריע, און דער ראַבינער הייסט איהם אָנשרייבען אַ בריעף צו זיינעם אַ פריינט — דעם נאָמען האָט ער ניט איינגעהערט — און בעטען איהם, טאָמער קאָן ער עפּיס טהון פאַר אָט דעם בחור... און צום בחור האָט דער ראַבינער אַ זאָג געגעבען, אַז דאָס שרייבט ער אַ בריעף צו זיינעם אַ פריינט הערמאַן מאַרקאָוויטש באַראַץ, וועלכער איז אַ פּריסיאַזשנע פּאָווערענע און אַ „אוטשאָנע יעווריי" ביי'ם גענעראַל־גובערנאַטאָר...

אָפּגעטהאָן אַזאַ שווער שטיקעל אַרבייט, האָט דער ראַבינער אָפּגעאָטעמט. מע האָט געזעהען, אַז דעם מענטשען איז אַראָפּ אַ באַרג פון די פּלייצעס. ער האָט טאַקי אַ ביסעל צוגעהאָרעוועט. דערפאַר האָט ער אָבער געטהאָן אַ נוצליכע זאַך — אויסגעאַרבייט פאַר דעם בחור אַ פּראָטעקציע, און נאָך וואָס פאַר אַ פּראָטעקציע — צום „אוטשאָנע יעווריי" ביי'ם גענעראַל־גובערנאַטאָר!... אַזוי ווייט האָט זיך דעם בחור'ס היציגע פאַנטאַזיע גאָרניט פאָרגעשטעלט. די פּראָטעקציע, וואָס ער האָט געהאַלטען אין בוזעמקעשענע, האָט איהם געוואַרעמט דאָס לייב און געטראָגען אין דער לופטען. ער געהט פון דאַנען גלייך צום „אוטשאָנע יעווריי" וואָס ביי'ם גענעראַל־גובערנאַטאָר — דאָ וועט שוין עפּיס זיין!... און דער „אוטשאָנע יעווריי" אַליין שטעלט זיך איהם אַנדערש ניט פאָר, ווי אַ פּראָפעסאָר, באַהאַנגען מיט מעדאַלען, ווי אַ גענעראַל. מיט אַ ציטערניש קלינגט ער אָן ביי דער טיר און ער ווערט אַריינגעלאָזען אין אַ קאַבינעט מיט ספרים און ביכער. עס קלאָפּט איהם

אַ צאָהן אויף אַ צאָהן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום פליהט־אַריין אַ איד מיט שיטערע באַקענבאַרדען און מיט זעהר אַ נידעריגער ראיה, און איז עפּיס מאָדנע צעטראָגען. ניט שוין זשע איז אָט דער איד אַ „אוטשאָנע יעווריי" ביי׳ם גענעראַל־גובערנאַטאָר? ער זאָל ניט געהן אויסגעגאָלט אַ שטיק באָרד אַקוראַט אין מיטען, וואָלט ער געגאַנגען שווערען, אַז ער איז אַ מלמד, אַ גמרא־מלמד. אַ טבע האָט אָט דער „אוטשאָנע יעווריי", אַז ער רעדט שפּייט ער, און איז אַ מאָדנע צעטראָגענע בריאה. פון איהם דערצעהלט מען אין קיעוו, ווי ער איז שוין נאָכדעם געוואוירע געוואָרען, אַלערליי מעשיות און אַנעקדאָטען. למשל: צו זיך אַהיים האָט ער קיינ־מאָל ניט געטראָפען, ביז ער האָט ניט איבערגעלייענט אויף דער טיר די אויפשריפט „הערמאַן מאַרקאָוויטש באַראַץ". איינמאָל האָט זיך באַראַץ שטאַרק איינגעקוקט אין זיין נאָמען און האָט דערזעהען פון אונטען אָנגעוויזען די שפּרעכשטונדען פון דריי ביז פינף. אַ קוק געגעבען אויפ׳ן זייגער, אַז ס׳איז ערשט צוויי, האָט זיך באַראַץ באַטראַכט, אַז מסתמא איז באַראַץ ניטאָ אין דער היים. און וויבאַלד באַראַץ איז ניטאָ אין דער היים, הייַנט וואָס האָט דאָ באַראַץ צו טהון? איז זיך באַראַץ דערווייל געגאַנגען אין גאָרטען שפּאַציערען... מיט איינעם וואָרט, אויף באַראַצען זאָגט מען אין קיעוו, אַז באַראַץ זוכט באַראַצען און קאָן איהם נישט געפינען... אין דעם דאָזיגען פריהמאָרגען איז באַראַץ געווען גאָר באַזונדער צעטראָגען און ניט גוט געשטימט. ער האָט זיך געאיילט ערגיץ געהן, געוואָרפען זיך און געשפּיגען און געשפּריצט. דערנאָך, אַז ער האָט איבערגעלייענט דעם בריעף פונ׳ם ראַבינער, וואָס רעקאָמענדירט פאַר איהם דעם בחור, האָט זיך דער „אוטשאָנע יעווריי" אַ חאַפּ געגעבען ביי׳ם קאָפּ, גענומען אַרומשפּאַנען איבער׳ן חדר הין און צוריק, רעדען און שפּייען און בעטען זיך רחמים, מע זאָל איהם לאָזען צו־רוה, וואָרום ער ווייסט גאָרניט און קאָן גאָר־ניט און וועט גאָרניט טהון! אַ גאָט׳ס רחמנות געווען צו קוקען אויפ׳ן „אוטשאָנע יעווריי"! דער בחור האָט זיך גענומען פאַר־

ענטפערען, אַז ער מיינט ניט קיין בייז. אַז זיין גאַנצער מיין איז געווען, טאָמער... אַ פּראָטעקציע... נאָר באַראַץ לאָזט איהם ניט רעדען. ער זאָגט, אַז ער ווייסט עס אַליין גאַנץ גוט. און אַז איהם ברענט נאָר אויפ׳ן ראַבינער, וואָס אַלע טאָג, אַלע טאָג שיקט ער צו איהם יונגע מענטשען. וואָס קאָן ער טהון פאַר זיי? וואָס ווייסט ער? ווער איז ער? וואָס איז ער? ער איז דאָך ניט בראָדסקי!...

מיט אַ צעבראָכען האַרץ און מיט אַ שווער געמיט האָט זיך דער בחור אַרויסגעגליטשט פונ׳ם „אוטשאָנע יעווריי”. נאָר אַז ער איז שוין געווען גאַנץ אונטען אויף די טרעפּ, האָט ער דער־הערט, אַז מע רופט איהם צוריק, טאַקי דער זעלבער „אוטשאָנע יעווריי”. באַראַץ האָט זיך באַטראַכט, אַז ער אַליין קאָן טאַקי ניט טהון פאַר איהם גאָרניט. ער קאָן איהם אָבער געבען אַ רעקאָמענדאַציע צו זיינעם אַ פריינט און אַ קאָלעגע, צו קופּערניקען. קופּערניק, ער זאָל וועלען, קאָן ער טהון אַ סך, זעהר אַ סך! אַ קליינינגקייט קופּערניק? מיט אַזאַ פּראָטעקציע קאָן מען דורכ־ברעכען מויערען! באַוועגען די גרעסטע לייט! און נישט לאַנג געטראַכט, זעצט זיך אַוועק דער „אוטשאָנע יעווריי” און שרייבט אַ קאַרטעל צו זיין בעסטען פריינט און קאָלעגע, צום באַריהמטען אַדוואָקאַט לעוו אַבראַמאָוויטש קופּערניק.

19

# קופּערניק

ער זוכט דעם באַריהמטען אַדוואָקאַט אויפ'ן „קרעשטשאַטיק". — „מעניאַלנאַיאַ קאַנטאָראַ קופּערניקאַ". — אין אַקרוזשנע סוד. — ער געפינט ענדליך וועמען ער זוכט, און די פּראַטעקציע ווירקט. — אַ קליינער טעות: ניט קופּערניק, נאָר משה עפּעלבוים פון ביעלאַ־צערקאָוו.

דער נאָמען קופּערניק, אָדער ווי מע האָט איהם גערופען צווישען אידען „קאָפּערניקאָוו", איז געווען כּמעט אַזוי באַריהמט און פּאָפּולער, ווי אַלכּסנדר פאָן הומבאָלד אין אייראָפּע, אָדער ווי קאָלומבוס אין אַמעריקע. דער פּראָצעס פון קוטאַאיס, דער באַריהמטער בלוט־בלבול, וואָס קופּערניק האָט פאַרטיידיגט און ריינגעוואַשען, האָט איהם געמאַכט אַזוי באַריהמט, ווי אין אַ סך יאָהרען אַרום האָט באַריהמט געמאַכט איין אַנדערען אַדוואָקאַט, אָ. אָ. גרוזענבערגען, דער פּראָצעס פון מענדעל ביילים. און אַזוי ווי פון גרוזענבערגען, אַזוי האָט מען פון קופּערניקען אין זיין צייט דערצעהלט נסים ונפלאות, אַרומגערינגעלט איהם מיט לעגענדעס.

האָבענדיג אַ פּראָטעקציע צו אַזאַ מאַן, ווי קופּערניק, מעג מען זיך שוין דערלויבען צו טרוימען, פאַנטאַזירען און חלומ'ען די בעסטע חלומות. חאַפּען זיך שטאַרק איז אויך ניטאָ וואָס. ובפרט, אַז ער ווייסט נאָך גאָרניט, וואו קופּערניק'ס אַדרעס איז. האָט ער זיך פּאַוואָלי אַרויפגעדראַפּעט אויפ'ן הויכען „קרעשטשאַטיק", די

שענסטע גאַס אין קיעוו, און דאָרט איז אונזער העלד ניט שווער געוועזן צו דערפרעגען זיך, וואו קופּערניק זיצט. אַריין אין אַ הויף אַקעגען האָטעל „יעווראָפּאַ", האָט ער איבערגעלייענט אויף רוסיש : „מיעניאַלנאַיאַ קאָנטאָראַ קופּערניקאַ". איז איהם אפילו געוועזן אַ חידוש, ווי קומט צו קופּערניק דעם אַדוואָקאַט אַ „מיעניאַלנע קאַנטאָר"? נאָר עס איז איהם באַלד פאַרענטפערט געוואָרען די קשיה.

אַריינגעקומען אינוועניג אין קופּערניק'ס קאַנטאָר, האָט ער געטראָפען אַ יונגענמאַן מיט בלויע ברילען און אַ אידינע אַ ליט-וועטשקע אין אַ ווייסען פּאַריק.

— צו וועמען דאַרפט איהר?

— צו קופּערניקען.

— פון וועמען?

— פונ'ם אוטשאַנע יעווריי, פון הערמאַן מאַרקאָוויטש באַראַץ אַ קאַרטעל.

— פון באַראַצען אַ קאַרטעל? ווייזט אַהער.

דער יונגערמאַן מיט די בלויע ברילען נעמט דאָס קאַרטעל און טראָגט דאָס צו צו דער ליטוועטשקע אינ'ם ווייסען פּאַריק. די ליטוועטשקע נעמט דאָס קאַרטעל, טהוט-אָן די ברילען, לייענט-דורך און טהוט אַ שמייץ דאָס קאַרטעל פון זיך.

— ס'איז ניט צו מיר. ס'איז גאָר צו מיין זוהן.

— וואו געפינט ער זיך?

— ווער?

— אייער זוהן.

— מיין זוהן וואו געפינט זיך? וואָס הייסט וואו? אין אָקרוזשנע סוד אַריין געהט, וועט איהר איהם געפינען.

זוכען איין אַדוואָקאַט אין אָקרוזשנע סוד איז פונקט אַזאַ שכל, ווי מע זאָל זוכען אַ נאָדעל אין אַ וואָגען היי. דער אָקרוזשנע סוד איז איין אומגעהייער גרויסע אַלטע געביידע מיט אייזערנע טרעפּ און מיט אַזוי פיעל חדרים, זאַלען און אָפּטיילונגען, אַז אַ

פרעמדער קאָן דאָרט פאַרבלאָנזעט ווערען און פאַרלירען דעם קאָפּ. צום ערשטען מאָל אויף זיין לעבען האָט אונזער העלד דערזעהען אזוי פיעל מענטשען אין שווארצע פראַקען מיט גרויסע פּאָרט־פעלען. דאָס זענען לויטער געשוואָרענע אדוואָקאטען. געהט טרעפט, ווער פון זיי איז דאָ קופּערניק? אָפּשטעלען איינעם פון זיי און א פרעג טהון — איז א זאַך, וואָס איז אוממעגליך. אז אלע זענען זיי פאַרטראָגען. אלע לויפען מיט פּאָרטפעלען, דער אהער, דער אהין, ווי די משוגעים. איינעם, א מאַן אָהן א שווארצען פראַק, נאָר מיט א גרויסען געלען פּאָרטפעל און מיט זעהר א סימפּאַטיש פנים, האָט ער געוואַגט אָפּצושטעלען און א פרעג טהון: „וואו איז דאָ קופּערניק?" האָט ער באַקומען פונ׳ם מאַן איין ענטפער: „צו וואָס דאַרפט איהר קופּערניקען?" „איך האָב צו איהם א קאַרטעל פונ׳ם אוטשאָנע יעווריי הערמאַן מאַר־קאָוויטש באַראַץ". „א? פון באַראַצען? זיצט א ווייל׳ע — איכ׳ל באַלד קומען". און דער מאַן באַווייזט איהם אויף א לאַנגער פּאָלירטער באַנק, טהוט זיך א גליטש און ווערט נעלם. דער בחור זעצט זיך אוועק אויף דער לאַנגער פּאָלירטער באַנק און זיצט א האַלבע שעה, א שעה, אָנדערהאַלבען שעה — ניטאָ קיין מאַן, ניטאָ קופּערניק. שטעהט ער אויף פון דער פּאָלירטער באַנק און לאָזט זיך געהן. דער עולם איז שוין געוואָרען א סך שיטערער. וואו־ניט־וואו וואַרפט זיך נאָך דורך א שווארצער פראַק. ער דערזעהט דעם מאַן, וואָס מיט׳ן געלען פּאָרטפעל.

— א? איהר זענט נאָך דאָ? וואָס, אייגענטליך, דאַרפט איהר צו קופּערניקען?

דערצעהלט איהם דער בחור נאָך א מאָל:

— א קאַרטעל פון הערמאַן מאַרקאָוויטש באַראַץ.

— און וואו איז דאָס קאַרטעל?

באַווייזט ער איהם דאָס קאַרטעל. דער מאַן לייענט־דורך דאָס קאַרטעל.

— וואָס, אייגענטליך, האָט איהר געוואָלט פון קופּערניקען?

— איך וויים נאָך אַליין ניט אַקוראַט... אפשר וועל איך קריגען ביי איהם אַ שטעלע?

— וואָס קענט איהר?

— איך קען שען שרייבען, אידיש און רוסיש.

— רוסיש אויך? קומט מיט מיר.

באַדאַרף ער נאָך זיין אין ספק, אויב דאָס איז קופּערניק?... אַרויסגעגאַנגען מיט'ן בחור פון אָקרוזשנע סוד, האָט ער, קופּערניק הייסט דאָס, געחאַפּט אַ „ליכאַטש" — אַ דראָזשקע אויף גומע־לאַסטיקענע רעדלעך, און האָט אַ זאָג געגעבען: „גאָסטיניצאַ ראָססיאַ". פייל אויס'ן בויגען האָט זיי דער ליכאַטש געבראַכט צו פיהרען צו אַ האָטעל, וואָס זיין נאָמען איז „ראָססיאַ". אַריינגעקומען אין אַ שטאַרק אָנגערויכערט צימער, האָט קופּערניק באַזעצט דעם גאַסט ביי'ם טיש, פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און דערלאַנגט איהם אַ בויגען פּאַפּיער מיט אַ טינט־און־פעדער און פאַרגעלעגט, ער זאָל אָנשרייבען אַ פּאָר שורות. דער בחור האָט איינגעטונקען די פּען אין טינט און איידער ער האָט זיך צוגעקלויבען שרייבען, האָט ער אַ פרעג געגעבען ביי קופּערניקען, ווי אַזוי וויל ער, זאָל מען איהם שרייבען — אויף אידיש אָדער אויף רוסיש? פאַרשטעהט זיך, אַז אויף רוסיש! דער בחור האָט זיך צוגעפּלייסט. דער זכות פונ'ם רבין מאָניש מיט זיין גאָלדענער האַנט איז איהם בייגעשטאַנען, און נאָך דער ערשטער שורה האָט איהם קופּערניק איבערגעשלאָגען און אַ זאָג געגעבען, אַז ער איז צופריעדען מיט זיין האַנטשריפט, און האָט איהם פאָרגעלעגט אַ פּאַפּיראָס. פונ'ם פּאַפּיראָס האָט זיך דער בחור אָפּגעזאָגט:

— האָט קיין פאַראיבעל ניט, פּאַני קופּערניק, איך רויכער ניט.

— האָט קיין פאַראיבעל ניט, יונגערמאַן, איך בין ניט קופּערניק. מיין נאָמען איז גאָר עפּעלבוים.

— עפּעלבוים?

— נו־יאָ, עפּעלבּוים. משה עפּעלבּוים פון ביעלאָצערקאָוו... פריסיאַזשנע פּאָווערענע...

אַ באַשערטע זאַך. געהט זייט אַ נביא, אַז פון אַ קיעווער קופערניק וועט זיך גאָר אויסלאָזען אַ משה עפּעלבּוים פון ביעלאָ־צערקאָוו! דער משה עפּעלבּוים פון ביעלאָצערקאָוו האָט זיך אַרויסבּאַוויזען פאַר איין אמת׳ען דזשענטעלמען. ער האָט זיך לאַנג נישט געדונגען פאַר׳ן פּרייז. מסכּים געווען אויף אַלסדינג. ער האָט נאָך צוגעזאָגט דעם בּחור, אַז ער וועט איהם צולעהרנען אדוואָקאַטור און וועט איהם נאָכדעם געבען רעקאָמענדאַציעס ניט נאָר צו קופערניקען — צו נאָך אַ סך גרעסערע מענטשען פון קופערניקען, וואָרום ער קען זיך מיט אַלע גרעסטע לייט אין קיעוו, אין מאָסקווע און אין פּעטערבּורג, אויסגעבּונדען מיט אַלע מינים־טאָרען. אויבּ דער בּחור וויל, קאָנען זיי נאָך היינט פאָהרען קיין ביעלאָצערקאָוו. ער, עפּעלבּוים, בּאַדאַרף זיך נאָר אַראָפּחאַפּען אויף אַ מינוט צום גענעראַל־גובּערנאַטאָר. און ווייבּאַלד צום גענעראַל־גובּערנאַטאָר, מוז ער שוין זיין מיט אַ וויזיט אויך ביי׳ם גראַזשדאַנסקי גובּערנאַטאָר. וואָרום די הינט זענען שרעקליך מקנא איינם דאָס אַנדערע. ער האָט אפילו בּאַדאַרפט זיך זעהען מיט׳ן קיעווער פּאָליצמייסטער אויך. נאָר ער קאָן בּאַשטעהן, אַז דער פּאָליצמייסטער זאָל קומען צו איהם — ער איז נישט קראַנק...

דער פריסיאַזשנע פּאָווערענע עפּעלבּוים האָט זיך אַרויס־געחאַפּט, איבּערגעלאָזט אַ פרעמדען אומבּאַקאַנטען בּחור אויף גאָט׳ס בּאַראָט. די אַוואַנטיורע איז דעם יונגען רייזענדער דוקא געפעלען. און פון דער פּערזענליכקייט פון דעם עפּעלבּוים איז ער גאָר געווען אַנציקט. ער האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט רעכט צו בּאַטראַכטען די לאַגע, האָט זיך עפּעלבּוים אומגעקעהרט צוריק, צוגעפאָהרען בּרייט אויף אַ ליכאַטש, אָנגעלאָדען מיט פולע

פּעק און מיט פּעקלעך. דאָרט איז געווען פון כל טוב: הערינג, און פיש, און באַליק, און איקרע, און פּרוכטען, און פּאַפּיראָסען.

— איהר מיינט, ס'איז געקויפט? ס'איז לויטער מתנות, געשענקט פון דער גענעראַל-גובערנאַטאָרשע, פון דער גובערנאַטאָרשע און פון'ם פּאָליצמייסטער'ס ווייב.

— איהר זענט דען געווען ביי'ם פּאָליצמייסטער אויך? איהר האָט דאָך געזאָגט, אַז...

— חס וחלילה! נישט פון זיין ווייב, נאָר פון זיין פּאָליר-באָווניצע... איך בין איהר אַדוואָקאַט. איך פיהר איהר אַ פּראָ-צעס אין פּאַלאַטע אויף אַ האַלבען מיליאָן. זי איז אַ פּיעלפּאַכע מיליאָנערשע, נאָר אַ קאַרגע. פאַר אַ גראָשען וועט זי זיך אויפ-הענגען! פאַר מיר איז אָבער ניטאָ צו טייער. פאַר מיר זענען זיי אַלע די כפּרה!... פאָהרען מיר, הייסט דאָס, קיין ביעלאָ-צערקאָוו?

— פאָהרען מיר, הייסט דאָס, קיין ביעלאָצערקאָוו.

## 20

# אַ שטעלע פון אַ „סעקרעטאַר“

ער פאָהרט מיט זיין נייעם פּאַטראָן קיין ביעלאָצערקאָוו. — מע נעמט איהם אויף, ווי אַ טייערען גאַסט. — פאַמיליען־אידיליעס. — „רב לוי“. — דער בעל־הבית לעהרענט מיט'ן סעקרעטאַר הלכות אַדוואָקאַט. — מיאוס אָפּגענאַרט. — ער שרייבט אַ מליצה־בריעף צום פאָטער און באַקומט נייע האָפענונגען.

פאָהרענדיג פון קיעוו קיין ביעלאָצערקאָוו, האָט זיך דער „פּריסיאַזשנע פּאָווערענע“ עפּעלבוים געשטעלט גאַנץ ברייט, אויפגעפיהרט זיך ווי אַ רייכער פּאָמעשטשיק, ניט געזשאַלעוועט קויפען בילעטען ערשטער קלאַס. אויפ'ן וואָקזאַל, אין פאַסטאָוו, געגעבען שען צו לייזען געלט דעם בופעט. דעם מענטשען, וואָס האָט זיי באַדיענט, האָט ער אויך גאַנץ פיין באַהאַנדעלט. אונזער יונגען העלד האָט ער פאַר זיינע באַקאַנטע פאָרגעשטעלט אַלס „סעקרעטאַר“. און וואָס ער האָט אַזעלכעס דערצעהלט אויף זיין „סעקרעטאַר“ ביי זיך אין דער היים — ווייסט נאָר איין גאָט אין הימעל... נאָר מע דאַרף זיך פאָרשטעלען, אַז מסתמא האָט דער „פּריסיאַזשנע פּאָווערענע“ אויסגעמאָהלט פאַר זיינע היימישע זיין „סעקרעטאַר“ מיט די רייכסטע און שענסטע פאַרבען. וואָרום ער האָט געהאַט אַזאַ גרויסאַרטיגע וואַרעמע אויפנאַמע, וואָס נאָר אַ לאַנג־ערוואַרטעטער גאַסט, אָדער אַ רייכער קרוב פון אַמעריקע, קאָן זיך ווינטשען; אַזאַ קרוב, וואָס מע קוקט־אַרויס אויף זיין ירושה... משה עפּעלבוים'ס ווייב, אַ אידינע אַ צדיקית און אַ

זעלטענע ווירטין, האָט זיך אָנגעטהאָן שבת'דיג און אויסגעצוואָגען די קינדער. דערנאָך האָט זי אָפּגעקאָכט אויף וועטשערע אַ מאָל־צייט, וואָס איהם וואָלט געמעגט עסען דער קייסער. עפּעלבוים'ס עלטערער בחור לוי, אַ חכם אַ יונגאַטש, — אין שטוב האָט מען איהם גערופען „רבֿ לוי" — האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען פון התפּעלות און האָט אַ בורקע געגעבען, אויפשטעהענדיג פון טיש און גלעטענדיג זיך דאָס בייכעל, אַז עס וואָלט גאָר ניט געשאָדט, אַז אַלע טאָג זאָלען זיין אַזעלכע געסט און מע זאָל קאָכען אַזעלכע גוטע מאָלצייטען. האָט איהם משה עפּעלבוים געשענקט אַ פּאַטש און האָט איהם אַ זאָג געגעבען, אַז ס'וואָלט גאָר ניט געשאָדט, אַז ער, רבֿ לוי, זאָל זיין אַ ביסעלע קליגער און זאָל ניט האָבען אַזאַ לאַנגע צונג. און צום „סעקרעטאַר" האָט ער אַ זאָג געגעבען:

— ווי געפעלט אייך מיין קדיש, רבֿ לוי? אַ פיינער תּכשיט! קיין עין־הרע, אַ מושלם! מיין קאָפּ מעג שוין דעמאָלט ליגען אין דער ערד, ווען ער וועט קאָנען זאָגען נאָך מיר קדיש...

פונ'ם וויץ האָבען זיך אַלע צעלאַכט, און רבֿ לוי אויך בתוכם. פון דעסטוועגען האָט די מוטער געפונען פאַר נויטיג זיך אָננעמען די קריוודע פון איהר זוהן — פאָרט אַ מאַמע! נאָר איהר אַריינ־מישען זיך האָט שיער אַרויסגערופען אַ קאָנפליקט. די פרוי עפּעלבוים איז געווען זיכער, — און זי האָט דאָס גאַנץ אָפענטליך אַרויסגעזאָגט, — אַז איהר „קדיש" וועט קומען אין זיין טאַטענ'ס יאָהרען, וועט ער האָבען פונקט אַזוי פיעל שכל, וויפיעל דער טאַטע זיינער.

— און אפשר נאָך מעהר, ווי דער טאַטע! — האָט אונטער־געחאַפּט רבֿ לוי אַליין, און דער פאָטער איז געוואָרען אָנגעצונדען. אַ גליק, וואָס רבֿ לוי האָט זיך באַצייטענס אָפּגעטראָגען, אַניט וואָלט געקאָנט זיין זעהר ניט שעון. משה עפּעלבוים האָט זיך מודה געווען, אַז חאָטש ער איז אַ געגנער פון „לייב־שטראָף" און חאָטש ער האַלט, אַז שמייסען איז אַ באַרבאַרישער מנהג, וואָס שטימט ניט איין מיט די „פּרינציפּען פון ציוויליזאַציע", פון

דעסטוועגן געפינט ער, אַז ס׳איז זעהר נויטיג, אַז אַזאַ פאַר־שייטער בחור, ווי זיין רב לוי, זאָל פאַרזוכען שמיץ, חאָטש איין מאָל אין וואָך. דאָס אַליין, זאָגט משה עפּעלבוים, איז ביי איהם אַ פּרינציפּ. און עס לאָזט זיך דענקען, אַז רב לוי׳ן איז באַקאַנט דער דאָזיגער פּרינציפּ, וואָרום רב לוי האָט זיך זיין פּרינציפּ, אַז קוים וויל איהם דער פאָטער מקיים פּסק זיין, טראָגט ער זיך אָפּ און והילד איננו — געהט זוכט איהם!

רב לוי׳ס אָפּטראָגען זיך האָט אָבער נישט באַרוהיגט דעם אויפגעהויבענעם קאָנפליקט. דער קאַמף האָט זיך נאָר אַריבער־געטראָגען, ליטעראַריש גערעדט, אויף איין אַנדער באָדען. אָנשטאָט דעם, וואָס פריהער מיט אַ מינוט איז ער געווען צווישען פאָטער און זוהן, האָט די מלחמה אַצינד אויסגעבראָכען צווישען מאַן און ווייב. משה עפּעלבוים האָט אַרויפגעוואָרפען די גאַנצע באָד אויפ׳ן ווייב, אַז שולדיג איז אינגאַנצען זי, זיין ליעבע געטרייע פרוי, זאָל געזונט זיין, דערמיט, וואָס זי שטעלט זיך איין פאַר איהר שענעם קדיש. און דאָס ווייב, מאַדאַם עפּעלבוים, האָט זיך ניט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע און האָט דערמאַנט איהר ליעבען געטרייען מאַן זאָל לעבען, אַז ווען ער איז געווען אין זיין זוהנ׳ס יאָהרען, איז ער געווען אַ סך מעהר באָסיאַק, ווי איהר „קדיש" איז אַצינד, און אויב ער, איהר טייערער משה עפּעלבוים, האָט אַ גוטען זכרון, באַדאַרף ער גערענקען, אַז מע האָט איהם אַמאָל, ניט היינט געדאַכט, גערופען ניט משה עפּעלבוים, נאָר „משה פּלעצעל"...

מע קאָן ניט זאָגען, אַז פאַר אַ גאַסט זאָל עס זיין שטאַרק אָנגענעהם צו זיין איין אומגעריכטער עדות ביי אַ פאַמיליען־דראַמע און צוקוקען, ווי די ליעבע און געטרייע מאַן און ווייב וואַשען זיך דאָס קויטיגע גרעט פאַר אַלעמען אין די אויגען. איין זאַך האָט דאָ דער גאַסט באַמערקט און באַוואונדערט, ווי אַזוי ביידע קעמפּענדע צדדים, ניט דער מאַן און ניט דאָס ווייב, האָבען זיך דערביי ניט אָפּגעגעסען דאָס האַרץ. אדרבה, עס האָט אויס־

געזעהען גלייך, ווי דאָס פּאָרפּאָלק איז נאָר-וואָס נאָך דער חתונה אויף זייער ערשטער האָכציייטס-רייזע, און נישט האָבענדיג וואָס צו טהון, בייט מען זיך מיט זיסע קאָמפּלימענטען. אַלערליי מענטשען זענען פאַרהאַן אויף גאָט'ס וועלט און אַלערליי אידיליעס !...

נאָך דער גרויסאַרטיגער וועטשערע האָט דער „פּריסיאַזשנע פּאָוויערענע" עפּעלבוים אַוועקגעזעצט זיין גאַסט און זיין „סעק-רעטאַר" צום שרייבטיש, געגעבען איהם איבערשרייבען אַ פּאַפּיער, און אַליין האָט ער זיך צוגעשפּאַרט חאַפּען אַ דרימעל. איבער-געדרימעלט זיך, האָט ער פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און האָט פאַר-בונדען אַ שמועס מיט זיין יונגען „סעקרעטאַר". דער שמועס איז געווען אַזוי אינטערעסאַנט, אַז ס'וואָלט געווען, כלעבען, איין עבירה פאַר גאָט איהם דורכצולאָזען אומבאַמערקט. עס איז שווער איהם איבערצוגעבען נאָך אַזוי פיעל יאָהרען בוכשטעבליך. נאָר דער אינהאַלט, דער תמצית פון איהם, איז געווען לערך אָט אויף דעם שטייגער:

— הערט זשע אויס, יונגערמאַן, די מעשה דערפון איז אַזוי: איהר זענט אַ יונגעל, זעה איך, נישט קיין גרויסער נאַר און איהר האָט אַ שען הענטעל צום שרייבען, און אַ צינגעל אויף צו רעדען רוסיש האָט איהר אויך — אַלע סימנים, אַז אייער באַגעהר קאָן דערפילט ווערען. דאָס הייסט, איהר זענט אַ געבוירענער אַדוואָ-קאַט. דאַרפט איהר אָבער זעהען איין זאַך — איהר זאָלט וועלען. אַז איהר'ט וועלען, וועט איהר זיין. קענטעניש איז אַ ביי-זאַך. דער עיקר — איהר טאָרט ניט אַראָפּפאַלען ביי זיך, טאָמער קאָן יענער בעסער פון אייך. איהר באַדאַרפט מיט אייער צינגעל צע-קלאָפּען יענעמ'ס קענטעניש. איהר טאָרט ניט באַווייזען איין מינוט, איין רגע, אַז איהר האָט דרך-ארץ פאַר אַ גרעסערען. וואָרום איהר זענט דער גרעסטער. איהר דאַרפט האַלטען אין איין שיטען

מיט ווערטער. די צונג דארף ארבייטען מעהר ווי דער קאפ. איהר דארפט פארשיטען יענעם מיט אזוי פיעל ווערטער, אז יענער זאל ווערען צעטומעלט און זאל פארלירען יעדען געדאנק און יעדען פאר־שטאנד. דעמאלט קאנט איהר יענעם פארווארפען מיט טויזענטער גראנאטען פונ׳ם „סוואד זאקאנאוו" און פון „קאסאציאנע דעפאר־טאמענט", וואס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען. דאס איז פאר די ריכטער. און פון די קליענטען רעדט מען ניט. קליענטען זענען שאף, וואס לאזען זיך שערען. בהמות, וואל לאזען זיך מעלקען. פערד, וואס האבען ליעב, אז מע פאהרט אויף זיי רייטענדיג. מיט זיי איז אודאי ניטא וואס צו צערעמאניען זיך. זיי האלטען ניט פון א צעוויקטער לעמעשקע, וואס פרעדיגט מאראל. זיי האבען מעהר דרך־ארץ פאר א נאחאל, איידער פאר א געלעהרטען פרא־פעסאר, וואס איז אנגעשטאפט מיט זאקאנעס, ווי א זאק מיט פאלאווע. אויף דער גאס טארט איהר זיך ניט באווייזען אהן א גרויסען פארטפעל — איהר מעגט דארטען האלטען אלטע גאזעטען, אדער קויטיגע קעלנער מיט מאנשעטען. און אין שטוב ביי זיך מעגט איהר זיך שפיעלען מיט דער קאץ גאנצע טעג. נאר אז איהר דערהערט א קלונג, דארפט איהר זיך פארטיעפען אין א גראבען בוך און זיך רייבען דעם שטערן. א קליענט טארט איהר ניט ארויסלאזען פון די הענט, ביז איהר׳ט איהם ניט אויסזויגען ביז׳ן סוף, און עס דארף ניט זיין א זאך אויף דער וועלט, וואס איהר זאלט זאגען „איך ווייס ניט" — ווארום איהר ווייסט אלץ!...

נאך אזא שענער לעקציע וואלט דער פארפאסער פון דער דאזיגער ביאגראפיע, דאכט זיך, געמעגט פארשטעהן, וואס פאר א מין נפש אט דער „פריסיאזשנע פאווערענע" משה עפעלבוים איז. האט אבער דער עפעלבוים געהאט אזא קלוג, סימפאטיש פנים, אז ער האט אייך פאר׳כשופ׳ט מיט זיינע אויגען און אונטער־געקויפט מיט זיין רעדען, און ניט ווילענדיג זענט איהר געווארען זיינער מיט לייב און לעבען. דעם זעלבען אויפדערנאכט, נאך דעם ווי ער האט זיך איבערגעדרימעלט, האט ער גענומען דאס

שטעקעל מיט'ן פּאָרטפעל און האָט זיך געקליבען ערגיץ געהן. און דאָ איז אַרויסגעשפּרונגען ווידער אַ קאָנפליקט צווישען די ליעבע און געטרייע מאַן און ווייב. דאָס ווייב האָט אַ פרעג געגעבען ביי איהר מאַן, וואוהין ער געהט. דער מאַן האָט געענטפערט, אַז אין קלוב אַריין אויף איין האַלבע שעה. ער דאַרף זיך דאָרטען זעהען מיט אַ מענטשען. האָט איהם דערויף דאָס ווייב באַמערקט, אַז איהר איז באַקאַנט זיין האַלבע שעה; הלואי ער זאָל קומען חאָטש מאָרגען צו וואַרעמעס... און דער מענטש, וואָס ער דאַרף זיך מיט איהם זעהען, איז איהר אויך גאַנץ גוט באַקאַנט. דאָס איז ניט קיין מענטש, זאָגט זי, נאָר מענטשעלעך, לויטער מלכים און מלכות און וואַלעטען...

— און טייז האָסט דו, אפּנים, פאַרגעסען רעכענען, מיין טייערע, טייז!... וואָס פאַר אַ שפּיעל איז עס אָהן טייז?...

דאָס ווייב ענטפערט איהם דערויף גאָרניט. נאָר זי גיט אויף איהם אַזאַ קוק, אַז איין אַנדער מאַן אויף זיין אָרט וואָלט בעסער אַריין אין דער ערד אַ לעבעדיגער. נאָר משה עפּעלבוים מאַכט זיך דערפון. ער געהט־צו צו זיין יונגען „סעקרעטאַר", בויגט זיך אָן צו איהם, ווי ער שרייבט, און טהוט איהם שטילערהייט אַ פרעג, וויפיעל האָט ער ביי זיך געלט? טהוט זיך דער „סעקרעטאַר" אַ חאַפּ ביי דער קעשענע און באַווייזט, וויפיעל געלט ער האָט. טהוט עפּעלבוים אַ ווײַלע אַ טראַכט, דערנאָך ציהט ער אויס די האַנט צום „סעקרעטאַר".

— אפשר קאָנט איהר מיר דאָס אויסלייהען אויף אַ פּאָר מינוט? איכ'ל דאָס אייך היינט נאָך אָפּגעבען, צוריקקומענדיג פון קלוב.

— אַך! מיט'ן גרעסטען כבוד! — האָט איהם געענטפערט דער „סעקרעטאַר" און אַוועקגעגעבען איהם דאָס גאַנצע ביסעל מזומנ'ס.

נאָך דעם אַוועקגאַנג פון משה עפּעלבוים האָט די מאַדאַם עפּעלבוים גענומען דעם „סעקרעטאַר" אויסצופרעגען, ווי אַזוי ער

קומט צו איהר מאַן אַלס סעקרעטאַר? און וואָס געהער ער זיך אָן מיט בראָדסקין? — „מיט וואָסער בראָדסקין?" — „מיט׳ן קיעווער מיליאָנער בראָדסקי"... — „וואָס פאַר אַ מחותּן איז דאָ בראָדסקי?"... — „איז בראָדסקי ניט אייערער אַ פעטער?" — „וואָס איז אייך עפּיס געפעלען, אַז בראָדסקי דאַרף מיר זיין אַ פעטער?"... — „וואָס דען קעהר ער אייך אָן?" — „ווער?"... — „בראָדסקי". — „וואָס, ווילט איהר, זאָל ער מיר אָנקעהרען?"...

אַ קורצע פּויזע. ביידע קוקען זיך אָן איינס דאָס אַנדערע העכסט פאַרוואונדערט. יעדער מיט זיינע געדאַנקען. אין אַ מינוט אַרום פרעגט די פרוי עפּעלבוים ביי׳ם „סעקרעטאַר" ווידער אַ מאָל: „אַזוי? איהר האָט ניט געדיענט אויך ביי בראָדסקין?" — „וואָס פאַלט אייך איין, אַז איך האָב באַדאַרפט דיענען ביי בראָדסקין?" — „און איהר קענט איהם גאַר אפילו ניט?" — „וועמען?" — „טפו זאָל דאָס ווערען! מע רעדט און מע רעדט — און מע קאָן זיך ניט דעררעדען! זאָגט מיר האַטש, ווער זענט איהר און ווי קומט איהר אַהער?"...

אויפ׳ן צווייטען טאָג האָט אויף אונזער נאַאיווען העלד געוואַרט אַ נייער סורפּריז: זיין פּאַטראָן משה עפּעלבוים האָט זיך נאָך ניט אומגעקעהרט פון קלוב. „רב לוי" האָט געהאַט איין אַרבייט — געהן אין קלוב אַריין רופען דעם טאַטען אַהיים עסען וואַרעמעס. האָט רב לוי אָבער קיין חשק ניט געהאַט צו האַפּען אומזיסטע פּעטש אויפ׳ן ניכטערען האַרצען. האָט איהם די מוטער געמוזט באַצאָהלען „שכר פּעטש" מיט איין אַוואַנסעל. און רב לוי האָט געבראַכט אַ ידיעה, אַז דער טאַטע זיינער איז אין דער פריה אָפּגעפאָהרען פון קלוב גלייך צום וואָקזאַל, און פון דאָרטען — קיין קיעוו.

פאַר אונזער העלד איז דאָס געווען איין איבערראשונג פון אַ דונער איז אַ שענעם זונענטאָג מיט אַ בלויען הימעל. עס איז

זאמלען דאָרטען און דאָרטען און זאָלען זיך אויסקלויבען א ראַבינער. און עס טהוען זיך א לאָז קאנדידאטען. יעדער קאנדידאט האָט זיך זיין צד, און יעדער צד האָט זיך זיינע כּלי־זין מיט זיינע מיטלען, מיט וואָס צו נעמען דעם עולם. איינער האָט א שענע פּראָטעקציע. דער אַנדערער ארבּייט מיט געלט. דער דריטער — מיט א גלעזעל משקה. שלאָפען שלאָפט קיינער ניט. אין שטאָדט קאָכט עס, און עס רעדעלט זיך. חברה היצען זיך, עס איז א גדולה אויף דער אידישער גאַס, א שמחה — מע קלויבּט א ראַבּינער. מע באַלאָטירט. מע וואַרפט גאַלקעס. עס איז חי־געלעבּט! אמאָל ציהט זיך עס אזוי אוועק וואָכען. אמאָל — חדשים. כּדי די „וויבּאָרעס" זאָלען צוגעהן כּשר, ווערט צוגעשיקט א „קנעפּעל", וואָס גיט אכטונג, אז ס'זאָלען ניט פּאָרקומען חלילה קיין שום פאַלשקייטען ביי'ם צעהלען די גאַלקעס. און ערשט נאָך די וואַהלען הויבּט זיך אָן די רעכטע חתונה. אזוי ווי דער גובּערנאַטאָר בּאַדאַרף דעם אויסוואַהל בּאַ־שטעטיגען, הויבּען־אָן צו געהן אין דער גובּערנסקי פּראַווליעניע מסירות מיט קאַסאַציעס פון די נישט־אויסגעקלויבּענע קאַנדידאַטען, און אויב די „וויבּאָרעס" ווערען קאַסירט, הויבּט זיך אָן די שמחה נאָך א מאָל פון אָנהויבּ. נייע קאַנדידאַטען, נייע צדדים, נייע „וויבּאָרעס", נייע מסירות מיט נייע קאַסאַציעס...

צווישען די פּאַרשוינען, וואָס האָבּען ארויסגעשטעלט זייער קאַנדידאַטור אויף רבנות אין לובּען, איז געווען אויך דער פּריי־העריגער ראַבּינער. אויבּ איהר געדענקט, איז דאָס געווען משה־דוד דעם מלמד'ס זוהן, שמעון רודערמאַן, אָט דער, וואָס האָט געהאַלטען אין פּערעיאַסלאַוו בּיי שמד'ען זיך און אידען האָבּען איהם ארויסגעראַטעוועט און אָפּגעשיקט אין דער ראַבּינער־שול אין זשיטאָמיר. דער דאָזיגער ראַבּינער האָט, אַפּנים, ניט שטאַרק אויסגענומען אין לובּען. דער עולם האָט ארויסגעקוקט אויף די „וויבּאָרעס", ווי אויף משיח'ען. די לובּענער אידען ווייסען ניט פון קיין פּאָליטיק און פון קיין חכמות. זיי, אז עס געפעלט א מענטש, זאָגען זיי איהם: „בּיזט אונז געפעלען". און אז עס

געפעלט זיי ניט, זאָגען זיי: „געה געזונטערהייט, דו ביזט אונז ניט געפעלען״. דעם ראַבינער רודערמאַן האָבען זיי שוין לאַנג געזאָגט, און דוקא ניט זעהר פאַרשטעלט, אַז ער מעג זיך זוכען איין אַנדער שטאָדט. און טאָמער וועט ער מיינען, אַז זיי טרייבען מיט איהם קאַטאָוועס, האָבען זיי זיין אָרט אין בית־המדרש פאַר־דונגען צו אַ בעל־הבית, אַזוי אַז דער ראַבינער איז געקומען שבת אין שוהל אריין, האָט ער ניט געהאַט וואו צו זיצען, און האָט געמוזט אויסשטעהן די גאַנצע צייט אויף די פיס. דעם צווייטען שבת איז ער שוין דערפאַר געקומען מיט „פאָליציע״ און האָט מיט תקיפות און מיט גבורה איינגענומען זיין שטאָדט אויבען־אָן אין מזרח־וואַנט — און מע קאָן זיך גרינג פאָרשטעלען דעם עפעקט מיט׳ן חן, וואָס עס האָט געהאַט. די גאַנצע וועלט האָט געוואוסט פון דעם פאַקט. וואָרום אַ חוץ, וואָס די גאַנצע מעשה איז געווען באַשריבען אינ׳ם „המליץ״, האָט נאָך דער רעדאַקטאָר צעדערבוים צוגעגעבען פון זיך מיט גאַנץ קליינע אותיות׳לעך אַ „הערת המו״ל״ — אַ באַמערקונג פונ׳ם רעדאַקטאָר, וואָס פאַרנעמט פונקט דריי מאָל אַזוי פיעל, ווי די קאָרעספאָנדענציע. דאָרט גיט ער אַוועק אַ גאָב סאַי דעם ראַבינער, סאַי דעם איבעריגען עולם, און מוסר׳ט זיי פאַר׳ן חלול־השם, וואָס זיי האָבען דערלאָזט פאָליציע אין אַ מקום קדוש. און לאָזען לאָזט ער אוים מיט אַ „וכן לא יעשה״ — אַזוי טהוט מען ניט, און פאַרענדיגט מיט אַ פאָר מדרשים, מיט אַ פסוק און מיט אַ מליצה פון דער מגילה: „וכדי בזיון וקצף״. צעדערבוים, עליו השלום, איז דערויף געווען אַ מייסטער!

פון דעסטוועגען האָט רודערמאַן ניט אויפגעגעבען זיין קאַנ־דידאַטור אויף לובענער רבנות. און אויך די איבעריגע קאַנדי־דאַטען האָבען געאַרבייט יעדער מיט זיין צד, און יעדער צד אויף זיינע כלים, און דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבען. נאָר שוין כמעט גאָר צו־לעצט, אַ פאָר טעג פאַר די „וויבאָרעס״, איז ווי פונ׳ם הימעל אַראָפּגעפאַלען דער העלד פון דער דאָזיגער ביאָגראַפיע מיט

— און וואָסערע לאַנגע האָר ער טראָגט!

— לאַנגע האָר, קורצער שכל...

פון דעסטוועגן האָט ער געהאַט גענוג שכל אין איין טאָג אָפּשטאַטען אַ האַלבּ טוץ וויזיטען צו די „פּני", צו דעם סאַמע צימעס פון שטאָדט — צו די באַכמוצקיס, צו די קאַניעווסקיס, צו די ראָגאַטשעווסקים און צו די אַלע איבעריגע פאָרשטעהער פון דער לובּענער בּורזשואַזיע. און טאָמער איז קאַרג, איז ער דעם שבּת וואָס פאַר די „וויבּאָרעס" געוועזן אין שוהל. האָט מען איהם אַוועקגעזעצט אויבּען־אָן, גוט אָנגעקוקט זיך, אָפּגעשטעקט איהם אַ פּאָר הונדערט שלום־עליכמס און אויפגערופען מפטיר.

דאָס איז געוועזן אַ מין עקזאַמען. און דער חברה־מאַן האָט אַוועקגעלעגט אַ הפטרה, איז דאָס שוין געוועזן איין מאָל אַ הפטרה! נאָר דאָס איז נאָך גאָרניט אַקעגען דעם, וואָס האָט זיך אָפּגעטהאָן בּיי די „וויבּאָרעס". און אָפּגעטהאָן האָט זיך אָט וואָס: דער זאַל פון דער „אופראַווע" איז געוועזן פול מיט אידען, און מע האָט שוין בּאַדאַרפט צוטרעטען צו די וואַהלען, קומט־אַרויס דער יונגסטער פון די קאַנדידאַטען מיט אַ רעדעניש, און דוקא אויף רוסיש, אויסגעמישט מיט פּסוקים פון תּנ"ך און מיט אַ משל און מיט אַ מדרש, וואָס האָבּען זיך געקלעפּט צום ענין, פּונקט ווי איין אַרבּעס צו דער וואַנט. נאָר די „דרשה" האָט אַזוי אויס־גענומען, אַז דער יונגער קאַנדידאַט איז אויסגעקליבּען געוואָרען פאַר ראַבּינער פונ'ם גאַנצען עולם גאָר אָהן גאַלקעס. בּאַלד איז אַוועק אַ דעפּעש אַהיים: „מזל־טוב, איזבּראַן יעדינאָגלאַסנאָ". און אַליין איז דער אויסדערוועהלטער יונגער ראַבּינער אַוועק צום אַלטען רב נחמן כּהנא אָפּדאַנקען זיך. דער אַלטער איז בּאמת געוועזן געריהרט, וואָס זיין פּראָטעקציע האָט געהאַט אַזאַ ערפאָלג. ער איז אַ בּעלן געוועזן בּעטען דעם ראַבּינער, ער זאָל איהם איבּער־דערצעהלען די דרשה, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר'ן עולם. האָט איהם דער ראַבּינער געענטפערט, אַז ער וואָלט דאָס איהם מיט פאַרגעניגען איבּערדערצעהלט, איז ניטאָ וואָס צו הערען.

— וואָס זשע זאָגט מען, אַז דער עולם האָט געלעקט די פינגער?

— אויב איהר׳ט קיין פּאַראיבּעל ניט האָבּען, וועל איך אייך דערצעהלען אַ מעשה.

— מהכתיתי. אַבּי עס האָט אַ שייכות אהער. — האָט דער אַלטער כּהנא זיך צוגעגרייט הערען, אָנגעטהאָן די ברילען, און דער ראַבּינער האָט אָנגעהויבּען בזה הלשון:

די מעשה, וואָס איך וועל אייך דערצעהלען, איז מיט, להבדיל, אַ גלח. אַ יונגער גלח, נאָר־וואָס פון דער נאָדעל אַרויס, איז געקומען צום מיטראָפּאָליט, ער זאָל איהם בּענטשען און זאָגען, וואָס ער האָט צו רעדען חגא פאַר די גויים אין קלויסטער. האָט איהם דער מיטראָפּאָליט געבּענטשט און געזאָגט, אַז ער זאָל די גויים דערצעהלען מופתים פון הייליגע. למשל, דעם מופת פון די פערציג הייליגע, וואָס האָבּען געבּלאָנזעט אין וואַלד דריי טעג מיט דריי נעכט, שיער ניט אויסגעגאַנגען פון הונגער. האָט גאָט בּאַוויזען אַ מופת — זיי האָבּען געפונען אַ בּרויט. האָבּען זיך אַלע פערציג הייליגע אָוועקגעזעצט עסען דאָס בּרויט. האָבּען זיי געגעסען און געגעסען, געגעסען און געגעסען, — און ס׳איז נאָך איבּערגעבּליבּען אויף מאָרגען... אַז ס׳איז געקומען חגא, האָט דער יונגער גלח אין קלויסטער פאַר די גויים איבּערדערצעהלט דעם מופת, נאָר אַ בּיסעל אַנדערש. איינער אַ הייליגער האָט געבּלאָנזעט אין אַ וואַלד דריי טעג און דריי נעכט, שיער ניט אויסגעגאַנגען פאַר הונגער, האָט גאָט בּאַוויזען אַ מופת — ער האָט געפונען פערציג בּרויט. האָט ער זיך אָוועקגעזעצט עסען, האָט ער געגעסען און געגעסען, געגעסען און געגעסען — און ס׳איז נאָך איבּערגעבּליבּען אויף מאָרגען... שפּעטער, אַז דער מיטראָפּאָליט האָט איהם פירגעהאַלטען, ווי אַזוי מאַכט דאָס אַ גלח אַזאַ מיאוסען טעות? האָט איהם דער יונגער גלח געענטפערט:

— פאַר אָט די גויים איז דאָס אויך אַ מופת...

דער אַלטער כּהנא איז צעשמאָלצען געוואָרען פאַר געלעכטער. ער האָט זיך משמח געווען מיט'ן ראַבּינער, געקלויבּען תּענוג, טאַקי ווי איין אייגענער. ניט לאַנג האָט עס אָבּער געדויערט. עס איז איהם גלייך פאַרשטעהרט געוואָרען די שמחה, ווי מיר וועלען דאָס ווייטער זעהען. דערווייליע פאָהרען מיר זיך דורך מיט'ן יונגען ראַבּינער אין זיין געבּורטסשטאָדט, אין פּערעיאַסלאַוו.

פאָרגעשטעלט האָט זיך אונזער העלד, אַז פּערעיאַסלאַוו וועט געהן חאָדאָראָם מיט זיינע „וויבּאָרעס". אַ קליינינקייט — אַזאַ ערפאָלג, און בּיי אָט די יאָהרען! צום סוף — גאָרנישט מיט גאָרנישט. געפרעהט האָט זיך נאָר די משפּחה. און אויך ניט איינגאַנצען. די שמחה וועט ערשט זיין, אַז דער גובּערנאַטאָר וועט די „וויבּאָרעס" בּאַשטעטיגען. דערווייל הענגט דאָס נאָך אין לופטען. מע דאַרף זיך דורכפאָהרען אין דער גובּערניע, קיין פּאָלטאַווע — חלאָפּאָטשעז, שמירען... דאָס אַליין איז שוין געווען גענוג אויף אָפּצוקיהלען די געהויבּענע שטימונג. און טאָמער איז קאַרג, בּאַדאַרף זיך דער העלד בּאַגעגענען מיט חייטע רודערמאַן, דעם לובּענער ראַבּינער'ס יונגערען בּרודער. חייטע געהט זיך אַזוי בּרייטליך, די הענט אַרונטער, דאָס געלע אויבּעררעקעל אויף די אַקסלען אָהן די אַרבּעל. ניט פיהלענדיג זיך אין קיין זאַך שולדיג, ציהט איהם אויס אונזער העלד די האַנט. יענער ריהרט ניט מיט קיין האַנט, טרעט־אָפּ אויף אַ זייט און געהט־דורך פאַרבּיי, ווי איין אומבּאַקאַנטער... „אַ בּרודער פאַר אַ בּרודער" — טראַכט זיך דער בּאַלעדיגטער, געפינט אַ זכות אויף זיין חבר דעם בּאַ־לעדיגער און לויפּט־אַוועק אויסגיסען זיין הארץ פאַר איין אַנדער חבר, פאַר אַברהמעל זאָלאָטושקינען. לאָזט זיך אויס, אַז זאָלאָ־טושקין, חאָטש ער איז מיט חייטע רודערמאַן אויף מעסערשטעך, דאָך גיט ער אָפּ דעם גערעכט חייטען און זאָגט דעם העלד אין די אויגען, אַז אַ רעכטער מענטש טאָר איהם איצט די האַנט ניט געבּען. איבּער צוויי טעמים: ערשטענס — דערפאַר, וואָס ער איז אַ ראַבּינער, און אַ ראַבּינער איז אַ צבועק, אַ היפּאָקריט, אַ

טעלערלעקער בײַ די נגידים און אַ טשינאָווניק בײַ דער רעגיערונג. און צווייטענס — איין אָרענטליכער מענטש געהט ניט צונעמען יענעמ׳ס פּרנסה, רייסט ניט ווי אַ הונט בײַ׳ם אַנדערען דעם ביין פון די ציינער...

קורצע, נאָר שאַרפע דבורים. אונזער העלד פיהלט, אַז אין די ווערטער ליגט אַ שטיק אמת. און ער דערמאַנט זיך אַ בילד, ווי אַזוי ער האָט דעם טאָג פון די „וויבאָרעס" באַגעגענט זיך מיט׳ן לובענער עקס־ראַבינער שמעון רודערמאַן, ווי אַזוי יענער איז געוואָרען בלאַס, די אויגען צעשראָקען, גלייך ווי זיי וואָלטען פרעגען: „וואָס האָסט דו געהאַט צו מיר?"... אַזוי טראַגיש זעהט־אויס אַ הונט, וואָס איז פון אַנדערע הינט צעריסען און צעביסען און אַרויסגעיאָגט געוואָרען אויף אַלע פיער עקען פון דער וועלט. עס האָט איהם פון דעם באַגעגעניש פאַרקלעהמט דאָס האַרץ. איין מינוט איז געווען אַזעלכע, וואָס ער איז גרייט געווען פאַלען דעם אומגליקליכען שמעון רודערמאַן אויפ׳ן האַלז, איהם בעטען מחילה און אָפּטרעטען איהם די שטאָדט לובען מיט איהרע שענע בעלי־בתים און מיט דער קאַנדידאַטור אויף רבנות... דאָס וואָלט געווען מענטשליך, שוין צו מענטשליך... האָט עס אָבער מעהר ניט געדויערט ווי איין מינוט. באַלד איז אַרויס דער עגאָ־איסט, דער „איך" — און דער „איך" האָט גובר געווען...

מיט וואָסער אַ האַרץ דער העלד איז אוועק פון זיין חבר זאַלאָטושקין — קאָן מען זיך משער זיין. וואָס קאָן זיין ערגער פון דעם, אַז איך וויים, אַז יענער איז גערעכט און איך בין אומ־גערעכט?... בײַ טשעכאָווען איז פאַרהאַן דערויף דער ריכטיגער אויסדרוק: „ע ר  ה אָ ט  ז י ך  ג ע פ י ה ל ט,  ו ו י  א י י נ ע ר,  ו ו אָ ס  ה אָ ט  ג ע ג ע ס ע ן  ז ײ ף"... איין זאַך נאָר האָט ער ניט געקאָנט פאַרשטעהן: פאַר וואָס מוז אַ ראַבינער זיין דוקא אַ היפּאָקריט, און דוקא אַ טעלערלעקער בײַ די נגידים און אַ טשינאָווניק בײַ דער רעגיערונג?... און ער גיט

זיך דאָס וואָרט, אַז ער וועט דאָס נ י ט זיין! אַז ער וועט זיין אַ ראַבינער ניט ווי אַלע... אַ מ ע נ ט ש  א י ז  ד אָ ס, וואָס ע ר  ו ו י ל  ז י י ן!...

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

[מיט'ן קאַפּיטעל „די וויבאַרעס" ווערט איבערגעריסען אין רעכטען מיטען דאָס וואונדערליכע בוך פון שלום-עליכם'ס לעבענס-געשיכטע, אין וועלכען ער האָט אַריינגעגעבען די בעסטע קרעפטען זיינע אין די לעצטע יאָהרען און האָט עס גערעכענט פאַר זיין „שיר-השירים" — דער געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען. ווי עס שיינט, איז דאָס דאָזיגע קאַפּיטעל געשריבען געוואָרען שוין אין די לעצטע טעג פון זיין לעבען.

נאָכזוכענדיג אין די איבערגעבליבענע שריפטען פון שלום-עליכם אַלסדינג, וואָס האָט אַ וועלכע-עס-איז שייכות מיט'ן בוך „פונ'ם יאַריד", האָט זיין פאַמיליע מעהר קיין געניצליך באַאַרבייטע קאַפּיטלעך פון דער אויטאָביאָגראַפיע ניט געפונען, אויסער אַ קורצע לעבענסבאַשרייבונג פון שלום-עליכם, געשריבען מיט יאָהרען צוריק פון איהם אַליין אין דער פאָרם פון אַ בריעף צו אַ פריינט, און אויסער אַ קליינע הקדמה צום בוך „פונ'ם יאַריד", אין וועלכער דער פאַר-פאַסער דערצעהלט, ווי אַזוי ער איז געקומען צום געדאַנק צו שרייבען זיין לעבענסגעשיכטע. אַנשטאָט דעם האָט מען געפונען ניט-קיין-באַאַרבייטע אויטאָ-ביאָגראַפישע מאַטעריאַלען און רשימות, וואָס האָבען געזאָלט דיענען ביי'ם מייסטער אין די הענט אַלס לייהם און ציעגעל פאַר אַ גרויסען פּראַכטפולען בנין — פאַר אַ קאָלאָסאַלען בוך, וואָס האָט אפשר געקאָנט דערגרייכען ביז צ ע ה ן  ב ע נ ד ע ר, וועלכע וואָלטען אַרומגענומען, צוזאַמען מיט'ן פּער-זענליכען לעבען פונ'ם דיכטער, אַ גאַנצע עפּאָכע פונ'ם אידישען לעבען אין אייראָפּע און אַמעריקע.

די אידישע ליטעראַטור האָט אָבער קיין מזל ניט געהאַט — און דער דאָזיגער גרויס-געפּלאַנטער בנין וועט אַזוי בלייבען דערפיהרט נאָר ביז זיין דריטען שטאָק און וועט אַזוי בלייבען שטעהן אין אונזער אָרעמער נאָס ניט קיין געענדיגטער, אָהן אַ דאַך. דער מייסטער איז אין רעכטען מיטען פון זיין אַרבייט אַוועקגערופען געוואָרען.

איינינע מיטגליעדער פון שלום־עליכמ'ס פאַמיליע האָפען דאָך די ביאָגראַפּיע פון דעם פאָלקסדיכטער — אויב נישט אין דער זעלטענער דיכ־טערישער פאָרם, צו וועלכער ער אַליין נאָר איז געווען באַרופען, איז חאָטש אין דעם *אמת'ען ליכט* פון די ווירקליכע פאַקטען און לעבענס־פאַסירונגען — דערפיהרען ביז'ן סוף. צו דעם דאָזיגען צוועק וועלען אויסגענוצט ווערען אַלע די מאַטעריאַלען און רשימות, וואָס שלום־עליכם האָט געזאַמעלט פאַר זיין לעבען און האָט זיי איבערגעלאָזט אין גרויסער אָרדענונג צווישען זיין ליטעראַרישער ירושה.

באַמערקונג פון י. ד. בערקאָוויטש].

# צו מיין ביאָגראַפיע

---

ליעבסטער חבר, טייערסטער פריינט ראַווניצקי!

איהר ווילט, איך זאָל אייך געבען כאָטש אַ ביסעל רשימות צו מיין ביאָגראַפיע? איך האָב זעהר מורא, צי איז בכלל ניט קיין איבעריגע זאַך די ביאָגראַפיע מיינע? אפשר איז נאָך אַ ביסעל צו פריה? דאָס איז נומער איינס. והשנית, האָב איך חשק אַליין אָנשרייבען די געשיכטע פון מיין לעבען — אַ גאַנצען ספר *. און דריטענס, בין איך איצט, לא עליכם, שטאַרק פאַרטהאָן אין עסק. טאַקי אין ליטעראַטור. זינט איך שרייב בין איך נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי פּראָדוקטיוו, אַזוי פרוכטבאַר, ווי אַצינד. צי גוט, צי שלעכט — נאָר סע שרייבט זיך אַ סך. און איהר ווייסט דאָך, ווי אַזוי איך בין מסוגל צו שרייבען — אפילו אויף אַ שפּיץ פון אַ נאָדעל און אויף אַ שאַרף פון אַ שווערט!... אַ חסרון — די צייט איז ניט גוט, און ביי אונזער פאָלק אין דרויסען איז חמאַרנע, גלוסט זיך ניט לאַכען, און אַז סע לאַכט זיך — לאַכט זיך מיט יאַשטשערקעס... היינט דאָס איבערשרייבען זיך מיט אונזערע גדולים, די אידען און, להבדיל, די גויים — נעמט צו ביי מיר אַ גוזמא צייט. און דאָך האָב איך זיך אָפּגעריסען פון אייערטווועגען אַ גאַנצע שעה (רוצח!), און נאַט אייך נאָך אַ

---

* דעם ספר האב איך טאַקי אנגעהויבען נאָכדעם צו שרייבען אין איטאַליע מיט'ן נאָמען „שלום־עליכמ'ס ביאָגראַפיע, פון איהם אַליין געשריבען".

אנגעמערקט [פון שלום־עליכם] אין 1913.

ביסעל רשימות. אפשר וועלען זיי אייך צונוץ קומען ביי אייער ארבייט? און גאָט לאָז אייך זיין צו הילף!

אייער איבערגעבענסטער חבר

שלום־עליכם.

... אין אַ קליין שטעדטעל וואָראָנקאָ, ווי אַ טל־ומטר די גרויס, ניט ווייט פון דער שטאָדט פּערעיאַסלאַוו (וואו איך בין אינ׳ם יאָהר 1859 געבוירען) — דאָרט האָב איך פאַרבראַכט די בעסטע גילדענע יאָהרען, מיינע ערשטע גוטע נאַרישע קינדערשע יאָהרען. אין דעם דאָזיגען קליינעם וואָראָנקאָ איז מיין פּאָטער געוועזן דער מיוחס, דער גביר, דער גבאי ראשון פון אַלע חברות — „רב נחום וועוויק׳ס"! און מיר, רב נחום וועוויק׳ס קינדער, — אויך נישט קיין קלייניגקייט! אַלע שבת־צו־נאַכטס איז געוועזן ביי אונז אַ מלוה־מלכה פאַר דעם גאַנצען שטעדטעל; אַלע יום־טוב איז מען געקומען צו אונז אויף קידוש; אַלע נייעס האָט מען געבראַכט צו אונז און אַרויסגעטראָגען פון אונז; אַ גלעזעל וויין האָט מען געטרונקען ביי אונז; פונ׳ם רבין האָט מען גערעדט ביי אונז, פון פּאָליטיק — ביי אונז, אַלסדינג — ביי אונז. און אונז, נחום וועוויק׳ס קינדער, האָט מען געהאַלטען חשוב, געפיהרט בדרך־הישר, אָפּגעגעבען צום בעסטען מלמד, צו רב זרח׳ען, און פרום זענען מיר געוועזן באמת.

איך געדענק נאָך אַצינד דעם זיסען טעם פון די טרערען, וואָס מיר האָבען פאַרגאָסען פון אונזער רבינ׳ס מוסר. אַלע טאָג פלעגט אונז דער רבי רב זרח זאָגען אַ ביסעל מוסר, און מיר פלעגען זיך נאָכדעם, ביי׳ם דאַוונען, שלאָגען „אָשמנו" אויף אונזערע גרויסע זינד, וואָרום אינאיינעם מיט׳ן פרומקייט זענען מיר געוועזן אויך גרויסע־גרויסע בעלי־עבירות: ליגנערס, נאַשערס, נישט געפאָלגט דעם טאַטען, געהיפּט אינ׳ם דאַוונען, גע׳גנב׳עט געלט פון דער צדקה־פּושקע (זעה „דאָס מעסערעל"). היינט הרהורים,

מחשבות זרות, געדאַנקען!... איינער איז געווען צווישען אונז א חבר, איין עלטערער, אלי האָט ער געהייסען, אלי קיילי׳ס, א יונגעל א חתן — האָט ער אונז דערצעהלט מעשיות, געוועקט ביי אונז דעם יצר־הרע, פאַרדאָרבען, געמאַכט אונז פאַר גרויסע... און נאָכדעם האָט דער רבי געזאָגט מוסר, און מיר האָבען געוויינט, געגאָסען מיט טרערען און געדאַוועט עהרליך, נישט געהיפּט, געשלאָגען זיך „אָשמנו" און געוויינט, געוויינט און תשובה געטהאָן.

די פאַנטאַזיע איז ביי מיר געווען פון קינדווייז־אָן מאָדנע גרויס און צעהיצט. הייזער האָבען ביי מיר אויסגעזעהען ווי שטעדט, הויפען — מדינות, בוימער — מענטשען, מיידלעך — בת־מלכּהס, רייכע יונגעלייט — פּרינצען, גראָז — חיל, שטעקעלקעס און קראָפּיווע — פּלשתּים, אדום און מואָב, און איך פלעג געהן אויף זיי מיט מלחמה (זעה „גרינס אויף שבועות").

אויפחאַפּען דאָס לעכעריגע פון יעדער זאַך און פון יעדען מענטשען — דאָס איז געווען ביי מיר כּמעט א חולאת. איך פלעג, ניט ווילענדיג, נאָכמאַכען איטליכען באַזונדער. פונ׳ם רבין רב זרח מיט זרח׳ליכען מיט אַלע חברים מיט זייערע טאַטע־מאַמע ביז ברוך־בער דעם שכּור און, להבדיל, אָניסקאָ דעם סטאָראָזש מיט די אויסגעדרעהטע פיס — און פאַר אָט דעם נאָכמאַכען האָב איך געחאַפּט פּעטש, ווי האָלץ. אין חדר בין איך געווען די „פאַרשלעפּטע קרענק" (דער קאָמיקער). אַלע פלעגען לאַכען, ביז׳ן טוידט לאַכען, א חוץ מיר. נאָר אין דער היים האָט די מאַמע באַמערקט מיינע שטיק, און פון דעמאָלט אָן האָט זי גענומען אויסקאָרעניען אין מיר די דאָזיגע תּנועות.

נאָך איינער איז געווען מיט מיר אַ גלייכען אויף מאַכען אָנשטעלען, זיך פאַרשטעלען, „שפּיעלען", „זיך גרימירען", און בשעת מעשה זינגען שענע, וואונדערשענע ליעדער. דאָס איז געווען מאיר'על דעם רב'ס, אָדער מאיר'על מעדוועדיעוו, דער געוויסער נאָכדעם בּאַריהמטער אַרטיסט **מעדוועדיעוו**. די קונץ פון „שפּיעלען" איז געווען אַנטפּלעקט פאַר איהם נאָך דעמאָלט, ווען ער איז געגאַנגען בּאָרוויס און געזונגען דאָס שענסטע ליעד פאַר אַ גראָשען אָדער פאַר אַ האַלבּען עפּעל*. מיר בּיידע, איך און מאיר'על מעדוועדיעוו, האָבּען געשפּיעלט דעם „גזלן" — אַ טהעאַטער־שטיק פון אונזער אייגענער פאַנטאַזיע. מעדוועדיעוו איז געווען דער גזלן, איך בּין געווען דער איד, דער אָרעמאַן, און די איבּעריגע חברים זענען שוין געווען דער וואַלד (די בּוימער פונ'ם וואַלד — סטאַטיסטען). איך, דער איד דער אָרעמאַן, בּין געשטאַנען פאַר איהם, פאַר'ן גזלן, אויף די קניהעס, גע'טענה'ט: „וואָס האָסט דו צו מיר? איך בּין אַ איד איין אָרעמאַן, איין אביון! האָבּ רחמנות אויף מיין ווייבּ און קינדער!"... און ער, דער גזלן (מעדוועדיעוו), מיט אַ קאָלאָדאַטשמעסער אין האַנט, האָט געזונגען זעהר אַ שען ליעדעל: **אַז ער מוז, ער מוז אויסקוילען אַלע אידען!...**

ווי וויים פאַרדאָרבּען און שלעכט דערצויגען מיר זענען ניט געווען, איז דער געפיהל פון צער בּעלי־חיים געווען בּיי מיר אַזוי גרויס, אַז אַ קראַנק פערד האָט מיך געקרענקט (זעה „מתושלח"), אַ הונט מיט איין איבּערגעבּראָכענעם פוס האָט אַרויסגערופען בּיי

---

* איך געדענק אַ ליעדעל מיט דער מעלאָדיע:
„געה איך אַרוים אין דער ווילנער גאַס,
הער איך אַ קול מיט אַ גרוים געשריי:
אוי־וועה! —
מע שרייעט אַזוי..."

מיר טרערען (זעה „ראַבטשיק״), און אפילו אַ קאַץ, וואָס איז גאָר אַ טמא, אַ שרץ, איז ביי מיר געווען טייער און ליעב. און פון קראַנקע אָרעמע קינדער שמועסט מען ניט (זעה „באַשעפעניש״).

דער חשק פון שרייבען — מערקווירדיג! — האָט זיך גענומען ביי מיר פון דעם רבין רב זרח'ס זעלטען שען הענטעל. פאַר אַ שענעם „כּתב״ האָט אונז דער טאַטע געשענקט אַ גראָשען (דער ערשטער „האָנאָראַר״), און צוליעב דעם שענעם כתב האָב איך זיך אויפגענייהט אַ ביכעל און האָב שען אָנגעשריבען („פאַר־פאַסט״) אַ גאַנצען חבור אויף תּנ״ך און אויף דקדוק, און אַז איך האָב דאָס באַוויזען דעם טאַטען, איז ער נתפעל געוואָרען פון מיין „ווערק״ און האָט דאָס לאַנג־לאַנג ארומגעטראָגען ביי זיך אין קעשענע, באַוויזען איטליכען באַזונדער, ווי שען זיין זוהן שרייבט (אַלט האָב איך באַדאַרפט זיין דעמאָלט אַ יאָהר צעהן), ווי קלאָר ער איז אין תּנ״ך און ווי גוט ער קען דקדוק. דערויף האָט געזאָגט אונזער שכן, אַ איד אַ חסיד מיט אַ צאַפּען־בערדעל, רב אייזיק, וואָס פלעגט קוויטשען בשעת דאַוונען, ווי אַ קעצעל: „דקדוק — שמינדיק — בינדיק בלע״ז! דער עיקר'שט איז ביי מיר דאָס הענטעל! אַ גילדען הענטעל!״... (די ערשטע „קריטיקע״).

געצויגען האָט מיך אַלץ אַהין, אין יענע עולמות פון רוחניות, פון חלומות, פון נגינה (זעה „יוסילע סאָלאָוויי״), פון שפּיעלען (זעה „סטעמפּעניו״), און איך האָב אַליין נאָך דער בר־מצוה בגנבה זיך צוגעהאַפּט צום פיעדעל — און האָב געחאַפּט דעם רעכטען פּסק פון מיין טאַטען (זעה „אויפ'ן פיעדעל״).

פאַראַרעמט געוואָרען, זענען מיר אריבערגעפאָהרען פון וואָראָנקאָ צוריק קיין פערעיאַסלאַוו. דאָרט האָט מען אונז אויפ־געניידהט די ערשטע מאָדנע קאַפּאָטקעלעך, מיט אַ שפּאַלט פון הינטען. און אַז די מאַמע איז געשטאָרבען (פון דער חלירע), האָט אונז דער טאַטע אָפּגעגעבען אין דער „שקאָלע", און איך האָב מיך אויסגעפיינט צווישען אַלע קינדער, באַוויזען אַ סך בריה'־שאַפט, און נאָך דעם ערשטען ביכעל, וואָס איך האָב אויף מיין לעבען געליינט צו פופצעהן יאָהר, „ראָבינזאָן קרוזעאָ", האָב איך תיכּף ומיד געמאַכט איין אייגענעם „ראָבינזאָן קרוזעאָ", מיט'ן נאָמען: „דער אידישער ראָבינזאָן קרוזעאָ", באַוויזען דעם טאַטען, און דער טאַטע האָט באַוויזען די אורחים (ביי אונז איז געווען איין אַכסניה), און אַלע זענען ארויס פון די כּלים!

פון דעמאָלט־אָן האָט דער טאַטע געקוקט אויף מיר, ווי אויף איין אבן־טוב, מיך אַרויסגענומען פון דער שטיפמאַמע'ס רשות, נישט געלאָזט, מע זאָל מיך שלאָגען, נישט געלאָזט מיך וויעגען איהרע קליינע קינדער, נישט געגעבען מיר האַקען ראָזשינקעס, ווי פריהער (ביי אונז איז געווען אויך אַ ווינקעלער מיט'ן נאָמען „יוזשנעי בערעג"), און פאַרוועהרט מיר פוצען פאַר די אורחים די שטיוועל, שטעלען דעם סאַמאָוואַר, לויפען אַ גאַנג, וכדומה אַזעלכע מלאכות, וואָס איך פלעג זיי טהון ביז יענער צייט.

אין דער עפּאָכע וואָס פון זיעבעצעהן יאָהר ביז איין־און־צוואַנציג יאָהר, ביז איך האָב גענומען שטודיערען, געוואָלט זיין אַ ראַבינער, האָב איך אַ סך־אַ סך געליינט, נאָר נאָך מעהר געשריבען. און געשריבען האָב איך אַלץ, וואָס איך האָב גע־ליינט: ליעדער, פּאָעמען, ראָמאַנען, דראַמען אָהן אַ שיעור און גלאַט „מאמרים" אין דער וועלט אַריין! מיינע „ווערק" האָב איך געשיקט אין אַלע אידישע און גויישע רעדאַקציעס (איך האָב געשריבען אין לשון־קודש און אין רוסישען), און די רעדאַקציעס האָבען, ברוך השם, געהאַט מיט וואָס צו הייצען די הרובעס...

נאָר איין „המליץ״ האָט אָפּגעדרוקט אַ צוויי־דריי פון מיינע „מאמרים״ מיט אַ הערה פון דער רעדאַקציע מיט קליינינקע אותיות׳לעך: „ש פ ת ך א ת ך (דיין שפּראַך איז מיט דיר). ש ל ח ד ב ר י ך ו כ ב ד נ ו ם (שיק דיינע רעד, וועלען מיר זיי פאַרצוקערען)״... און איך האָב אָנגעהויבען שרייבען לשון־קודש׳דיגע „מאמרים״ אויפ׳ן פּוד, גאַנצע וואַגאָנעס מיט „מאמרים״, נאָר מע האָט זיי ניט געוואָלט „פאַרצוקערען״, איך ווייס ניט פאַר וואָס!...

ב ע ת ה ה י א — אין יענער צייט (1883) האָט זיך באַוויזען אַ אידיש בלאַט, דאָס ערשטע אידישע בלאַט אין זשאַרגאָן („פאָלקסבלאַט״ פון אַלכּסנדר צעדערבוים), און אַזוי ווי די גויים האָבען מיינע „ראָמאַנען״ און מינע „דראַמען״ נישט געוואָלט דרוקען, און די לשון־קודש׳דיגע „מאמרים״ זענען אויך געלעגען נישט „פאַרצוקערטערהייט״, האָב איך מיך געפּרובט אויף אַ ציקאַוועסט אָנשרייבען עפּיס אַ זאַך פּראָסט אויף דעם לשון, וואָס מע רעדט, אויף דעם לשון פון מענדעלי מוכר־ספרים, וואָס איז דעמאָלט געקומען מיר אין האַנט — און שטעלט אייך פאָר, אַז מע האָט דאָס אויפגעהאַפּט אין „פאָלקסבלאַט״, און דער רעדאַקטאָר אַליין, צעדערבוים, האָט מיט זיין האַנט מיר אָנגעשריבען אַ בריעף און געבעטען (איהר הערט? — ג ע ב ע ט ע ן !), איך זאָל שרייבען נאָך. און פון יענער צייט האָב איך אָנגעהויבען געבען פעליעטאָנען אין „פאָלקסבלאַט״, און וואָס מעהר איך האָב געגעבען, אַזוי מעהר האָט מען מיר געשריבען, איך זאָל שיקען נאָך. און צו דעם האָט זיך אונטערגעחאַפּט מרדכי ספּעקטאָר, אַלס מיטאַרבייטער אין „פאָלקסבלאַט״: ער האָט מיך ניט אויפגעהערט צו וואַרעמען, איך זאָל שרייבען — עד היום הזה. דאָס איז אָבער ביי מיר געווען אין יענער צייט ניט מעהר ווי אַ שפּיעלעכעל, ביז עס האָט זיך געטראָפען אַ מעשה מיט אַ „מעסערעל״, וואָס האָט געמאַכט

איין איבערקעהרעניש אין מיין ארט שרייבען און אויך אינ׳ם גאנצען לעבען ביי מיר.

יענע צייט איז געווען ביי מיר א צייט פון מסחר, פון געלט, פון בערזע, פון פאפיערען, וכדומה אזעלכע זאכען, וואס זענען ניט שייך צו ליטעראטור. איך האב זיך אריינגעחאפט, ווי מע זאגט, אין די פעדערען, אין די גרויסע שווערע טויזענטער, און וואלט אפשר אוועק אויף איין אנדער וועג, ווי זיי רופען עס — דעם אמת׳ען וועג... געקומען אין דער גרויסער שטאדט אריין, אין קיעוו, וועגען פארשיידענע גרויסע עסקים, און אנגע־מיעדט זיך פונ׳ם טאג, האב איך מיך געלעגט שלאפען און האב נישט געקאנט אנשלאפען ווערען. בין איך אויפגעשטאנען, זיך געזעצט צום שרייבטיש און אנגעשריבען — ניט אנגעשריבען, נאר אויסגעגאסען א זאך, איין עראינערונג פון מיינע חדר־יאהרען, און האב דאס א נאמען געגעבען „דאס מעסערעל״, און האב דאס אוועקגעשיקט אין דער רעדאקציע — און פארגעסען.

ויהי היום, איך לייען דעם „וואסחאד״, טרעף איך איין איבערבליק איבער ליטעראטור פון „קריטיקוס״ (דובנאוו) — איבער פארשיידענע שמאטעס, ובתוכם מיין „מעסערעל״. מיט א שרעקליך הארצקלאפעניש האב איך איבערגעלייענט די עטליכעווארעמע שורות פון דעם „קריטיקוס״, וואס לויבט דאס „מעסערעל״ מיינס און זאגט נביאות, אז דער יונגער מחבר פונ׳ם „מעסערעל״ ווייזט־אויס א טאלאנט צו זיין און ער וועט נאך אמאל געבען גוטע זאכען פאר אונזער ארעמער אידישער זשארגאן־ליטעראטור.

מיט טרערען פון פרייד און דאנקבארקייט האב איך איבער־געלייענט נאך א מאל די דאזיגע ווערטער פונ׳ם ליעבהארציגען „קריטיקוס״ און האב מיר געגעבען דאס ווארט, איך זאל שרייבען אין דער ארט נאך און נאך — און פון דעמאלט־אן ביז היינטיגען טאג שטעהען מיר פאר מיינע אויגען די עטליכע ווארעמע גוטע

געטרייע ווערטער, און איטליכס מאָל, ווען איך שרייב־אָן אַ נייע זאַך, פאַרגעס איך ניט פרעגען ביי זיך אַליין: וואָס וועט זאָגען דערויף „קריטיקוס״?... פון דעמאָלט־אָן האָב איך דאָס געלט פאַרלאָרען, נאָר מוטה איז מיר געבליבען, און איך האַלט שטאַרק־שטאַרק די פען אין האַנט! צי דאַרף איך איהם זאָגען אַ דאַנק, דעם דאָזיגען קריטיקוס (דובנאָוו), צי חלילה פאַרקעהרט?... דערויף בין איך נישט קיין בעל־הבית. איך בין פאַרקראָכען מיט מיין חולאת (שרייבעריי) אַזוי ווייט, אַז איך הויב שוין אָן גע־הערען נישט צו זיך און נישט צו מיין הויזגעזינד, נאָר מעהר צו אונזער ליטעראַטור און צו יענעם גרויסען געזינדעל, וואָס הייסט פובליקום...

קיעוו, חול־המועד סוכות, תרס״ד.

# די צוואה פון שלום־עליכם

איך בעט עפענען און פערעפענטליכען אינ'ם טאג פון מיין טוידט.

שלום־עליכם.

י"א תשרי התרע"ו. 19 סעפט. 1915, ניויארק.

היינטיגען טאָג, מחרת יום־הכפורים, עס האָט זיך נאָר־וואָס אָנגעהויבען אַ נייעס יאָהר, און אַ גרויס אומגליק האָט געטראָפען מיין פאַמיליע — געשטאָרבען מיין עלטערער זוהן מישאַ (מיכאַאיל) ראַבינאָוויץ און אַוועקגעטראָגען מיט זיך אין קבר אַ שטיק פון מיין לעבען, איז געבליבען ביי מיר, איך זאָל איבערשרייבען אויף דאָס ניי מיין צוואה, וועלכע איך האָב געהאַט געשריבען אינ'ם יאָהר 1908, ביי מיין קראַנק זיין, אין נערווי (איטאַליאַ). —

זייענדיג געזונט און אין פולען פערשטאַנד שרייב איך מיין צוואה, וואָס בעשטעהט אין צעהן פונקטען:

א) וואו איך זאָל ניט שטאַרבען, זאָל מען מיך בעהאַלטען ניט צווישען אַריסטאָקראַטען, מיוחסים, אָדער גבירים, נאָר גראָד צווישען פראָסטע אידען אַרבייטער, מיט'ן אמת'ען פאָלק, אַזוי אַז די מצבה, וואָס מע וועט דערנאָך אַוועקשטעלען אויף מיין קבר, זאָל בעשענען די איינפאַכע קברים אַרום מיר, און די איינפאַכע קברים זאָלען בעפוצען מיין מצבה, אַזוי ווי דאָס פראָסטע עהרליכע פאָלק האָט פאַר מיין לעבען בעשענט זייער פאָלקסשרייבער. —

ב) קיין שום טיטלען מיט לויבענישען מיט מורי־מורינו׳ס זאָל אויף מיין מצבה ניט זיין, אויסער דער נאָמען „שלום־עליכם” פון איין זייט און אויסער דעם אידישען אויפשריפט, וואָס בייגעלעגט, פון דער אַנדערער זייט.

ג) קיין שום דעבאַטען און דיסקוסיאָנען פון מיינע קאָללעגען וועגען פעראייביגען מיין נאָמען, וועגען אויפשטעלען מיר אַ מאָנומענט אין ניו־יאָרק א. ד. ג. זאָל ניט זיין: איכ׳ל נישט קאָנען איינליגען רוהיג אין קבר, אַז מיינע חברים וועלען זיך נאַריש מאַכען. דער בעסטער מאָנומענט וועט זיין פאַר מיר, אַז מע וועט לייענען מיינע ווערק און אַז עס וועלען זיך געפינען אין די פערמעגליכע קלאַססען פון אונזער פאָלק מעצענאַטען, וואָס וועלען זיך נעמען אַרויסגעבען און פערשפרייטען מיינע ווערק, הן אין אידיש, הן אין אַנדערע שפּראַכען, און דערמיט געבען דעם פאָלק די מעגליכקייט צו לעזען און מיין פאַמיליע — אַ בכבוד׳ע עקזיסטענץ. אויב איך האָב ניט זוכה געווען, אָדער נישט פערדיענט קיין מעצענאַטען ביי מיין לעבען, וועל איך זיי אפשר זוכה זיין נאָכ׳ן טוידט. איך געה אַוועק פון דער וועלט מיט׳ן פולען גלויבען, אַז דאָס פאָלק וועט נישט פערלאָזען מיינע יתומים. —

ד) אויף מיין קבר און דערנאָך דאָס גאַנצע יאָהר און שפּעטער אַלע מאָל צום יאָהרצייט זאָל מיין איבערגעבליבענער איינציגער זוהן, ווי אויך מיינע איידעמס, אויב זיי וועלען וועללען, זאָגען נאָך מיר קדיש. און אויב זיי וועלען קיין חשק ניט האָבען, אָדער די צייט וועט זיי ניט ערלויבען, אָדער ס׳וועט זיין קעגען זייערע רעליגיעזע איבערצייגונגען, קאָנען זיי יוצא זיין נאָר דערמיט, וואָס זיי וועלען זיך צענויפקלויבען אַלע מיט די טעכטער מיינע און מיט די אייניקלעך און מיט גלאַט גוטע פריינד, און פאָרלייענען די דאָזיגע צוואה

מיינע, און אויך אויסקלויבען אַ מעשה פון מיינע מעשה׳לעך, פון די סאַמע פרייליכע, און פאַרלייענען עס אין וואָסער אַ שפּראַך ס׳וועט פאַר זיי זיין מעהר פערשטענדליך, און לאָז מיין נאָמען דערמאָנט ווערען פון זיי בעסער מיט אַ געלעכ-טער, איידער גאָרניט דערמאָנט ווערען. —

ה) רעליגיעזע איבערציייגונגען קאָנען מיינע קינדער און קינדס-קינדער האָבען וואָסערע זיי ווילען. נאָר זייער אידישע אָפּשטאַמונג בעט איך, זיי זאָלען היטען. די יעניגע פון מיינע קינדער, וואָס וועלען זיך אָפּוואַרפען פון זייער שטאַם און וועלען אַריבער אין איין אַנדער גלויבען, האָבען זיך שוין דערמיט אַליין אָפּגעוואָרפען פון זייער שטאַם און פון זייער פאַמיליע און אַליין אויסגעמעקט זיך פון מיין צואה — ואין להם חלק ונחלה בתוך אחיהם. —

ו) אַלץ וואָס איך פאַרמאָג, סאַי אין מזומן — אויב דאָס מין וועט זיך געפינען אין מיין בעזיץ — סאַי אין ביכער, געדרוקטע און אין מאַנוסקריפּט, סאַי אין אידיש, סאַי אין אַנדערע שפּראַכען (אויסער די, וואָס זענען איבערזעצט אין העברעאיש), געהער צו מיין פרוי האָדעל בת אלימלך, אָדער אָלגאַ ראַבינאָוויץ, און נאָך איהר טוידט געהט עס אַריבער צו מיינע קינדער גלייך אויף גלייך: צו מיין טאָכטער חיה אסתר (ערנעסטינאַ) בערקאָוויץ, צו מיין טאָכטער שרה (ליאַליאַ) קויפמאַן, צו מיין טאָכטער נעמי (עמאַ) ראַבינאָוויץ, צו מיין טאָכטער מרים (מאַרוסיאַ) ראַבינאָוויץ און צו מיין זוהן נחום (נומאַ) ראַבינאָוויץ. און וואָס אָנבעלאַנגט צו מיינע ווערק אין העברעאיש גע-הערען זיי צום מייסטערהאַפטען איבערזעצער, מיין שוויגער-זאָהן י. ד. בערקאָוויץ, און צו זיין טאָכטער, מיין אייניקעל תמר (תמרה) בערקאָוויץ — דאָס זאָל זיין איהר נדן. —
די טאַנטיעמען, וואָס וועלען אַריינפאַלען פאַר מיינע פּיעסען, הן אין רוסלאַנד והן אין אַמעריקאַ, זאָל האַלב געהן צו מיינע

יורשים און האַלב זאָל אָפּגעלעגט ווערען אויפ'ן נאָמען פון מיין אייניקעל בעללאַ, די טאָכטער פון מיכאַאיל און שרה קויפמאַן — דאָס זאָל זיין איהר נדן. —

ז) פון אַלע הכנסות, וואָס זענען אויסגערעכענט אין פריהעריגען פּאַראַגראַף, זאָל אַרונטערגענומען ווערען פאַר'ן פאָנד פאַר אידישע שרייבערס (אין אידיש און אין העב־רעאיש) ביז פינף טויזענד רובעל אַ יאָהר — פינף פּראָצענט, און אויב די הכנסה וועט זיין מעהר פון 5,000 רובעל אַ יאָהר, איז צעהן פּראָצענט (צום ב"ש: פון 6,000 רוב. 600, פון 7,000 700, פון 8,000 רוב. 800 רובעל א. ז. וו.). אויב אין יענער צייט וועט זיין אַזאַ פאָנד, דאָ אין אַמעריקאַ, אָדער דאָרט אין יוראָפּ, זאָלען די פּראָצענטען אַלע יאָהר אַיינ־געצאָהלט ווערען אין פאָנד אַריין, און דער פאָנד וועט טהון לויט זיינע סטאַטוטען. באם אָבער עס וועט ביז דאַן קיין אָפיציעלער פאָנד ניט זיין, אָדער עס וועט זיין אַזאַ פאָנד, וואָס ענטשפּרעכט ניט מיין ווילען, וואָס איז אויסגערעדט אין אָנהויב פונ'ם דאָזיגען פּאַראַגראַף, זאָלען די פּראָצענטען צעטיילט ווערען נויטבעדערפטיגע שריפטשטעלער פון מיינע יורשים דירעקט, לויט פעראייניגונג צווישען זיך.

ח) אויב איך וועל ניט בעוויזען פאַר מיין לעבען אַליין אַוועקצושטעלען אַ מצבה אויפ'ן קבר פון מיין נאָר־וואָס פערשטאָרבענעם זוהן מיכאַאיל (מישאַ) ראַבינאָוויץ אין קאָפּענהאַגען, זאָלען דאָס טהון מיינע יורשים ביד רחבה, און אינ'ם טאָג פון זיין יאָהרצייט זאָל אַלע יאָהר געזאָגט ווערען קדיש און צעטיילט ווערען ח"י קרוין צדקה לעניים.

ט) מיין וואונש איז, אַז מיינע יורשים זאָלען זיך אַיינ־אָרדנען אַזוי, אַז מיינע ווערק און מיינע פּיעסען זאָלען לצמיתות ניט פערקויפט ווערען, ניט דאָ אין אַמעריקאַ, ניט אין יוראָפּ, נאָר זיי זאָלען בעוויזען צו לעבען פון זייער איינקונפט אַלע יאָהרען, וואָס עס געהער צו זיי לויט געזעץ

פונ'ם לאַנד. סיידען עס וועט קומען אַזאַ צייט, אָדער עס וועט זיך געפינען אַזאַ שוטה, וואָס וועט אָפּצאָהלען פאַר'ן זכות אַזאַ סומע, וועלכע זאָל קענען זיין געגוג אויף אויסצוהאַלטען אַ משפחה. דאַן זאָלען זיך אַלע יורשים צווישען זיך פערשטענדיגען, און אויב די מעהרהייט וועט צושטימען, זאָל מען זיך מיט די מזומנים צעטיילען חלק כחלק לויט פאַראַגראַף ו' און קודם כל זאָלען די 10% אַראָפּגענומען ווערען פאַר'ן אידישען ליטעראַטור-פאָנד לויט פאַראַגראַף ז'.

י) מיין לעצטער וואונש צו מיינע נאָכפאָלגער און מיין בקשה צו מיינע קינדער: אָפּהיטען די מאַמע, בעשענען איהר עלטער, פערזיסען איהר ביטער לעבען, היילען איהר געבראָכען האַרץ, נאָך מיר ניט וויינען, נאָר אַדרבה דערמאַנען מיך מיט פרייד, און דער עיקר — צווישען זיך לעבען אין פריעדען, ניט טראָגען קיין שנאה איינס אויף דאָס אַנדערע, אויסהעלפען זיך איינער דעם צווייטען אין אַ שלעכטער צייט, דערמאַנען זיך אַמאָל אין דער משפחה, רחמנות האָבען גלאַט אויף אַיין אָרעמאַן, און ביי גוטע אומשטענדען צאָהלען מיינע חובות, אויב אַזעלכע וועלען זיין. קינדער! טראָגט מיט עהרע מיין פערהאָרעוועטען אידישען נאָמען, און דער גאָט וואָס אין הימעל זאָל אַייך זיין צו הילף. אָמן.

שלום בן מנחם נחום ראַבינאָוויץ
שלום-עליכם.

# די עפּיטאַפיע פון שלום-עליכם

(געשריבען פון איהם אליין און אויסגעקריצט אויף זיין מצבה).

דא ליגט א איד א פשוט'ער
געשריבן אידיש־טייטש פאר ווייבער,
און פארן פראסטן פאלק האט ער —
געווען א הומאריסט א שרייבער.

דאס גאנצע לעבן אויסגעלאכט,
געשלאגן מיט דער וועלט כפרות.
די גאנצע : וועלט האט גוט געמאכט,
און ער — אוי, וועה — געווען אין צרות!

און דוקא דעמאלט ווען דער עולם האט
געלאכט, געקוויטשעט, זיך געפרייט,
האט ער געקרענקט — דאס ווייס נאר גאט —
בסוד, אז קיינער זאל ניט זעהן.

שלום־עליכם.

# אַלע ווערק פון שלום-עליכם

## פונ'ם יאַריד

לעבענסבאשרייבונגען

ערשטעס בוך

שלום-עליכם פאָלקס-פאָנד אויסגאַבע — ניו-יאָרק, 1925